

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Lebn un umkum fun Olshan / [Bukh ḳomiṭeṭ, Shabtai Ḳaplan ... [et al.]. |
| IMPRINT | 880-04 Tel-Aviv : Irgun yotsʻe Olshan be-Yiśraʻel, 725 [1965] |
| DESCRIPT | 431, 136 p. : ill., facsims., ports. ; 25 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Belarus -- Olʹshany -- History. |
| | Olʹshany (Belarus) -- Ethnic relations. |
| | Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Belarus -- Olʹshany. |
| ADD'L NAME | Kaplan, Shabtai. |
| | Shely, Meir. |
| ADD'L TITLE | Hayeha ṿe-ḥurbanah shel ḳehilat Olshan |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# לעבן און אומקום

## פון

# אָלשאַן

הוצא לאור על ידי ארגון יוצאי אולשאַן בישראל
אויסגאבע פון אָלשאַנער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל

אייר תשכ"ה ★ תל־אביב ★ מאַי 1965

# ועדת הספר
# בוך־קאמיטעט

**אויספיר קאָמיטיט**

שבתאי קפלן, זימל אברמוביץ
פסח גרשונוביץ, שפרה-קוטין-טראַבסקי
ראובן ליאָנד, אהרן שוסטר

**מיטגלידער**

אהרן אברמוביץ, אריה גרשוני
יצחק חדש, יעקב קוזלובסקי
חנניה ישראלי (גורביץ), משה זיסקאנד

עורך החלק העברי:
רעדאקטאָר פון עברית טייל: **מאיר שלי**

## בוך־קאָמיטעט — ועד הספר



קבלת פנים פון בוך־קאָמיטעט פאַר יעקב און בתיה קאַפּלאַן פון אַמעריקע.
הועד להוצאת „ספר אולשאן" עם יעקב ובתיה קכלן מארצות הברית

משמאל לימין (יושבים): זימל אברמוביץ, שבתי קפלן, בתיה קפלן, יעקב קפלן, אריה גרשוני, אהרן אברמוביץ.

(עומדים): חנניה ישראלי, ראובן ליאָנד, אהרן שוסטר, שפרה קוטין־טרבסקי, יעקב קוז־לובסקי, פסח גרשונוביץ, משה זיסקאנד, יצחק חדש.

# אינהאַלט

## הקדמה

### דאָס שטעטל אָלשאַן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה



### צווישןביידע וועלט־מלחמות



### דאָס רעליגיעזע לעבן



### דאָסווירטשאַפטלעכע לעבן

## ציוניסטישע טעטיקייט



## פאָלקס־טיפּן און געשטאַלטן



## אָלשאַנער אין אַמעריקע

## אומקום



## דער נאַצישער קינדער־מאָרד

## גערא־נגל און ווידערשטאַנד

# אלשאן




מפת העיירה כדמותה ערב מלחמת העולם השניה, רשם על פי הזכרון — אהרן קפלן

מאַפּע פון אָלשאַן ערב דעם צווייטן וועלט־קריג, געצייכנט לויטן זכרון דורך אהרן קאַפּלאַן

# הקדמה

ווּנדן וואָס זענען נישט פאַרוואַקסן, בענקעניש, וואָס האָבן נישט אויפגעהערט, געשטאַלטן פון טייערע נפשות — טאַטע־מאַמע, ברידער, שוועסטער, פרויען און קינדער, וואָס באַגלייטן ווי שאָטנס בייטאָג און דערשיינען אין חלומות ביינאַכט, דאָס בילד פון אַ ברידערלעכער יידישער געזעלשאַפט, וואָס איז אויסגעמעקט געוואָרן דורך די נאַצי־מערדער — אָט דאָס אַלעס האָט געטריבן דעם ביסל איבערגעבליבענע און צעשפּרייטע, אויפצושטעלן דעם שטעטעלע אָלשאַן אַ מצבה אין אַ בוך.

מיר ווייסן, אַז ס׳איז נישט אין אונדזערע כוחות אויסצופירן די זאַך גאַנץ, לויט אונדזערע פאַרלאַנגען און ווי עס געהערט זיך פאַרן אָנדענק פון דעם אַלעם וואָס איז אַוועק און נישטאָ.

קען דען עמיצער אויסדערציילן די גיהינום־שוידערלעכקייטן וואָס זייערע אויגן האָבן זיך אָנגעזען?

קען דען ווער זיך פאָרשטעלן די ליכטיקייט פון אַ יידיש שטעטעלע אין דער פרעמד, אין וועלכער ס׳האָט זיך געכאָוועט די גייסטיקע גבורה פון אַ פאַרטריבענעם פאָלק?

„אָבער, איז דען דאָס מעגלעך?״ — שרייען די פאַרבליבענע. „איז דען מעגלעך, אַז דאָס אַלעס זאָל בלייבן אויסגעמעקט, פאַרשווינדן ווי ס׳וואָלט גאָר נישט געווען? אָן אַ זכר, אָן אַ מצבה?״

איז אָט קומען זיי דאָ צוזאַמען, די שארית הפליטה, עלנדע, פאַריתומטע, מיט אַ צעבראָכן האַרץ צו זייער תפילת יזכור, וויינען יעדערער אויף זיך, און אַלע צוזאַמען אויף זייער הייליקער קהילה, וואָס איז חרוב געוואָרן.

זיי ווילן נישט פאַרגעסן, זיי קאָנען נישט פאַרגעסן. ריידן ווילן זיי וואָס אויפן האַרצן און ווי אויפן צונג. ריידן צו זיך אַליין, צו זייערע טויטע, צו זייערע קינדער — יעדער לויט דעם וואָס זיין גורל האָט אים איבערגעלאָזט. און דער עיקר, טאַקע, צו זיי, צו די קינדער, צו די קומענדיקע דורות, ווייל נישט נאָר קלאָגן ווילן זיי אויף דעם וואָס איז פאַרלאָרן און קומט נישט מער צוריק. און נישט נאָר אויס־צורעדן דאָס ביטערע האַרץ, וואָס ווערט זיך שוין קיינמאָל נישט באַרואיקן, — דערציילן זיי דאָ, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט. זיי טוען עס פאַר זייערע קינדער און קינדס־קינדער אין דער גאָרער וועלט,

סיי די וואָס פילן זיך רואיק אין זיכערע ווינקעלעך אויף יענער זייט ים, און סיי די וואָס האָבן זוכה געוועזן צו אַ פרייען און זעלבשטענ־דיקן לעבן אין דער יידישער היסטאָרישער היים.

זאָלן זיי אַלע וויסן זייער אָפשטאַם און געדענקען, אַז זיי זענען קינדער פון אַ פאָלק, וואָס טויזנטער יאָרן פון פרעמדקייט און יסורים האָבן נישט דערגרייכט אויסצורייסן אים פון זיין וואָרצל, פון זיין נאַציאָנאַלער וועזנהייט, וואָס ער האַלט פאַר הייליק. אַ פאָלק, וואָס האָט אין זיין דריי טויזנט יאָריקער געשיכטע, קאַפּיטלען פון העלדישן געראַנגל, און קאַפּיטלען פון קידוש השם, ביז דעם לעצטן שוידערלעכן אומקום, וואָס האָט נישט זיין גלייכן אין דער וועלט־געשיכטע און אין וועלכן טויזנטער האָבן מקבל געווען די יסורים מיט גייסטיקער גבורה און גלויבן אין צוזאַמענבראָך פון רשעות און אין אויפקום פון אַ פרייער מענטשהייט.

און זאָלן די קינדער אין ישראל וויסן און פאַרשטיין, אַז די על־טערנס בלוט, וואָס שרייט פון אַלע ערדן אין דער וועלט, פונקט אַזוי ווי די ברידערס בלוט, וואָס שרייט פון דער ישראלדיקער ערד — זענען צוזאַמען דער פרייז מיט וועלכן ס׳איז געקויפט געוואָרן זייער פיזישע און גייסטיקע פרייהייט, און צוזאַמען וועלן זיי הייליק פאַרבלייבן אין זכרון פון יידישן פאָלק לעולם ועד.

בוך־קאָמיטעט

# געשיכטלעכע נאָטיצן

דאָס שטעטל אָלשאַן אָדער ווי מ׳האָט עס אַמאָל גערופן האָלשאַני, ווערט ווי אַ ישוב דערמאָנט אין דאָקומענטן פון 15־טן יאָרהונדערט. דער ישוב האָט געהערט צו די גיטער פון ליטווישע גרויספירשטן נאַרגמונד און אלגימינדאו־האָלשאַנסקי. פון דאַנען דער נאָמען פון ישוב — האָלשאַן. דער שלאָס פון די אלגימינדאוס, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויף אַ קינסטלעך אָנגעשאָטענעם באַרג, נישט ווייט פונעם ישוב איז פולשטענדיק חרוב געוואָרן. אָבער דער באַרג איז געבליבן. ער ווערט דורך דער באַפעלקערונג אָנגערופן האראדישטשע.

וועגן דעם דאָזיקן באַרג, אויף וועלכן עס זענען יעדעס יאָר אויפגעגאַנגען תבואות, זענען צווישן דאָרטיקע פויערים דערציילט געוואָרן פאַרשידענע לעגענדעס. בעתן צעאַקערן די ערד, האָבן די פויערים זיך אָנגעטראָפן אויף די רעשטלעך פונעם שלאָס: שטיקער גלאָז, פאַיאַנס און ציגל פונעם פונדאַמענט. מען האָט אָבער מורא געהאַט זיך צורירן צו די געפינסן, ווייל „די נשמות פון די געשטאָרבענע ליטווישע פירשטן היטן זייער אייגנטום״, אויב מען זאָל עס פונאַנדערנעמען קען קומען אַ פאַרפלייצונג אָדער אַן אַנדער אומגליק אויף דער גאַנצער געגנט.

אינמיטן פונעם 15־טן יאָרהונדערט איז איבער די האָלשאנער גיטער, צו וועלכע עס האָט געהערט אויך דאָס שטעטל האָלשאַני, אויסגעבראָכן אַ שטרייט צווישן זיגמונד־אויגוסט און זיין שנור אננא, די פרוי פון ווילנער וואָיעוואָדע באגדאן סאָפיעהא, ביי וועמען עס זענען געבליבן די האלשאנער גיטער און דאָס שטעטל האָלשאַן. דער זון פונעם ווילנער וואָיעוואָדע — פּאַוועל, דער ליטווישער וויצע־קאַנצלער, איז שפּעטער געוואָרן דער באַלעבאָס איבער דער האָלשאנער געגנט.

אין 18טן יאָרהונדערט איז אָלשאַן אַריבער פון די סאָפּיעהאַס צו דער משפחה זשאבי און פון זיי צו די קאראסאקס, און אין דער צווייטער העלפטן פונעם 19־טן יאָרהונדערט איז דאָס שטעטל אָפּגעקויפט געוואָרן דורך גארבונאָוו.

*

מיר האָבן נישט קיין דאָקומענטאַלע באַווייזן פעסטצושטעלן, ווען יידן האָבן זיך באַזעצט אין אַלטן ישוב אָלשאַן. אין שטעטל זענען זיי וואַרשיינלעך, געקומען נאָך אין 18־טן יאָרהונדערט, ווייל אין 19־טן יאָרהונדערט איז שוין דאָרט געווען אַ באַדייטנדע יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט אין יאָר 1877 געהאַט 336 נפשות אין אַן אָרגאַניזירטע קהילה.

לויט דער ציילונג אין יאָר 1897 זענען אין אָלשאַן געווען 2183 איינוווינער, צווישן זיי 1049 יידן. — 48.5 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

„פּאָלסקי סלאָוויניק געאָגראַפיטשני״, דריטער באַנד, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1882 ברענגט אַזאַ באַשרייבונג פון אָלשאַן אין יענער צייט:

האָלשאַני אָדער אָלשאַני, אַ שטעטל אין אָשמיאַנער פּאָוויאַט, ביים טייך לוסטאַ אָדער זשיגיאַנקאַ, צופלוס פון דער פּאַמעלעכער בערעזינע, 18 וויאָרסט אויף דרום פון אָשמיאַני, 92 מיט דריי פערטל וויאָרסט פון ווילנע. דאָס שטעטל פארמאגט : אַ דאָרפישע גמינע־פאַרוואַלטונג, אַ פּאָלקס־שול, אַ פּאָסט־סטאַציע, וואָס דערליידיקט אַלערליי קאָרעספּאָנדענצן, אַ פּאַראַפיאַלע, פּראַוואָסלאַוונע צערקווע, אַ קאַטוילישן קאָששיאָל א. נ. פון הייליקן יאַן און ציילט 2679 איינוויונער, דערין 1040 מענער און 1639 פרויען. די קריסטלעכע באַפעלקערונג פון שטעטל פאַרנעמט זיך, אויסער מיט לאַנדווירטשאַפט, אויך מיט אויסאַרבעטן וואָלענע הענטשקעס, זאָקן און אַזוי גערופענע האָלשאַנער שפּענצערס. די יידן באַשעפטיקן זיך, ווי אומעטום, מיט האַנדל און בראָנפן־פאַרקויף. די פילצאָליקע אָלשאַנער שענקען פאַרקויפן יעדעס יאָר בראָנפן־געטראַנקען פאַר העכער 10.000 רובל. עס איז פאַראַן אַ נישט גרויסע ביר־ברויעריי, אין וועלכער עס זענען באַשעפטיקט 5 אַרבעטער ; 4 גאַרבערייען, וואָס באַשעפטיקן נאָר יידישע משפחות, 1 רימער און 2 סטאָלערס.

עס איז אויך נישט פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס דער „פּאָלסקי סלאָווניק" גיט בכלל נישט אָן די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג, בעת וועגן אַנדערע שטעטלעך זענען יאָ פאַראַן ציפערן וועגן דר צאָל יידן. צוליבן פעלן פון דאָקומענטן איז אומעגלעך אויפצוקלערן דעם אמתן צאָל־באַשטאַנד פון יידן אין יענער צייט.

יעקב קאַפּלאַן

# די יידן פון מיין דור

## (זכרונות און נאָטיצן)

איך געהער צו אַ דור, וואָס האָט אָנהויב היינטיקן יאָרהונדערט עמיגרירט פון אָלשאַן קיין אַמעריקע. איך בין אַוועק אין יאָר 1906. ביז יענעם יאָר האָב איך שוין געהאַט דורכגעמאַכט אַ שטיק לעבן. ביז 14 יאָר — געלערנט אין ישיבה, געווען פאַרוואָרצלט אין טראַדיציאָנעלער יידישקייט. איז געקומען דער איבער־ברוך אין פרומען לעבנס־שטייגער, בין איך אַוועק צו אַ וועלטלעך לעבן; פון גמרא, רמב״ם, מפורשים — צו דער העברעישער און יידישער ליטעראַטור, צו אחד־העם, ברייגין, בערדיטשעווסקי און די קלאַסיקער אין יידיש.

אַזעלכע זענען מיר געווען דאָס רוב פון די דעמאָלטיקע יונגעלייט אין שטעטל אָלשאַן. קיין סך פון מיין דור זענען נישט געבליבן. וועל איך זיך באַמיען אַרויס־צוברענגען פון זכרון עפּיזאָדן, ליכטיקע געשטאַלטן, גייסטיקע שיינקייט פון אונדזער אָפּגעמעקטן אָלשאַנער יידישן לעבן.

## דער אויסערלעכער אויסזען פון אָלשאַן

דאָס שטעטל אָלשאַן ליגט צווישן בערג, עפּעס ווי פאַרלאָזן אויף גאָטס באַראָט. ביי איין זייט פון שטעטל, צו דרום־צו, פליסט פלעגמאַטיש אַ קליין טייכל (אפשר איז עס היינט שוין ריינער), מיט ווילדע גראָזן אַרומגעוואַקסן פון ששת ימי בראשית. איז איינמאָל געקומען אַהין לייב דער מילנער און האָט אַריינגעקלאַפּט דאַמבעס און פון דעם טייכל געשאַפן וואַסער־קראַפט פאַר דער גרויסער ראָד, וואָס דרייט זיך און מאָלט די תבואה פאַר די אַרומיקע פּויערים.

אין אַ זומערדיקן שבת נאָך שלוש סעודות האָבן יידן מיט זייערע ווייבער און קינדער זיך אַרויסגעלאָזט אויף טראַבער גאַס און פאַרנומען די גאַנצע ברייט פון גאַס. און אַזוי אַוועקשפּאַצירט הינטערן שטאָט צווישן צייטיקע זאַנגען, ווי אַ מענטש די הייך. יידן האָבן הנאה געהאַט זיך אָפּצושטעלן פאַרן ראָד פון וואַסער־מיל. די ראָד דרייט זיך, דאָס וואַסער צעשפּריצט זיך אַנטקעגן דער פאַרגייענדיקער זון און ווערט איבערגעבראָכן אין פינקלענדיקע שטראַלן. ווען עס ווערט טונקעלער, פאַרנעמט זיך יונגוואַרג אויף יענער זייט מיל, ווו מען קאָן זיך איינטוליען צווישן די הויכע שורות זאַנגען — אַ געלעגנהייט פאַר קונדסים אָפּצוטאָן שפּיצלעך און שטיפעריייען. און פאַר כּאַרליבטע פאַרלעך צו כאַפּן אַ פלירט, פאַרהוילן פון

מענטשלעכע אויגן. נאָר ווען עס ווייזן זיך די שטערן אין הימל, כאַפּן זיך אַלע אויף — „צייט צו דאַווענען מעריב״.

אין וואָכנטעג באָדן זיך אין טייך יונג און אַלט. מ׳פאַרמעסט זיך אין ווייזן חדושים אין שווימען: ווער וועט זיך שנעלער דערקלאַפּטערן צום מילראָד.

דער גרויסער קלויסטער, אַרומגערינגלט מיט אַ שורה קראָמען. די קרעמער וואַרטן אויף זונטיק, ווען די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער קומען מיט זייער האָב און גוטס: פלאַקס, חזיר־האָר, הענטשקעס, אייער און הינער. אין זונטיק־טאָג ווערט דער מאַרק באַלעבט. יידן מיט בערד, יידענעס מיט פאַטשיילעס אויף די קעפּ שטייען, טאַפּן די הינער, דינגען זיך. קאָנקורענטן כאַפּן אויס די מציאות איינער ביים צווייטן. די קראָמען ווערן פול מיט קונים. די קלויסטער־גלאָקן קלינ־גען. פערד הירזשען. שיכורים זידלען זיך אין טאַטנס טאַטן אַריין.

אויף טישלעך זענען אויסגעשטעלט צום פאַרקויפן: קענדלעך, ריבאַיזנס און אַנדערע בלעכענע מכשירים, געמאַכט ביי נפתלי דעם בלעכער. אויך כאַצקל דער שמש מיט זיינע טאָרטן, טייגלעך, לעקעך און נאַשערייען האָט זיין אָרט אויפן מאַרק.

אַן אָנגעזעען אָרט אויפן אָלשאַנער מאַרק האָבן פאַרנומען די הענדלערינס. זומער זענען זיי געזעסן פאַרשוויצטע ביי זייערע קאָשיקלעך און קוישן און ווינ־טער — מיט אַ פייערטאָפּ מיט גליענדע קוילן אונטער די אַלטע אָפּגעטראָגענע קליידער, דער קאָפּ, איבער די אויערן פאַרהילט אין שמאַטעס. זיי האָבן פאַרהאַנדלט מיינסטנס גרינצייג, פּרוכטן, קערלעך אדג״ל, געהאָרעוועט, כדי די מאַנסבילן זאָלן קאָנען זיצן אין בית המדרש, לערנען תורה און צוגרייטן אַ שטול אין גן עדן, אויף איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר.

אין אָלשאַן האָבן יידן געצויגן זייער חיונה פון קרעמעריי און קליינעם מסחר. די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן געבראַכט אין שטעטל תבואה, אויבסט (פּרוכטן), חזיר־האָר, אד״גל. די קרעמער און סוחרים האָבן אָפּגעקויפט די פּראָ־דוקטן אָדער אויסגעביטן אויף אַנדערע פּראָדוקטן און געשיקט אין ווילנע. די פּויערים האָבן אויך געמאַכט זייערע איינקויפן אין די יידישע קראָמען אין אָלשאַן. געווען נאָך אַ פּרנסה וואָס איז געלעגן אין ווייבערישע הענט, נעמלעך — אויפקויפן געגנדז, האַלטן זיי אין שטייגן, זיי זאָלן זיך נישט צופּיל באַוועגן, שטאָפּן זיי, געבן אַ סך עסן, זיי זאָלן ווערן פעט און דאַן פאַרקויפן זיי אין אַן אַכסניה און אין די שענקען. אַ נעבן־פּרנסה איז אויך געווען דאָס פליקן פעדערן וואָס האָט באַשעפ־טיקט פליקערינס. קינדער האָבן הנאה געהאַט פון די גריוון. די מאַמע פלעגט זיי אַרויסנעמען נאָכן פרעגלען דאָס שמאַלץ, גיסן אין סלאָיעס און מיט די גריוון מכבד געווען די קינדער.

געווען אויך אין אָלשאַן יידישע בעל־מלאכות ווי: שוסטערס, שניידערס, קירזש־נערס. ס׳רוב בעל־מלאכות האָבן אַליין געאַרבעט. אַ קליינע צאָל מייסטערס האָבן

באַשעפטיקט אויך געזעלן. דער באַלעבאָס מיט זיינע געזעלן האָבן זיך נישט גע־שאַנעוועט און אַריינגעאַרבעט אין דער שפּעטער נאַכט־שעה. באַזונדערס, ווען מען האָט זיך געדאַרפט באַקליידן און באַשוכן אויף די יום־טובים. געווען אויך אין שטעטל תבואה־ און וואלד־סוחרים פון א גרעסערן פארנעם.

אין מיין צייט האָט די יוגנט פון באַלעבאַטישע היימען נישט געהאַט צו וואָס זיך צו נעמען. פון מלאכה האָט מען נישט שטאַרק געהאַלטן. אַ בעל־מלאכה אין דער משפחה איז געווען אַ בזיון. מאַמעס האָבן געוואָלט, אַז זייערע געראָטענע קינדער זאָלן ווערן „לייט", וואָס דאָס האָט געהייסן — זיין א בן־תורה און אַ סוחר.

## תורה און לעבנסשטייגער

ווי די מערסטע יידישע שטעטלעך אין ליטע און אין פוילן, האָט אָלשאַן אין יענער צייט פאַרמאָגט: אַ בית המדרש, אַ חברה משניות, אַ חברה עין יעקב, חברה תהלים, אַ תלמוד תורה פאַר אָרעמע קינדער, וואָס האָבן נישט געקאָנט צאָלן קיין שכר־לימוד און, להבדיל, אַ באָד, אַ מקווה און אַ הקדש. דאָס איז געווען אַזוי איינגע־שטעלט מקדמונים.

אין מיין צייט האָט אָלשאַן פאַרמאָגט גרויסע לומדים, כלל־טוער, וואָס האָבן זיך מוסר נפש געווען אין אַן עת־צרה, אָפּגעשריגן די ווילדע גזירות פון דעם צאַרישן פּריסטאַוו, אַ שונאי ישראל. קהלישע ענינים זענען דערליידיקט געוואָרן: דורך געשלעגן ביים אויפנעמען אַ רב, ווייל עס האָבן זיך פאַרמירט צוויי צדדים, דורך עיכוב התורה, נישט לאָזן לייענען שבת דעם ספר ביז דער נגיד פון שטאָט וועט צורעכט מאַכן די עוולה וואָס ער האָט אָפּגעטאָן צו אַ יידן אַן אָרעמאַן. אָדער ביז קהל וועט נישט צוזאָגן צו שאַפן נדן פאַר אַ יתומה.

די שולן אין אָלשאַן זענען תמיד געווען פול מיט מתפללים. עמך האָט געזאָגט תהלים מיט גרויס מתיקות. לומדים האָבן נאָכן דאַוונען אַריינגעכאַפּט אַ פּרק משניות, אַריינגעקוקט אין אַן עין יעקב. אַ גרויסע פאָלקס־שמחה איז געווען אין אָלשאַן, ווען מען האָט געמאַכט אַ סיום הספר. יונג און אַלט האָבן געטאַנצט אין די גאַסן, ווען מ'האָט דעם ספר מיט גרויס פּאַראַד געפירט אין שול אַריין. דאָס אייגענע איז אויך געווען אויף חתונות: מען האָט געהוליעט. אַלע יידן פון שטעטל זענען געווען מחותנים.

אָלשאַנער יידן האָבן געהאַט זייער אייגנאַרטיק גייסטיקן לעבן, וואָס האָט געצויגן זיין יניקה פון ירושלים דליטה — פון ווילנע. אָט די קליינשטעטלדיקע יידן, קרעמער און סוחרים האָבן געהאַט אַ חוש פאַר העכערע ווערטן, פאַר תורה, און געזאָרגט דערפאַר צו האָבן איידעמס בני־תורה. ווען אברהם ידידיהס האָט גענומען אַן איידעם פאַר זיין טאָכטער גאָלדע, האָט מען אין שטעטל געשמועסט, אַז ער איז אַ בן־תורה, אַ ברילִיאַנט, ביים „אויפרופן" אים האָט ער דערלאַנגג אַ

דרשה, וואָס האָט צעשטורעמט דאָס שטעטל, — מ'האָט נאָ דאַזעלכעס נישט גע־הערט". ער האָט תורה געפלאָכטן מיט וויסן. יצחק הערץ, דער שניט־קרעמער האָט זיין איידעם געגומען פון וואָלאָזשינער ישיבה. פאַרשטענדלעך, אַז נישט אַלע זענען געווען סוחרים און געהאַט די מעגלעכקייט צו ברענגען איידעמס אויף קעסט. אָלשאַן האָט אין יענער צייט, מיט 60־70 יאָר צוריק געהאַט: גבירים, מיטלשטאַנד און פשוטע מענטשן.

אָט ווי עס האָט אויסגעזען דאָס לעבן פון אַן עמך־ייד:

די וווינונג איז באַשטאַנען פון אַ גרויס פּירקאַנטיק צימער, אַן אַ דיל (פּאָד־לאָגע). דער פוס־באָדן איז געווען: פשוט פאַרטריקנטע ערד. אין די יום־טובים האָט מען דעם „דיל" באַפּוצט דורך אויסשיטן געלן זאַמד. אַ פערטל פון אַזאַ וווינונג האָבן פאַרנומען די בעטן מיט די שטרויענע שעניקעס. אין דעם „שלאָפצימער" זענען געשלאָפן די דערוואַקסענע צוזאַמען מיט די קינדער, ווי אין אברהם רייזענס ליד — „אַ געזינדל זאַלבע אכט". א חשובן טייל פונעם צימער האָט פארנומען אַ גרויסער אויוון (ביי די מער־פאַרמעגלעכע, אַרומגעמויערט מיט ווייסע קאַפּלעס). ביים אויוון — אַ צוגעמויערטע באַנק, אויף וועלכער עס האָבן געקענט זיצן אַ צען נפשות און ביינאַכט האָט זי געדינט פאַר אַ בעט. ווינטער איז דאָרט געווען וואַרעם, א מחיה.

אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן זענען ארום דעם אויוון געזעסן — טאַטע־מאַמע קינדער, שכנים, מען האָט זיך דערציילט מעשות וועגן גוטע יידן, וואָס האָבן מציל געווען קהילות דורך תפילה און פאַסטן און צעריסן אַ גזירה. מען האָט זיך אויך דערציילט וועלטלעכע מעשיות: וועגן אַ מיידל וואָס טאַטע־מאַמע האָבן פארשטויס געשטערט חתונה צו האָבן מיט איר געליבטן, האָט זי זיך דאָס לעבן גענומען, וועגן שדים, רוחות, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין באָד נישט ווייט פון בית המדרש און מכוח מתים וואָס קומען דאַוונען אין שול אין מיטן נאַכט און פאַרשווינדן ביים ערשטן קריי פון האָן. דאָס איז געווען די ליטעראַטור שבעל פה, די גייסטיקע שפּייז פון די פשוטע אָלשאַנער יידן.

אָלשאַן האָט אויך דעמאָלט געהאַט טאַלאַנטן, פאָלקס־מענטשן, לאָמיר זיי אָריינברענגען אין אונדזער בוך־אייביקייט:

חיים געלקעס, אַן אויסגעדאַרטער ייד, ממש הויט און ביין, האָט אויסגעשניצט אַ גרויסן טויער, באַצירט מיט לייבן לכבוד דער קרוינונג פון ניקאָליי דעם לעצטן. מיין מוטער, ליבע די פאַרבערקע, האָט געצויגן חיונה פון פאַרבן ציצענע קליידלעך, געוועבט ביי פויערטעס — אַ גוטע זאַגערקע אין שול איז זי געווען און אויף שמחות האָט זי אויסגעזונגען אליקים צונזערס לידער. אירע אויסטערלישע פאַנ־טאַסטישע מעשיות, וועגן צדיקים און להבדיל שדים, מזיקים, וואָס האָבן זיך פאַרשטעלט, אויסגעמישט ציווישן עולם — האָבן געהאַט אַ שם אין שטעטל; מעשיות וואָס זענען במשך פון הונדערטער יאָרן איבערגעגאַנגען מפה אל פה,

זענען דורך איר טאַלאַנט באַלעבט געוואָרן. משה דער שוחט, אַ ייד מיט אַ רויטער באָרד, אַ הדרת פנים, וואָס האָט געהאַט סמיכה אויף רבנות, האָט זיך באַזעצט אין שטעטל בעל־כרחו, צוליב פרנסה. ער איז געווען דער פאָטער פונעם פּובליציסט און מיטרעדאקטאָר פון ניו־יאָרקער „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" און אײדעם פון שלום עליכם — בן ציון גאָלדבערג.

## דער טינקעוויטשער עילוי

פון מיין צייט אין אָלשאַן געדענק איך דעם אַלטן רבי הרב הגאון ר' משה שמחה ראבינאָוויטש ז"ל. מ'האָט אים גערופן דער טינקעוויטשער עילוי. אַ האָר־באָטער, מיט אַ נזיריש פּנים, אַ גרויסער בעל מידות טובות. נישט געוווסט פון צורת מטבע, אַ טיף־גלויביקער, אַ גרויסער פשטן — האָט ער זיך ביים לערנען אַ בלאַט גמרא נישט באַנוצט מיט מפרשים, אַפילו נישט מיט רש"י. ער האָט טאַקע ממש„ געזאָגט" אַ שיעור, ווי אַשרי. זיינע מיטלערנער האָבן אויך אַזוי געטאָן, ד. ה. געזאָגט און נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט. ער האָט אָבער אין זיין תמימות געמיינט, אַז זיי פאַרשטייען אזוי ווי ער. עס האָט פון אים געשטראַלט מיט אמונה און קדושה.

זיין איינציקע דרשה אין משך פון יאָר האָט דער רב געהאַלטן שבת תשובה ביים לייענען. ער האָט נישט געהאַט קיין קלאָרן חיתוך הדיבור, אָבער די ווערטער מיט אַ רעליגיעזן אינהאַלט, ווי: כביכול, השגחה, רחמנות, סליחה, השם יתברך אדג"ל, האָט ער באַזונדערס שאַרף אַרויסגעזאָגט. הגם דער עולם האָט כמעט נישט דערהערט וואָס ער האָט גערעדט, האָט מען דאָך מיט גרויס יראת הכבוד זיך ספּאָנטאַן אויפגעשטעלט ווען דער רב איז אַראָפּ פון באַלעמער, כדי אָפּצוגעבן כבוד דעם תלמיד חכם.

פרייטיק צו נאַכטס פלעגן מיר אַמאָל האָבן אַ מנין אין רבס הויז (מיר זענען געווען שכנים). נאָכן דאַווענען האָט מען גערעדט פּאָליטיק. ביים רב אין הויז איז שוין אָנגעקומען די „הצפירה", און ער, דער צדיק, האָט אין דעם נישט געזען קיין סתירה צו זיין פרומקייט און טיפן גלויבן.

איינמאָל איז דורך אָלשאַן דורכגעפאָרן אַ פרוי מיט אַ יונג מיידל. זיי האָבן זיך איינקוואַרטירט אין בית המדרש. דאָס מיידל האָט געקרייט ווי אַ האָן — אַ דבוק איז אין איר אַריין — האָט מען געשמועסט. אין שטעטל האָט מען געשאַפן אַ ביסל געלט, כדי די מאַמע מיט איר טאָכטער זאָלן קענען פאָרן צום גוטן יידן, ר' מרדכילע פון אָשמענע. ווען אין בית המדרש איז אָנגעקומען דער אַלטער רב און געזען ווי דאָס יונגע קינד ווערט נעבעך געפּייניקט פון „דבוק", האָט דער מרא דאתרא אַ זאָג געטאָן: פּאַטשט איר אָן אויף אירע הענט, וועט זי זיך נישט נאַריש מאַכן.

ווען מען האָט אין אָלשאַנער בית המדרש אויפגעהאָנגען אַן „אזהרה" פון ר׳ זיים בריסקער, וועלכער האָט זיך אונטערגעשריבן „ראש כל בני הגולה", וואָס האָט געוואָרנט, אַז מען זאָל נישט וואַגן אויפצוהענגען נאַציאָנאַלע פושקעס, ווייל דאָס איז השגת גבול צו ר׳ מאירל בעל־הנס פושקעס, — האָט דער אָלשאַנער רב אַראָפּגעריסן די אזהרה און דערביי געזאָגט: „ר׳ חיים איז מרא דאתרא אין בריסק און איך — אין אָלשאַן.

אין שטעטל האָט מען געשמועסט, אַז דער אַלטער רב איז געוואָרן אַ ציוניסט. ווען מיר, ישיבה־בחורים, האָבן דאָס דערציילט אין די מקומות ווו מיר האָבן געלערנט, האָט מען געקוועטשט מיט די פּלייצעס: ס׳איז אומגלויבלעך, אַז אַזאַ גרויסער צדיק זאָל זיין אַ ציוניסט...

## יום־טובים און שבתים אין שטעטל

אָלשאַנער ערב פּסח. די זון וואַרעמט. פון ווייס־ציכטיקן שניי זענען געוואָרן טיפע בלאָטעס. ס׳איז פרילינג. די בעקערס האָבן שוין געכשרט די אויוונס. די וועלגערינס, רעדלערס און קנעטערינס — אַרבעטן שווער. פרומע יידן פירן אויף אַ וואָגן קריסטאַל־קלאָרע זעק מיט מעל. מען וועט באַקן מצה־שמורה.

ביים קליינעם קלאָרן טייכל לעבן בית המדרש שטייען יונגע מיידלעך מיט פאַרקאַטשעטע קליידלעך און שייערן די קופערנע טעפּ. טראָגן זיי צום בעדער, ער זאָל אַריינוואַרפן הייסע קאָכיקע שטיינער צו כשרן כלים אויף פּסח.

אין די סדר־נעכט זענען די געסלעך פון אָלשאַן געווען אויסגעליידיקט פון מענטשן. אַלע יידישע משפּחות זענען געזעסן ביי זייערע יום־טובדיקע טישן. אויף דעם היסב־בעט זיצט דער טאַטע אין קיטל. די גרויסע עפּישע דראַמע פון יציאת מצרים ווערט אויסגעשפּילט אין קרייז פון דער משפּחה. דאָס געזאַנג פון דער הגדה טראָגט זיך פון יעדער שטוב און פאַרקלינגט די גאַסן און געסלעך פון אָלשאַן.

יעדער יום־טוב איז געפּראַוועט געוואָרן לעבעדיק, פריילעך. פּורים האָבן מיר, יוגנטלעכע, נאָך דעמאָלט ישיבה־בחורים, געשפּילט טעאַטער, פאַרגעשטעלט: מרדכי מיט דער לאַנגער באָרד און אסתר די „גרינע מויד פון שושן".

שבועות זענען מיר, יונגוואַרג, געגאַנגען רייסן גרינס, כדי אויסצופּוצן די שטוב מיט שיינקייט פון וואַלד און פעלד, ווייל שבועות איז דער חג הביכורים, ווען די פּרוכטן צייטיקן זיך אין ארץ־ישראל. אין דער נאַכט פון שבועות זענען מיר, יינגלעך, געגאַנגען אין שול זאָגן תיקון שבועות. עס איז דאָך דער יום־טוב פון מתן תורה און מיר וואַרטן מיט צוגעמאַכטע אויגן עס זאָל זיך שפּאַלטן דער הימל, מ׳יר זאָלן זען וואָס עס טוט זיך אין פמליה של מעלה.

ביזן היינטיקן טאָג איז געבליבן אין מיין זכרון דער טרויער פון תשעה

באב, ווי מ׳האָט אין אונדזער שטעטל באַוויינט דעם חורבן ירושלים. מען האָט איבערגעקערט בענקלעך, מ׳איז אַרומגעגאַנגען אין די שטעקשיך.

ערב יום כפור אין אָלשאַן. אַלע קאַראַבעלניקעס זענען שוין אָנגעקומען, די ישובניקעס איינגעקוואַרטירט. כאַצקל שמש האָט אויסגעשטעלט די טישן אין פּאָליש פון אַלטן בית המדרש און אויף די טישן — פון אַל דאָס גוטס: לעקעך, בראָנפן און האָניק־טייגלעך צו פאַרפאַסטן פאַר די ישובניקעס, וואָס זענען געקומען פון ווייטע דרכים. אין נייעם בית־המדרש זענען אויפגעשטעלט געוואָרן קערות (טעלער). גרויסע קידוש־לבנה־אותיות זאָגן אָן: הכנסת כלה, חברה קדישא, הכנסת אורחים, רבי מאיר בעל הנס. אין די לעצטע יאָרן איז אויך צוגעקומען אַ קערה פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד. יידן וואַרפן אַריין קופּערנע און זילבערנע מטבעות, אויך פּאַפּירענע רובלעס ווייזן זיך.

אין אַ ווינקל שלאָגט מען יידן מלקות. אַפילו דעם גרעסטן יחסן „קאַטעוועט" מען.

און ווען די ערב יום־כיפּור־זון האָט גענומען טונקלען, זענען מיר, קינדער, אַרומגענומען געוואָרן מיט פּחד, וואָס האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט, ווען מ׳האָט זיך גענומען ווינטשעווען מיט טרערן אין די אויגן. מיר זענען געגאַנגען צו כל נדרי און פאַרכטיק אויסגעהערט דאָס האַרציקע געזאַנג פונעם חזן מיט די משוררים. דעם גאַנצן יום־כיפּורדיקן טאָג האָבן קינד און קייט געפאַסט און אין דער פולער שול געבעטן ביי גאָט אַ גוט יאָר פאַר זיך און פאַר כל ישראל. עס זאָלן זיך עפענען די טויערן פון רחמים...

נאָכן אָפּפאַסטן האָבן מיר שוין אָנגעהויבן זיך מטפּל זיין מיט בויען אַ סוכה. צומאָרגנס האָט דער טאַטע אַרויסגענומען די זילבערנע פושקע פאַרן אתרוג. מיט וואָס פאַר אַ פרייד מיר, קינדער, האָבן גענומען אין האַנט דעם אתרוג און געהאַלטן דעם לולב.

און אַז עס איז אָנגעקומען שמחת־תורה, האָט גאַנץ אָלשאַן זיך האַרציק געפרייט מיט דער תורה. עס איז פאַרשווונדן די מחיצה צווישן יידן און ייד, מען איז געגאַנגען מבית לבית און געזונגען: שישו ושמחו בשמחת תורה, און אין די הקפות, וואָס האָבן געדויערט ביז האַלבער נאַכט, האָט זיך פּאַקטיש באַטייליקט דאָס גאַנצע שטעטל. מ׳האָט געזונגען און געטאַנצט, געפרייט זיך מיט דער תורה, און מיר, יינגלעך, אין דער מיט מיט די שמחת־תורה־פענדלעך, ליכט־לעך אין די רויטע עפּעלעך און גליענדיקע ליכטלעך אין די קינדישע אויגן.

נאָך די פריידיקע סוכות־טעג איז געקומען דער קאַלטער האַרבסט און שפּעטער דער ווינטער מיט דאגות־פּרנסה, מיט באַזאָרגן די היימען מיט האָלץ. אָבער אויך די גרויע ווינטערדיקע טעג פון יידישן אָלשאַן האָבן געהאַט זייערע דערהויבענע שיינקייטן. דאָס איז געווען דער שבת.

פרייטיק. דער מאַרק ליידיקט זיך אויס אין האַלבן טאָג. ס׳הערן זיך די

מעטאַלענע קלאַנגען פון שלעסער. דאָס פארשליסט מען די קראָמען. פון ווייטן הערט זיך דאָס הייזעריקע קול פון שמש: „אין שול אַריין". די מתפללים פילן אָן די בתי־מדרשים, דער בעל תפילה הייבט אָן זינגען „לכה דודי". די כלה שבת קומט, מען זעט זי באַשיימפערלעך קומען אין אירע שענסטע מלכות־קליידער.

מען קומט אַהיים פון שול. די בענטש־ליכט פינקלען. פון אַלע שטובן טראָגט זיך דאָס געזאַנג „שלום עליכם, מלאכי השרת מלאכי עליון"... שבת צו נאַכטס, ווען דער שבת קודש גייט אַוועק, זינגט אויס די מאַמע „גאָט פון אברהם פון יצחק פון יעקב, היט דיין פאָלק ישראל". עס ווערט אומעטיק — דער שבת קודש גייט אַוועק.

אַזוי האָבן אָלשאַנער יידן געלעבט, געטרויערט אין אָן עת צרה, געפרייט זיך יידישלעך, געפּראַוועט שמחות: חתונות, בריתן, פּדיון הבן'ס, בר מצווה'ס און נאַציאָנאַלע יום־טובים, וואָס האָבן געוואָרצלט אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. אין די וואָכנטעג געהאָרעוועט, מפרנס געווען זיך דורך שווערער אַרבעט, אָבער מיט גרויס בטחון אין דער נאַציאָנאַלער גאולה, אין דער אייביקער אַלמענטש־לעכער גערעכטיקייט, וואָס וועט דערגרייכט ווערן אי"ה, ווען משיח וועט קומען. מיר וועלן דעמאָלט אויסגעלייזט ווערן פון גלות. אַן אייביקע גערעכטיקייט וועט הערשן איבער דער וועלט. עס וועלן זיין בלויז מעשים טובים, סיי בין אדם למקום און סיי בין אדם לחברו.

## מיין היים

ווען איך שרייב די שורות געפין איך זיך אין אַ צימער, ווו אין אַ ווינקל שטייט אַ טעלעוויזיע־אַפּאַראַט און אויפן עקראַן זע מען מיט אַלע איינצל־הייטן דעם פלי פון אַמעריקאַנער קאָסמאָנאַוט גלען אין די ווייטע רוימען. אין צווייטן צימער, אין קיך, שטייט דער פריזשידער און דער עלעקטרישער אויוון און נאָך אַ האַלב טוץ עלעקטרישע מכשירים, וואָס שפּאָרן איין צייט דער אַמעריקאַנער פרוי. זי האָט צייט צו לייענען ביכער, פאַרווילן זיך, רוען, און דער עיקר — נישט שווער האָרעווען אין קיך, ווי איר באָבע אין אָלשאַן. היינט שטעלט זיך פאָר, וויפל אָנשטרענגונג דאַרף איך אָנווענדן צו גיין צוריק צו מיין לעבן, צוריק אויפלעבן און איבערלעבן מיינע קינדער־יאָרן אין אָלשאַן און אַרויס־ברענגען די יידישע סביבה פון יענער צייט און אירע יידן, וועלכע איך וויל דורך מיינע זכרונות פאַראייביקן אין אונדזער ספר יזכור.

איך בין געבוירן געוואָרן אין וואָלאָוויקע, אַ קליין דערפל נעבן אָלשאַן. אין יענער צייט, ווען דאָס רויכיקע נאַפט־לעמפל אין אַ שטוב האָט שוין באַדייט, אַז מען איז אַריינגעפאָרן העט העט אין דער ציוויליזאַציע, האָבן מיר נאָך גענוצט אַ „קינעלע", אַריינגעשטופּט אין שפּאַלט פון אַ הילצערנער וואַנט פון דער שטוב.

דאָס איז געווען אונדזער באַלייכטונג. מיין עבודה אַלס פיר־יאָריק קינד איז געווען: אָפּצושניידן דעם פאַרברענטן שפּיץ פון „קינעלע" עס זאָל זיך נישט אויסלעשן.

אין דאָרף האָבן געוווינט צווי יידן: מיין משפחה און נחמן מיט אַ היפּשער משפחה, וואָס האָט געהאַט פּרנסה פון אַ שענק. נחמן האָט אויך געהאַנדלט מיט פערד, שיינע, נאַראָווויסטע.

אונדזער שטוב איז געווען אין מיטן דאָרף, דער דאַך — פון שטרוי. מיין מאַמע איז געווען אַ שענקערקע און דער טאַטע האָט צוגעהאָלפן אין פּרנסה: געניית בגדים, פאַרריכט קאָזשוכן (פּעלצן) פאַר די גויים.

נאָכדעם ווי עס איז אַרויס אַ גזירה פון דער צאַרישער מאַכט, אַז יידן טאָרן נישט וווינען אין די דערפער, זענען מיר געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן וואָלאָוויקע. געדענק איך, ווי מיר האָבן צוזאַמענגעקליבן אונדזערע בעבעכעס, אויפגעלאָדעוועט אויף אַ וועגעלע און געפאָרן אין שטאָט אַריין. איך בין דעמאָלט אַלט געווען פינף יאָר. די מאַמע האָט מיך געפירט פאַרן האַנט. אַזוי צופוס האָבן מיר אַריינמאַרשירט אין שטעטל דורך דער אָשמענער גאַס גלייך אין מאַרק. פאַר מיר האָט זיך אַנטפּלעקט אַ נייע וועלט: דער גרויסער מאַרק, פון איין זייט אַרומגערינגלט מיט עטלעכע צווייגאָרנדיקע הייזער, פון דער אַנדערער זייט אַ צאָל קראָמען, אָנגעלאָדן מיט אַל דאָס גוטס.

## מיין מאַמע די פּרנסה־געבערין

מיין מאַמע פייגע ליבע איז געווען די פּרנסה־געבערין פון דער משפחה. ווען מיר האָבן פאַרלאָזן דאָס דאָרף וואָלאָוויקע און אַריבערגעקליבן זיך קיין אָלשאַן, איז די מאַמע אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע און אויסגעלערנט זיך באַרבן. זי איז טאַקע געוואָרן באַקאַנט אַלס „פייגע די פאַרבערקע". פּויערטעס פון די דערפער האָבן זייער אייגן־געוועבטע לייוונט געבראַכט צו מיין מאַמע, און זי האָט געפאַרבט די שטאָפן אין פאַרשידענע שרייענדע קאָלירן.

ס'איז געווען דעמאָלט אַ שווער לעבן. די מאַמע האָט מערסטנס אַליין געשלעפּט אויף אַ נאָשילקע דאָס וואַסער פון אַ ברונעם, וואָס האָט זיך געפונען לעבן רבס הויז, ווייל דער טאַטע האָט ס'רוב וואָכן פאַרבראַכט אויפן דאָרף. די מאַמע האָט אויך געשלעפּט די שווערע קעסלען וואַסער, וואָס מען האָט געשטעלט צום וואַרעמען אויפן אויוון. עס איז געווען בזיעת אפּיך.

## קינדער־יאָרן און „חדר"־דערציאונג

איך בין געוואָרן אַ אָלשאַנער, אָנגעהויבן גיין אין חדר. געלערנט האָב איך ביי עליע דעם באָראָוויק (אין אָלשאַן האָט כמעט יעדער געהאַט אַ צונאָמען), אַ בייזער מלמד, וואָס האָט אַמאָל באַנוצט דעם רימען, אָבער אויך געוווּסט ווי

אַזוי אַרויסצורופן ביי אַ קינד אַמביציעס צו זיין דער ערשטער אין חדר. ער האָט נישט אונטערגעקויפט די קינדער מיט עולם הזה, מיט אַ צוקער־לעקעכל, נאָר געזאָגט: דאָס איז אַ מצווה, און מען וועט קריגן עולם הבא, אויך אַ שטיקל לויתן. דעריבער: באַמי זיך צו זיין דער ערשטער אין חדר.

אַחוץ פון פאַרבן האָבן מיר אויך געצויגן חיונה פון דער ציג. יעדן פרימאָרגן האָט די מאַמע אַרויסגעטריבן אין מאַרק אַריין די ציג, וואָס שטעלט צו מילך פאַר דער משפחה. אַ פאַסטעך מיט אַ בייטש און אַ פייפל האָט איבערגענומען די ציג און זי אַרויסגעפירט אויסער דער שטאָט אויף פאַשע.

דער קנאַל פון דער בייטש, די מעלאָדיע פון פאַסטעכס פייפל, דאָס מעקען פון די שעפּסן און קי — האָבן שטענדיק מיך אַזוי פאַרכישופט, אַז איך בין גע־קומען צו שפּעט אין חדר און נעבעך פאַרשפּילט אַ שטיקל עולם הזה.

די יאָרן זענען געפלאָסן. אין חדר האָבן מיר געלערנט פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. מיר פלעגן גיין אַהיים אין דער נאַכט. איבער אונדז — פינקלענדיקע שטערן, און מיר באַלויכטן דעם וועג מיט לאַמטערנעס, געמאַכטע פון טעקטורע מיט פאַנטאַסטישע קאָלירן.

ווען מיר האָבן געלערנט חומש האָבן מיר מיטגעלעבט מיט די תנ״כישע געשטאַלטן און מיט די מעשות; געפילט זיך ווי אַ טייל פון אליעזרס סוויטע, צוזאַמען מיט אים געוואַנדערט קיין ארם־נהריים צו זוכן אַ כלה פאַר יצחקן, געקראָכן אין וואַסער ביזן האַלדז איידער משה האָט געשפּאָלטן דעם ים. ביים באַרג סיני מקבל געווען די תורה און געזאָגט „נעשה ונשמע״.

איך בין דעמאָלט געווען זייער פרום און באַמיט זיך אָפּצוהיטן אַלע מצוות. איך האָב פאַרמאָגט אַ שיין שפּיגעלע, אַן אוצר אין מיין קינדערישן פאַרמעגן. דערטאַפּט האָב איך עס אין קעשענע גייענדיק פון בית־המדרש שבת. נאָך אַ ישוב־הדעת, נאָך אַ מלחמה צווישן יצר־הרע און יצר־טוב, האָב איך דעם אוצר איבער־געלאָזן אויף גאָטס באַראָט, ווייל שבת טאָר מען נישט ט־אָגן.

מיר האָבן אָבער אויך געשטיפט ווי קינדער אין אונדזער עלטער. די מייד־לעך האָבן געשפּילט אין צייכן די יינגלעך — אין קלאַסן. מיר האָבן אויסגעצייכנט געשפּרונגען אויף איין פוס, געשפּילט מיט „פאַלאַנקעס״. בעתן שפּיל לייגט מען אַזוק אַ שטעקעלע אויף צוויי שטיינער און מיט אַ צוגעשניצט ברעטל גיט מען אַ וואָרף און דאָס שטעקעלע פליט ווו דער רוח וויס. דער מיטשפּילער מוז דאָס אויפכאַפּן און אָפּשלאָגן.

דעם גרעסטן דערפאָלג האָט ביי אונדז יינגלעך געהאַט דער „שלי־שלך״־שפּיל, ווייל אין דעם שפּיל האָט יעדער געקאָנט זיך באַווייזן מיט געשיקטקייט און פיזישער קראַפט. צוויי „אַרמייען״ שטייען איינע אַנטקעגן די אַנדערע און זאָגן שלי־שלך, אני עמך און אַ קריגס־דערקלערונג. און עס גיבן זיך אַ לאָז די זעלנער פון איין צד, ברעכן דורך די געשלאָסענע קייט פון שונא און געווינען די שלאַכט.

היינט — די פסחדיקע שפילן מיט וועלשענע ניס אין א היטל. דאָס טעגלעכע שפּיל אין קנעפּלעך אין אַלע פאַרמען. מיין ברודער איז געוואָרן אַ „קנעפּל־מיליאָנער". ער האָט געווונען אַ שלל פון פאַרשידענע גרויסן, פאַרמען און קאָלירן: רויט, גרין, געל, וואָס זענען ווערט געווען אַ פאַרמעגן!

ווען עס זענען אָנגעקומען די היצן אין חודש תמוז, האָבן מיר ווי זעלנער מאַרשירט צום טייכל און מוטער־נאַקעט געשפּרונגען אין וואַסער, געלייגט קלאַפּטער, מיט פריילעכן געטומל איבערגעיאָגט זיך. אין אונדזער דמיון איז דאָס קליינע טייכל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם גרויסן ים אוקינוס און מיר זענען די בּרואים וואָס געפינען זיך אין זיינע טיפענישן.

אַזוי זענען געגאַנגען די יאָרן פון יידישע קינדער אין אָלשאַן. און אָט בין איך שוין אַ גמרא־יינגל און לערן שוין ביי משה עליע דעם גמרא־מלמד. ס'איז דאָ פאַרשידענע כיתות. איך בין אַמביציעז און שטייג שנעל ביז דער העכסטער כיתה.

אַחוץ גמרא האָט אויך משה־עליע געלערנט מיט אונדז אַ קאַפּיטל עשרים־וארבע („סוואַרבע"), ווי מ'האָט גערופן דאָס ספר נביאים. ביזן היינטיקן טאָג איז דאָס לערנען פון מיין גמרא־מלמד משה־עליע און זיין געשטאַלט געבליבן אין מיין זכרון, ווי ער וויגט זיך מיט זיין קליינעם קערפּער, שאָקלט זיך און די באַנק אויף וועלכער מיר זיצן שאָקלט זיך מיט. מיט אַ טרויעריק־זיסן ניגון זינגט ער אויס ישעיהס שטראָף־רייד: הוי גוי חטא, עם כבד עון (וויי, דו זינדיק פאָלק), און מיר האָבן באַשיימפּערלעך געזען דעם נביא אַליין ווי ער צאָרנט אויף זיין פאָלק.

אין יענער צייט האָט זיך ביי מיר איינגעוואָרצלט אַ טיפער דרך־ארץ צו גרויסע לומדים, צו ישיבה־בחורים. עס איז פאַר מיר דעמאָלט געווען אַ גרויס געשעעניש, ווען פון דער ישיבה איז געקומען ראובן כץ און געהאַלטן אַ שיינע פּלפּול־דרשה. אַ סך פון עמך האָבן אים נישט פאַרשטאַנען, האָט מען זיך געפרייט, וואָס פון אָלשאַן איז אַרויסגעקומען אַזאַ „כלי"... מאַמעס, וואָס האָבן זייערע קינדער געשיקט אין ישיבה, האָבן געקוקט מיט קנאה אויף דעם 18יאָריקן טונקל־הויטיקן בחור, וועלכער איז מיט אַזאַ לומדישקייט געשווומען אין דעם ים התלמוד. אויך זיין פאָטער שמעון איטעלעס איז געווען אַ גרויסער למדן. ער האָט מיך עטלעכע מאָל פאַרהערט אין מיינע גמרא־קענטענישן.

## די גייסטיקע ענדערונג אינעם לעבן פון דער יוגנט

צו ניין־צען יאָר האָבן מיר שוין אָנגעהויבן צו לייענען ביכלעך, וואָס מיר פלעגן קויפן ביי אַ מוכר ספרים. אויף אַ טישל אין בית־המדרש האָט ער פונאַנ־דערגעלייגט זיין סחורה: פאַרשידענע תשמישי קדושה און אויך קליינע העפטלעך

פון שמ״רס ראָמאַנען און פון אַנדערע שרייבער פון יענער צייט. דעמאָלט איז אויך אָנגעגאַנגען דער דרייפוס־פּראָצעס אין פּאַריז. האָט אַ מחבר אַרויסגעגעבן העפטן, אין וועלכע עס איז באַשריבן געוואָרן מיט אַ סך איינצלהייטן אַלץ, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט דעם יידישן קאַפּיטאַן דרייפוס. האָבן מיר עס געשלונגען מיטן גרעסטן נייגער. אַזוי זענען מיר אין לייענען דערגאַנגען ביז מענדעלע מוכר ספרים. אין איינעם אַ קוואַנט האָב איך פאַר מיין מאַמען פאָרגעלייענט די ,,קליאַטשע״ פון מענדעלע מוכר ספרים, בעת זי האָט געצערעוועט אַ זאַק.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער איבערברוך אין מיין לעבן. איך און מיינע חברים האָבן אָנגעהויבן טראַכטן, אַז חוץ תנ״ך, תלמוד און מדרש איז פאַראַן אויך אַן אַנדער יידישקייט — עס איז דאָ אַ גרויסע און אינטערעסאַנטע וועלט. מיר זענען רייפער געוואָרן און אָנגעהויבן זיך צו פאַראינטערעסירן מיט די סאָציאַלע פּראָבלעמען און נאַציאָנאַלע יידישע געשעענישן. מיר זענען אויפגערודערט געוואָרן פון קישעניעווער פּאָגראָם אין יאָר 1903.

ביאַליקס ,,משא נמירוב״ (בעיר ההריגה״), ווו ער צאָרנט און רופט די יוגנט צו זעלבשוץ — האָט נאָך דעמאָלט צו אונדז נישט דערגרייכט. עס איז אָבער צו אונדז אָנגעקומען אַ בריוו פון גוטל אייזיקס פון ניו־יאָרק מיט אויסשניטן פון אַ יידישער צייטונג (דאַכט זיך פון ,,פאָרווערטס״) מיט בילדער, ווי אַזוי ניו־יאָרקער יידן האָבן רעאַגירט אויף די געשעענישן. עס זענען געווען רעדעס פון יעקב שיף, דער גרויסער יידישער באַנקיר, און אַרויסטרעטונגען פון אַנדערע אַמעריקאַנער הויכגעשטעלטע באַאַמטע, וואָס האָבן מיט צאָרן אָנגעגריפן דעם צאַר, וועלכער האָט דערצו דערלאָזן. נאָכדעם האָבן זיך באַוויזן גרויסע מאַסן־דעמאָנסטראַציעס מיט טראַנספּאַרענטן: ,,נידער מיטן צאַר און זיינע פּאָגראָמ־שטשיקעס״.

אין יענער צייט האָבן אויך אָנגעהויבן קומען אין אָלשאַן מטיפים. זיי האָבן מיט התלהבות גערעדט וועגן דער נייער אויפגעקומענער ציוניסטישער באַוועגונג, וועגן הערצל, נאָרדוי און דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. דער רבי האָט אונדז דעמאָלט באַפרייט פון חדר און מיר זענען אַוועק אין בית־המדרש הערן דעם בעל דרשן. פון ווילנע איז צו אונדז דעמאָלט געקומען די נייעס פון הערש לעקערטס שאָס אויף דעם גובערנאַטאָר פאָן וואַל פאַר זיין שמייסן און פאַרשעמען די יידישע רעוואָלוציאָנערע יוגנט, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין אַ בונדישער ערשטער מאַי־דעמאָנסטראַציע.

אָט אַזוי האָבן זיך אָנגעהויבן די גייסטיקע ענדערונגען אין לעבן פון דער יידישער יוגנט אין אָלשאַן.

אין אָלשאַן האָט זיך דעמאָלט באַוויזן אַ לערער (זיין נאָמען איז דאַכט זיך געווען לעווינסאָן). האָט ער מיט אונדז ישיבה־בחורים געלערנט דקדוק און די נייע העברעישע ליטעראַטור. ער האָט פאַר אונדז פאָרגעלייענט ,,משבת לשבת״,

אַ וועכנטלעכן פעליעטאָן פון נחום סאָקאָלאָוו, וואָס האָט זיך געדרוקט אין „הצפירה”. אונדזער לערער איז געווען אַנטציקט פון סאָקאָלאָווס שפּראַך־וויר־טואָזיטעט, וואָס האָט פון משנה און מדרש אויסגעקנאָטן אַ מאָדערנעם צייטונגס־סטיל, וועלכער זאָל מעגלעך מאַכן קלאָר צו באַהאַנדלען די טעגלעכע פּאָליטישע געשעענישן און די נייע שטרעמונגען אין דער מאָדערנער אייראָפּעישער ליטעראַ־טור. מיט גרויס אינטערעס האָבן מיר געלייענט די „הצפירה” און ביכער פון דער נייער העברעישער ליטעראַטור. די נייע ביכער האָבן מיר געקנעלט צוזאַמען מיט דער גמרא. ביי אונדז איז נישט געווען אַזוי שאַרף דער קאַמף פון „האבות והבנים” ווי אין אַנדערע מקומות.

מיר האָבן זיך דעמאָלט געקוויקט מיטן מאָדערנעם העברעישן סטיל פון ראובן בריינין, געוואָרן היימיש מיט „על פרשת דרכים” פון אחד־העם, וואָס איז געווען מער פאַראינטערעסירט אין שאלות היהדות ווי אין שאלות היהודים. דעם גרעסטן איינפלוס האָט אויף אונדז געהאַט פרץ סמאָלענסקין מיט זיין „התועה בדרכי החיים”, וואָס האָט קינסטלעריש אַרויסגעבראַכט אונדזער ישיבה־בחוריש לעבן. ער האָט אונדז באַווירקט מיר זאָלן אין זיך אַריינבליקן און קומען צו געוויסע אויספירן.

אברהם מאַפּו מיט זיין „אהבת ציון” האָט אונדז באַהעפט מיט דער תנ״כישער תקופה, מיטן דעמאָלטיקן לעבנסשטייגער. דער מחבר האָט אין אונדז דערוועקט די ליבע צו ציון. מיר האָבן געלייענט די העברעישע פּרעסע. אָבער אָט דערשיינט „דער פריינד”, אַ טעגלעכע צייטונג אין יידיש, וואָס איז אַרויס אין פּעטערבורג. די ישיבה־בחורישע יוגנט האָט גענומען לייענען יידיש און איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם נייעם יידישן שאַפן, פון דער יידישער ליטעראַטור מיט אירע קלאַסיקער. אַפילו העקטאָגראַפירטע נישט־לעגאַלע בלעטלעך זענען שוין אַריינגעבראַכט געוואָרן אין די שטענדערס פון די בית־המדרש־בחורים.

## אין ראַמיילעס ישיבה אין ווילנע

נאָך די ימים־טובים זענען זיך צעפאָרן די ישיבה־בחורים. ווער אין ראַדין, ווער אין וואָלאָזשין, טעלז, און איך בין געפאָרן קיין ווילנע. דער באַלעגאָלע האָט מיך אַרויפגעזעצט אויף זיין הויכגעפּאַקטן וואָגן מיט סחורות, ווי אויף אַ היסב־בעט. עס איז געווען אַ קאַלטע נאַכט. דער הימל האָט געפינקלט מיט מיליאָנען שטערן. מיינע פיס זענען געווען שטיקער אייז. דער באַלעגאָלע האָט זיי איינגעוויקלט מיט זיין בורנוס, אַניט וואָלטן זיי אָפּגעפרוירן געוואָרן.

איך בין אָנגעקומען אין ווילנע אין ראַמיילעס ישיבה וווּ מען האָט געלערנט גמרא, אַ ביסל רוסיש, רעכענען, געאָגראַפיע, געשיכטע און אַנדערע לימודים. דאָרט האָט זיך אין מיר ערשט רעכט צעברענט דער דורשט נאָך ספרים חיצונים.

האָב איך אַ סך צייט פאַרברענגט אין סטראַשונס ביבליאָטעק. איך האָב געלייענט ביכער, צו שווערע פאַר אַ 15־יאָריק יינגל, ווי „קאָנווענציאָנעלע ליגנס" און „פּאַראַ־דאָקסן" פון מאַקס נאָרדוי אין העברעישער איבערזעצונג. איך האָב זיך צוגע־כאַפּט צו די ווערק פון דייטשע פילאָזאָפן: קאַנט, שאָפּענהויער, און געלייענט וועגן שפּינאָזאַ און זיין פילאָזאָפישער שיטה.

אין ישיבה־בחורישן לעבן האָט זיך אָנגעהויבן עפּעס צו ענדערן. אַ סך ישיבה־בחורים הייבן שוין אָן צו פאַרדינען. זיי האָבן באַקומען „אוראָקן" (לעק־ציעס) צו לערנען העברעיש, אַנדערע האָבן באַקומען שטעלעס אַלס מלמדים־לערער, מערסטנטייל ביי רייכע אַרענדאַרן, וואָס האָבן געוואָלט, אַז זייערע קינדער אין דאָרף זאָלן עפּעס וויסן פון יידישקייט כאָטש אַ „שייטל" עברי־דאַוונען. איך האָב אָנגענומען אזא שטעלע ביי אַ רייכן יידישן גוטבאַזיצער אין אַ דאָרף, נישט ווייט פון ווערזשבאָלאָווע און געלערנט מיט זיינע בנים חומש מיט רש"י און אַ ביסל העברעיש.

## „בונד" און ציוניזם

נישט לייכט איז אָנגעקומען די ישיבה־בחורים פון מיין סביבה, און מיר בתוכם, צו געפינען אַ וועג פאַר זיך אין אידייען־געראַנגל פון יענער צייט, אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט. די אמונה פון די אבות איז ביי אונדז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, דאָס נייע, וואָס עס האָט געבראַכט די השכלה איז געווען אַ מישמאַש פון געדאַנקען, שלאַגווערטער, נישט עפּעס ממשותדיקס, מיט די הענט אָנצוטאַפּן.

איז געקומען אַ מיידל פון ווילנע קיין אָלשאַן און דערציילט וועגן הירש לעקערט, וואָס האָט געשאָסן אויפן ווילנער גובערנאַטאָר פאַר שמייסן די דעמאָנ־סטראַנטן פון ערשטן מאַי, האָט מען אָנגעהויבן רעדן בסוד פון אַרבעטער־בונד. אַט אַזוי איז אַנטשטאַנען אין אָלשאַן דער „בונד" וואָס האָט צוגעצויגן אַ קליינעם טייל ישיבה־בחורים און די אָרעמע לערן־יינגלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט לאַנגע שעהן אין די ענגע וואַרשטאַטלעך פון שוסטערס און שניידערס.

איך בין דעמאָלט שוין געווען אַ ציוניסט און פאַרקויפט שקלים צווישן די אַרבעטער. ווען איך האָב זיך געווענדעט צו לייזערקען, וואָס האָט זיך געלערנט שניידעריי ביי אברהם יצחק, צו קויפן אַ שקל, האָט ער מיר אָפּגעזאָגט. ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ בוך א. נ. „אַ וועלט מיט וועלטלעך"* און זיך געווענדעט צו מיר מיט די ווערטער: „איצט ווייס איך אַלץ ווי אַזוי די וועלט

* „אַ וועלט מיט וועלטלעך" — איבערפלעכלעך, פּאָפּולערע אָפּהאַנדלונגען וועגן אַסטראָנאָמיע און פיזישע פּראָצעסן. דער מחבר איז געווען דער באַוווסטער בונדישער שרייבער און פּאַרטיי־טוער — א. ליטוואַק.

איז באַשאַפן געוואָרן. נישטאָ קיין גאָט. מיר וועלן אַרונטערוואַרפן די קייטן פון שקלאַפעריי". דאָס האָט ער געמיינט זײַן באַלעבאָס אברהם יצחק. לייזערקע האָט געקעמפט קעגן אברהם יצחקס אויטאָריטעט, קעגן זיין תהילים זאָגן מיט מתיקות, זיין השפעה האָט לייזערקע געוואָלט אראָפוואַרפן פון זיך.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונגען אין אַ פאַרוואָרפן שטיבל אין עק שטאָט, עס זענען פאָרגעקומען שאַרפע דיסקוסיעס צווישן די דריי פאַרטייען: ס.ס. פועלי־ציון און "בונד".

אָט וויאַזוי די דעמאָלטיקע פאַרזאַמלונגען האָבן אויסגעזען: נאָך מנחה, ווען די זון איז פאַרגאַנגען אין מערב־זייט, האָבן מיר אַלע, ציוניסטן און בונדיסטן פאַרלאָזן די שול און אַוועק גלײַך צום "זאַסטיעניק". אַ שטעגעלע האָט ארויסגע־פירט פון שטאָט. פוןביידע זייטן ווילדע גראָזן און אַנטקעגן אַ געדיכט וועלדל. דאָרט האָט די יוגנט געפירט אירע דיסקוסיעס און דאָרט האָט מען ראָמאַנסירט.

אָט אַזוי האָט עס זיך אין מיינע טעג אָנגעהויבן. איך האָב פאַרמאַכט די גמרא און געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער. ביי מיר אין הויז איז געווען באַהאַלטן דער "אַרסענאַל", מערסטנס רעוואָלווערן, ווייל מען האָט עפּעס דערוואַרט, מסתמא אַ פּאָגראָם. איך בין געגאַנגען צו באַלעבאַטים אין שטאָט קלייבן געלט פאַר זעלבשוץ. צו דער הייליקער אַרבעט האָב איך זיך אויסגעפּוצט אין אַ רובאַשקע און אין אַ היטעלע מיט אַ בלישטשענדיקן קאַזיראָק, מעשה ארבעטער. ביים פאַרלאַנגען געלט האָב איך נישט געבעטן, נאָר געדראָט, געפאָדערט. די באַלעבאַטים האָבן נאָכדעם דערציילט דער מאַמען: "מיר האָבן נישט דערוואַרט, אַז אייער יאַנקל, דער שטילינקער, דער ווילערנער, זאָל אַזוי קאַליע ווערן".

איך האָב דעמאָלט געהערט צו דער אָלשאַנער אָרגאַניזאַציע פון ס.ס.,* וואָס האָט געהאַלטן, אַז יידן דאַרפן זיך באַמיען צו באַקומען ערגעץ ווו אַ טעריטאָריע און נישט דווקא אין ארץ־ישראל. די אָרגאַניזאַציע האָט מיך געשיקט צו זיין אָנוועזנד בעת אַ ליציטאַציע פון א רעגירונגס־וואַלד, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער אומגעגנט פון אָלשאַן. מיין אויפגאַבע איז געווען: אויפן אָרט צו זאַמלען געלט ביי די וואַלד־סוחרים אויף צו קויפן געווער.

## דער ערשטער שטרייק („זאַבאַסטאָווקע") אין אָלשאַן

ערב פסח אין אָלשאַן. די שוסטערס און די שניידערס זענען פאַרוואָרפן מיט באַשטעלונגען. עפּעס אַ קלייניקייט! דער יום־טוב פסח — זמן חרותנו, יציאת

* ס.ס. — ראשי תיבות פון „סיאָניסטן (רוסיש) סאָציאַליסטן", וועמענס פּראָגראַם איז געווען: קעמפן פאַר אַראָפוואַרפן די צאַרישע מאַכט און געפינען אַ טעריטאָריע פאַר יידן, נישט דווקא אין ארץ־ישראל.

מצרים. יעדער שפּאָרט אָפּ פון דעם לעצטן אויף צו נייען נייע מלבושים פאַר די „בני־מלכים" און פאַר זיך אַליין טאַקע אויך.

ביי ברוך דעם שניידער האָבן געאַרבעט עטלעכע געזעלן. אייניקע זענען שוין געווען אוואַנסירט, האָבן געדאַרפט ווערן מייסטערס. אַנדערע זענען ערשט געוואָרן געזעלן. ברוך דער שניידער איז נישט געווען קיין גרויסער גביר, צו זיין שניידעריי האָט ער געהאַט נאָך פּרנסות: געהאַנדלט מיט סעדער, אויפגעקויפט פּויערישע הענטשקעס און זיי געשיקט קיין ווילנע.

ער איז אויך נישט געווען קיין אכזר. זיך געפירט ווי דער דעמאָלטיקער סדר עולם איז געווען מקדמונים: ווען מען נעמט צו אַ לערן־ייִנגל, שטייט ער אין דער לער דריי יאָר. אין ערשטן יאָר לערנט ער וויניק די מלאכה, וויגט דאָס עופהלע, טראָגט אַרויס די פּאָמוניצע צו דער קו אין שטאַל, היט דעם סאָד אין זומער. ערשט אייפן צווייטן יאָר ווערט דאָס לערן־ייִנגל צוגעלאָזט צו דער מלאכה און ביים עודיקן דאָס דריטע יאָר ווערט ער אַ „פּאָלנער" געזעלן. די געזעלן האָבן דעמאָלט נישט געוווּסט פון קיין באַגרענעצטן אַרבעטס־טאָג. מען האָט געהאָרע־וועט אויך גאַנצע נעכט.

צווישן די ישיבה־בחורים, וואָס זענען געוואָרן רעוואָלוציאָנערן, האָט זיך אויך געפונען דער זון פון ברוך דעם שניידער. ער איז נאָר־וואָס געהאַט אַרויס פון ראמיילעס קלויז און געקומען קיין אָלשאַן. ער האָט דאָס אָרגאַניזירט דעם ערשטן שטרייק ביי אונדז אין שטעטל און טאַקע אין זיין פּאָטערס וואַרשטאַטל.

פון יענער צייט איז מיר געבליבן אין זכרון אזא בילדל:

עס איז איינס אַ זייגער ביינאַכט. די ישיבה־בחורים, וואָס זענען אָנגעפאָרן פון די ישיבות קיין אָלשאַן צו האַלטן פּסח ביי זייערע עלטערן — פּראַווען אַ משמר: מ׳לערנט אַ גאַנצע נאַכט. אָבער אייניקע פון זיי האַלטן שוין אין שטענדער „ספרים חיצוניים": קירפּיטשניקאָווס רוסישע גראַמאַטיק, דעם „באור" אויף תנ"ך אין דייטש פון משה מענדלסאָן, כדי אַזוי אַרום אויסצולערנען די דייטשע שפּראַך, צו קאָנען אַריינטרעטן אין אַ שווייצאַרישן אוניווערזיטעט. אין אַ ווינקל שטייט ברוך דעם שניידערס זון. אויך ער קוקט אין שטענדער. ער האָט דאָרט אַ העקטאָגראַפישע שריפט. ער האָט זי באַקומען אין ווילנע. ער לייענט און שושקעט זיך מיט זיינעם אַ פּאַרטרויאונגס־חבר. דאָס ווערט באַשלאָסן וועגן אָפּשטעלן די נאַכט־אַרבעט ביי ברוך דעם שניידער.

די צווי חברים זענען אַוועק צום וואַרשטאַט פון ברוך דעם שניידער. אויפן וועג האָבן זיי געטראָפן פריידל דעם חזנס טאָכטער, אַ שניידערקע, אַ בונדיסטקע, ערשט אָנגעקומען פון ווילנע. אין שטעטל האָט מען גערעדט, אַז ברוך דעם שניי־דערס געראָטענער זון, וואָס וועט שוין באַלד האָבן סמיכות אויף רבנות, שפּאַצירט אַרום מיט דער רירעווודיקער חזנס טאָכטער אויפן „זאַסטיעניק".

אַלע דריי זענען אַוועק צו ברוך דעם שניידערס וואַרשטאַט און צוויי אַ זייגער ביינאַכט האָבן זיי מיט אַ פייף געגעבן אַ צייכן די געזעלן, אַז מען דאַרף איבעררייסן די אַרבעט. די געזעלן האָבן נאָך פון פאַרויס געוווּסט, אַז עס דאַרף קומען אַזאַ סיגנאַל און זיי האָבן פאַרלאָזן די אַרבעט און אַרויס אין דרויסן.

מתחילה האָט דער מייסטער ברוך דער שניידער נישט פאַרשטאַנען וואָס ס׳טוט זיך דאָ. ער איז אַרויסגעלאָפן אָן אויבערמאַנטל, אין טלית־קטן, און דערזען עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט זיינע אויגן נישט געגלייבט: זיין אייגענער זון שטייט מיט דעם פייפל אין האַנט און רעדט, דערקלערט. נישט מיט זיין קול האָט ברוך אויסגעשריגן: דו גאַר ביסט דער גאַנצער מאַכער?! מיין גאָט, וואָס איך האָב דערלעבט. כ׳וועל דאָך נישט קאָנען פאַרענדיקן די אַרבעט! גאָט אין הימל, מיין אייגן קינד האָט צעשטערט מיין יום־טוב.

ברוך האָט אויפגעוועקט זיין ווייב אסתר, זי זאָל אויך זען ווער עס פירט אַראָפּ די געזעלן פון גלייכן וועג. ווען אסתר האָט דאָס דערזען, איז זי געפאַלן אין חלשות — אַזוי האָט מען שפּעטער דערציילט אין שטעטל.

אין יענעם פרימאָרגן, ווען די אַלשאַנער יידן, נאָך פאַרשלאָפענע, זענען אַרויס אין מאַרק עפענען די קראָמען, האָט מען זיך דערוווּסט די נייעס, אַז ס׳איז אַ שטרייק ביי ברוך דעם שניידער, — מ׳וועט נישט פאַרענדיקן נייען די נייע מלבושים אויף פסח.

עס זענען אָנגעפאָרן מיידלעך מיט בחורים פון דער גרויסער שטאָט. מ׳האָט זיך אין יענעם פסח געריכט אויף געשעענישן אין אָלשאַן. די פּאָליציי מיט דעם פּריסטאַוו האָבן שפּאַצירט איבערן שטעטל. עס איז געווען אַ פאַרשטערטער יום־טוב. בסוד סודות איז אין אָלשאַן געשאַפן געוואָרן די אָרגאַניזאַציע פון „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין ליטע, פוילן און רוסלאַנד״.

## די רעוואָלוציע אין 1905 קעגן דער צאַרישער הערשאַפט

די רעוואָלוציע קעגן דער צאַרישער הערשאַפט, וואָס איז פאָרגעקומען אין רוסלאַנד אין יאָר 1905, האָט אויך נישט אויסגעמיטן אָלשאַן. דאָס גאַנצע לאַנד האָט געשטרייקט, מ׳האָט געפאָדערט אַ קאָנסטיטוציע מיט אַ דעמאָקראַטיש געוויילטן פּאַרלאַמענט. דער שטרייק האָט דערגרייכט אויך קיין אָלשאַן.

איך בין דעמאָלט שוין געווען אַ גלאַוונער טוער אין דער ס.ס.־אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן דערקלערט דעם ראַיאָן פאַר אַ וויכטיקן שטח צו באַווירקן דעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע. מיר האָבן אַרויסגעגעבן באַפעלן: מען טאָר קיין זאַך נישט אַריינפירן אין שטאָט און אַרויספירן, מען טאָר נישט אַרבעטן, באַקן ברויט, האַנדלען, ביז דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל (אַזוי האָבן מיר דעמאָלט גערופן די אָרגאַניזאַציע) וועט דעם שטרייק אָפּרופן.

די פונקטן פון די דאָזיקע באַפעלן האָב איך אָנגעשריבן און אויסגעהאָנגען אין שול, אין מאַרק. מיר האָבן געשלאָסן דעם מאָנאָפּאָל (רעגירונגס־בראָנפן־פאַרקויף), אָרגאַניזירט אַ דעמאָנסטראַציע, אין מאַרק זענען אויפגעשטעלט געוואָרן פּלאַטפאָרמעס ווו צוגעשיקטע רעדנער האָבן אויפגעקלערט דעם מצב. עס האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען: „נידער מיט דער סאַמאַדזשערזשאַוויע" (זעלבסטהערשאַפט), נידער מיט די פּאָגראָמשטשיקעס! זאָל לעבן דאָס פרייע רוסלאַנד! די רעדנער זענען געווען אַרומגערינגלט פון אונדזער „באָיעוואָי אָט־ריאַד" (קאַמפּס־אָפּטיילונג), וואָס האָט זיי געשיצט קעגן אָנפאַלן פון דער דאָר־טיקער פּאָליציי אָדער פּאָליציי־אַגענטן.

מיר האָבן זיך נאָך אַ ביסל געטומלט, געקריגט זיך וועגן „דאָיקייט" און „דאָרטיקייט", ד. ה. וועגן אויפהאַלטן דאָס יידישע לעבן אויפן אָרט אָדער עמיגרירן קיין פּאַלעסטינע (אָרץ־ישראל), שאַפן דאָרט אַ יידיש־נאַציאָנאַלע היים. די בונדיסטן האָבן געטענהט, אַז עס איז מאַרקסיסטיש נישט אויסגעהאַלטן אויפצו־שטעלן אַ יידיש־נאַציאָנאַלע היים מחוץ רוסלאַנד, ווו מיר האָבן שוין אַ היים און מ'דאַרף נאָר אויסקעמפן די פרייהייט. לויט מיין מיינונג זענען מיר באַווירקט געוואָרן פון ישעיהו און אַנדערע נביאים, וואָס האָבן געמאָנט יושר פאַרן שוואַכן און אונטערדריקטן און אַן אוניווערסאַלן פרידן.

מיר, די געוועזענע ישיבה־בחורים פון אָלשאַן, האָבן זיכער געהאַט מער שייכות צו די נביאים ווי צו מאַרקסן, ווען מענס ווערק מיר האָבן כמעט נישט געלייענט.

## די ישיבה־בחורים פון יענער צייט

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן די ישיבה־בחורים פון יענער צייט, וועמענס נעמען האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון:

אַלטער ריישקע, אַ גרויסער בעל מדות טובות, כמעט אַ למד־וואָווניק, אַ גוטער לערנער. ער האָט פריער, פונקט ווי אַנדערע, באַמערקט די נעגאַטיווע זייטן פון אונדזערע נייע תורות און עס אַרויסגעבראַכט מיטן ישיבה־בחורישן קנייטש; פסח חיים דעם קצבס, שפּעטער געוואָרן אַ חלוץ אין ארץ־ישראל. ביידע זענען געשטאָרבן אין ניו־יאָרק: לייזער (אליעזר) דעם טראַבן שוסטערס זון — געשטאָרבן ערגעץ אין אַ ישיבה אין יאָר 1904; ראובן משהלס, אַן אויסגעפּוצטער שיינער בחור, אַ באַלעבאַטיש קינד, האָט ליב געהאַט צו חברן זיך מיט אונדז, פון אָרעמען שטאַנד.

פון דער ישיבה געדענק איך: נאַשקע (נתן) געלעס. אַ פיינער שמועסער. געוווּסט ווו אַ טיר עפנט זיך און ווי אַזוי צו שליסן באַקאַנטשאַפט מיט מענטשן און געווינען זייער סימפּאַטיע. אַ דאַנק אים האָבן מיר אין ווילנע געוווינט אין אַ שיין

הויז — אַ ווילע פֿון אַ רייכן ווילנער ייִד, וואָס איז אַוועקגעפֿאָרן אויף דאַטשע אויפֿן גאַנצן זומער. דאָרט איז געוואָרן אַ פֿאַרזאַמלונגס־אָרט פֿאַר גערעטעטע קינדער, דאַרשטיקע נאָך יידיש וויסן, וואָס זענען געקומען אין ירושלים דליטע.

אברהם חיים דעם חזנס איז נישט באַווירקט געוואָרן פֿון דער צייט. ער האָט פֿאַרמאָגט אַ שיינע שטימע און באַקומען אַ שטעלע אַלס חזן ערגעץ אין ליטע. ברוך גרשון זימלס, אַ ישיבה־בחור, וואָס האָט זיך פֿאַרפּולקאָמט אין וועלטלעכן וויסן, איז געוואָרן אַ פּראָוויזאָר און חתונה געהאַט. פֿאַר מיין אָפּפֿאָרן פֿון אַלשאַן קיין אַמעריקע, האָב איך אים נאָך געזען בעת ער איז געגאַנגען מיטן טלית און תפילין אונטערן אָרעם אין בית־המדרש, האַפּערדיק, מיט זיכערע טריט, ווי אַ פֿאַרפֿעסטיקטער באַלעבאָס פֿון שטעטל, אויף וועלכן „אונדזערע" האָבן געקוקט מיט ביטול.

אָשרס אַ ברודער פֿון אַשמענער גאַס מאָטל, איז געוואָרן אַן אַלשאַנער אינטעליגענט, באַזעצט זיך אין מינסק געווען אַקטיוו אין דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, צוזאַמען מיט דעם גרויסן גערשוני, געווען אַ קראַנקער מענטש געקומען אַהיים זיך דערהאָלן. דורך דער קורצער צייט וואָס ער איז געווען אין אַלשאַן האָט ער אויפֿגעהויבן אַ קאַמף קעגן די אָנפֿירערס פֿון דער קהילה און זיי באַשולדיקט אין פֿעלשן די וואַלן. ער איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך איידעלער און עטישער מענטש. איך און חיים לייב (זע ווייטער) האָבן אים נאָך געזען, ווען מיר האָבן געלערנט אין מינסק. ער האָט אונדז אַ סך געהאָלפֿן אין לערנען. געשטאָרבן זייער יונג.

טוביה אייזיקס האָט געשמט פֿאַר אַ וויללערנער. אין יאָר 1904 האָט ער זיך געגרייט צו פֿאָרן מיט זיין משפחה צום טאַטן, צו אייזיקן קיין אַמעריקע. איז ער פּלוצלינג קראַנק געוואָרן אויף טיפֿוס, גערעדט פֿון היץ. איך וועל עס קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן, מיט וואָס פֿאַר אַן ענטוזיאַזם דער קראַנקער האָט אין היץ־צושטאַנד, ממש פֿאַנטאַסטיש, געשילדערט זיין נסיעה קיין אַמעריקע: זיין פֿאָרן אויפֿן שיף איבער די צעשטורעמטע כוואַליעס, דער פֿאָטער איז אים מקבל פּנים, פֿירט אים אַריין אין אַ היים אין ניו־יאָרק. דאָרט לערנט ער אַ פֿאַך, ווערט שפּעטער אַ „מאַנופֿעקטשורער", וואָס באַשעפֿטיקט הונדערטער געזעלן, ער שטייגט אַלץ העכער און העכער, ער ווערט רייך, באַרימט, געניסט פֿון אַלע תענוגים. און אַ וווּנדער: אַלץ וואָס טוביה האָט גערעדט פֿון היץ דעמאָלט אין אַלשאַן, איז שפּעטער מקוים געוואָרן: ער איז געוואָרן אין ניו־יאָרק אַ גרויסער פֿאַבריקאַנט פֿון העמדער, ער איז אָבער יונג געשטאָרבן — דאָס האָט ער נישט געזען אין זיין היץ־פֿאַנטאַזיע.

עס איז מיר געבליבן אין זכרון משה יוסף מיכלעס, ווען ער איז נאָך געווען אַ סענטימענטאַל געפּילפּול ייִנגל, אַ גלויביקער און גלייכצייטיק אַ צווייפֿלער. אין עלטער פֿון 9 יאָר האָט ער געפֿרעגט קשיות: אויב די צדיקים וועלן זיצן

מיט זייערע קרוינען אויף די קעפּ אין גן־עדן און לערנען תורה, טאָ ווי לאַנג וועלן זיי לערנען — אַ יאָר, הונדערט יאָר, טויזנט יאָר? ביז ווען? — לערנען און לערנען! ווען ער איז עלטער געוואָרן האָט ער גענומען פילאָזאָפירן איבער דעם באַגריף „צייט". עס האָט אים געמאַטערט אַ באַגריף, וואָס גרויסע דענקער זוכן צו פאַרשטיין און דעפינירן. ער איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

און צום סוף וויל איך דערמאָנען איינעם פון די באַלעבאַטים, ביי וועמען איך האָב געגעסן אַ „טאָג" אַלס ישיבה־בחור: משה עליע דעם מלמדס האָט מען אים גערופן. איך בין דעמאָלט אַלט געווען 12 יאָר, ווען איך בין געקומען אין זיין שטוב. עס איז געווען די צייט, ווען עס האָט זיך געגרינדעט הרב יצחק ריינעסעס ישיבה אין לידע. דאָרט האָט מען אַחוץ תלמוד אויך געלערנט וועלט־לעכע לימודים. משה עליע האָט מיט מיר געשמועסט וועגן תורה־ענינים און אַזוי אויפגעקלערט די נייטיקייט פון וועלטלעכע לימודים אין דער ישיבה: ווען דער לערנער וועט לערנען וועלטלעכע לימודים אין אַן אוניווערזיטעט, וועט אים דער פּראָפעסאָר דערקלערן: אָט אַזוי איז די נאַטור, און קיינער קען נישט ענדערן. אָבער ווען מען וועט לערנען וויסנשאַפט אין דער ישיבה, וועט דער רעליגיעזער לערער פאַרענדיקן: לאמור, אַזוי צו זאָגן — איר זעט ווי טיפזיניק און לאָגיש עס איז איינגעשטעלט די וועלט, ווי פּינקטלעך ס׳גייען און פּערפעקט דרייען זיך די גלגלים. אַזוי האַרמאָניש און שכלדיק איז אַלץ געוואָרן רעגולירט דורך גאָט.

אין יאָר 1911 האָב איך משה עליען איינמאָל געטראָפן אויף דעלענסי סטריט אין ניו־יאָרק. זיין ווייטערדיקער גורל איז מיר נישט באַקאַנט.

## חיים לייב (היימען) סניידער

חיים לייב אברהם יצחקס (היימען) סניידער, איז געווען מיין אינטימער חבר. איך האָב אים געקענט ביי זיינע 4 יאָר: אַ שיינינקער, מיט פאַרפלאַמטע בעקעלעך, מיט א שיין שטימעלע. ער האָט שוין דעמאָלט פארכישופט מיט זיין אייגנאַרטיקן חן. מיר זענען צוזאַמען אויפגעוואַקסן אין אַ הויז, וואָס האָט אויס־געזען ווי אַ גרויסע אומגעלומפּערטע קאַזאַרמע. אָבער דאָרטן האָט געוווינט אברהם יצחק, אַ זון פון משה דעם שניידער.

פרייטיק צו נאַכטס, ווען די ליכט לכבוד שבת האָבן זיך צעברענט און מען איז געקומען פון שול, האָט זיך אַ געזאַנג „שלום עליכם, מלאכי השרת" צעטראָגן דורך די אָפענע פענצטער איבער אַלע גאַסן פון שטעטל. דאָס האָט אברהם יצחק מיט די קינדער מקבל געווען דעם הייליקן שבת מיט געזאַנג. חיים לייבס שטי־מעלע האָט געקלונגען זיסער און שטאַרקער פון אַלע.

ווען מיר זענען געקומען פון די ישיבות, בין הזמנים, און אָנגעפילט די

שול מיט גמרא־ניגונים, האָט חיים לייבס „תנו רבנן" פֿאַרקלונגען מיט זיינע זיסע טענער די גאַנצע סביבה. און ווען מיר, זיינע חברים, זענען געפֿאַנגען געוואָרן פֿון דער נייער צייט, פֿון די נייע ווינטן, וואָס האָבן געבלאָזן אין דער יידישער גאַס, איז חיים לייב געווען פֿון די ערשטע, וואָס האָבן זיך צוגעכאַפּט צו דער נייער העברעישער און יידישער ליטעראַטור. ער איז געוואָרן נאָענט מיט די אַרבעטער־ און ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

אָט איז ער שוין אַ 14־יאָריקער „יאַט", אַן איינדרוקספֿול פּנים. ער פּריידיקט הויכע אידייען פֿון פֿרייהייט, פֿון צעררייסן די קייטן פֿון שקלאַפֿעריי. ער ציטירט פּסוקים פֿון קאַרל מאַרקס ווערק. אָבער וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט זיין צאַרט־וויברירנדיקע נשמה געהאַט מיט „קאַפּיטאַל", מיט „מערוועוערט"? עס איז געווען בלויז אַ רעוואָלט פֿון דער יידישער יוגנט קעגן אַלטע אָפּגעלעבטע באַגריפֿן.

חיים לייבס כוח איז געלעגן אין זיין צאַרטער ראָמאַנטישער נשמה, אין זיין ליבן בליק, מיט וועלכן ער האָט באַגייסטערט זיינע צוהערער. איידער מיר האָבן זיך אַרומגעזען, האָבן מיר אים כמעט פֿאַרלוירן פֿון אויג. ער האָט אויסגעכאַפּט דאָס שענסטע און יינגסטע מיידל פֿון אונדזער קרייז — רחלע דעם שוחטס. דער בחור האָט אָנגעהויבן ווייכן פֿון אונדז. ווען מיר פֿלעגן אים טרעפֿן אויפֿן „זאַס־ציעניק" געאָרעמט מיט רחלען, איז געווען, ווי מען כאַפּט עמעצן ביי א גנבה. ס'האָט געהייסן אין יענער צייט: דער גאַנצער מענטש געהערט צו דער באַוועגונג. עס איז נישט פּראָלעטאַריש זיך אָפּצוגעבן מיט אַזאַ ענין ווי „ליבע".

נאָך דער רעוואָלוציע פֿון 1905, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע עמיגראַציע, האָט חיים לייב געמאַכט זיין היים אין דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק, ווו עס זענען שוין דאַן געווען קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן און אַ יידיש קולטור־לעבן. ער האָט זיך באַהעפֿט מיט אַ קרייז פֿון יידישע מענטשן, וואָס האָבן אויף זיך גענומען דעם עול צו געשטאַלטיקן דעם נייעם דור, ער זאָל זיין יידיש־קייט־ירושה אָנהאַלטן און פֿאָרזעצן. דאָס איז דער שלום־עליכם־אינסטיטוט אין וועלכן חיים לייב האָט זיך גייסטיק פֿאַרוואָרצלט. אין יענעם קרייז האָט ער זיך דערוואָרבן פֿריינד און פֿאַרערער.

ווו נאָר ער האָט זיך באַוויזן איז ער געוואָרן דער אָביעקט פֿון אינטערעס, און ווען ער האָט זיך דערוואַרעמט און איינער פֿון זיין חברותא האָט געזאָגט: „חיים לייב, זינגט עפּעס!", האָט זיך אָנגעהויבן כוואַליען אַ זיסע מעלאָדיע און ס'ער גאַנצער קרייז איז אויפֿגעלעבט געוואָרן.

ער האָט אויך געהאַט גרויסע פֿאַרדינסטן ביים אָרגאַניזירן און אויפֿהאַלטן די אָלשאַנער לאַנדסמאַנשאַפֿט־אָרגאַניזאַציע. בעת דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער געהאָלפֿן שאַפֿן הילף פֿאַר די אָלשאַנער געליטענע. איך בין געווען אָנוועזנד אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון אָלשאַנער, ווו ער איז געווען פֿאָר־

זיצער. דאָרט האָט מען געזען, אַז ער איז דער גייסטיקער כוח, וואָס צעמענטירט און האַלט אויף די אָרגאַניזאַציע. און חיים לייב (היימען) סניידער איז אַוועק פון זײַער לעבעדיקער וועלט.

אין דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק, ווו גרויסע מענטשן זעען זיך נישט אָן, ווערן פארקוקט, ווען מען האָט זיך דערוווּסט, אז חיים לייב איז געשטאָרבן, זענען הונדערטער, אין מיטן וואָך, געקומען אים אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד. עס האָבן אים באַקלאָגט די אָלשאַנער, ער איז געווען זייער שיינדל, זייער גערעכטן קינד; זיינע חברים, וואָס זענען באַשטראַלט געוואָרן פון זיין פערזענלעכקייט און איך, וואָס בין מיט אים געווען צוזאַמען פון דער פריסטער יוגנט אָן — בין געווען אַן אבל.

זאָל אין אונדזער יזכור־בוך דערמאָנט ווערן אונדזער חיים לייב. זאָלן מיר אים דערמאָנען און דערציילן אונדזערע קינדער וועגן דעם מענטש, דעם ייד, דעם אָלשאַנער, וואָס האָט געלעבט, געשאפן, אַריינגעבראכט פרייד, מיט וועמען ער איז געקומען אין באַרירונג, און אַוועק פאַר דער צייט.

חיים לייב, מיר ווען דיך אייביק געדענקען!

ב. צ. גאָלדבערג

## דאס שטעטל אלשאן, וואס איך געדענק

אונדזער פאַמיליע האָט געלעבט אין אָלשאַן בסך הכל אַ יאָר צוועלף — אַריינגעקומען פון דער פרעמד און אַרויסגעפאָרן אין דער פרעמד, און קיין משפחה אין שטעטל האָבן מיר נישט געהאַט. פאַר די אָלשאַנער קאָן דאָ זיין דער אינטערעס דווקא אין דעם ווי זייער שטעטל האָט אויסגעזען אין די אויגן פון אַ קינד פון אַזאַ משפחה.

מיין טאַטע איז געווען אַ דענעבורגער (שפּעטער דווינסק), דער עלטערער פון די צוויי זין פון איצע נאָטע דעם סופר, אַ ביטערער קעמפער קעגן די חסידים פון שטאָט און אַ מוראדיקער למדן. די מאַמע איז געווען אַ טאָכטער פון דעם געדרעוויצער רבי. דער מאַמעס משפחה האָט געלעבט אין ווילנע, דעם טאַטנס אין דענעבורג. דער טאַטע, הגם ער האָט געהאַט סמיכה אויף רבנות, איז ער געווען שוחט אין קליינעם שטעטעלע בארון, לעבן אָלשאַן, און נישט לאַנג פאַר מיין געבוירן ווערן איז ער געוואָרן שוחט אין אָלשאַן.

ווען איך בין אַלט געוואָרן צען יאָר, איז שוין דער טאַטע געווען אין אַמעריקע, און די פאַמיליע האָט שוין אַרויסגעקוקט אויף שיפסקאַרטן צו

קומען צו אים. אין די פּאָר יאָר, וואָס דאָס וואַרטן האָט געדויערט, האָב איך געלערנט אין דער לידער ישיבה, אַ שטיקל צייט אין וואָלאָזשין, געווען ביים זיידן אין דווינסק און געקומען אַהיים קיין אָלשאַן נאָר אויף יום־טובים. איז וויפל האָט געקאָנט בלייבן אין זכרון פון אָלשאַן אין אַזאַ קורצער צייט ביי אַזעלכע אומשטענדן?

אָבער די אָלשאַנער לאַנדסלייט טוען איצט אויף אַ גרויסע זאַך — זיי פּאַראייביקן דעם אָנדענק פון זייער שטעטל, און זיי האָבן מיר אָנגעטאָן אַ גרויסן כבוד צו בעטן מיך וואָס צו שרייבן וועגן אָלשאַן. וועל איך דאָ פּרווון שילדערן ווי דאָס שטעטל האָט אויסגעזען אין די אויגן פון א יונג יינגל (אויף וויפל דאָס איז אים פאַרבליבן אין זכרון העכער אַ האַלבער מאה יאָרן שפּע־טער) ביים אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

איך זע אָלשאַן פון יענער צייט: אַ שטעטל פון פיר ברייטע גאַסן, וואָס שניידן זיך איבער אין אַ מאַרק, אַ סקווער, וואָס פון איין זייט איז געשטאַנען אַ גרויסער שיינער קלויסטער און דער יידישער ראָד קראָמען האָט געדינט ווי אַ צוים פאַרן קלויסטער־הויף. די אַנדערע צוויי זייטן פון מאַרק זענען געווען פאַרנומען מייסטנס פון שטובן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום מאַרק, ווי: אַריינפאָר־הייזער, אַ שענק, בעקעריי וכדומה.

יעדע פון די פיר גאַסן האָט געטראָגן צוויי נעמען. איין טייל גאַס, ביז דעם מאַרק האָט זיך גערופן אָשמענער גאַס, מחמת דורך דעם וועג איז מען אָנגעקומען אין שטעטל אָשמענע; אויף יענער זייט מאַרק האָט די גאַס שוין געהייסן שלאָס־גאַס, ווייל דאָרט אַרום איז מען געפאָרן צו אַ שלאָס פון אַ פּריץ. טראָבער־גאַס האָט מען אַזוי גערופן צוליב דעם, וואָס מיט דעם וועג איז מען געפאָרן קיין טראָב; אויף דער צווייטער זייט גאַס האָט זי געהייסן באַרונער גאַס, ווייל פון דאָרט איז מען געפאָרן אין שטעטל באַרון. צו דעם זענען נאָך געווען קליינע, קורצע געסלעך, ווי צווייגעלעך פון אָט די שטאָט־גאַסן. נאָכדעם, ווי איך האָב זיך אָנגעזען גענוג שטעט און שטעטלעך אויף דער וועלט, איז מיין איינדרוק, אַז אָלשאַן איז געווען דווקא זייער גוט, איך וואָלט שיער נישט געזאָגט, מאָדערן, אויסגעלייגט.

אין איין געסל אַזאַ, וואָס האָט זיך געצויגן פּאַזע אַ פּליסיקן טייכל, האָט זיך געפונען דאָס בית־מדרש, דער הקדש און די באָד. דאָס זענען געווען די איינציקע „געזעלשאַפטלעכע" בנינים אין שטעטל, אויב מען זאָל נישט רעכע־נען די גוישע, ווי די פּאָסט און פּאָליציי, דעם פּריסטאַווס קאַנטאָר, און פּריוואַט־געזעלשאַפטלעכע: דאָס הויז פון יידישן סטאַראָסטע, וואָס האָט גע־פירט דעם רעגיסטער פון געבורט און טויט און געהאַט צו טאָן מיטן צוגרייטן פּאַספּאָרט־ווענדונגען — אמתע און געפעלשטע — און די שטוב פון רב, ווו מען איז געקומען נישט בלויז פרעגן אַ שאלה, צי נאָך אַ דין תורה, נאָר אויך

נאָך זאַלץ און הייזון, וואָס דער רב האָט דערויף געהאַט אַ מאָנאָפּאָל, די רביצין האָט זיך געעוסקט מיט דעם, פון וואָס זי האָט געצויגן חיונה.

אויך דאָ, מוז איך זאָגן אַז איך האָב זיך אָנגעזען געגוג אופנים פון צאָלן אַ רב שכירות — אַפילו אַזאַ אופן ווי אַ רב באַקומט זיין געהאַלט פון אַן אַטעאיסטיש־קאָמוניסטישער מאַכט — און מיר דוכט, אַז דער אָלשאַנער אופן פון צאָלן דעם רב מיט אַזאַ קאָנצעסיע, אָדער מאָנאָפּאָל, איז גאָר נישט געווען קיין שלעכטער. דאָס האָט דעם רב געמאַכט אומאָפּהענגיק פון די גבאים און גבירים פון שטאָט (ווי דאָס טרעפט אַפילו היינט אין אַמעריקע).

דער רעליגיעזער מנהיג האָט נישט באַדאַרפט וואַרטן אויף קיין געלט, וואָס קהל וועט אים אַריינשיקן, ער האָט נאָר באַדאַרפט בעטן גאָט, אַז די יידן זאָלן האָבן וואָס צו עסן, וועלן זיין שוין אָן זאַלץ און הייזון זיך נישט באַגיין. ער אַליין, דער רב, האָט אַפילו אין אָט דעם ווינקל פון זיין פּרנסה נישט אַריינגעקוקט. אַז די רביצין איז נישט געווען אין שטוב האָט מען נישט געקאָנט קריגן די זאַכן.

ווען איך קוק צוריק אויף די מענטשן פון אָלשאַן, וואָס זענען פאַרבליבן אין מיין זכרון, דוכט מיר, אַז זיי זענען געווען אינטערעסאַנטע טיפּן, זייער אינדיווידועלע כאַראַקטערן, יעדער אַ ביסל אַנדערש ווי מען וואָלט געמעגט דערוואַרטן. דער רב איז קיין רב נישט געווען אין דעם געוויינלעכן זין. ער האָט געהאַט מער צו טאָן מיטן הימל ווי מיט דעם, וואָס אויף דער ערד, מיט די ספרים ווי מיט די יידן פון שטעטל.

אַ נידעריקער, שטילער ייד, וואָס האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אויף אַ זייט, און איז אַלעמאָל געווען ווי פאַרטאָן אין אַן אַנדער וועלט, האָט דער אַלטער אָלשאַנער רב געוווּסט נאָר איין זאַך — זיצן און לערנען. נישט ער האָט געהאַלטן דרשות, נישט ער האָט זיך געעוסקט מיט קהלשע זאַכן, נישט אים האָט אינטערעסירט וואָס עס טוט זיך אין שטאָט. אַז מען איז געקומען פרעגן אַ שאלה, האָט ער געפּסקנט, נאָך אַ דין תורה האָט ער אַרויסגעגעבן אַ פּסק דין — אַלץ מיט אַ צוגאַנג ווי דאָס וואָלט געווען אַ נאַרישקייט, אַ קינדעריי. דער עיקר איז דאָך לערנען תורה!

דער חזן איז אויך קיין חזן נישט געווען אין געוויינלעכן זין פון וואָרט, מחמת קיין שטימע האָט ער נישט געהאַט. עס האָט געהייסן, אַז אַמאָל האָט ער יאָ געהאַט אַ שטימע, נאָר ער האָט זי פאַרלוירן. נו, וועט מען נעמען און אָפּזאָגן אַ חזן צוליב אַזאַ קלייניקייט? אַבי ער האָט געקענט נגינה, און האָט געוווּסט, ווי אויפצושטעלן אַ כאָר משוררים פון די ייִנגלעך אין שטעטל. צו דער חזנות איז ער געווען אַ שוחט, אָבער קיין סך שחיטה, איבערהויפּט ביי די קצבים, האָט ער נישט געהאַט. פאַר זיי איז ער געווען אַ „חזן". פאַר קיין גרויסן למדן האָט מען אים נישט געהאַלטן

דער שוחט איז אויך נישט געווען אַ שוחט אין געוויינלעכן זין, האָט מען געבראַכט אַן עוף האָט ער געקוילעט; האָט מען אים גערופן צו אַ גסה האָט ער געשאָכטן. אָבער געהאַלטן פון דעם האָט ער נישט, און אויך נישט געהאַט צו טאָן מיט די קצבים. ער האָט באַקומען פון זיי די שטיקער פלייש, וואָס האָט געהערט צום שוחט ווי אַ טייל פון זיין שכירות. דער שוחט, ווי דער רב, איז אויך כסדר געזעסן און געלערנט. די שחיטה איז ביי אים געווען ווי אַן איבעררייס אין לערנען, וואָס מען מוז טאָן, אָבער נישט דאָס איז די עובדא פון זיין לעבן.

כאַראַקטעריסטיש פאַרן שוחט איז געווען, וואָס ער האָט געלערנט כמעט כסדר ביי זיך אַליין אין דער היים. אַפילו אין לערנען געווען פאַר זיך, מיט זיך אַליין. איך געדענק ווי פון צייט צו צייט פלעגט דער טאַטע פאַרן צוגאַסט צו זיינע עלטערן קיין דווינסק און תמיד ברענגען מיט זיך אַ קאַסטן מיט ספרים. אַז איך בין שפּעטער געקומען צום זיידן קיין דווינסק, האָב איך זיך דערוווסט, אַז דער פעטער פרץ, דער צווייטער זון פון זיידן, פלעגט אויך טאָן דאָס אייגענע — קומען צוגאַסט און מיטנעמען אַ קאַסטן ספרים — און עס איז נאָך אַלץ געווען ביים זיידן צוויי ווענט מיט ספרים — פון דער סטעליע ביז צו דער ערד.

אַן אימפּאָזאַנטע פיגור אין שטעטל איז געווען נח דער סטאַראָסטע. אַ הויכער ייד, אַ ברייטער, מיט אַ גרויסער רונדער, זילבערנער באָרד, מיט אַ רואיק פּנים און קאַרג אויפן וואָרט. זיין הויז האָט געטראָגן גאָר אַ מאָדנעם כאַראַקטער: אַ מויער ביי דער זייט פון די קראָמען, אַ גרויסער זאַל — די שטוב גופא, הייסט עס — מיט אַ וועלט מיט באַזונדערע צימערלעך, יעדער מיטגליד פון דער פאַמיליע האָט זיך געהאַט זיין צימער. דער איינדרוק איז געווען ווי פון אַן אַריינפאָר־הויז, נישט קיין פאַמיליע־וווינונג. נח אַליין איז אָפט געווען אויפן פור, ערגעץ וווהין געפאָרן און געקומען צוריק. נחס ווייב — אַ שאָטן פון אַ מענטש; זיין טאָכטער, טשערנע — אויך אַ ביסל אַנדערש. זי האָט שוין געהערט צו אַן אַנדער קאַטעגאָריע, צו דער יוגנט אין, אָדער נאָענט, צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

נאָך אַ פּאַטעטישע פיגור טויכט אויף אין מיין זכרון — אַ מיידל ליובאָטש־קע, אירע טאַטע־מאַמע — אַלטע לייט; איר ברודער דער „לערער" פון שטעטל, דער איינציקער, וואָס האָט געלערנט מיט יידישע קינדער רוסיש, חשבונען און „לאַטיין". לאַטיין האָט געהייסן — אָנשרייבן אַן אַדרעס קיין אַמעריקע, ווו דער אלף־בית איז נישט דער רוסיש־קירילער, נאָר דער לאַטיי־נישער.

וואָס איז געווע איר פּאַטעטישקייט?

זי האָט געפירט אַ ליבע מיט איינעם, וואָס מ'האָט גערופן „יאַנקל דער

האָן״, און זיי זענען זיך צעגאַנגען. איז זי פאַרבליבן, לויט יענע יאָרן, אַן עלטערע מויד. האָט זי געלעבט מייסטנס אַליין, פאַר זיך, זיך געהאַלטן מיטן ברודער, וואָס איז אויך געווען נישט פאַרהייראַט. זי איז געווען שוין צו אַלט פאַר די יינגערע מיידלעך, די מיידלעך פון איר עלטער שוין פאַרהייראַט, האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט רכילות וועגן איר ליבע. צו זיין אַליין אין אַ קליין שטעטל איז, דוכט מיר, די עלנטסטע זאַך.

דאָס פייער פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע האָט פאַרכאַפּט אויך דאָס שטעטל אָלשאַן. די פּאַרטייען אויף דער ברייטער יידישער גאַס האָבן נישט פאַרקוקט אויך דאָס קליינע אָלשאַן. עס פלעגן אַראָפּקומען אַגיטאַטאָרן פון די פּאַרטייען. געפירט דיסקוסיעס צווישן מיינע אייגענע, עלטערע שוועס־טער, האָט איינע געהערט צו דער „פּע־פּע־עס״,* אַ צווייטע צום „בונד״, אַ דריטע צו „עס־עס.** ווי באַלד דער טאַטע איז געווען אין אַמעריקע, און די מאַמע איז געווען, פאַר איר צייט און אָרט, אַן „אויפגעקלערטע״, פלעגן די געקו־מענע אַגיטאַטאָרן אָפט זיך אָפּשטעלן ביי אונדז אין שטוב, און איך האָב זיך אַ סך אָנגעהערט פון די נייע ווערטער און געדאַנקען אין יענער צייט.

איין מאָמענט פון יענער צייט איז פאַרבליבן אין זכרון: איינער פון די געקומענע רעוואָלוציאָנערן, דוכט זיך, געווען אַ לערער אין שטעטל אַ שטיקל צייט, איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. ער האָט זיך מיטן רעוואָלווער, וואָס ער האָט געהאַט אויף צו מאַכן די רעוואָלוציע, זיך אַליין אַריינגעשאָסן אַ קויל אין האַרצן. דאָס איז מסתמא געווען דער ערשטער יידישער זעלבסטמאָרד אין אָלשאַן, זיכער מיט אַזאַ כלי ווי אַ רעוואָלווער. מיט אַ פּאָר טעג פריער איז ער אַרומגעגאַנגען זייער אַן אומעטיקער, און געברומט צו זיך אַליין רעוואָלוציאָנערע ניגונים. וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין שטעטל, קאָן מען זיך פאָרשטעלן, אָבער נח דער סטאַראָסטע האָט געוווסט ווי דאָס צו מאַכן, אַז עס זאָל זיך וועגן דעם נישט טוען אויסערן שטעטל. בלויז די יידישע יוגנט איז געגאַנגען צו דער לויה, און אָנשטאָט אַ קדיש, האָט מען געזונגען מיט אַ געבראָכענער שטים דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד „גוטע פריינט, אַז איך וועל שטאַרבן, טראָגט צו מיין קבר די רויטע פאָן״...

*

די פּאָר שטריכן פון אָלשאַן, וואָס איך האָב אָנגעגעבן זענען פון פאַרצייטן, פון פאַר „מעשה בראשית״. אָבער אָט אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די נייע צייט אין אָלשאַן — אַ קליין, ברעקל, אָרעם שטעטל, פאַרוואָרפן צענדליקער וויאָרסט

* פּ. פּ. ס. — פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

** סיאָניסטן (פון רוסיש) סאָציאַליסטן.

פון אַ באַן, און דאָך האָט זיך דאָרטן אַזוי פיל געטאָן אין אידייאישן לעבן, און פון די קינדער, וואָס דאָס יידישע אָלשאַן האָט אַרויסגעשיקט איבער דער וועלט, געפינען זיך נישט וויניק, די איינציקלעך, אויב נישט אַזוי די קינדער, וואָס האָבן עפּעס אויפגעטאָן פאַר זיך און פאַר אַנדערע.

און פאַרן גאָר נייעם דור, צי ער איז אין מדינת ישראל, צי אין די אַמע־ריקעס, איז כדאי אָנצוווייזן: אָט פון דעם זענען געקומען אייערע טאַטעס און זיידעס, און זיי האָבן דאָרטן געמוזט האָבן טיפע וואָרצלען אין אַ געזונטער ערד, כדי אַרויסצוגעבן אַזאַ פּרוכט.

שעפּסל קאַפּלאַן

## אזוי האט אויסגעזען דאס שטעטל

פון 1920 ביז 1939 האָט אָלשאַן געהערט צו פּוילן. די געגנט האָט מען דאַן גערופן די מזרח־קרעסן (גרענעץ־געביטן) פון פּוילן. פאַרביי דעם שטעטל, צווישן גערטנער און לאָנקעס, האָט געשטראָמט דער טייך זיגאַנקע, אַרומגעזוימט מיט אָלכעס און ווערבעס, וואָס האָט געטריבן אַ וואַסערמיל און אַן עלעקטראָווניע.

ס'זענען געווען נאָך צוויי קלענערע טייכלעך, וואָס זענען געפלאָסן אין מיטן דעם שטעטל. זייערע קלאָרע וואַסערן זענען אַרויסגעפלאָסן פון קוואַלן ערגעץ ווייט פון די פעלדער. זומער — געפלאָסן שטיל, קוים וואָס דאָס וואַסער האָט זיך גערירט. ערב פּסח, ווען דער שניי פון די פעלדער פלעגט דערוואַרעמט ווערן פון דער פרילינג־זון, זענען די טייכלעך געוואָרן שטורמיש און זיך צעשפּרייט איבער ביידע ברעגעס, אַריינגעדרינגען אין די הייזער און מיטגעשלעפּט די אָרעמע בעבעכעס, וואָס די יידן פלעגן לופטערן אויף פּסח. ביידע טייכלעך זענען אַריינגעפאַלן אין דעם גרויסן טייך זיגאַנקע.

דאָס שטעטל איז געווען אַרומגערינגלט מיט שמעקנדיקע סאָסנע־וועלדלעך און לאָנקעס, גערטנער און סעדער, וואָס האָבן פאַרשיכורט מיט זייער מאָלערישן חן און שמעקנדיקן גערוך. אַהין פלעגט די יידישע יוגנט גיין פאַרברענגען. אין די זו־מערדיקע טעג ביז אין שפּעטן האַרבסט איז דער טייך זיגאַנקע אין פאַרשידענע ערטער פול געווען מיט באַדנדיקע מענער, פרויען און קינדער, יידן און קריסטן.

דער צענטער פון שטעטל איז געווען דער מאַרק־פּלאַץ. אַ גרויסער פיר־קאַנטי־קער פּלאַץ, פון וועלכן עס האָבן זיך געצויגן גאַסן אין דער פאָרם פון אַ קרייץ. פון די גאַסן האָבן זיך אָפּגעצווייגט 6 געסלעך. די גאַסן האָט מען גערופן לויט די נע־

מען פון די שכנותדיקע שטעטלעך. אויפן ראנד פון שלאָסגאס האָט זיך געפונען דער היסטאָרישער שלאָס פון פאַוועל סאַפּיעהאַ, דעם גרויסן ליטווישן וויצע־קאַנצלער.

צוליב אָפטע שריפות, וואָס זענען פאָרגעקומען אין אָלשאַן צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה, האָט דאָס שטעטל געביטן איר אויסזען. אַנשטאָט די אַלטע הילצערנע הייזער, האָבן זיך אויסגעבויט רחבותדיקע מויערן פון ציגל און מאָדערנע הייזער. אין צענטער פון שטעטל האָבן געוווינט יידן, אין די זייטיקע גאַסן און געסלעך — קריסטן.

אויפן צפון־זייט פון מאַרק־פּלאַץ, נאָענט פון קאַטוילישן קאָשטשאָל, זענען פון דורות־לאַנג געשטאַנען אַ ריי הילצערנע קראָמען, וואָס האָבן געהערט צו יידן. די דאָזיקע קראָמען האָבן אייביק געשטאָכן די אויגן פון קאַטוילישן קלער. אין 1934, האָט אַ המון פויערים, אונטערגעהעצט דורך דעם קאַטוילישן גלח ראטשקאַ, פּאָ־גראָמירט און צעבראָכן די דעכער פון אַ טייל יידישע קראָמען און הייזער. אין אַ קורצער צייט נאָך דעם פּאָגראָם האָט די פּוילישע מאַכט אַראָפּגעטראָגן די יידישע קראָמען און הייזער. אַנשטאָט דעם האָט מען אויסגעמויערט צוויי רייען קראָמען אין מיטן מאַרק־פּלאַץ און פאַרטיילט זיי צווישן די יידישע קרעמער.

צוויי מאָל אין דער וואָך זענען געווען מערק־טעג. פויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן געבראַכט צו פאַרקויפן פאַרשידענע דאָרפישע פּראָדוקטן און בעלי חיים ווי: תבואות, אייער, פּוטער, עופות, קי, פערד, קעלבער, שעפסן, פלאַקס, זוימען, האָלץ, שטרוי, היי, עפּל, באַרן און אַנדערע פּראָדוקטן. אַלע באַדערפענישן אין וואָס פויערים האָבן זיך געניטיקט, פלעגן זיי איינקויפן ביי די שטעטלדיקע קרעמער.

עס זענען אין שטעטל געווען צוויי בתי מדרשים, אַן אַלטער און אַ נייער. דער אָרון קודש און דער באַלעמער אין נייעם בית מדרש איז געווען אַ קונסט־ווערק פון אַמאָליקע צייטן. געווען אויך אין שטעטל אַ תרבות־שול, אַ כאַוושעכנע שול, אין וועלכער אַ באַדייטנדע צאָל יידישע קינדער האָבן געלערנט. כדי צו לערנען אין אַ מיטלשול, זענען די יידישע קינדער געווען געצוווּנגען צו פאָרן אין ווילנע, 70 קילאָמעטער פון אָלשאַן. עס איז געווען אַ מלוכהשע גימנאַזיע אין דער קרייזשטאָט, אין אַשמענע, 20 קילאָמעטער פון אָלשאַן, אָבער די יידישע קינדער האָט מען דאָרט נישט גערן אָנגענומען, איבערהויפּט אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלטקריג.

ביים ראַנד פון שטעטל, אין די וועלדלעך און לאָנקעס פלעגן אָלשאַנער יידן, טייל מיט ווייב און קינדער, יעדן שבת נאָכמיטאָג אָדער בין מנחה למעריב, שפּאַ־צירן און הנאה האָבן פון דער שיינער ליכטיקער וועלט און פון דער מאָלערישער לאַנדשאַפט מיט וועלכער דאָס שטעטל איז געווען אַרומגערינגלט. די שמעקעדיקע לופט פלעגט ווערן אָנגעפולט מיט די דינע קינדערשע קולעכלעך, מיט פלאַפּלערייען און קינדישן געלעכטער.

די יוגנט, בחורים און מיידלעך, פלעגן זיך פאַרקלייבן טיפער אין די וועלדלעך און לאָנקעס און אין פאַרשידענע ווינקלען אַרום טייך. קאָמפּאַניעסווייז און פּאָרלעך. פון פאַרשידענע ווינקלען פון וואַלד האָבן געקלונגען געזאַנגען פון יידישע און רוסי־שע לידער, הילכיק געלעכטער און פרייד.

היינט איז אָלשאַן „יודענריין". די יידישע הייזער זענען גאַנץ און אין זיי וווינען קריסטן. עס איז קיין זכר נישט געבליבן פון אונדזער עבר. די צוויי בתי מדרשים און להבדיל די באָד, וואָס האָט געהערט צו די יידן, האָט דער וואָיט פון דער גמינע, אַ פּאָלקס־דייטש, בלאַנק, פאַרקויפט אויף האָלץ. די קריסטן האָבן דעם בית־עלמין צע־שטערט. דיביימער אויסגעשניטן. די בעסערע מצבות האָבן די אָלשאַנער „קאָ־מענשטשיקעס (מויערער) צוגענומען, איבערגעשלייפט און פאַרקויפט, און די בי־ליקערע — אויסגעלייגט אַלס טראָטואַרן און פונדאַמענטן פון געביידעס. און דאָרט ווו עס האָבן גערוט פאַרגאַנגענע דורות אין זייער אייביקן שלאָף, — פּאַשען זיך היינט בהמות און פערד.

די לעצטע משפחה איז אַרויסגעפאָרן פון אָלשאַן אין 1958. די הונדערט נפשות, וואָס זענען על פּי נס לעבן געבליבן, געפינען זיך מיינסטן אין ישראל און אין אַמע־ריקע.

## דאָס שכנותדיקע צוזאַמענלעבן פון יידן און קריסטן

דאָס יידישע אָלשאַן איז באַשטאַנען פון יידן האַנטווערקער: ערדאַרבעטער, קאָוואַליעס, סטאָליאַרעס, שוסטערס, שניידערס און אַ געוויסע צאָל הענדלער און קרעמער. די יידן האָבן זיך גוט צוזאַמענגעלעבט מיט די אָרטיקע פּוילישע און ווייסרוסישע פּויערים. הונדערטער קריסטלעכע אַרבעטער, מענער און פרויען, זענען געווען באַשעפטיקט ביי טשעפּען, בינדן און פּרעסן פלאַקס פון אָלשאַנער סוחרים. די באַציאונגען צווישן די דאָזיקע קריסטלעכע אַרבעטער און די יידישע סוחרים איז געווען תמיד אַ האַרציקע. קיין שום קאָנפליקטן זענען נישט געווען.

די קריסטלעכע איינוווינער פון אָלשאַן האָבן זיך באַצויגן מיט דרך־ארץ צו זייערע יידישע מיטבירגער. און דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס יידן אין אָלשאַן האָבן געקאָנט ווי געהעריק רעאַגירן אויף אַ באַליידיקונג מצד די פּאָליאַקן אָדער ווייסרוסן, אָדער אויף אַ פּרווו צו אָרגאַניזירן אַנטי־יידישע איבערפאַלן אין שטעטל.

נאָך אין די צאַרישע צייטן זענען געווען פאַלן, ווען די דרייסטע און מוטיקע אָלשאַנער יידישע יוגנטלעכע האָבן אָפּגעשלאָגן אַן אָנגריף מצד די אַנטיסעמי־טישע כוליגאַנעס און צוגענומען ביי זיי דעם חשק אויף ווייטערדיקע פּרווון אַרויסצורופן אַנטי־יידישע עקסצעסן. עס איז ווערט צו דערמאָנען דעם קאַמף, וואָס האָט זיך געפירט אין אָלשאַן אין אַ יריד־טאָג פון ערב פסח 1906, בעת צאַרישע אגענטן האָבן אָרגאַניזירט אַ פּאָגראָם קעגן די דאָרטיקע יידן.

די יידישע יוגנטלעכע האָבן העלדיש אָפּגעשלאָגן דעם אָנגריף און די פּוליגאַנעס האָבן באַקומען קלעפּ. דער פּאָגראָם איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַלס ענטפער אויף אַ דעמאָנסטראַציע פון דער יידישער יוגנט קעגן דער צאַרישער מאַכט. די דעמאָנסטרירנדיקע האָבן דעמאָלט געצווונגען דעם אוריאַדניק אַרויס־צוגעבן זיין רייטפערד אויף וועלכן מען האָט געריטן בראש פון דער דעמאָנ־סטראַציע מיט א רויטער פאָן אין האַנט.

משה באראן

## יידישע ארבעטער־באוועגונג

די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע, וואָס איז אַדורך איבערן צאַרישן רוסלאַנד אין די יאָרן 1904—1905, האָט אויך נישט אויסגעמיטן אָלשאַן. דאָס שטעטל, וואָס איז דעמאָלט געווען מאַטעריעל פאַרבונדן מיט ווילנע, האָט אויך געצויגן פון דאָרט די גייסטיק־רעוואָלוציאָנערע יניקה. אין זיינע זכרונות האָט יעקב קאַפּלאַן געשילדערט דעם רעוואָלוציאָנערן אויפברויז, וואָס האָט פאַרכאַפּט די אָלשאַנער יידישע יוגנט. די ווייטער געבראַכטע באַשרייבונגען דערציילן וועגן די מענטשן, וואָס האָבן געשאַפן און אָנגעפירט מיט די אָרגאַניזאַציעס פון בונד און ס.ס.

### די גרינדער פון „בונד" און ס. ס.

אין די יאָרן 1904—1905 האָט אונדזער שטעטל געהאַט צוויי פּאַרטייען: בונד און ס.ס.. ביידע אָרגאַניזאַציעס זענען געשאַפן געוואָרן דורך אַגיטאַטאָרן, וואָס זענען געקומען פון ווילנע. זיי האָבן גרופּירט אַרום זיך די יוגנטלעכע אַרבעטער: שניידערס שוסטערס און נייטאָרינס. דאָס רוב פון זיי האָט געהערט צום בונד.

צו דער ס.ס.־פּאַרטיי האָבן געהערט געוועזענע ישיבה־בחורים, וואָס זענען אַוועק פון לערנען און זיך גענומען צו וועלטלעכער יידישער און רוסישער ליטע־ראַטור. פון די חברים געדענק איך די נעמען: חיים לייב — דער זון פון יצחק דעם שניידער, פסח חיימס — אַ זון פון אַ קצב, יאַנקל — אַ שניידער,ביילע — אַ טאָכטער פון אַ מלמד. אויך איך בין געווען טעטיק אין דער ס.ס.־פּאַרטיי, וועמענס אָנפירער עס איז דעמאָלט געווען דער לערער דאָלינסקי.

די חברים פון דער ס.ס.־פּאַרטיי האָבן געגרינדעט אין אָלשאַן אַ „לינת

הצדק״, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט געבן הילף פאַר אָרעמע קראַנקע. עס איז אויך דורך אונדז געשאַפן געוואָרן אַ ליי־ און שפּאָר־קאַסע, וואָס האָט באַקומען געלט־אונטערשטיצונגען פון ייק״א (יידישע קאָלאָניסטן־אָרגאַניזאַציע). די קאַסע האָט, מיט הלוואות אויף נידעריקע פּראָצענטער, געהאָלפן די קרעמער און סוחרים צו פירן זייערע עסקים. בראש פון דער קאַסע איז שפּעטער געשטאַנען הרב פּאָלאַנסקי.

*

בעת דער פּאָגראָם־כוואַליע אין יענער צייט אין רוסלאַנד, איז אין שטעטל געווען פאַרהעלטנישמעסיק רואיק. עס זענען פאָרגעקומען נאָר איינצלנע אָנפאַלן אויף יידן. כוליגאַנעס האָבן אויך געוואָרפן שטיינער אין יידישע פענצטער. עס קאָן זיין, אַז מיר האָבן דערפאַר אויסגעמיטן אַ פּאָגראָם, ווייל די קריסט־לעכע באַפעלקערונג האָט געוווסט, אַז מיר האָבן געווען אין באַהעלטענישן.

*

בראש פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז אין יענער צייט געשטאַנען דער לערער, חבר סאַמסאָן, וואָס איז פון ווילנער בונד געשיקט געוואָרן אויף פּאַרטיי־אַרבעט קיין אָלשאַן. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אין שטאָט און אין גאַנצן ראַיאָן. אין איינעם אַ טאָג האָט ער זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין האַרץ. דעם סוד פון זיין זעלבסטמאָרד האָט ער מיטגענומען מיט זיך אין קבר.

זיין לוויה האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער דעמאָנסטראַציע. עס זענען געקומען חברים פון די אַרומיקע שטעטלעך. מיט רעוואָלוציאָנערע לידער האָט מען אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו.

## די דיסקוסיע צווישן „בונד״ און ס. ס.

אין די יאָרן 1902—1903 איז אין אָלשאַן זיך שטאַרק פונאַנדערגעוואַקסן די אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס האָט זיך גערופן מיט די ראשי תיבות — ס.ס., וואָס האָט באַדייט: סיאָניסטן סאָציאַ־ליסטן (גענומען פון רוסישן „סיאָניסטי״) די ס.ס.־אָרגאַניזאַציע איז געווען שטאַרק אַקטיוו. עס פלעגן פאָרקומען פאָרלעזונגען און דיסקוסיעס מיט פאַר־שטייער פון בונד.

מיר זענען געבליבן אין זכרון אָט די דיסקוסיעס. הגם זיי זענען שוין היינט נישט אַקטועל, איז דאָך כדאי זיי צו דערמאָנען, כדי צו באַקומען אַ באַגריף וועגן די געדאַנקען און אידייען, וועלכע האָבן געווירקט אויף דער יידישער יוגנט אין אָלשאַן אין יענער צייט און וואָס פון זיי איז געוואָרן. די אַגיטאַטאָרן פון בונד האָבן געהאַלטן, אַז רוסלאַנד איז די היים פון די דאָרטיקע יידן און זיי

דאַרפן נישט זוכן קיין נייע טעריטאָריעס, ווו זיך צו באַזעצן. ווי נאָר די רעוואָלוציע וועט זיגן און רוסלאַנד וועט ווערן פריי, וועט אויך פאַרענטפערט ווערן די יידן־פראַגע. יידן וועלן ווערן גלייכבארעכטיקט. דורך דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע וועט אויך פארזיכערט ווערן די אנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור. — אַזוי האָבן געטענהט די בונדיסטן.

די פאָרשטייער פון ס. ס. האָבן אָפּגעוואָרפן די טענות און אַרגומענטירט, אַז קיין שום רעוואָלוציע קען נישט פולשטענדיק לייזן די יידן־פראַגע, ווי לאַנג יידן האָבן נישט קיין אייגענעם טעריטאָריאַלן צענטער, ווו זיי זאָלן זיך קאָנען פריי אַנטוויקלען סיי עקאָנאָמיש און סיי נאַציאָנאַל. א־אַ צענטער מוז נישט דווקא זיין אין פּאַלעסטינע, נאָר קאָן געשאַפן ווערן אין יעדער קאָלאָניע, וואָס איז נאָך נישט געדיכט באַפעלקערט. אָבער ווי לאַנג יידן זענען אין רוסלאַנד דאַרפן זיי קעמפן צוזאַמען מיט נישט יידישע סאָציאַליסטן פאַר אַ פרייער דעמאָקראַטישער מדינה, וואָס וועט העלפן יידן צו באַקומען ערגעץ־ווו אַ טעריטאָריע.

איינע פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אָלשאַנער ס.ס. פּאַרטיי איז געווען חיים לייב. זיין פאָטער, יצחק, איז געווען אַ שניידער. ער האָט זיין זון געגעבן אַ פרום רעליגיעזע דערציונג. חיים לייב האָט געקענט גוט לערנען. אין פעריאָד פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע (1905) איז ער אַוועק פון בית המדרש און געוואָרן אַ חבר פון דער ס. ס. פּאַרטיי. ער איז געווען אַן אַגיטאַטאָר און אַ גוטער רעדנער.

ווען דער אָלשאַנער בונד האָט אין יענער צייט אַראָפּגעבראכט פון ווילנע דעם לערער סאַמסאָן, האָבן מיר פאַרלאַנגט פון אונדזער ס.ס.־אָרגאַניזאַציע, אַז זי זאָל אויך צושיקן אַן אַגיטאַטאָר, אַ לערער. אונדזערע אַ חברטע מיטן פאַמיליענאָמען צערנע האָט אין יענער צייט געלערנט אין ווילנע. זי האָט דערליידיקט די שליחות צום ווילנער צ. ק. פון ס.ס., וועלכער האָט געשיקט אין שטעטל דעם חבר דאָלינסקי. דאָלינסקי האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער יוגנט, וועלכע האָט פון אים פיל געלערנט.

שעפּסל קאַפּלאַן

# אין די יאָרן פון ערשטער וועלט־מלחמה

## דער פראָנט ביי אָלשאַן, קאָזאַקן צערויבן יידישע קראָמען

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אין אָלשאַן זיך געלאָזט פילן בלויז מיטן נעמען אין מיליטער די יידישע און קריסטלעכע רעזערוויסטן. פון 1914 ביז 1915 האָט די באַפעלקערונג ווייניק וואָס אָפּגעפילט די מלחמה. ערשט ווען די שלאַכטן האָבן זיך דערנענטערט צום שטעטל און אַן אָפּטיילונג קאָזאַקן זענען אַריין אין אָלשאַן, האָבן די יידן דערפילט וואָס אַזוינס קריג באַטייט.

אין שטעטל זענען פאַרשפּרייט געוואָרן האַרטנעקיקע קלאַנגען, אַז די צאַרישע אַרמיי וועט אויפנעמען אַ דעצידירנדיקע שלאַכט קעגן די דייטשן ביי די גרענעצן פון שטעטל. די ציווילע באַפעלקערונג וועט מען מיט געוואַלד עוואַקואירן אין רוסלאַנד. די קלאַנגען האָבן גורם געווען, אַז יידן האָבן פאַרפּאַקט זייערע שטוב־זאַכן אויף וועגענער און געקליבן זיך אַרויסצופאָרן פון שטעטל צו באַקאַנטע קריסטן אין די נאָנטע דערפער, כדי דאָרט איבערצוואַרטן דעם אָנגריף פון די דייטשן אויף אָלשאַן. אַ טייל פאַרמעגלעכע יידן זענען אַוועקגעפאָרן אין מינסק נאָך אײדער די קאָזאַקן האָבן זיך באַוויזן אין שטעטל.

דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט. עס האָבן זיך געהערט אָפּטע האַרמאַטן־שאָסן. די באָמבעס זענען געפאַלן אין דער סביבה פון אָלשאַן. די קאָזאַקן האָבן גענומען ראַבירן די יידישע הייזער און קראָמען. 32 קראָמען און אייניקע יידישע הייזער זענען אין איין טאָג צעראַבירט געוואָרן. מיטן אָנקומען פון אָוונט זענען די האַרמאַטן־סאַלוועס געוואָרן געדיכטער און אָפטער. אַלע יידן האָבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

אַ טייל זענען אַוועקגעפאָרן צו באַקאַנטע קריסטן אין דאָרף. די מערהייט יידן זענען מיט זייערע פורן און געפּעק אַריינגעפאָרן אין הויף, צווישן די דיקע ווענט פון היסטאָרישן שלאָס אויפן ראַנד פון שטעטל. ווען די דייטשע האַרמאַטן האָבן אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע קאַנאָנאַדע האָבן די יידן איבערגעלאָזן זייערע פורן און אַליין באַהאַלטן זיך אין די טיפע קעלערן אונטערן שלאָס.

די קאַנאָנאַדע האָט ווייטער אָנגעהאַלטן. אין שטעטל האָבן אויסגעבראָכן שׂרפות. נישט געקוקט אויפן האַרמאַטן־פייער זענען יידן צוריקגעלאָפן קיין אָלשאַן און צוזאַמען מיט די קריסטן געלאָשן די ברענענדיקע הייזער, וואָס די קאָזאַקן האָבן אונטערגעצונדן אײדער זיי האָבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל. פאַרטאָג איז די קאַנאָנאַדע שטיל געוואָרן. די דייטשע מיליטער־קאָלאָנעס זענען אַריין אין אָלשאַן און אָן שטערונג אַוועק ווייטער. די יידן האָבן זיך צוריקגעקערט אין זייערע צעראַבירטע הייזער.

דער רוסיש־דייטשער פראָנט האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם טייך בערעזינע, בערך 20 קילאָמעטער פון אָלשאַן. דריי יאָר צייט זענען די דייטשן געשטאַנען ביי דער בערעזינע. אָלשאַן האָט זיך געפונען אין דער פראָנט־זאָנע. די יידן און קריסטן זענען פאַרבליבן אין זייערע הייזער. די באַוועגונג אויסער דעם שטעטל איז פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג געווען פאַרבאָטן און באַגרענעצט אין אָלשאַן: פון 8 אָוונט ביז 6 פאַרטאָג האָט קיינער נישט געטאָרט אַרויסגיין פון שטוב. די פויערים פון דאָרף איז געווען פאַרבאָטן צו ברענגען פּראָדוקטן אין שטעטל. עס האָט זיך גענומען פילן אַ הונגער, איבערהויפּט ביי דער אָרעמער באַפעלקערונג.

די באַציִונג פון די דעמאָלטיקע דייטשן צו די יידן איז געווען אַ קאָרעקטע. אַ געוויסע צייט האָבן די דייטשן פאַרקויפט קאָרן אויף ברויט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. זיי האָבן אָבער געמאַכט אַ רשימה פון יעדנס פאַרמעגן. מען האָט געמוזט פאַרשרייבן יעדע קו, און יעדער איינער האָט געמוזט אַריינטראָגן אין די דייטשע אַמטן מילך און אייער וויפל זיי האָבן באַשטימט.

אין 1917 האָט אויפגעהערט דאָס פאַרטיילן פון קאָרן און דער הונגער אין שטעטל האָט זיך גענומען פילן אין יעדער שטוב. די יוגנט האָבן די דייטשן אַוועקגעשיקט אין אַרבעטס־באַטאַליאָנען צו וואַלד־אַרבעט, גראָבן אָקאָפּעס, בויען בריקן אד״גל. די בעסטע וועלדער אַרום אָלשאַן זענען אויסגעהאַקט געוואָרן און דאָס געהילץ האָבן זיי אָפּגעשיקט אין דייטשלאַנד.

אין משך פון די דריי יאָר דייטשע אָקופּאַציע האָבן די קינדער אין שול־עלטער נישט געלערנט. נאָך דער אַבדיקאַציע פון קייזער ווילהעלם האָבן די דייטשן קוים מיטן לעבן באַוויזן צו אַנטלויפן פון אָלשאַן.

פאַר די אָלשאַנער יידן האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָכע מיט נייע צרות.

## קולטור־טעטיקייט אין פעריאָד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

אין יאָר 1916, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט וועלט־מלחמה, ווען דאָס שטעטל איז געווען אונטער דער אָקופּאַציע פון די דייטשן, איז ווידער געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז ביי נייע באַדינגונגען.

די אָלשאַנער יידישע יוגנטלעכע, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן אויסצו־מיידן די דייטשע צוואַנגס־אַרבעט און זענען געבליבן אין שטעטל, אויסגעהונ־גערטע צוליב דער קאַרגער באַשפּייזונג, וואָס די דייטשן פלעגן אויסטיילן, אָפּגע־שניטענע פון ווילנער קולטור־צענטער, דאָרשטיקע נאָך אַ צייטונג, אַ בוך, נאָך אַ יידיש וואָרט, נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן מיט די לאַנגע ווינטער־נעכט, — האָבן די יונגע בחורים און מיידלעך באַשלאָסן צו שאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז.

אַ גרופּע יוגנטלעכע מיט שעפּסל אַבראַמאָוויטש בראש (אומגעקומען אין עס־

טאָניע), האָט נאָך נאָך אַ באַראַטונג באַשלאָסן צו בעטן ביי דער דייטשער אָרטס־קאָמענדאַנטור אין אַלשאַן אַ דערלויבעניש צו שפּילן טעאַטער. דער ענטפער אויף דער בקשה איז געקומען שנעלער ווי מיר אַליין האָבן זיך גערעכנט. מיר האָבן באַקומען די דערלויבעניש צו שפּילן יידיש־טעאַטער. אונטער דער לייטונג פון שעפּסל אַבראַמאָוויטש איז געגרינדעט געוואָרן דער דראַמאַטישער קרייז, וואָס האָט גענומען גרייטן די אויפפירונג פון גאָלדפאַדענס „שולמית". רעזשיסירט פון אַ זינגערביים אַלשאַנער חזן יצחק גרשון, ביי וועמען דער בחור האָט זיך געלערנט שחיטה און געגרייט זיך צו ווערן אַ זעלבשטענדיקער חזן. צופעליק האָט ער געהאַט ביי זיך די נאָטן פון דער אָפּערעטע „שולמית".

אין דראַמאַטישן קרייז איז אַריינגעצויגן געוואָרן אַ באַדייטנדער טייל פון דער יוגנט. אַלע מיטגלידער האָבן באַקומען פון דער דייטשער מאַכט אינדיווי־דועלע פּאַסירשיינען צו גיין ביינאַכט צו די רעפּעטיציעס און צוריק אַהיים, כדי נישט אַרעסטירט צו ווערן דורך די צענדליקער דייטשע פּאָסטנס, וואָס האָבן פּאַטרולירט איבער די גאַסן. זיי פלעגן אַרעסטירן יעדן איינעם נישט בלויז פאַר באַווייזן זיך אין גאַס, נאָר אַפילו פאַר עפענען אַ שפּאַרונע פון אַ טיר אָדער פענצטער, פלעגט מען שוין זיצן אין „קאָזע" ביז פאַרטאָג.

אויף דער בקשה פון דראַמ. קרייז האָט די דייטשע אָרטס־קאָמענדאַנטור צוגעטיילט צוויי פּראָפעסיאָנעלע מוזיקער: אַ פּוס־האַרמאָניסט און אַ פידלער, וואָס פלעגן באַגלייטן די האַרציקע לידער פון שולמית. חוץ דעם האָבן זיי גע־שפּילט טאַנץ מוזיק ביז שפּעט ביינאַכט, געניסנדיק פון גוטן צובייס און אונ־טערהאַלטונג.

די ראָלן אין „שולמית" האָבן אויסגעפירט:

שעפּסל אַבראַמאָוויטש, הערצל כץ, ראשקע קוצעוויצקי, שעפּסל קאַפּלאַן, אסתר לעווין, ב. הירש גורוויטש, לאה ריינע אַבראַמאָוויטש, קיווע קאַפּלאַן, יצחק קאַפּלאַן, הערשל קוצעוויצקי, נתן קוצעוויצקי, בליומע טשערניאַווסקי, שיינע בלומע גורעוויטש און אידע אַבראַמאָוויץ.

די רעפּעטיציעס האָבן זיך געצויגן אַ לאַנגע צייט, ביז עמעץ האָט „אויפ־מערקזאַם געמאַכט" דער אָרטס־קאָמענדאַנטור, אַז עס דויערט עפּעס דאָרט צו לאַנג. ערשט דעמאָלט האָבן מיר באַשלאָסן אָנהייבן צו שפּילן.

צו דער גענעראַל־רעפּעטיציע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין גרויסן זאַל פון מאַטל קאָזלאָווסקי, זענען געקומען דייטשע אָפיצירן. צופרידן פון אונדזער שפּילן האָט די אָרטס־קאָמענדאַנטור צוגעזאָגט אויפצובויען אַ הילצערנע שאָפּע, אויסשטאַטן די שאָפּע מיט געהעריקע טעאַטער־איינריכטונגען, וואָס וועט דינען אויף אַ שטענדיקן זאַל פאַר פאָרשטעלונגען.

די דייטשן האָבן אָבער שוין נישט באַוויזן אויסצובויען די שאָפּע. דער פאַרהעלטניסמעסיק שטילער פראָנט־אָפּשניט האָט אין 1918 אָנגעהויבן שטור־

מישער ווערן. עס האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע קעגן ווילהעלם אין דייטש־לאַנד גופא און אין גיכן איז געקומען דאָס בהלהדיקע אַנטלויפן פון די דייטשן.

## דאָס אַנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פוילן און די רציחות פון די „האַלערטשיקעס״

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז אָלשאַן און די אומגעגנט פאַרנומען געוואָרן פון די פּאָליאַקן. צו רעפּרעזענטירן די פּוילישע מאַכט אין אָלשאַן איז געקומען אַן אָפּטיילונג זעלנער פון גענעראַל האַלערס אַרמיי. די האַלערטשיקעס״ האָבן זיך גענומען איינשטעלן אָרדענונג. אָנגעהויבן האָבן זיי פון שמייסן די אָלשאַנער יידן. עס איז געווען גענוג, אַז אַ וועלכע נישט איז גויע, מיט אַ צווייפלהאַפטער פאַרשייטער אויפפירונג זאָל אָנווייזן אויף אַ ייד, אַז ער האָט איר נישט נוהג כבוד געווען, פלעגן די האַלערטשיקעס אָוועק־שלעפּן דעם ייד אויפן מאַרק־פּלאַץ און בפני כל עם ועדה מכבד זיין מיט 25 שמיץ.

עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה צווישן די פּאָליאַקן און ראַטנפאַרבאַנד. אין משך פון אַ קורצער צייט איז דאָס שטעטל איבערגעגאַנגען אייניקע מאָל פון די פּאָליאַקן צו די רוסן און פאַרקערט.

אין 1920, נאָך דעם ווי די באָלשעוויקעס האָבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל, האָבן די פּאָליאַקן אָנגעהויבן איינשטעלן די ציווילע מאַכט אין אָלשאַן. זיי האָבן אָנגע־הויבן מיט אַ שוידערלעכן מאָרד איבער אַ 20 יעריק יידיש מיידל, אסתר לעווין. צוליב דעם וואָס זי איז געווען טעטיק אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, האָבן די אָלשאַנער פּוילישע רוצחים: באבראַניצקי, אַדאַמאָוויטש און דער שוסטער סמאלסקי פאַרנאַרט דאָס מיידל אויפן פּוילישן צמענטאַזש, זי פאַרגוואַלדיקט און דאַן אכזריותדיק דערמאָרדעט און דעם קערפּער צעשניטן גלידערווייז.

עס איז פאַרפירט געוואָרן אַ פּראָצעס. פאַר די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען איז דער שוסטער אַנטלאָפן פון שטעטל. די אַנדערע דריי האָבן אַרויפגעוואָרפן די שולד אויף סמאָלסקין און אַלע זענען באַפרייט געוואָרן. יאָרן לאַנג האָבן די אָלשאַנער יידן נישט געקענט זיך באַרואיקן פון דעם שוידערלעכן מאָרד איבער דער אומשולדיקער אסתר לעווין, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן ביים ווידער־געבורט פון פוילן.

*

ביסלעכווייז האָט זיך נאָרמאַליזירט דאָס לעבן אין שטעטל. יידן האָבן אָנגע־הויבן איינצוואָרדענען דאָס עקאָנאָמישע, געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן. ס׳האָט זיך געגרינדעט אַ פאָלקס־באַנק, אַ גמילת חסד קאַסע, אַ תרבות־שול, אַ דראַמ.־קרייז. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע ביבליאָטעק פון יידישע, הע־

ברעישע און רוסישע ביכער. עס האָבן זיך געבילדעט יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ציוניסטישע און אויך קאָמוניסטישע.

## טעטיקייט פון קולטור־ און בילדונגס־פאַראיין

נאָך אין די צאַרישע צייטן האָט אָלשאַן פאַרמאָגט אַ דראַמאַטישן קרייז, וואָס האָט געשפּילט טעאַטער אויף היסטאָרישע טעמעס, ווי: „בר כוכבא", „מכירת יוסף" און פאַרשידענע פורים־שפּילן. די הכנסה פלעגט גיין פאַר די געזעלשאַפט־לעכע אינסטיטוציעס און פאַר נויטבאַדערפטיקע. אַלס זכר פון יענע פאַרשטע־לונגען זענען די דעמאָלטיקע אַרטיסטן פאַרבליבן מיט צונעמענישן פון זייערע פאַרקערפּערטע ראָלן. אַזוי איז גרשון אַבראַמאָוויטש פאַר שפּילן פרעה, מלך מצרים פאַרבליבן מיטן צונאָמען „פרעה", בערל — „דער קיסר", הערשל — „דער טערק", חיים — „דער פּאַסקאָץ" און אַנדערע צונעמענישן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך געגרינדעט אַן אומפּאַרטייאישער קולטור־און בילדונגס־פאַראיין. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג, וועלכע איז מיט קליינע איבעררייסן טעטיק געווען ביזן אויסברוך פון דער צווייי־טער וועלט־מלחמה אין 1939.

אין פאַרוואַלטונג פון קולטור־און בילדונגס־פאַראיין זענען אַריין: הערצל כץ, ב. הירש הורוויץ, משה יאַלק, שעפּסל קאַפּלאַן, ישעיהו פּאַטאַשניק, בלומע צערניאַווסקי און שיינע בלומע גורוויץ. עס זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן די מער וואַרטפולע ביכער פון דער פאַרמלחמהדיקער ביבליאָטעק און דער פאַראיין האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט. אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר האָט די ביבליאָטעק איינגעקויפט טויזנטער וואַרטפולע יידישע, העברעאישע און רוסישע ביכער פון די בעסטע שרייבער. יעדעס ניי אַרויסגעגעבענע בוך איז תיכף איינגעקויפט גע־וואָרן. מיט דער צייט האָט די אָלשאַנער ביבליאָטעק געדינט פאַר אַ מוסטער פאַר אַלע שכנותדיקע שטעטלעך און געקאָנט זיך פאַרגלייכן מיט די בעסטע ביבליאָ־טעקן פון אַ גרויסער שטאָט. ביים קולטור־פאַראיין איז געשאַפן געוואָרן אַ דראַ־מאַטישער קרייז פון פאָלגנדיקע מיטגלידער: ברוך הערש גורוויטש, משה יאַלק, הערצל כץ, שעפּסל קאַפּלאַן, לייבל פּאַטאַשניק, הירש פּאַטאַשניק, יצחק קאַפּלאַן, קיווע קאַפּלאַן, לאה ריינע אַבראַמאָוויטש, שיינע בלומע גורוויץ, אידע אַבראַ־מאָוויטש, בלומע צערניאַווסקי, יהודית קאָזלאָווסקי, ציפּע קאָזלאָווסקי, בריינע גערשענאָוויטש, נח סאָלאַדוכע. רעזשיסער איז געווען: פּייוושאַק, אַ לאָדזשער פּראָפעסיאָנעלער, באַגאַבטער אַרטיסט און זינגער. חתונה געהאַט פאַר אַן אָל־שאַנער מיידל און פאַרענדיקט זיין לעבן אין אַ משוגעים־הויז אין ווילנע.

געשפּילט האָט מען מיט גרויס דערפאָלג ביי איבערגעפולטע זאַלן אַ פאַר־שידנאַרטיקן רעפּערטואַר: דראַמעס און קאָמעדיעס פון שלום עליכם, גאָרדין,

פּרץ, הירשביין, פּינסקי און אַפּערעטקעס פון גאָלדפאַדען און אַנדערע. באַזוכט די פאָרשטעלונגען האָבן יונג און אַלט, געקומענע פון שכנותדיקע שטעטלעך און אויך אינטעליגענטע פּאָליאַקן און רוסן.

די ערשטע פאָרשטעלונגען זענען געשפּילט געוואָרן אין אַ גרויסער היל־צערנער שאָפּע, וועלכע דער האָלץ־סוחר אליעזר קאַפּלאַן האָט איבערגעגעבן אין רשות פון דראַמ.־קרייז. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט דער רוסישער גוטבאַזיצער פון אָלשאַן, יאַגמין, איבערגעגעבן אַ געמויערטן בנין אין צענטער פון שטאָט, ווו עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ סצענע מיט אַ זאַל אויף הונדערטער פּלעצער. ווען בעת אַ שריפה אין 1935, איז פאַרברענט געוואָרן אַ דריטל פון אָלשא־נער הייזער, איז אויך דער טעאַטער־בנין פאַרברענט געוואָרן. דאַן האָט דער קאַטוי־לישער גלח אונדז אָפּגעגעבן אַ גרויסן זאל אין דעם קלויסטער פאַר מאָנאַשקעס, אין שכנות מיטן קאַטוילישן קאָשטשאָל. אין דעם זאַל האָבן מיר צום דריטן מאָל איינגעאָרדנט אַ טעאַטער, מיט וועלכן עס האָבן זיך באַנוצט אויך פאַרשידענע טעאַטער־אַנסאַמבלען, וואָס זענען געקומען אין שטעטל.

דער זאַל פון דעם קלויסטער איז אונדז געגעבן געוואָרן דערפאַר, ווייל ווען מיר האָבן געהאַט דעם טעאַטער־זאַל, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן, האָבן מיר קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט אין דער בקשה צו באַנוצן אים מיטן רעקוויזיט און גרים פאַר פאָרשטעלונגען פון דער פּוילישער שול און יוגנט.

אַרום דעם „קולטור־ און בילדונגס־פאַראיין" האָט זיך גרופּירט די גאַנצע יוגנט פון שטעטל. עס פלעגן פאָרקומען רעפעראַטן, דיסקוסיעס אויף פאַרשידענע טעמעס. אָפטמאָל האָט מען איינגעאָרדנט פאַרווייַלונגען אונטערן פרייען הימל, ביי דער באַטייליקונג פון אָרקעסטער פונעם קולטור־פאַראיין. באַזונדערס האָט מען פאַרבראַכט אין די אַרומיקע וועלדלעך און אויף די לאָנקעס, מיט וועלכע די נאַטור האָט מיט אַ ברייטער האַנט געבענטשט אָלשאַן. פאַרגעניגן האָט פאַר־שאַפט דער טייך זיגאַנקע, ווו עס האָבן זומער־צייט זיך געבאָדן יידן און קריסטן. עס זענען צווישן זיי אָפט פאָרגעקומען שווים־פאַרמעסטונגען.



פארוואלטונג פון יידישן קולטור־בילדונגס פאראיין, פון רעכטס: ברוך־הירש גורוויטש, שיע פּאָטאשניק, שלום קאפלאן. שטייען: סנדר גורוויטש, שעפסל קאפלאן, א. א. פּאָטאָשניק
הנהלת האגודה היהודית לתרבות ולהשכלה



„ליטעראַרישער משפט"
„משפט ספרותי" על אסתר רוזנגולד גיבורת הספר „הזכרת נשמות" של דוד רישמאן, הקטיגוריה, השופטים, הקוליגיום, הסניגוריה, הנאשמת

אריה גערשענאָוויטש (גרשוני)

# קינדער און יוגנט־יאָרן

מיין מוטער גוטל איז געבוירן געוואָרן אין אָלשאַן, מיין פאָטער — יקותיאל — אין קרעווע. נאָך זייער חתונה האָבן זיי ביידע געוווינט אין קרעווע. דאָרט איז מיין פאָטער געווען סטאַראָסטע און געהאַלטן די פּאָסט פון א ריי שטעטלעך.

ווען איך בין אַלט געוואָרן פינף יאָר, זענען מיינע עלטערן מיט זייער קליינעם זון אַריבער אין אָלשאַן. דאָרט האָב איך געלערנט אין „חדר". פון מיינע מלמדים זענען מיר קיין גוטע זכרונות נישט געבליבן. „אַלף־בית" און עברי האָב איך געלערנט ביים „דזשאָדעסקער מלמד". ער האָט געהאַט אַ לאַנגע באָרד און גע־שלאָגן מיט „לאָקשן" — אַזוי האָט מען גערופן זיין קאַנטשיק, געמאכט פון גע־שניטענע לעדערלעך, טאַקע ווי ברייטע לאָקשן. מיין צווייטער רבי, מיט דעם צו־נאָמען „הערשל דער טערק" איז געווען אַ כעסן און געשלאָגן מיט אַ געפלאָכ־טענעם קאַנטשיק. ער האָט שוין געלערנט מיט מיר תנ"ך.

אין יאָר 1913 איז מיין פאָטער געשטאָרבן. די מאַמע איז מיט מיר אַוועקגע־פאָרן אין שטעטל טראָב. דאָרט האָט מיך די מאַמע ווידער אָפּגעגעבן אין אַ „חדר", ווו איך האָב געלערנט עברית, תנ"ך און גמרא. אַחוץ זיין מלמדות, האָט דער רבי געהאַט נאָך עטלעכע פּרנסות, ווי: געווען גבאי, חזן, מוהל און אויך אַ פּרי־זיער. ער האָט געשוירן די פּויערים, וואָס זענען געקומען אין שטעטל. ער האָט אָפטמאָל געלאָזט זיצן די בחורים ביים טיש לערנען גמרא און אַליין האָט ער אין דער זעלבער שטוב געשוירן אַ קליענט. זיין אויער האָט אָבער אויפגענומען יעדן פעלער, וואָס אַ בחור האָט געמאכט אין לערנען און דער מלמד־פריזיער האָט אים באַלד אויסגעבעסערט.

## די ערשטע וועלט־מלחמה

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט מיך מיט מיין מוטער שוין געטראָפן אין אָל־שאַן. מיר האָבן געהאַנדלט צוזאַמען מיטן זיידן ישראל לאַנד און געפירט קראָמען. בעת דער מלחמה, ווען די רוסן זענען נאָך געווען אין אָלשאַן, האָבן יידן געלעבט נישט שלעכט. נאָך ראש השנה, 1915 האָט די רוסישע מאכט צוזאַמען מיטן מילי־טער זיך גענומען עוואַקויִרן און גרייטן דער באַפעלקערונג צו לויפן קיין רוס־לאַנד. דערווייל האָבן די אָפּטרעטנדע רוסישע זעלנער געריבעט די יידישע קראָמען און פאַרשטענדלעך אויך אונדזערע און נישט איבערגעלאָזט קיין פאָדעם.

נאָך יום כיפּור, ווען די שלאַכטן האָבן זיך אַביסל אָפּגעשטעלט, זענען מיר אַוועק אין שטעטל א קוק טאָן. אַלץ איז געווען צעראַבירט דורך אָרטיקע קריסטן. מיר זענען צוריק אַוועק אין פריצס שלאָס און דאָרט אָפּגעהאַלטן סוכות. די באַמ־

באַרדירונג פון דער געגנט האָט ווייטער אָנגעהאלטן. עס זענען געקומען אין שלאָס פיל יידן און קריסטן, וואָס האָבן זיך באהאלטן אין די קעלערס. יידן האָבן געזאָגט תהלים, קריסטן האָבן אָפּגעריכט תפילות. לסוף האָט זיך די באָמבאַרדי־רונג דערווייטערט. עס זענען געקומען דייטשע מיליטער־אָפּטיילונגען און באַפּוילן אַלעמען זיך אומצוקערן אין די אַלטע וווין־ערטער.

מיר זענען צוריקגעקומען אין אָלשאַן. די מהומה איז געווען גרויס: צע־שיידטע משפחות, עלטערן האָבן געזוכט זייערע קינדער, וואָס זענען אַוועק מיט אַנדערע משפחות און געבליבן אויף דער רוסישער זייט. ביסלעכווייז האָט זיך אַלץ באַרואיקט. מ׳האָט זיך גענומען ווי עס איז איינאָרדענען. דאָס לעבן איז געווען שווער. די פּויערים האָבן נישט געקאָנט צופירן קיין שפּייז, ווייל די דייטשן האָבן אַלץ צוגענומען און בדוחק צוגעטיילט שפּייז דער באַפעלקערונג. מיט דעם האָט זיך פאַרנומען אַ דייטשער פּראָוויאַנט־מייסטער, שמידט, וועלכער האָט זיך גוט באַצויגן צו יידן.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען די דייטשן נאָך נישט געווען אַזוי פאַרווילדעט. — האָבן דעמאָלט יידן געהאַנדלט מיט די דייטשן, געשמוגלט פּראָ־דוקטן און געפירט קולטור־אַרבעט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ שול ווו מ׳האָט געלערנט תנ״ך, עברית און אויך יידיש. דייטש איז געווען די אונטערריכט־שפּראַך. אָלשאַן האָט באַקומען אַ יידישן בירגערמייסטער — דאַלינסקי. דייטשן האָבן גע־כאַפּט יידישע יוגנטלעכע און זיי אַוועקגעשיקט אויף אַרבעט. זיי האָבן טאַקע געאַרבעט שווער אין פראָסט און אין קעלט אָבער נישט פאַרפּייניקט געוואָרן, ווי עס איז געווען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אַן ענדערונג אין אונדזער לעבן אין אָלשאַן, איז פאָרגעקומען נאָך דער רוסישער מערץ־רעוואָלוציע. ווען עס איז איינגעשטעלט וואָפנשטילשטאַנד צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד, האָבן פיל אָלשאַנער זיך דורכגעריסן דורך דער פראָנט־ליניע און אַוועק טיפער אויף יענער זייט. איך בין געבליבן אין אָלשאַן.

סוף 1918, ווען עס איז געוואָרן שלום, האָט זיך ביי אונדז ערשט אָנגעהויבן די אמתע מלחמה. די דייטשן זענען אַוועק, זענען געקומען פּוילישע לעגיאָנען. עס איז געווען אַ כאַאָס. עס האָט זיך געביטן די מאַכט. נאָך די לעגיאָנערן זענען גע־קומען די באָלשעוויקעס און דאַן ווידער פּאָלאַקן און יידן זענען געוואָרן די קר־בנות. די פּוילישע זעלבשוץ האָט געמאַכט אַ לינטש־געריכט איבער אַ יידיש מיידל, אַ קאָמוניסטישע טוערין. זי איז געוואָרן בעסטיאַליש דערמאָרדעט. אַ שרעק איז באַפאַלן דער יידישער באַפעלקערונג.

## די פּוילישע מאַכט און דער פּאָגראָם אין יאָר 1922

עס האָבן זיך געענדיקט די מהומות אין אָלשאַן און אומגעגנט. די פּוילישע מאַכט האָט זיך פאַרפעסטיקט. יידן האָבן גענומען האַנדלען, צוריק איינאָרדענען

דאָס לעבן, אָבער די רואיקייט האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. עס איז געקומען די פּויליש־סאָוויעטישע מלחמה. די רויטע אַרמיי האָט אַ קורצע צייט געהאַלטן אָל־שאַן, קאָנפיסקירט תבואות. אין אָקטאָבער 1920 זענען צוריקגעקומען די פּאָלאַקן און האָבן ווידער פאַרפעסטיקט זייער מאַכט. ווידער האָבן אָלשאַנער יידן גענומען זיך איינאָרדענען דאָס לעבן. עס האָבן זיך געעפנט די קראָמען און דאָ איז געקומען אַ נייע צרה.

דעם אָלשאַנער קאַטוילישן גלח איז נישט געפעלן, וואָס די יידישע קראָמען אין מאַרק זענען נאָענט צום קאָשטשאָל. האָט דער גלח מיטן אָרטיקן קאָמיסאַר, דער פאַקטישער רעפּרעזענטאַנט פון דער פּוילישער מאַכט, גענומען אונטערהאַנד־לען מיט די יידישע קרעמער, אַז זיי זאָלן אַליין ליקווידירן זייערע קראָמען נעבן קאָשטשאָל. פאַרשטענדלעך, אַז יידן האָבן נישט געפאָלגט די שונאי ישראל. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַנטיסעמיטישע העצע, וואָס האָט געברענגט צו אַ פּאָג־ראָם.

אָנהויב ווינטער 1922, אין אַ זונטיק־טאָג, נאָך אַ תפילה, זענען די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער אַרויס פון קאָשטשאָל צוזאַמען מיטן גלח און ראַיאָן־קאָמיסאַר און זיך גלייך געלאָזט אויף די יידישע קראָמען. עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַקאַנטע פּאָגראָם־סצענעס.

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען עס איז שוין געוואָרן רואיקער איז אַ דעלעגאַ־ציע פון די יידישע פּני אַוועק צום סטאַראָסטע און אָנגעוויזן אויף די אומרועַן קעגן יידן און דעם שאָדן, וואָס עס איז זיי געמאַכט געוואָרן דורך צענעמען די קראָמען און די הייזער. דער סטאַראָסטע האָט געשיקט אַן אויספאָרשונגס־קאָמי־סיע. עס זענען אויסגעהערט געוואָרן עדות. לסוף האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג געגעבן יידן אַן אַנדערן פּלאַץ אינמיטן מאַרק, וווּ יעדער באַלעבאָס האָט געקאָנט צוריק אויפשטעלן זיין קראָם. יידן האָבן צוריק אויפגעשטעלט זייערע האַנדלס־פּונקטן. קיין שום פּראָצעסן קעגן די כוליגאַנעס זענען נישט פאָרגעקומען און דאָס יידישע לעבן אין אָלשאַן האָט זיך צוריק איינגעשטעלט.

שלמה הלוי-לעווין

# דער טראגישער טויט פון אסתר לעווין

**(זכרונות פונעם יאָר 1918)**

איך בין דעמאָלט געווען אַ קליין ייִנגל און געוווּסט, אַז מיין שוועסטער איז טעטיק אין דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג. נאָכדעם ווי די דייטשע מיליטער־מאַכט איז אַוועק, אין סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1918, איז אָלשאַן פאַרנומען געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער מאַכט. די דאָרטיקע פּאָליאַקן זענען אַרויס אין קאַמף קעגן דער סאָוויעטישער הערשאַפט. די באָל־שעוויקעס, ווי מ׳האָט זיי דעמאָלט גערופן, זענען פאַרטריבן געוואָרן.

מיין שוועסטער אסתר לעווין, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער סאָוויע־טישער מאַכט, וועלכע האָט זיך געשאַפן נאָכן אַוועקגיין פון די דייטשן, איז צוזאַמען מיט יונגע ווייסרוסן, קאָמוניסטן, געבליבן אין שטעטל, אויך נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס זענען אַוועק.

אין מיין זכרון איז פאַרבליבן יענער אָוונט, ווען אסתר איז געקומען אַהיים, אין באַגלייטונג פון אַ יונגן רוס, וואָס איז פריער געווען דער פאָרזיצער פון ראַיאָן־קאָמיטעט אין אָשמענע און אונדז מודיע געווען, אַז זי איז געצוווּנגען צו אַנטלויפן פון שטעטל, ווייל די סאָוויעטישע מאַכט איז צעטרייסלט, אָבער זי האָט נישט בדעה צו אַנטלויפן קיין רוסלאַנד, ווי עס האָבן געטאָן אַנדערע חברים. צוזאַמען מיט איר באַגלייטער איז זי אַוועק קיין אָשמענע. דאָרט האָט זי אַ געוויסע צייט זיך אויסבאַהאַלטן ביי קרובים און דורך שליחים אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער היים.

אין אָלשאַן האָט זיך דערוויַיל איינגעשטעלט אַ פּוילישע מאַכט און די זעלבע שקצים, וואָס זענען פריער געשטאַנען אין דינסט פון די סאָוויעטן, זענען געוואָרן הייסע אָנהענגער פון די פּאָליאַקן און זיי געדינט. די שקצים זענען געקומען צו אונדז אין שטוב און געפאָדערט פון אונדז מיר זאָלן אויסזאָגן ווו אסתר באַהאַלט זיך אויס. די יונגע כוליגאַנעס, וועלכע זענען געקומען שוין ווי אַגענטן פון דער פּוילישער מאַכט, האָבן אָנגעטאָן שרעקלעכע יסורים מיינע עלטערן. דעם פאָטער האָבן זיי געבונדן די הענט און פיס און איינגעשלאָסן אין אַ צימער. אין אַ צווייטן צימער איז געווען אַרעסטירט די מוטער. אונדז קינדער האָבן די אַגענטן אַריינגעוואָרפן אין שטאַל צו דער קו. אַזוי זענען מיר געפייניקט געוואָרן עטלעכע טעג.

מיר האָבן אויסגעהאַלטן די פּיין און נישט אויסגעגעבן ווו אסתר געפינט זיך. מיר האָבן דערוואַרט, אַז אסתר מיט אירע חברים וועלן לסוף אַנטלויפן קיין רוסלאַנד און זיין אויסער יעדער סכנה. אָבער זי האָט אַזוי נישט געטאָן.

עס קאָן זיין, זי האָט געגלויבט, אַז די סאָוויעטישע מאַכט וועט נאָך צוריקקומען אָדער אפשר האָט דאָ געווירקט איר צוגעבונדנקייט צום פאָטער, וועלכן זי האָט שטאַרק ליב געהאַט.

אין איינעם פון די אָוונטן, ווען די פייניקער האָבן אונדז שוין געהאַט אָפּגע־לאָזט, די מאַמע האָט צוגעגרייט אָוונט־ברויט, האָט זיך פּלוצים געעפנט די טיר און אסתר מיט איר באַגלייטער, דעם בחור, זענען אַריינגעקומען אין שטוב באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס מיט ביקסן און רעוואָלווערן. ביידע האָבן שטורמיש אויסגעשריגן: „באַהאַלט אונדז, מ׳יאָגט אונדז נאָך״. מיר האָבן פאַרלאָשן דאָס ליכט און אַריין אין שטאַל. די שוועסטער און איר באַגלייטער האָבן דאָרט איבערגעלאָזט דאָס געווער און דורך די עלטערן געוואָרן באַהאַלטן אין אַ גרויסן ליידיקן פאַס, וואָס האָט אונדז געדינט פאַר אַ וואַסער־רעזערוואַר. מיר, קינדער, האָבן דאָס געווער באַגראָבן אונטערן מיסט אין שטאַל.

מיר האָבן זיך „מכלומרשט״ געלייגט שלאָפן, כדי נישט אַרויסצורופן קיין פאַרדאַכט. אָבער באַלד זענען מיט שטורעם אַריין צו אונדז אַ חברה באַוואָפנטע שקצים און מיט ווילדע קולות געשריגן, מיר זאָלן זאָגן ווו עס באַהאַלט זיך אסתר מיט איר באַגלייטער. ווידער האָבן אונדז די כוליגאַנעס געבונדן און איינגעשלאָסן אין איין צימער און דורכגעפירט אַ שטרענגע רעוויזיע. נאָך היינט שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס בילד נאָך דער רעוויזיע: די וווינונג האָט אויס־געזען ווי נאָך אַ פּאָגראָם.

ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, האָבן די אַגענטן פון דער פּוילישער מאַכט געזוכט עטלעכע שעה און שוין געוואָלט אַוועקגיין. פּלוצים האָבן זיי אויפ־געכאַפּט אַ באַוועגונג אינעם פאַס און באַלד דאָרט אָפּגעפונען די שוועסטער מיט איר באַגלייטער. דורך דעם שליסל־לאָך האָב איך געזען ווי מ׳האָט זיי געפירט, געהיטן דורך די שקצים מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן.

מיר זענען געזעסן אין פאַרשלאָסענעם צימער און געציטערט פון שרעק. עמיץ פון די שכנים האָט געעפנט די פאַרשלאָסענע טיר און אונדז אָפּגעבונדן. מיר האָבן פּלוצים געזען, אַז דאָס גאַנצע הויז איז אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנטע פאַרשוינען. זיי האָבן פאַרבאָטן אונדז אַרויסצוגיין פון שטוב און נישט דערלויבט קיינעם פון די שכנים אַריינצוקומען. מיר זענען אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. ערשט אויף צומאָרגנס האָט מען דערלויבט דעם רב, ער זאָל אונדז באַזוכן און ער האָט דערציילט ווי אַזוי אסתר איז פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דעמאָלטיקע רוצחים:

די אויסוואורפן האָבן פאַרשלעפּט די שוועסטער אין הויז פון פנחס קאָזלאָווסקי און דאָרט זי געפייניקט אין משך פון אַ גאַנצע נאַכט. דערנאָך האָבן זיי אַראָפּ־געריסן פון איר די קליידער און אַ מנוולדיקער סאַדיסט האָט זיך אויף איר אַרויפגעזעצט רייטנדיק און אַזוי זי געטריבן ביזן צמענטאַזש. דאָרט האָט מען

זי ווידער געפּייניקט, אַריינגעקלאַפּט טשוועקעס אין דער נאָז, לסוף צעפּערטלט און דעם פאַרפּייניקטן גוף אויפגעהאָנגען אויף אַ בוים.

אויף די באַמיאונגען פונעם רב און יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, האָט די פּוילישע מאַכט דעם קערפּער פון אסתרן אָפּגעגעבן. ער איז געבראַכט געוואָרן צו אונדז אין שטוב. די שכנים האָבן נישט געלאָזט די עלטערן צוגיין נאָענט צו דער פאַרפּייניקטער, כדי זיי זאָלן נישט זען די גרוילקייטן, וואָס זענען מיט איר אָפּגעטאָן געוואָרן. איך האָב זיך דורכגעשטופּט דורכן עולם. עמעצער האָט אָפּגעדעקט דעם קערפּער. דאָס אויפטרייסלנדיקע בילד, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיינע אויגן, וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

לאה בלאַך-רודניק

# זכרונות פון קינדער יארן

## אין די יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג

אַזוי לאַנג ווי מיר זענען געווען מיט די עלטערן, האָבן מיר די קריג כמעט נישט געפילט. ס׳איז געוואָרן אויס שולעס, אויס חדרים, האָבן מיינע עלטערן געמאַכט אַ חדר ביי זיך אין דער היים מיט נאָך געציילטע קינדער. מ׳האָט געדונגען אַ רבין, געצאָלט פון דעם לעצטן און מען האָט געלערנט.

די מלחמה וואָס האָט זיך דערנענטערט צו אונדזערע קאַנטן, האָט פאַרשטאַרקט די נויט און דעם הונגער. קיין ישובניקעס זענען שוין צו אונדזער טיש נישט געקומען עסן. מ׳האָט שוין נישט געקענט האַלטן שבת ווי ס׳שטייט געשריבן — „בשר ודגים״...

צוזאַמען מיט די עלטערן האָבן מיר דאָך נישט געפילט אַזוי שטאַרק די נויט. דאָס ערגסטע איז געווען, אַז אונדזער זיסע מאַמע איז פון אונדז אָפּגעשטאָרבן, אפשר פון צער, און אפשר פון הונגער, ווייל דעם לעצטן ביסן פלעגט זי דאָך געבן אירע קינדער. זי איז געשטאָרבן אין דער צייט, ווען מיין פאָטער און עלטערער ברודער, צדוק, זענען געווען ווייט — אין רוסלאַנד. זיי האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן אויך אונדז קענען אַריבערנעמען אַהין און אונדז באַפרייען פון דעם הונגער. דערווייל איז דאָרט געוואָרן נאָך ערגער ווי ביי אונדז. די גרענעץ איז געווען געשלאָסן דורכן מיליטערישן פראָנט. ביי אונדז האָבן שוין געוועלטיקט די דייטשן. דאַן איז משהלע געוואָרן דער פאַרדינער און

קאָכער. ער איז געוואָרן אַ שליח אין דער קהילה. ער פלעגט אָפּהיטן דריי מאָל אין טאָג דעם קדיש נאָך דער מאַמען און ווײנען מיט מיר צוזאַמען.

מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, צוויי עלנדע קינדער, אָן עלטערן, אַליין אויפגעהאַלטן די גרויסע וווינונג. מיר האָבן זיך געטיילט מיטן ביסן, געגעסן פון איין טעלער און אויס מורא געשלאָפן אין איין בעט. גאַנץ אָפט איז אונדז אויסגעקומען צו הונגערן. מיר האָבן קיינעם נישט דערציילט וועגן אונדזער מצב. מיר זענען געוואָרן אַזוי דערצויגן, אַז מיר האָבן נישט געקענט אויסשטרעקן די הענט נאָך הילף.

אומדערוואַרט האָט זיך אָנגעהויבן מיט אונדז צו פאַראינטערעסירן דער „באַטיושקאַ״, — דער פּאָפּ. ער האָט אונדז אָפט פאַרבעטן צו זיין טיש, אָבער מיר האָבן נישט געוואָלט עסן צוליב כשרות. דער פּראַוואָסלאַוונער גייסטלעכער האָט דאָס פאַרשטאַנען און האָט אונדז געגעבן מעל. מיין משהלע האָט געבאַקן פלעצלעך. אין אַזאַ מצב האָבן מיר זיך דערוואַרט צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די פאַרענדיקונג פון דער מלחמה און די טראַגישע געשעענישן, וואָס זענען געקומען, ווען די דייטשן זענען אָפּגעטרעטן, זענען געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון און עס געדענקט זיך מיר ביזן היינטיקן טאָג. עס איז דעמאָלט געווען אַ צייט, ווען ס׳פלעגן זיך זייער אָפט בייטן די מיליטערישע הערשער אין שטעטל: די דייטשן האָבן אָפּגעטראָטן, זענען געקומען די רוסן, נאָך זיי די פּאָליאַקן. דאָס זענען געווען די ערגסטע און מסוכנדיקסטע מאָמענטן. די סאָלדאַטן פלעגן פאַרן אָפּטרעטן ווערן ווילד, זיי האָבן ראַבירט די הייזער און קראָמען און געטאָן פאַרשידענע אכזריותדיקע מעשים.

אין אונדזער גאָרטן אויף דער שלאָס־גאַס, האָט מען זיך איבערגעשאָסן. אין גאָרטן הינטער דער שטוב זענען געווען די פּאָליאַקן און הינטער די אַנטקעגנדיקע הייזער אין די גערטנער, זענען שוין געווען די רוסן. און אַזוי האָט מען זיך איבערגעשאָסן איבער אונדזער שטוב. איך און מיין ברודערל משהלע, זענען אַרונטערגעקראָכן אונטערן בעט און אַזוי ליגנדיק אויף דער פּאָדלאָגע, האָבן מיר געוויינט שטילערהייט פון שרעק און געמורמלט: „מאַמע! מאַמע!״, כאָטש אונדזער מאַמע איז שוין געווען אויף יענער וועלט. מיין פאָטער און עלטערער ברודער צדוק זענען געווען אין טיף רוסלאַנד. מיר אַליין, אין שטוב, האָבן איבער־געלעבט אַלע גרוילן און שרעקן, פון די שיסערייען צווישן די סאָלדאַטישע מחנות.

ווען די שיסעריי האָט אויפגעהערט, האָבן מיר זיך לאַנגזאַם אַרויסגעכאַפּט פון אונטערן בעט. ווען כ׳בין אַריין אין שטוב דורכן קיך־פענצטער, וואָס איז אַרויס־געגאַנגען אין גאָרטן, האָב איך געזען אַ שרעקלעך בילד: דער גאָרטן צעגראָבן אין אָקאָפּעס און אין איינער פון זיי, זענען געשטאַנען צוויי סאָלדאַטן און האָבן זיך געשלאָגן פּנים אל פּנים, ביז פלוצלינג האָט איינער דעם צווייטן געשטאָכן מיט זיין שפּיז.

איך האָב דערהערט אַ ווילד געשריי. פון שרעק בין איך אַוועקגעלאָפן אין אַ צווייט צימער. דאָרט האָב איך דורך דעם פענצטער דערזען זייער פיל סאָל־דאַטן לויפן, געהערט האָט זיך אַ קלאַפעריי פון זייערע שווערע פיס און וועגענער זענען ווילד פאַרבייגעפאָרן. טיר און טויער זענען ביי אַלעמען געווען פאַרהאַקט. יעדער איז ביי זיך אין שטוב פאַרבליבן און האָט מורא געהאַט די נאָז אַרויס־צושטעקן. די סאָלדאַטן האָבן אַלץ געהאַלטן אין לויפן.

ווי עס האָט אויסגעזען, זענען זיי שוין געלאָפן קילאָמעטערס ווייט, די מיילער אָפן פון דאָרשט און פאַרשמאַכטונג. און אָט איז אויך אַ יונגער פּוילישער זעלנער, וועלכער איז שוין מער נישט געווען בכוח צו לויפן, אַריין צו אונדז אויפן גאַנעק. אונדזער שכנה ציפע האָט אויפגעמאַכט די טיר און מיט אַ ליימענע שיסל זויער־מילך איז זי אַרויס צום זעלנער. זי האָט איינגעשטעלט דאָס לעבן אויף צו ראַטע־ווען אים. און אַזוי, גיסנדיק אים אין מויל די זויערמילך, האָט זי צו זיך געזאָגט: „ס׳איז דאָך אַ מאַמעס אַ קינד״.

אַ צווייטער פאַל, וואָס איז מיר געבליבן אין זכרון פון יענער צייט: איינמאָל ביינאַכט, האָבן מיר דערהערט דאָס טראַמפּלען פון אַ סך פערד, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן אונדזער שטוב און גלייך האָט מען גענומען קלאַפּן אין אונ־דזער טיר. מיר האָבן געציטערט פאַר שרעק. איך האָב געוואָלט גיין עפענען די טיר, זאָל געשען מיט מיר וואָס ס׳וויל, אַבי מיין משהלען זאָל נישט טרעפן קיין שלעכטס. דאָס זעלבע האָט אויך געטראַכט מיין ברודערל לגבי מיר. מיר האָבן זיך לאַנג נישט געקאָנט דינגען. משהלע האָט אויפגעמאַכט די טיר. „גיב אונדז ברויט!״ — האָט מען ביי אים געבעטן. דאָס זענען געווען באָלשעוויקעס. דעם לעצטן ביסן ברויט האָט מיין ברודערל אַוועקגעגעבן און די הונגעריקע רוסישע זעלנער זענען אַוועק.

*

די אַלע גרוילן און שרעקן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס זענען אויס ווי אַ שפּילעכל אין פאַרגלייך צו דער דייטשער יידן־אויסראָטונג בעת דער צווייטער וועלט־קריג — האָבן זיך דעמאָלט געענדיקט. מיין ברודער האָט זיך אויסגעלערנט אַ פאַך — שערן און ראַזירן. ווען דער אַנדערער פריזירער אין אָלשאַן, מאָטל ריקלעס, איז מיט זיין משפחה אַוועק קיין אַמעריקע, האָט משהלע אים פאַר־טראָטן. אָבער ביי דעם פאַך איז ער נישט געבליבן.

משהלע האָט באַקומען אַ בכבודיקן פּאָסטן, שפּעטער געוואָרן אַ סוחר. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ לערערין פון סמאַרגאָן און זיין לעבן איז אַוועק מיטן נאָרמאַלן וועג. דאָס נאָרמאַלע לעבן איז איבערגעריסן געוואָרן דורך דער דייטשער יידן־אויסראָטונג. מיין ברודער משהלע, זיין פרוי, מיט זיין קליין אומשולדיק קינד זענען פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן.

# מלמדים, חדרים און מאדערנע שולן

## אלף־בית, עברי און גמרא

דער ערשטער, וואָס האָט מיך געלערנט דעם אלף־בית, איז געווען מיין עלטערער ברודער, יצחק יעקב, היינט אין אַמעריקע. ער האָט געעפנט אַ סידור מיט גרויסע אותיות און געוויזן מיר אַן „אלף״. באַלד האָט ער איבערגעמישט אַ בלאַט און געהייסן געפינען אַזאַ אות. ווען איך האָב געפונען דעם „אַלף״, איז מיר אַראָפּגעפאַלן פון דער הייך אַ קאָפּיקע. דער ברודער האָט מיר דערקלערט, אַז דאָס האָט אַ מלאך פון הימל אַראָפּגעוואָרפן פאַר גוט לערנען. די ווייטערדיקע אותיות האָב איך שנעל אויסגעלערנט און פאַר יעדן אות האָב איך פון מיין ברודער באַקומען אַ קופּערנע קאָפּיקע. ער האָט מיר דערקלערט, אַז דאָס איז דער שכר פאַר גוט לערנען.

## ר׳ חיים באַראַן

דער ערשטער רבי, וואָס האָט מיך געלערנט עברי און דאַווענען איז געווען ר׳ חיים באראן. ר׳ חיים פלעגט אָנשטעלן זיין לאנגן טייטל אויף יעדן אות און אונטערהעלפן זיין תלמיד מיט א „זאָגזשע, א „בית״ מיט אַ קאָמיץ, זאָגזשע נו, מאַכט באָ״. אַזוי, מיט אַ „זאָגזשע, נו״ ביז עס זענען אַרויסגעקומען גאַנצע ווערטער. דער „זאָגזשע, נו״ פון ר׳ חיים, פלעגט זיין באַגלייט מיט א סך ליבשאַפט צום קינד, מיט אַ גלעט איבערן קעפּל, אַ קניפּ אין בעקל, צוליב וואָס די קינ־דער האָבן ליב באַקומען זייער רבין און גיך זיך אויסגעלערנט עברי.

## ר׳ נאָטע קאַפּלאַן

ר׳ נאָטע קאַפּלאַן איז נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער מלמד, — שלעכטע געשעפטן, אַ ווייב, דריי טעכטער, וואָס האָבן געלייענט מעשה־ביכלעך און געוואַרט אויף חתנים — האָבן ר׳ נאָטען אויף די עלטערע יאָרן געמאכט פאַר אַ מלמד פון חומש און תנ״ך. פריער איז ר׳ נאָטע געווען אַ וואַלד־סוחר און אָנגע־זעענער בעל־הבית, מיט אַ „שטאָט״ ביי דער מזרח־וואַנט אין אַלטן בית־המדרש און אַ מויער אין צענטער פון שטעטל.

ר׳ נאָטע איז געווען א ירא שמים מיט א שניי־ווייסער באָרד, א כהן, אַ נוח לכעוס, וואָס האָט קיין צוגאַנג צו קינדער נישט פאַרמאָגט, און דעריבער נישט געקאָנט באַהערשן זיינע תלמידים. צען שעה אין מעת־לעת פלעגט ר׳ נאָטע קנעלן מיט זיינע אכט יאָריקע תלמידים חומש און מיט די דרייצן יאָריקע — חומש און תנ״ך. פון הפסקות האָט ר׳ נאָטע נישט געהאלטן.

ווינטער־צייט, ווען דער ווייכער שניי האָט געלאָקט די קינדער אַרומ־צולויפן אויפן גאַס, האָט ר׳ נאָטע פארשלאָסן די טיר און נישט אַרויסגעלאָזן די תלמידים אפילו אויף זייערע באַדערפעניש. האָט טאַקע געטראָפן, אז א תלמיד האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און משתין געווען אין שטוב, פאַר וואָס דער רבי האָט שטאַרק צעמזיקט דעם תלמיד. דעמזעלבן אָוונט האָבן די חברים פון צעשלאָגענעם יינגל באַצאָלט דעם רבין מיט אויסהאַקן אַלע שויבן פון חדר.

צומאַרגנס האָבן די טאַטעס פון די קינדער, צוזאַמען מיטן רבין באַדאַרפט אַריינשטעלן נייע שויבן און געמאַכט שלום צווישן רבין מיט די תלמידים. אָבער קיין דרך־ארץ פאַרן מלמד איז שוין נישט געווען.

## ר׳ משה־עליע, דער גמרא־מלמד

מיין רבי פון חומש, רש״י און גמרא, ר׳ משה עליע גורוויטש, איז געווען אַ פרומער ייד פון דער מזרח־וואַנט אין נייעם בית־המדרש און אַן אָנגעזעענער בעל־הבית פון אַ שטוב מיט אַ גרויסן גאָרטן.

ר׳ משה עליע האָט זיך גערעכנט פון די בעסטע מלמדים פון שטעטל. קיין בעסערע פאַר אים זענען נישט געווען. לערנען ביי משה עליען איז געווען אַ יחוס. דער רוב פון זיינע תלמידים זענען געווען קינדער פון עלטערן, וואָס האָבן געקאָנט זיך דערלויבן צו באַצאָלן שכר לימוד — 15 רובל פאַר אַ זמן, דעמאָלט אַ גרויסע סומע. טראָץ זיין פרומקייט, האָט אָבער ר׳ משה עליע אויף דער פרומ־קייט פון זיינע תלמידים נישט מדקדק געווען. דער עיקר, אַז זיינע תלמידים זאָלן פאַרשטיין און געדענקען וואָס זיי לערנען, אַז דער שכר לימוד וואָס ער נעמט זאָל נישט זיין אומזיסט. ער האָט די תלמידים נישט געשלאָגן. אָנשטאָט שלאָגן פלעגט ער באַנוצן שאַרפע אַריינזאָגענישן און מוסר־רייד, וואָס עס האָט מער וויי געטאָן ווי קלעפּ.

עטלעכע אַזוינע ווערטלעך זיינע זענען מיר געבליבן אין זכרון. ־ווען אַ תלמיד פלעגט אויסטייטשן קאַפּויער אַ פאַרוויקלטן גמרא־פּלפּול, פלעגט ר׳ משה עליע בייסיק אַ זאָג טאָן: „סאַראַ אייזערנער מוח, פּלאי פּלאים! האָסט דאָך געטראָפן ווי אַ בלינד פערד אין גרוב. לויט דיין פשט איז געדרונגען, אַז אַ לעבל ברויט איז קיילעכיק, אַ טאָרבע פלעקער איז שפּיציק און געגנדז גייען באָרוועס! פון אַזעלכע פּשטלעך, בחורל, וועסטו שוין קיין גרעסערער לייט פון מיקאָלקע דעם שבת־גוי נישט זיין. גיי בעסער פּאַשען געגנדז. איך וועל פון דיין טאַטן קיין אומזיסטע געלט נישט נעמען!״.

קיין גרויסע לומדים זענען פון ר׳ משה עליעס חדר נישט אַרויס, נאָר קיין מיקאָלקעס זענען זיינע תלמידים נישט געבליבן. אַ פרשה חומש מיט רש״י האָט יעדער תלמיד געקענט.

אין זעלטענע פאַלן פלעגט ר׳ משה עליע באַשטראָפן אויף פיזיש. אַזאַ

שטראָף איז געווען פאַר ניבול פה און פאַר שניידן דעם טיש מיט אַ מעסערל, וואָס איז דאַן געווען דער חלום פון יעדן תלמיד. ביי אַזאַ געשעעניש פלעגט ר׳ משה עליע אַ נעם טאָן דעם שולדיקן תלמיד פאַר ביידע אויערן, און אַזוי אים אויפהייבן און זעצן מיט דעם הינטער־חלק אין באַנק, ביז די רביצין אָדער איינע פון די צוויי טעכטער פלעגן ארויסנעמען דעם תלמיד פון רבינס הענט.

*

די שטורמישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון יאָר 1905 האָט אויך אין שטעטל אָנגעשטעקט און פאַרכאַפּט די עלטערע תלמידים פון אַלע חדרים. ווען אַ גרופּע תלמידים פון ר׳ אהרן, דעם סמאָרגאָנער מלמד, זענען אונטערן איינפלוס פון „בונד״. ארייננעצויגן געוואָרן אין „קליינעם בונד״, האָבן ר׳ משה עליעס תלמידים, וואָס האָבן סימפּאַטיזירט מיט די ציוניסטן ס״ס, אַרויסגערופן די סמאָרגאָנער אויף אַ „מלחמה״. די „מלחמה״ איז געפירט געוואָרן ווינטער. די תלמידים פון ביידע חדרים האָבן פאַרנומען „פּאָזיציעס״ און באַוואָרפן זיך מיט שניי־קוילן, זומער — מיט שטיינער, זאַמד און בלאָטע. דאָס חדר, וואָס האָט באַריאָגט דעם קעגנער פון זיין פּאָזיציע איז געבליבן דער זיגער.

## חדר „מתוקן״ און דאָלינסקיס רוסיש־יידישע שול

אין יאָר 1907 האָט אַ גרופּע משכילים פון שטעטל געגרינדעט אַ חדר מתוקן. זיי האָבן געבראַכט דעם לערער וויסקינד, אַ באַוווּסטער העברעישער פּעדאַגאָג, וואָס האָט אין יענער צייט אויפגעשטעלט אַ מאָדערנע שול. וויסקינד האָט געלערנט עברית בעברית. נאָך יעדער לעקציע געמאכט א הפסקה, גע־שריבן מיינונגען, געגעבן אויסצייכענונגען, איינגעפירט עקזאַמענס און אויסגע־שריבן אַ וועכנטלעכן קינדער־זשורנאַל „הפּרחים״, וואָס די קינדער פלעגן לייענען מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

בערך אין דער זעלבער צייט האָט שמואל לייב דאָלינסקי, אַ ווילנער סטודענט, אַן איידעם פון יידישן סטאַראָסטע ר׳ נח גאָלדאָנסקי, געגרינדעט אַ צווייטע שול מיט רוסיש אַלס אונטעריכטס־שפּראַך. דאָרט האָבן געלערנט יידישע און קריסטלעכע קינדער. יינגלעך צוזאַמען מיט מיידלעך. דאָלינסקי האָט אויך צוגעגרייט שילער צו די עקזאַמענס אין דער רוסישער קרייז־שול און פּראָגימ־נאַזיע אין אשמענער ראַיאָן.

די שול פון שמואל לייב דאָלינסקי, האָט זיך געפונען אין אַ ליכטיקן גרויסן זאַל, וואָס דאָלינסקי האָט ספּעציעל פאַר דעם צוועק אויסגעבויט.

צום ערשטן מאָל זענען אָלשאַנער יינגלעך מיט מיידלעך געזעסן אויף באַ־קוועמע מאָדערנע שול־בענק, צו 4 אויף אַ באַנק, אין וועלכע ס׳זענען געווען איינגעפּאַסט טינטערס מיט טינט פאַר יעדן שילער באַזונדער.

אַנטקגן די שול־בענק איז געשטאַנען דאָס טישל פון לערער. אַ ביסל ווייטער איז געשטאַנען די טאָוול, צו וועלכן דער לערער פלעגט אַרויסרופן די שילער צו לעזן מאַטעמאַטישע אויפגאַבן.

אין דער שול פון ש. ל. דאָלינסקי האָט אַ געוויסע צייט געגעבן לעקציעס פון יידיש און יידישער געשיכטע דער באַגאַבטער לערער משה באַראָן פון אָלשאַן, היינט אין אמעריקע.

די רוסיש־יידישע שול, אונטער דער לייטונג פון דאָלינסקין, האָט במשך די 10 יאָר פון איר עקזיסטענץ, ביז דעם ערשטן וועלט־קריג, אויסגעבילדעט אַן אינטעליגענטע און אנטוויקלטע יידישע יוגנט, וועלכע דערמאָנען מיט יראת הכבוד און ליבשאַפט זייערע לערער און דערציער ש. ל. דאָלינסקי, ויבדל לחיים — ה. משה באַראָן.

שעפסל קאפלאַן

## די תרבות־שול און איר דערציערישע טעטיקייט

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין אָנהייב 20ער יאָרן, זענען די לערער משה יאלק און אברהם יצחק סאלאדוכע געקומען מיטן געדאנק צו שאַפֿן אין אָלשאַן אַ מאָדערנע יידישע שול, אין וועלכער קינדער זאָלן באַקומען אַ נאַציאָנאַל־יידישע און וועלטלעכע דערציאונג.

נישט לייכט איז אָנגעקומען צו פֿאַראינטערעסירן באַלעבאַטישע יידן פון אָלשאַן מיטן שאַפֿן פון אַזאַ שול, ווייל ס'רוב עלטערן האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די חדרים צו די מלמדים, ווו מען האָט געלערנט תורה אויפֿן אַלטן שטייגער. נאָך אַ געהעריקער אויפקלערונגס־אַרבעט איז די לערער געלונגען צו אָרגאַניזירן אַן עלטערן־קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיטן אַוועקשטעלן אַ תרבות־שול.

אַזוי ווי עס זענען נישט געווען קיין מעגלעכקייטן אויסצובויען אַ בנין פאַר דער שול, האָט מען אויסגעפּועלט ביי די באַלעבאַטים, אַז אַ טייל פון בית־המדרש זאָל זיין כאַר דעם דערציאונגס־אַנשטאַלט. אין מיטן דעם בית־המדרש איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ וואַנט, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם ארון־קודש, דאָרט איז געווען דאָס בית תפילה. אין דער צווייטער העלפט האָט זיך איינגעאָרדנט די תרבות־שול. אָט דער קליינער שטח האָט נאָך געמוזט פאַרטיילט ווערן אויף באַזונדערע קלאַסן.

די גאַנצע אַרבעט פון אָרגאַניזירן די שול האָבן גענומען אויף זיך: משה יאלק און י. א. סאלאדוכא. זיי האָבן געזאַמלט געלט, געאַרבעט פיזיש ביים פונאַנדערטיילן דעם בית המדרש־בנין. לויט די מעגלעכקייטן זענען די באַזונדערע קלאַסן אָפּגעטיילט געוואָרן מיט ברעטער, ס'האָט זיך באַקומען אַ פּנים פון אַ שול.

אין די ווייטערדיקע יאָרן האָט זיך די שול זייער גוט אַנטוויקלט און זיך גערעכנט פאַר די בעסטע אין ווילנער געגנט. די לערן־שפּראַך איז געווען עברית, פויליש־לימוד איז געלערנט געוואָרן אין הסכם מיט דער פאַראָרדענונג פון דער פוילישער שול־מאַכט. צו די לערער פון אָלשאַן זענען געבראַכט געוואָרן פּעדאַגאָגן פון ווילנע. די שול איז געווען פאַרבונדן מיט דער צענטראַלע פון דער „תרבות"־שול אין ווילנע און לעגאַליזירט געווען ביי דער מאַכט אַלס „תרבות"־שול פון 7 קלאַסן.

פון לימודי־קודש איז געלערנט געוואָרן: חומש מיט רש"י, תנ"ך און גמרא. אַ ספּעציעלן אויפזיכט אויף דער שול האָט געהאַט הרב ראובן חדש ז"ל, וועלכער האָט פיל צייט און ענערגיע אָפּגעגעבן פאַר דעם דערציאונגס־אַנשטאַלט.

די הויפּט־הכנסה פאַר דער תרבות־שול, דער שכר־לימוד, געצאָלט לויט די מעגלעכקייטן פון די עלטערן, האָט ווייט נישט געקאָנט דעקן די אויסגאַבן, האָט

מען דעריבער כסדר געהאַט אַ דעפיציט. געווען אין שטעטל אַ תלמוד־תורה קאָמיטעט, וואָס האָט טיילווייז געהאָלפן די קינדער, וועמענס עלטערן האָבן נישט געקאָנט צאָלן קיין שכר־לימוד. טראָץ די אַלע שוועריקייטן האָבן יידישע קינדער פון אָלשאַן אַלע אָן אויסנאַם, באַזוכט די שול. אויך דער עלטערן־קאָמיטעט האָט אַ סך געהאָלפן, אַז קינדער זאָלן נישט בלייבן מחוץ דער שול.

די פּוילישע מאַכט האָט נישט באַזונדערס ליב געהאַט די „זשידאָווסקאַ שקאָלאַ" און דורך פאַרשידענע פאַראָרדענונגען געשטערט די שול־טעטיקייט. אַזוי, למשל, איז פאַרלאַנגט געוואָרן אַדורכצופירן רעמאָנטן, וואָס איז געווען פאַר־בונדן מיט גרויסע הוצאות, עס האָט געדראָט די שול זאָל ווערן געשלאָסן.

אַ דאַנק דער פינאַנסיעלער הילף פון די אָלשאַנער לאַנדסלייט אין אַמע־ריקע, זענען, אין פאַרשידענע יאָרן, געדעקט געוואָרן די דעפיציטן פון דער שול און מ'האָט דורכגעפירט דעם געהעריקן רעמאָנט.

די דערציאונג אין דער שול איז געהאַלטן געוואָרן אין גייסט פון ציוניזם, פאַרבונדן מיטן ישוב אין ארץ־ישראל. די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן אַרויסגעשפּראָצט פון דער תרבות־שול, וואָס האָט אויפגעשטעלט קאַדרען פון חלוצים־עולים פאַרן לאַנד, און איבערגעגעבענע טוער פאַר אַלע ציוניסטישע קרנות.

דער לערער משה יאלק איז זייער יונג געשטאָרבן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און אברהם יצחק סאָלאָדוכא איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן.

פסח גערשאָנאָוויטש

## די תרבות־שול — דאָס ליכט פונעם שטעטל

אַן אַלטע הילצערנע געביידע, אַ טייל פונעם אַלטן בית־מדרש, האָט געדינט פאַר דער תרבות־שול אין שטעטל.

דער גרעסטער טייל יידישע קינדער פון אָלשאַן האָט דאָרט באַקומען דער־ציאונג, געלערנט העברעאיש, חומש און תנ"ך, אויך אַלע איבעריקע אַלגעמיינע לימודים און די פּוילישע שפּראַך.

די שול האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָנזען אין שטעטל. אין דער פרי פלעגן פון אַלע גאַסן און געסלעך גיין קינדער, פריילעכע, מיט די טעקעס אויפן פלייצע אין שול אַריין.

ביי דער שול איז געווען אַ קינדער־ביבליאָטעק אין דער העברעישער שפּראַך. אויך אַ דראַמאַטישער קרייז און אַ כאָר. די קינדער פלעגן אָפט אַרויסטרעטן מיט פאָרשטעלונגען און אויפלעבן דאָס גאַנצע שטעטל. יעדער יידישער יום־טוב, ווי־

חנוכה, פורים, פסח און סוכות האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין לעבן פון דער שול. ל״ג בעומר האָבן די קינדער מיט די לערער מאַרשירט דורכן שטעטל אין וואַלד אַריין מיט געזאַנג פון העברעישע לידער.

די לערער אין שול זענען געווען אָלשאַנער און אויך אָנגעקומענע פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך. אברהם איטשע דער מלמד איז געווען אַלע זיינע יאָרן אַ לערער פון חומש און תנ״ך, וועלוול טשערנאָווסקי — אַ לערער פון פּויליש. די תרבות־שול איז געווען דאָס ליכט פאַרן שטעטל. טראָץ די גרויסע פינאַנסיעלע שוועריקייטן האָט די שול עקזיסטירט אַלע יאָרן, ביזן חורבן.

שפרה קוטין־טראָבסקי

*

(אַ באַריכט פון פּעדאַגאָגישן ראַט צו פריינט אין אַמעריקע פון כ״ח מר חשון תרפ״ט)

הויכגעשעצטער ה׳ פּאָטאַשניק יהושיע ליב!

מיר שרייבן צו אייך דעם דאָזיקן בריוו, ווייל מיר זענען איבערצייגט, אַז איר זייט אַ פריינד פון אונדזער שולע און איר זייט פאַראינטערעסירט אין זיין עקזיסטענץ. איבערצייגט וועגן דעם האָט אונדז דער פאַקט, וואָס איר האָט אויפ־געהויבן אַן אַקציע לטובת אונדזער שולע — איר האָט אָפּגעגעבן צום דרוק אין אַן אַמעריקאַנער צייטונג אונדזער רבס בריוו מיט די אונטערשריפטן פון די עטלעכע אָלשאַנער בעלי בתים, בכדי צו באַקאַנען אונדזערע אָלשאַנער ברידער אין אַמעריקע די שווערע מאַטעריעלע לאַגע פון אונדזער שולע און דורך דעם שאַפן פאַר אים אַ מאַטעריעלע שטיצע. דעריבער טאַקע האָט זיך געשאַפן ביי אונדז אַ רצון צו באַקאַנען אייך אַלס אַזוינעם אַלזייטיק, די לאַגע פון אונדזער שולע, דאָס הייסט די גייסטיקע און מאַטעריעלע לאַגע.

די גייסטיקע לאַגע פון אונדזער שולע איז פאָלגנדע: די איין־איינציקע העב־ברעאישע שולע אין אָלשאַן ווערט באַזוכט דורך קרוב 90 קינדער, ד. ה. תלמידים און תלמידות. די שולע איז צעטיילט אויף 5 קלאַסן: מכינה, מחלקה א׳, ב׳, ג׳, ד׳. די צאָל פון די לערער איז 4. דאָס פּראָגראַם פון די לימודים איז אַזוי גוט אויס־געאַרבעט, אַז די אָנגעוויזענע צאָל לערער איז גענוג פאַר די 5 קלאַסן.

די שולע טראָגט אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזן כאַראַקטער. אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער דורך דעם, וואָס די אונטערריכט־שפּראַך פון דער שולע איז אונדזער נאַציאָנאַלע שפּראַך — העברעאיש, ד. ה. אַלע ידישע און אַלגעמיינע למודים ווערן געלערנט אין אַלע קלאַסן אין דער העברעאישער שפּראַך, אויסער די נידעריקע קלאַסן

(מכינה, און מחלקה א׳) אין וועלכע דער איבערגאַנג צו העברעאיש איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך, נאַטירלעך, בהדרגהדיק, ביסלעכווייז.

די העברעאישע און אַלגעמיינע למודים אין אַלע קלאַסן איז מאָגעבנד.

אַ רעליגיעזן כאַראַקטער טראָגט די שולע מיט דעם, וואָס עס ווערט געאַכטעט די אַלזייטיקע רעליגיעזע אויפפירונג פון די תלמידים און תלמידות. דעריבער טאָקע איז אָפּגעגעבן געוואָרן אין אַלע קלאַסן (ד. ה. פון מחלקה ב׳) אַ באַנוגנטער אָרט אויף די למודי קודש: תורה, נ״ך, תפילה, גמרא (פאַר יינגלעך). אויף די למודים אַרבעט אַ ספּעציעלער לערער.

אויסער די אָנגעוויזענע למודים לערנט מען אין אַ באַנוגנטער מאָס די שפת המדינה — פּויליש און יידיש, בכדי די תלמידים זאָלן קענען פאַרשטיין אין משך פון דער צייט אַ יידישן בוך, און שרייבן אַן פּעלערן.

אויסער די ידיעות אין פאַרשיידענע קעגנשטאַנדן, באַקומען די תלמידים מחוץ דער פּראָגראַם פון די למודים אַ יידיש־אַלגעמיינע אַנטוויקלונג דורך פאַרשיידענע רעפעראַטן, ליטעראַרישע משפטים, אַ קינדער־זשורנאַל און ד. גל., וועלכע ווערן אויסגעפירט דורך די תלמידים זעלבסט מיט דער הילף פון די לערער. ביי דער שולע עקזיסטירט אויך אַ קינדער־ביבליאָטעק, און אַלע תלמידים־ות מוזן לעזן ביכלעך אונטער דער קאָנטראָל פון די לערער, בכדי זיי זאָלן פאַרגרעסערן זייער אַנטוויקלונג.

די באַציאונג פון אונדזער רב צו דער שולע איז זאַכלעך־פּאָזיטיוו. ער איז פאַראינטערעסירט אין דעם קיום פון דער שולע. ער פאָדערט באַזונדערס, אַז די שולע זאָל אָפּהיטן באַנוגנט דעם רעליגיעזן כאַראַקטער אין אַזאַ אופן ווי עס איז אויבן אָנגעוויזן. די לערער, פאַרשטייט זיך, זענען עס מקיים. דאָס וואָס איז געווען אָנגעוויזן אין דער איבערגעדרוקטער קאָרעספּאָנדענץ אין אַמעריקאַנער „טאָג״ פון ווילנער „צייט״, אַז דער רב האָט געוואָלט פאַרוואַנדלען די דאָזיקע שולע אין אַ אגודיסטישע — —שטימט נישט מיט דער ווירקלעכקייט.

וואָס איז שייך די מאַטעריעלע לאַגע פון דער שולע — מוזן מיר אונטערשטרייכן, צו אונדזער גרויסער באַדויערונג, מיט איין וואָרט: עס איז נישט גוט. די שולע שטייט ביי גרויסע געלט־דעפיציטן, און עס איז נישטאָ קיין געלט־מיטלען אויף די נייטיקסטע באַדערפענישן, אַזוי ווי דער געהאַלט פאַר די לערער, לערן־מכשירים א. ד. גל.

דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס די מערהייט עלטערן פון די תלמידים לעבנדיק אין שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, האָבן נישט די מעגלעכקייט צו באַצאָלן אַפילו דעם מינימאַלסטן שכר־לימוד פאַר זייערע קינדער. און די עקאָנאָמישע לאַגע פון די עלטערן איז קריטיש דורך דעם, וואָס זינט דער קריזיס הערשט אין פּוילן זענען אויסגעשעפּט געוואָרן אַלע אַמאָליקע קוואַלן פון חיונה און פּרנסה. יעדער פאָטער און מוטער איז פאַרזאָרגט און פאַרדאַגהט וועגן דעם

„מאָרגן״. אַמאָליקע צייטן פלעגן זיך אויסשטעלן אין אָלשאַן גרויסע מערק, פלעגט מען נאַטירלעך ציען פון זיי חיונה און פרנסה אויף אַ גאַנצער וואָך. היינטיקע צייטן זענען די אָלשאַנער מערק אָפּגעפּירט געוואָרן צוליב געוויסע סיבות, דעריבער טאַקע איז נישטאָ אין אָלשאַן קיין מעגלעכקייטן צו שאַפן פּרנסה צום לעבן. אויב ס׳איז נאָך וויינקי דאָס, איז די קאָנקורענץ מוראדיק גרויס מצד די פּוילישע קרעמער און קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע זענען געעפנט געוואָרן אין אָלשאַן אין די לעצטע יאָרן אין אַ מאַסנגעבנדער צאָל. און על כולם, טראָץ דעם שרעקלעכן קריזיס, דאַרף יעדערער צאָלן גרויסע שטייערן דער מלוכה, אַזוי, אַז ס׳איז פּשוט נישט אַריבערצוטראָגן. אַזאַ לאַגע פון די עלטערן האָט זיך שטאַרק אָפּגעשפּיגלט אויף דער שולע. דער דעפיציט וואַקסט און די לאַגע ווערט אַלץ ערגער און ערגער. עס האַלט דערביי, אַז מיר די לערער, וועלן מוזן סוף כל סוף, צו אונדזער גרויס באַדויערונג, מפסיק זיין די למודים אין שולע, ווייל מיר באַקומען נישט רעגולער אונדזער געהאַלט. אמת, דער רב, מיט דער הילף פון עטלעכע חשובע בעלי בתים פון שטעטל, האָט צייטנווייז אָנגענומען די שטרענגסטע מיטלען, בכדי צו שאַפן כאָטש אַ טייל פון דעם דעפיציט. ליידער, צו אונדזער גרויסן באַדויערונג, גיט זיך עס נישט איין צוליב די אָרעמקייט פון שטעטל, און די לאַגע אין שולע ווערט אַלץ ערגער.

נישט האָבנדיק קיין אויסוועג, האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו אונדזערע אָלשאַנער ברידער אין אַמעריקע נאָך הילף און מיר זאָגן: פאַראינטערעסירט זיך, ברידער, מיט דער לאַגע פון דער שולע און באַמיט זיך צו שטיצן, יעדערער לויט זיין מעגלעכקייט, בכדי אונדזערע קינדערלעך זאָלן נישט דאַרפן בלייבן, חס וחלילה, אָן לערע, אָן אַ יידישע דערציאונג, כצאן בלי רועה. עס ליגט אויף אייך אַ חוב קדוש צו באַזאָרגן אונדזערע קינדערלעך מיט גייסטלעכן שפּייז. דער גורל פון אונדזערע קינדערלעך ליגט ביי אייך אין די הענט.

ה׳ פּאַטאַשניק! מיר בעטן אייך, זעט, פאַראינטערעסירט זיך מער מיט אונדזער שולע, און פאַרשטאַרקט זיין קיום.

מיט אַכטונג און דרך ארץ

פאַרוואַלטער: א. מ. כהן

מיטגלידער פון פּעדאַגאָגישן ראַט:

זאב צרניבסקי

בינה פטוחובסקית

אברהם יצחק סאָלאָדוכא



**לערער פון תרבות שולע**
**פון רעכטס: סענדער גורוויץ, בינע פיעטוכאָווסקי, קאַגאַן, א. י. סאָלאָדוכא**
**דראָזדאָווסקי (לערער פון פויליש)**



**טייבעלע בוקאטמאַן פון ווילנע, לערערין**
**פון יידיש אין אָלשאַנער פאָלקס־שול**
**טייבלה בוקאטמאן מווילנה מורה ליידיש**



**לערער פון תרבות שול**
**מ. יאָלך, פיעטוכאָווסקי בינה פיעטוכאָווסקי**

# מאָנאַטליכער געלט=באַריכט פון דער העברעאישער שולע אין אָלשאַן

## הכנסה

צונויפגעשטעלט לויט די עקזיסטירנדע צאָל קלאַסן אין דער שולע.

| אכינה | מחלקה א׳ | מחלקה ב׳ | מחלקה ג׳ | מחלקה ד׳ | סך = הכל |
|---|---|---|---|---|---|
| נאָרמאַלער מאָנאַטליכער שכר-לימוד איז 10 זלאָט | נאָרמאַלער מאָנאַטליכער שכר-לימוד איז 12 זלאָט | נאָרמאַלער מאָנאַטליכער שכר-לימוד איז 13 זלאָט | נאָרמאַלער מאָנאַטליכער שכר-לימוד איז 14 זלאָט | נאָרמאַלער מאָנאַטליכער שכר-לימוד איז 16 זלאָט | |
| צאָל פון תלמידים 14 | צאָל פון די תלמידים 22 | צאָל פון די תלמידים 20 | צאָל פון די תלמידים 17 | צאָל פון די תלמידים 11 | 84 תלמידים |
| פון זיי 3 - צאָלן דעם נאָרמאַלן שכר-לימוד; 5 - צאָלן 70%-40%; 6 - אומזיסט | פון זיי 7 - צאָלן דעם נאָרמאַל. שכר-לימוד; 10 - צאָלן 80%-35%; 5 - אומזיסט | פון זיי 7 - צאָלן דעם נאָרמאַלן שכר-לימוד; 7 - צאָלן 75%-40%; 6 - אומזיסט | פון זיי 4 - צאָלן דעם נאָרמאַלן שכר-לימוד; 8 - צאָלן 75%-35%; 5 - אומזיסט | פון זיי 3 - צאָלן דעם נאָרמאַלן שכר-לימוד; 5 - צאָלן 75%-40%; 3 - אומזיסט | פון זיי 24 - צאָלן דעם נאָרמאַלן שכר לימוד; 35 - באַקומען הנחות; 25 - אומזיסט |
| אַלגעמיינע הכנסה פון דעם קלאַס איז 55 זלאָט | אַלגעמיינע הכנסה פון דעם קלאַס איז 135 זלאָט | אַלגעמיינע הכנסה פון דעם קלאַס איז 127 זלאָט | אַלגעמיינע הכנסה פון דעם קלאַס איז 92 זלאָט | אַלגעמיינע הכנסה פון דעם קלאַס איז 73 זלאָט | אַלגעמיינע-הכנסה מאָנאַטליכע פון אַלע קלאַסן איז 482 זלאָט. |

I שכר - לימוד — 482 זלאָט

II מאָנאַטליכער שטייער-אָפּצאָל פון אָלשאַנער בעלי-בתים — " " 47

ס״ה — 529 זלאָט.

## הוצאה

I געהאַלט פון די לערער:

| | |
|---|---|
| א) פאַרוואַלטער א.מ. כהן — | 210 זלאָט |
| ב) ה׳ סאָלאָדוכע א.י. — | " " 135 |
| ג) לערערין פּוטובאַווסקע ב. — | " " 190 |
| ד) ה׳ טשערנאַווסקי ל. — | " " 125 |
| ס״ה | 660 זלאָט |

| | |
|---|---|
| II באַדינער — | 30 זלאָט |
| III א) הייצונג — | " " 45 |
| ב) לערן-מכשירים און רעמאָנט | " " 35 |
| ג) פאַרשיידענע הוצאות | " " 12 |
| ס״ה | 122 |

אַלגעמיינע מאָנאַטליכע הוצאה איז

660 זלאָט
" " 122
782 זלאָט

מאָנאַטליכער דעפיציט איז

782 זלאָט
−529
253 זלאָט.

פאָרזיצער פון דער שול-פאַרוואַלטונג: [signature]

פאַרוואַלטער: א.מ. כהן

Rabin R. Chodos, Holszany pow. Oszmianski — ראובן חודש

אָלשאַן 15/XII 1928



יידישע פאָלקס־שול אין דער ערשטער וועלט־מלחמה (פון רעכטס שטייט א. י. סאָלאָדוכאָ)
בית הספר עממי־יידישי לבנים במלחמת העולם הראשונה. (מימין עומד המורה א. י. סולודוכא)




**יידישע פאָלקס־שול אין 1917 יאָר**
**בית־הספר העממי־יידישי לבנות ב־1917 בימי השלטון הגרמני**



**בית ספר העברי „תרבות״ בשנות העשרים סמוך לאחר המלחמה הראשונה**



יידישע פאָלקס־שול נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה
בית ספר עממי בשנים הראשונות לאחר מלחמת העולם הראשונה



די „תרבות״־שול אין 1929/30 לערן־יאָר



**בית ספר עברי „תרבות״**



**יידישע שילער פון פוילישער פאָלקס־שול מיט זייער לערער פון רעליגיע**
**תלמידים יהודיים מבית הספר הפולני העממי ב־1935 עם המורה לעניני דת אהרן קאגאנוביץ**

# דאס רעליגיעזע לעבן

## הרב ראובן חדש

הרב ראובן חדש איז געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע און שענסטע געשטאַלטן צווישן די רבנים פון אָלשאַנער געגנט. ער איז געווען דער רעליגיעזער און גייסטיקער מנהיג פון דער יידישער קהילה אין אָלשאַן. פון אַלע רבנים־קאַנדידאַטן אויפן כסא הרבנות אין שטעטל איז אויסגעוויילט געוואָרן דער יונגער הדרת־פּנימדיקער הרב חדש.

גאָר גיך איז דער נאָמען פון הרב חדש פּאָפּולער געוואָרן אין דער סביבה פון ווילנער געגנט. אויך גרעסערע קהילות האָבן פאָרגעשלאָגן דעם אָלשאַנער רב איבערצונעמען דאָס רבנות אין זייערע שטעטלעך, אָבער הרב חדש האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער איז פאַרבליבן מיט זיינע פאָלקסטימלעכע גוטע יידן פון אָלשאַן, וועלכע ער האָט ליב באַקומען מיט לייב און לעבן.

אָלשאַנער יידן האָבן מיט דרך־ארץ אָפּגעשאַצט די גרויסקייט און האַרציקייט פון זייער באַליבטן רב. אַלע ווי איינער, יונג און אַלט, לומדים און פשוטע יידן, פרומע און אַפּיקורסים האָבן פאַרהערלעכט זייער רעליגיעז־וועלטלעכן מנהיג־העדה. אַחוץ זיין בקיאות אין תלמוד און פוסקים, איז הרב חדש געווען געבענטשט מיט אַ זעלטענעם רעדנער־טאַלאַנט און מיט אַ פּערלדיק יידיש־לשון. זיינע רעדעס זענען שטענדיק געווען זאַכלעך און לאָגיש, קלאָר און פאַרשטענדלעך פאַר אַלעמען. זיינע ווערטער זענען אַריינגעדרונגען טיף אין האַרצן.

*

אין אָלשאַן פלעגן אָפט זיך בייטן די רבנים, ווייל דאָס פאַרנעמען דעם כסא הרבנות אין דער דאָרטיקער קהילה איז געווען פון גאָר גרויסער חשיבות, באַזונדערס נאָך דער פּטירה פון טינקעוויטשער עילוי הרב הגאון ר׳ משה שמחה ראַבינאָוויטש ז״ל, וועלכער איז אין טיפן עלטער נפטר געוואָרן אין אונדזער שטעטל.

## חזנים, זינגער און בעלי־תפילות

דאָס יידיש־רעליגיעזע לעבן אין אָלשאַן איז געקומען צום אויסדרוק אין די צוויי גרויסע בתי־מדרשים.

אָלשאַן האָט פון שטענדיק אָן פאַרמאָגט גוטע זינגער און האַרציקע בעלי־תפילות. אַזעלכע זענען געווען: ר׳ אליהו גורוויץ, מיט אַ ווונדערבאַרער טענאָר־שטים, אַ האַרציקער בעל תפילה, גרשון אַבראַמאָוויטש — אַ ברודער פון באַרימטן חזן לייזער אַבראַמאָוויטש פון סמארגאָן, ר׳ שמעון סעגאַלאָוויטש, אשר

גערשאָנאָוויטש, חיים גורוויץ, הערשל דער מלמד, מיטן צונאָמען „דער טערק" א. אַנד.

אָלשאַן האָט אויך שטענדיק אויסגעהאַלטן גוטע חזנים. אַ סך יאָרן האָבן אָלשאַנער יידן געגאָסן פון די האַרציקע תפילות פון חזן יצחק גרשון מיט זיין צוגעקליבענעם כאָר. די קאָמפּליצירטע ליטורגישע קאָמפּאָזיציעס פון די בעסטע מחברים פון די רעליגיעזע תפילות, אויך פון אייגענע קאָמפּאָזיציעס — האָט יצחק גרשון איינשטודירט מיט זיין כאָר. באַזונדערס פלעגט דער עולם הנאה האָבן פון די סאָלאָס געזאַנג, אויסגעפירט אין די קאָמפּאָזיציעס צוגעקליבענע דורכן חזן.

אין די ימים־נוראים און ימים־טובים פלעגן די בתי מדרשים געפּאַקט זיין פון יונג און אַלט, אויך קריסטן זענען געקומען הערן די האַרמאָנישע קאָמפּאָזיציעס אויסגעפירט דורכן חזן מיט זיין כאָר.

ש. קאפלאַן

## די בתי־מדרשים

ביי דעם פליסנדיקן „יידישן טייכל", ווי מ'האָט עס גערופן, וועלכעס האָט קיינמאָל נישט אויסגעטרוקנט, איז געשטאַנען דאָס אַלטע בית־המדרש און שכנות־דיק דער נייער בית־תפילה. זענען פיל מתפללים זיך צוזאַמענגעקומען טאָג־טעגלעך אין די בתי מדרשים, כדי צו פאַראייניקן זיך אין געבעט צום בורא עולם.

אין די בתי־מדרשים האָט אין די לעצטע יאָרן הרב ראובן חדש ז"ל געפירט זיין הילפס־אַרבעט לטובת אָלשאַנער יידן. די שווערסטע לאַסט פון שטעטל איז געפאַלן אויף זיינע פּלייצעס. ער איז געווען דער רואה־צאן בלב ונפש פאַר אַלעמען. האָט מען געדאַרפט קומען צו הילף נויט־ליידנדע, האָט דער רב גערופן אייניקע בעלי־בתים און גבאים און עס איז דורכגעפירט געוואָרן הילפס־אַקציעס, ווי: „הכנסת־כלה" פאַר אָרעמע מיידלעך, וואָס האָבן זיך געגויטיקט אין אַן אויס־שטייער צו דער חתונה.

אין אָלשאַן האָט נישט געפעלט קיין נויט־באַדערפטיקע. איז ביי אַ בעל־עגלה געפאַלן דאָס פערד און מען דאַרף מפרנס זיין אַ שטוב מיט קליינע קינדער־לעך — איז דורכן רב במשך פון אַ וואָך צייט געשאַפן געוואָרן אַ פאָנד צו קויפן אַ צווייט פערד. דאָס רעדל האָט זיך ווייטער געדרייט.

*

די יידישע קהילה אין אָלשאַן האָט פון שטענדיק אָן געהאַט אָנגעזעענע רבנים. הרב ר' איסר פּאָלאָנסקי האָט יאָרן פאַרנומען ביי אונדז דעם כסא הרבנות. ער איז אַוועק קיין ריגע און געוואָרן דאָרט הויפּט־ראַבינער. הרב עפרון,

אַ באַוווּסטער רב. איז אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן אַריבער אין דעם שכנותדיקן שטעטל ווישניעווע און אויך הרב זלמן שפּיראָ איז אַ לענגערע צייט געווען אַ רב אין אָלשאַן און דערנאָך אַוועק קיין נאָוואָגרודעק.



הרב ר׳ איסר פּאָלאָנסקי, ז״ל

אָלשאַן האָט, ווי יעדעס שטעטל, געהאַט חזנים און בעל־תפילות. אַזאַ חזן איז געווען שפּיראָ, וואָס האָט שבת ראש־השנה געדאַוונט מיטן כאָר און מיט זיין האַרציקן דאַווענען גערירט דעם עולם ביז טרערן. אַנדערש איז געווען אין די ימים נוראים. יום־כיפּור צו כל־נדרי איז דער רב ר׳ ראובן חדש געשטאַנען איינגעהילט אין קיטל און אין טלית און גערירט געזונגען כל־נדרי מיט אַזאַ האַרצרייסנדיקייט, אַז יעדער האָט ממש געפילט ווי די הימלען שפּאַלטן זיך. צומאָרגנס, פאַר זון־אונטערגאַנג, נאָכן שווערן טאָג פון תפילות און תענית, איז ער מיט שטילע טריט צו צום עמוּד, דער אַלטער ר׳ שמעון סעגאַלאָוויטש אָפּריכטן די תפילת נעילה, מיט טיף האַרציק געבעט צום פאָטער אין הימל.

גרשון אַבראַמאָוויטש, משה־יוסף סאלאדוכא און אברהם־יצחק סאלאדוכא זענען געווען שטענדיקע בעלי תפילות און שליחי־ציבור.

*

בין מנחה למעריב זענען געזעסן די יידן פון חברת „חיי־אדם״ ביי אַ לאַנגן טיש אין אַ זייט פון בית המדרש און געהערט ווי ס׳לערנט פאַר זיי ר׳ מאיר גורוויטש אַ פּרק פון „חיי־אדם״. דאָס לערנען איז איבערגעריסן געוואָרן מיט דעם קלאַפּ אויפן באַלעמער־טיש פון שמש ר׳ לייזער גערשאָנאָוויטש, וועלכער האָט אויסגערופן: „דאַווענען מעריב״!

נאָך מעריב האָבן לומדים זיך אַוועקגעזעצט לערנען גמרא ביז שפּעט אין דער נאַכט. מיט די לומדים האָט אָנגעפירט הרב ר׳ ראובן חדש און ר׳ אברהם־שמואל זיסקאנד. ער האָט אויך געלערנט מיט דער חברה משניות.

פרייטיק צו נאַכטס נאָך קבלת־שבת אין בית המדרש. דער עולם באַגריסט זיך מיט „גוט שבת, גוט שבת". יעדערער באַזאָרגט זיך מיט אַן אורח לכבוד דעם הייליקן שבת. מיט קבלת אורחים האָבן זיך פאַרנומען ר׳ גרשון קאָזלאָווסקי און יהושע רודניק.

*

שבת פרי: די בתי מדרשים זענען פול מיט מתפללים — בעלי בתים און יוגנטלעכע, בעלי־מלאכות. אַלע דאַווענען מיט שבתדיקער רו און האָפענונג אויף אַ בעסערער וואָך. ביי קריאת־התורה כאַפּט מען אַ שמועס וועגן וועלט־פּאָליטיק אָדער געשעפט־ענינים. ווען דער שמש רייסט איבער: „געגוג, קריאת התורה", ווערט דער עולם שטיל, מען הערט זיך ווייטער צו צו ר׳ אברהם יצחק סאלאָדוכאס לייענען די פּרשת השבוע.

*

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה איז דאָס בית־המדרש אויסגעמאָלט געוואָרן אויפסניי זייער הערלעך דורכן קינסטלער־מאָלער הבחור אברהם שלמה וואראנאָווסקי.

דער בנין פון אַלטן בית המדרש איז צעטיילט געוואָרן אויף צוויי חלקים: די מזרח־וואַנט און אַ קליינער טייל איז פאַרבליבן אַלס בית־מדרש. דער ווייטער־דיקער טייל איז אויסגעריכטעט געוואָרן פאַר אַ תרבות־שולע. דער עזרת־נשים איז אינגאַנצן אַראָפּגענומען געוואָרן.

אַלץ האָט אין אַלשאַן געאָטעמט מיט יידישקייט. ווי שווער די לאַגע איז נישט געווען, האָט גאַנץ קהל אָפּגעשפּאָרט פון די שווערע פּרנסות אויסצוהאַלטן און דערהאַלטן דאָס, וואָס איז געווען הייליק און טייער.

## ר׳ משה יוסף סאלאָדוכא

יעדן שבת פאַר מנחה איז אונדזער רבי ר׳ משה יוסף סאלאדוכא געקומען לערנען מיט אונדז. זומער — פּרקי אבות און ווינטער — ברכי נפשי. זיין הדרת פּנים, דער רואיקער שטילער גאַנג, די ריינע ציכטיקע מלבושים און פיין געהאַלטענע באָרד, זיין גאַנצע פערזאָן — האָט ביי אונדז, קינדער, אַרויסגערופן אַ טיפן יראת הכבוד. מיר האָבן אים שטענדיק פאַרגליכן מיט דעם בילד פון ד״ר הערצל.

מיט אַ באַזונדערער מתיקות און מיט פאַרגלייכונגען, צוגעפּאַסטע צו דער צייט, האָט דער רבי פאַרטייטשט פאַר אונדז דעם „ברכי נפשי", „ותמו חטאים מן הארץ ורשעים עוד אינם". זיינע ווערטער, זיין מתיקותדיק געזאַנג פון „שיר המעלות ממעמקים" — זענען טיף אַריינגעדרונגען אין אונדזערע נשמות און הערצער.

אַזוי איז אויך געווען זומער ביים לערנען „פּרקי אבות". דעם „איזה גבור הכובש את יצרו" (ווער איז אַ העלד? — דער, וואָס קען באַזיגן זיין יצר־הרע), אויפגעקלערט מיט משלים פונעם רבין — האָבן מיר, קינדער, אויפגענומען נישט בלויז מיטן מוח, נאָר אויך מיט האַרץ און נשמה.

אין דעם שיינעם זומערדיקן נאָכמיטאָג, זענען מיר געזעסן אין צימער פון טראַבסקי, אויף אָשמענער גאַס, און מיט א פארכאפּטן אָטעם אויפגענומען די פּערלדיקע רייד, וואָס זענען געקומען פונעם מויל פון אונדזער רבין ר' משה יוסף סאלאדוכא. ער האָט געלערנט לשם מצוה, נישט גענומען קיין שכר טרחה. פו״יצייטיק איז ער אַוועק פון דער וועלט. ער איז געשטאָרבן אין אַמעריקע.

פּסח גערשאָנאָוויטש

## ערב שבת אין שטעטל

די ערב־שבת שטימונג אין אָלשאַן האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דאָנערשטיק, ווען די באַלעבאָסטעס זענען געקומען אין די יאַטקעס איינקויפן פלייש אויף שבת. איך געדענק אונדזערע קצבים: מאיר, חיים, ליפּע דער קצב, לייב גורוויטש, שמעון קאָזלאָווסקי, יהודה טשערניאָווסקי און פּנחס קאָזלאָווסקי. נאָך די יאַטקעס האָבן אַ זייער חשובן אָרט אין שבת־איינקויף פאַרנומען די פרוכט־הענדלער: שמעיה גורוויטש, יוסף אַבראַמאָוויטש, וואָס זענען געשטאַנען אויפן מאַרק. לכבוד שבת האָבן די פרויען איינגעקויפט די שענסטע פּירות.

פרייטיק מיטאָג זענען שוין די ידישע באַלעבאָסטעס געווען שטאַרק באַ־שעפטיקט מיט: קאָכן, באַקן, רייניקן דאָס הויז און וואַשן די קינדער־קעפּלעך. אַלץ לכבוד שבת. אין דער לופט האָבן זיך געטראָגן זיסע ריחות פון די שבתדיקע מאַ־כלים. אין דער מילדער ערב שבתדיקער שטילקייט שניידט זיך פּלוצים אַריין זיסע קלאַנגען: אַ פידעלע פאַרגייט זיך אין אַ ניגון, וואָס דרינגט מתיקותדיק אַריין אין דער נשמה. דאָס שטעלט מען אַ חופּה אין אָלשאַן. אַזוי ווי דער מנהג איז געווען, אַז די חופּות זאָלן געשטעלט ווערן פרייטיק נאָכמיטאָג. חתן־כלה ווערן געפירט אין שול אַריין. ידיש קלעזמאָרים, וועלכע פלעגן מייסטנס קומען פון אָשמענע, באַגלייטן זיי מיט מוזיק.

שפּעט נאָכמיטאָג קומט אָן פון דער אָשמענער גאַס בערל „דער קייסער", דער געוועזענער רעוואָלוציאָנער פון יאָר 1905. ער גייט אַרום דערמאָנען יידן,

אַז דער הייליקער שבת הויבט זיך באַלד אָן. בערל „דער קייסער" גייט שוין אין זיינע שבתדיקע בגדים: אַ לאַנגע קאַפּאָטע מיט אַ גאַרטל און אַ סאַמעטן היטל. ער ווערט נישט מיד צו רופן: „יידן אי'ן שול אַריין" „ און דערמאָנען די קרעמער, אַז ס'איז שוין צייט צו פאַרמאַכן די קראָמען.

פון דער צווייטער זייט גאַס קומט אָן דינה פּאָטאַשניק. נעכטן, דאָנערשטיק, איז זי געווען זייער פאַרנומען מיט זאַמלען: געלט, חלה, פּאָר נויטבאַדערפטיקע. איצט האָט זי שוין פאַרענדיקט איר אַרבעט. אין אירע שבתדיקע בגדים, מיט דער שנייווייסער שנירל פּערל אויפן האַלדז, גייט זי אין דער ווייבער־שול צו קבלת־שבת.

פרייטיק פאַרנאַכט איז פאַרשווונדן דער וואָכענדיקער רעש. די געשעפטן געשלאָסן, אָפּגערוימט דער מאַרק. פון אַלע גאַסן און געסלעך גייען יידן מיט מנוחהדיקע טריט אין שול אַריין. אָט באַווייזט זיך דער רב, הרב חדש, מיט זיין ליכטיקן הדרת פּנים און שטאָלצער פיגור.

פרייטיק צו נאַכטס: דער עולם איז שוין צוריקגעקומען פון שול. מ'מאַכט קידוש. די שבת־ליכט באַלויכטן דעם פיין געגרייטן טיש און שיינען אַרויס אין גאַס. נאָך דער סעודה: די נאַפט־לאָמפּן אין די הייזער לעשן זיך אויס צו ביס־לעך און די ליכט צאַנקען. דער עלטערער עולם גייט שלאָפן. אָבער די יוגנט פילט־אָן די גאַסן: מען גייט שפּאַצירן. די בחורים און מיידלעך פון החלוץ, בית"ר, השומר הצעיר — קלייבן זיך אין זייערע אייגענע קרייזן און קלובן הערן נייעס, פּאַרברענגען, זינגען די נייעסטע ארץ־ישראל־לידער. זייער געזאַנג טראָגט זיך איבער די אָלשאַנער גאַסן און געסלעך ארויס און פילט־אָן מיט פרייד און האָפע־נונג די אויפלעבונג.

די אומפּאַרטייאישע שפּאַצירן אויפן טראָטואַר לעבן קלויסטער. בחורים און מיידלעך ראָמאַנסירן. מען טרעפט זיך מיט באַקאַנטע מיידלעך, מען וואַרפט זיך איבער מיט ווערטער, פראַזן, און אַזוי אומבאַמערקטערהייט פאַרבלאָנדזשעט מען לעבן מיל.

אַזוי האָט אויסגעזען אין אַ זומערדיקן פרייטיק צו נאַכטס אין אָלשאַן.

א. א. פּאָטאַשניק



אָלשאַנער קהילה פאַרוואַלטונג פון 1921 יאָר מיטן אַמעריקאַנער דעלעגאַט פון אָשמענער הילפס־פאַראיין אין ניו־יאָרק ה׳ אַלתר קאַמפּ.
חברי ועד הקהילה בשנת 1921 במסיבה עם מר אלתר קומפ, שליחו של ועד הסיוע של בני אשמינה בארצות הברית.
משמאל לימין (יושבים): גרשון קיזלובסקי, שמואל־לייב דולינסקי, נחמיה פרסקי (איש אושמינה) אלתר קומפ ברוך אברמוביץ, הרצל כץ, אברהם יצחק סולודוכא, שמואל שלמה זיסקאנד. (עומדים): שמואל גרשנוביץ לייב פוטשניק, חיים־לייב טשירניאבסקי, ברוך־הירש גורביץ, משה יולק, סנדר פאטאשניק, יהודה גרשנוביץ, מוטל קוזלובסקי, וויינשטיין (השוחט).

# דאס ווירטשאפטלעכע לעבן

## די יידישע פויערים און זייער ערד־באַזיץ

יידן, וואָס האָבן געהאַט ערד אין אָלשאַן, זענען געווען צו איר שטאַרק צוגע־בונדן. ביי די שווערסטע באַדינגונגען, קריזיסן, וואָס דער יידישער פויער האָט געהאַט אויסצושטיין, האָט ער נישט געוואָלט פאַרקויפן אַפילו דעם קלענסטן שטח פון זיין באָדן, וועלכער איז געווען ביי אים אַ שטיק לעבן. נישט געקוקט דערויף, וואָס מאַטעריעל איז געווען שווער אויסצולעבן זיך פון די הכנסות פון דער ערד־אַרבעט, האָבן די יידישע פויערים אין אָלשאַן מקיים געווען דעם פסוק „השמח בחלקו״ און געפילט זיך זיכערער אין לעבן מיט דער אַזוי קאַרגער פרנסה פון דער מאַמע־ערד. אַ וויכטיקער צווייג פון הכנסה פאַר די קריסטלעכע פויערים איז געווען דאָס האָדעווען חזירים. דאָס האָט געגעבן אַ גרויסע איינקונפט. נאָר יידישע פויערים האָבן זיך אין קיין פאַל נישט דערלויבט צו פאַרנעמען זיך מיט חזירים.

די יידישע פויערים האָבן פאַרמאָגט אין זייער לעבעדיקן אינווענטאַר: צוויי־דריי קי, אַ פּאָר קעלבלעך, אַ פערד און עופות. די ערד איז באַאַרבעט געוואָרן פרימיטיוו: מיט פערד, אַקער, בראָנע, סערפּ און צעפּ צום דרעשן, וועלכע זענען באַשטעלט געוואָרן ביי די אָלשאַנער יידישע שמידן. אַ שטאַל און שייער איז געווען הינטערן שטוב. אַ קלענערער טייל פון באָדן האָבן פאַרנומען די לאָנקעס אויף פאַשע פאַר בהמות און אויף טרוקענען היי. אין די שייערן איז אַריינגעבראַכט געוואָרן דאָס שמעקעדיקע היי, און זומער, די פרישע תבואות: קאָרן, גערשטן, האָבער, ווייץ. אַ באַזונדער אָרט האָט פאַרנומען די קאָניטשינע־שפּייז פאַר די בהמות. האַרבסט־צייט זענען די קעלערן פון די יידישע פויערים אָנגעשיט געוואָרן פול מיט קאַרטאָפל (בולבעס), ווי אויך מיט רעטעך, רויטע בוראַקעס, מערן, ברוקווו, קרויט. אויך פלאַקס איז געהאָדעוועט געוואָרן, וואָס מ׳האָט אַראָפּגענומען געוויינלעך אַ ביסל שפּעטער. פלאַקס האָט געפאָדערט אַ סך האָרעוואַניע נאָכן אַראָפּנעמען פון פעלד. מען האָט באַדאַרפט איבעראַרבעטן, אָבער עס האָט געבראַכט אַ באַדייטנדיק גרעסערע הכנסה.

די פעלדער זענען באַמיסטיקט געוואָרן מיט מיסט פון בהמות און פערד. די שטאַלן זענען צו דעם צוועק אויסגעבעט געוואָרן מיט שטרוי. אַזאַ מיסט האָט באַפרוכפּערט דעם באָדן אויף פיר־פינף יאָר. אַ צווייטער אופן פון מיסטיקן איז געווען דאָס פאַרזייען „לובין״. נאָכן אויסוואַקסן גאַנץ הויך, ווען ער איז נאָך געווען גרין, האָט מען דעם לובין איינגעאַקערט טיף אין באָדן. נאָך אַ געוויסער צייט איז ער געוואָרן צעפוילט. דאָס האָט באַמיסטיקט די ערד און די באַפעטונג האָט אָנגעהאַלטן צוויי ביז פיר יאָר.

נישט לייכט איז אָנגעקומען די יידישע פויערים דאָס פּאַשען די בהמות אין די זומער־חדשים. עס האָט נישט געלוינט יעדן באַלעבאָס צו האַלטן אַ פּאַסטעך פאַר זיינע קי. צום שטעטל האָט געהערט אַן אַלגעמיין פּאַשע־פעלד פון גרויסע שטחים, צענדליקער העקטאַר. פּאַקטיש האָט עס געהערט צו אַלע באַלעבאַטים פון שטעטל, וועלכע זענען געווען באָדן־אייגנטימער, אָדער געהאַט אַ הויז. די קריסטלעכע פויערים און שטעטלשע באַלעבאַטים האָבן אָבער נישט דערלאָזט, אַז די יידן פון שטעטל זאָלן געניסן פון דעם אַלגעמיינעם פּאַשע־פעלד און האָבן געשטערט, פּשוט פאַרשטעלט דעם וועג פאַר דעם געדונגענעם פּאַסטעך פון דער יידישער סטאַדע בהמות (דאָס רוב יידן פון שטעטל האָבן געהאַט בהמות). אַלס אויסנאַם האָבן די קריסטן געמאַכט פאַר די יידישע פויערים, וועלכע מ׳האָט דערלויבט צו באַנוצן זיך מיט דעם פּאַשע־אָרט.

ס׳איז געווען טומלדיק אַרום דעם ענין. יידן האָבן אָפּגעהאַלטן אסיפות, עס איז געקומען צו פּראָצעסן, גרויסע הוצאות. לסוף, אויף וויפל איך געדענק, איז מען דורכגעקומען. די יידן האָבן געהאַט אַ באַזונדערן פּאַסטעך, וואָס האָט געפּי־טערט די סטאַדע אויף דעם אָלשאַנער פּאַשע־פעלד. דער מצב פון די יידישע תושבים איז געוואָרן לייכטער, וויניקער אָנגעשטרענגט און פּאַמעלעך האָבן זיך נאָרמאַליזירט די באַציונגען צווישן די יידישע און קריסטלעכע תושבים. יעדן טאָג גאַנץ פרי, באַלד נאָכן זון־אויפגאַנג, זענען די קי אָפּגעגעבן געוואָרן אויף פּאַשע צו אַ פּאַסטעך, וואָס איז געדונגען געוואָרן אויפן גאַנצן זומער. ער האָט געפירט די „יידישע״ קי אויף דעם אַלגעמיינעם שטעטלדיקן פּאַשע־פעלד וואָס האָט געהייסן „פּאַשטבישטשע״, ביים טראַקט פון אָשמאַנער וועג.

נישט לייכט איז געווען אויסצוהאַלטן זיך פון דער פּרנסה — פון דער ערד־אַרבעט. יעדער יידישער פויער האָט דערגענצט מיט אַ צוגאָב־פּרנסה — האַנדל, און אַזוי געמאַכט אַ לעבן.

אין זכרון זענען מיר פאַרבליבן פאָלגנדע נעמען פון יידישע פויערים אין אָלשאַן:

יונה־אליעזר קאַפּלאַן, געקויפט אַ גיט, בערך 100 העקטאַר באָדן.
דוד און אליהו לייבמאַן — 3 העקטאַר באָדן פון ירושה.
שמעון בר׳ דוד־לייב קאָזלאָווסקי — 3 העקטאַר פון ירושה.
אליקום לידסקי — 4 העקטאַר, פון ירושה.
בערל גורוויטש — 3 העקטאַר, אַרענדירט.
לייבל לעווין — 15 העקטאַר, געקויפט.
גרשון און יקותיאל קאָזלאָווסקי — 4 העקטאַר, געקויפט.
אשר גערשאָנאָוויטש — 6 העקטאַר, פון ירושה.
מרדכי גערשאָנאָוויטש — 3 העקטאַר, אַרענדירט.
אייזיק ליב — 3 העקטאַר, אַרענדירט.

שמואל־לייב דאלינסקי — 6 העקטאַר, געקויפט.
מרדכי־נח׳ע שוסטער — 10 העקטאַר, געקויפט.
קלאַוונע בערקמאַן — 5 העקטאַר, געקויפט.
הירשל און משה לעווין — 12־15 העקטאַר, געקויפט.

אין אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די סאָוויעטן זענען אַריינגעקומען קיין אָלשאַן, האָבן זיי זיך נישט אַריינגעמישט אין לעבן פון די יידישע פויערים. זיי האָבן פאָרגעזעצט זייער אַרבעט ווי געווען, געצאָלט שטייערן פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער הכנסה אין נאַטור. קיין קאָלכאָזן פון די שטחים אין דער סביבה זענען דאַן נישט געשאַפן געוואָרן.

אין יוני 1941, ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט ווייסרוסלאַנד, האָבן זיי אויך נישט געשאַנעוועט די יידישע פויערים. זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער ערד און פאַרפייניקט געוואָרן. וואָס עס איז געלונגען באַצייטנס צו פאַרקויפן פון לעבעדיקן אינווענטאַר, האָט מען געראַטעוועט אָדער איבערגעגעבן צו אַ קריסט, פון וועלכן מ׳האָט שפּעטער צוריק באַקומען. וואָס עס איז נישט געלונגען צו פאַרקויפן, איז צעראַבעוועט געוואָרן דורך דאָרטיקע קריסטן, וועלכע זענען געזעסן אין גמינע, אונטער דער אָנפירונג פון די דייטשן.

פסח גערשאָנאָוויטש

## גערטנעריי

דורות לאַנג האָבן אַ גרויסע צאָל יידישע משפחות אין אָלשאַן זיך פאַרנומען מיט פלאַנצן, אַקערן און זייען. זיי אַליין האָבן באַאַרבעט די ערד און געלעבט פון דער ערד, וואָס איז געווען זייער אייגענע און פלעגט איבערגיין בירושה פון דור צו דור, אין אַלע צייטן און ביי יעדער מאַכט, ביז דער דייטשער אויסראָטונג.

די יידישע חלקים ערד האָבן זיך געפונען צווישן די קריסטלעכע פעלדער און זענען געווען אָפּגעטיילט דורך שמאָלע צווישנשיידן („מיעדזעס”). יעדער חלק איז באַשטאַנען פון שמאָלע, לאַנגע פאַסן, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז 2 ק״מ די לענג. צוזאַמען מיט די קריסטן האָבן די יידן געאַקערט, געזייט און געשניטן זייער תבואה.

דאָס רוב יידן פון אָלשאַן האָבן פון כל ימיו געלעכצט נאָך אַן אייגן שטיקל ערד, מיט וואָס זיי זאָלן זיך קאָנען פאַרזיכערן דעם קיום פון זייערע משפחות. נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט, האָבן יידן זיך אַן עצה געגעבן און געקויפט ערד און באַזעצט זיך אויף ערד, ווען עס וואָלט געווען אַ מעגלעכקייט צו קויפן באָדן. אָבער יעדע ערד־קניה איז געווען פאַרבאָטן דורך דער צאַרישער מאַכט. נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט, האָבן יידן זיך אַן עצה געגעבן און געקויפט ערד

אויף נעמען פון באַקאַנטע קריסטן מיט דער זיכערקייט, אַז מיט דער צייט וועט מען קאָנען איבערשרייבן אויפן אייגענעם נאָמען. אויף אַזאַ אופן האָט יונה לייזער קאַפּלאַן, אַ פאַרמעגלעכער וואַלד־סוחר און „פאַרבּרענטער" חובב ציון, געקויפט הונדערט העקטאַר ערד אויף דעם נאָמען פון זיינעם אַ באַקאַנטן קריסט בושעווסקי. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט יונה־לייזער איבערגעשריבן די ערד אויף זיין אייגענעם נאָמען.

יונה־לייזער מיט זיין משפחה, האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון זייער רחבות־דיקער דירה אין צענטער פון שטעטל און באַזעצט זיך אין אַ באַשיידענער וווינונג אויף זיין אייגענער ערד. צוזאַמען מיט זיינע 5 זין: ראובן־דוד, יעקב־שמעון, יצחק, עקיבא לייבל און די בת־יחידה עלקע, האָט יונה־לייזער באַאַרבעט די ערד. אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר האָבן זיי פאַרוואַנדלט די 100 העקטאַר וויסטן באָדן אין אַ בליענדיקן גוט.

מיט גערטנערײ האָבן זיך פאַרנומען נישט בלויז פּראָפעסיאָנעלע גערטנער, נאָר אויך סתם־יידן פאַר זייער אייגענעם געברויך. כמעט יעדע משפחה פון אַלשאַן האָט געהאַט אַ גאָרטן הינטער איר הויז. די גרייס פון גאָרטן איז געווען פאַרשידען: פון איין צענטל העקטאַר (בערך אַ דונאַם) ביז אַ העקטאַר די גרייס. אַ טייל משפחות, ווי: וועלוול ליאַנד, אברהם קאָזלאָווסקי, ישראל קאַפּלאַן, שמואל אליהו שמוקלער און אַנדערע, האָבן צו זייערע גערטנער פאַרמאָגט נאָך צוויי העקטאַר ערד אויפן ראַנד פון שטעטל. יעדע משפחה האָט באַאַרבעט איר גאָרטן, געזייט קאַרטאָפל, בוראַקעס, מייערן, קרויט, אוגערקעס פאַרן אייגענעם געברויך.

די אַזוי גערופענע פּראָפעסיאָנעלע גערטנער פלעגן, אויסער דעם אייגענעם גאָרטן, אַרענדירן אויך גרויסע שטחים ערד, וואָס זיי פלעגן פאַרזייען מיט פאַרשידענע פּראָדוקטן צום פאַרקויפן. דער הויפּט־פּראָדוקט איז געווען אוגער־קעס. אין אוגערקעס־סעזאָן האָבן די גערטנער־באַלעבאַטים טאָג־טעגלעך גע־פירט צענדליקער וועגענער מיט אוגערקעס צום פאַרקויפן אויף די מערק פון די שכנותדיקע שטעטלעך. די אוגערקעס פלעגן זיי פאַרקויפן אויפן שאָק (אַ שאָק איז געווען 60 שטיק). די הויפּט־אָפּנעמערס פון אוגערקעס און קרויט זענען געווען די דאָרפישע פּויערים, וואָס פלעגן איינקויפן אויף ווינטער גרויסע מענ־געס אוגערקעס און קרויט צום פאַרזאַלצן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ברוך אַבראַמאָוויטש, דער פּרעזעס פון דער פאָלקס־באַנק, זיך פאַרבונדן מיט דער געזעלשאַפט „ייקא"*, וואָס האָט געהאָלפן אויפשטעלן די רואינירטע פּויערים־ווירטשאַפטן און גערטנער. דורך

---

* „ייקא" — יידישע קאָלאָניסטן־אָרגאַניזאַציע — אַ געזעלשאַפט, געשאַפן אין די צאַרישע צייטן, צו פאַרשפּרייטן ערד־אַרבעט צווישן יידן.

דער פאַרמיטלונג פון דער פאָלקס־באַנק האָט „ייקא״ געשטיצט מיט הלוואות אויף לייכטע באַדינגונגען איינצוקויפן זריעה, לאַנדווירטשאַפטלעכע מכשירים, קי און פערד. „ייקא״ האָט אויך געשיקט אַגראָנאָמען און אינסטרוקטאָרן, וואָס האָבן געלערנט די פויערים און גערטנער צו באַאַרבעטן די ערד אויף אַ מאָדערנעם אופן, כדי אַרויסצובאַקומען אַ פּילפּאַכיקע גערעטעניש. אונטערן איינפלוס פון די „ייקא״־אַגראָנאָמען האָבן יידן אָנגעהויבן פלאַנצן פּרוכט־ביימער אויף זייערע גערטנער.

*

די יידישע סאַדאָווניקעס האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע פּרוכט־גערטנער, נאָר אָפּגעקויפט ביי די גוטבאַזיצער די פּרוכטן ווען זיי זענען נאָך געווען אויף די ביימער, אפילו נאָך פאַרן רייף־ווערן. מ׳פלעגט אָפּקויפן אַ געוויסע צאָל ביימער אָדער דעם גאַנצן סאָד, נאָך אַ געהעריקער אָפּשאַצונג וויפל פּרוכטן די ביימער קענען געבן.

אַזוי אַרום זענען די ביימער געווען דאָס אייגנטום פון די סאַדאָווניקעס ביזן אַראָפּנעמען די פּרוכטן. ווען די פּירות זענען אונטערגעוואַקסן, האָבן די יידן אָוועקגעשטעלט ספּעציעלע שומרים, מ׳זאָל נישט צוגנבענען דאָס אויבסט. די צייטיקע פּרוכטן האָט מען סאָרטירט, געפּאַקט אין קאָסטנס און אַוועקגעשיקט אין די גרעסערע רוסישע שטעט (אין די צאַרישע צייטן) און קיין אויסלאַנד. צווישן די צוויי וועלט־מלחמות זענען די פּירות געשיקט געוואָרן בעיקר אין די גרעסערע פּוילישע צענטערן.

גרויס אָנזען און צוטרוי ביי די פּריצים האָט געהאַט שעפּסל אַבראַמאָוויטש אַלס מומחה ביים אָפּשאַצן די וואָג פון די פּרוכטן פון יעדן בוים באַזונדער און פון גאַנצן סאָד צוזאַמען. די גענויקייט פון זיין אָפּשאַצונג האָט געהאַט אַ שם אין דער אומגעגנט פון אָלשאַן.

## האַנט־שטריקעריי און הויז־מלאכה

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין אָלשאַן געווען אַנטוויקלט די הויז־מלאכה פון האַנט־שטריקעריי. געשטריקט האָט מען הענטשקעס און שקאַרפּעטן פון וואָל. מיט דער מלאכה פלעגן זיך פאַרנעמען פרויען און מיידלעך אוי עלטערע לייט. דאָס שטריקן איז געווען אַ צוגאָב־פּרנסה פון יידישע און קריסטלעכע פרויען צוהילף זייערע מענער.

צוויי ענערגישע יידישע סוחרים — קושע זיסקאַנד און ציפּע לאה נאַמיאָט מיט זייערע משפחות האָבן די דאָזיקע מלאכה פאַרוואַנדלט אין אַן אינדוסטריע. די הענטשקעס פלעגן זיי צושטעלן פאַרן רוסישן מיליטער. דריי סאָרטן הענטשקעס האָט מען געשטריקט — מיט איין פינגער, צוויי פינגער און פינף פינגער־

דיקע. מיט מייסטערהאַפטער שנעלקייט האָבן די 5 שטאָלענע דראָטן זיך באַוועגט אין די הענט פון די פרויען. עס זענען געווען פענאָמענען אין דער קונסט פון גיך שטריקן. די רויע וואָל איז געבאַרשט געוואָרן מיט אַ מאַשין און די גאַנצע אַרבעט, ווי שפינען, שטריקן, וואַשן און אַלע אַנדערע אַרבעטן זענען געמאַכט געוואָרן מיט די הענט.

איינמאָל אין וואָך, אממייניסטן שבת נאָך מערב, האָבן קושע און ציפּע לאה אָפּגענומען די פאַרטיקע סחורה. גלייך נאָך הבדלה פלעגן ביידע סוחרים אַרויסגיין אויף זייערע גאַניקעס און מיט באַנומענע קולות שרייען: „נעסיטע טאָוואַר!". דאָס איז געווען אַ סימן פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, אַז מען מעג שוין ברענגען די סחורה. מאָמענטאַל פלעגט זיך שאַפן אַ יאַריד אַרום זייערע הייזער. ווייבער מיט פעק הענטשקעס האָבן מיט אַ געפּילדער זיך גענומען שטופּן, כדי וואָס גיכער אָפּגעבן די פאַרטיקע סחורה, אָפּרעכענען זיך און צו באַקומען פרישע וואָל צום שטריקן. מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער דאָזיקער צווייג אונטערגעגאַנגען.

*

נאָכן אַנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פּוילן, האָט ר' בן־ציון רודניק מיט זיינע קינדער אויפסניי אַנטוויקלט דעם אונטערגעגאַנגענעם צווייג פון שטריקעריי אויף אַ מער איידעלן אופן. בן־ציון האָט אַראָפּגעבראַכט שטריק־מאַשינען אויף וועלכע עס האָבן געאַרבעט יידישע מיידלעך און פרויען. די פאַרטיקע סחורה, — הענטשקעס, סוועטערס און שקאַרפּעטן האָט בן־ציון געליפערט פאַר דעם פּוילישן מיליטער ביז צום אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג.

אין מערץ 1942 איז ר' בן־ציון מיט זיין פאַרצווייגטער משפחה אַרויסגעפאָרן פון אָלשאַנער געטאָ צוזאַמען מיט אַנדערע יידן אין וואָלאָזשינער געטאָ. מיט אַ באַשייניקונג פון די דייטשן אַלס „נוצלעכער יודע", האָט ר' בן־ציון מיטגענומען זיינע שטריק־מאַשינען, גלויבנדיק, אַז ער וועט קאָנען אַרבעטן פאַרן דייטשן מיליטער און דערמיט ראַטעווען זיין משפחה, ווי אויך די יידן פון אָלשאַן. אין מאַי 1942 זענען אַלע יידן פון וואָלאָזשינער געטאָ אומגעבראַכט געוואָרן. בדרך נס איז געבליבן לעבן בן־ציונס אַ זון, מיכאל, וואָס געפינט זיך היינט אין אַמעריקע.

## גמילת־חסד־קאַסע

מיט דער הילף פון אַלשאַנער לאַנדסלייט אין אַמעריקע איז אין 1922סטן יאָר געגרינדעט געוואָרן אַ גמילת חסדים־קאַסע, וואָס האָט געהאָלפן מיט הלוואות אַלע נויטבאַדערפטיקע בעל־מלאכות, פאָלקס־מענטשן און קליינע סוחרים. די קאַסע האָט געפירט איר טעטיקייט אין דעם קהל־שטיבל פון נייעם בית־המדרש. דאָרט זענען פאָרגעקומען די זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג.

דוד סעגאַלאָוויטש, אַ הורט־סוחר פון פלאַקס, איז די גאַנצע צייט פון דער עקזיסטענץ פון דער קאַסע געשטאַנען בראש פון דער פאַרוואַלטונג. די בוכ־האַלטעריע האָט געפירט חנניה גורוויטש (היינט אין ישראל).

די פינקטלעכע טעטיקייט פון דער אָנפירונג פון דער גמילת חסדים־קאַסע האָט געבראַכט דערצו, אַז דער גרונט־קאַפּיטאַל פון דער דאָזיקער פינאַנס־אינ־סטיטוציע איז כסדר געוואַקסן. זי האָט געוווּנען דעם צוטרוי פון דער אַלשאַנער באַפעלקערונג און די לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן כסדר געשטיצט די גמילת חסדים־קאַסע מיט באַדייטנדיקע סומעס. נאָכן איבערפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויף פוילן אין 1939, האָט די גמ״ח־קאַסע אויפגעהערט צו עק־זיסטירן.

שעפסל קאַפּלאַן

## קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס־באַנק

די קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס־באַנק, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1925 דורך דעם אַפּטייקער ברוך אַבראַמאָוויטש, האָט אין די שווערסטע יאָרן געהאָלפן כמעט אַלע יידישע איינוווינער פון שטעטל: אַרבעטער, בעלי־מלאכות, ערדאַר־בעטער, סוחרים, קרעמער, הענדלער, דאָרפס־הענדלער, דאָרפסגייער און מענטשן פון פרייע פּראָפעסיעס — אַלע האָבן גענומען הלוואות אין דער פאָלקס־באַנק.

קרעדיטן אין יענע צייטן איז געווען שווער צו באַקומען, נישט צוטריטלעך פאַר יעדן. אויב עמעצער האָט יאָ באַקומען הלוואות, איז עס געווען קעגן הויכע צינזן. די פאָלקס־באַנק האָט מיט פינאַנסיעלע מיטלען געהאָלפן אירע מיטגלי־דער, וועלכע האָבן שווער זיך געראַנגלט פאַרן טאָג־טעגלעכן קיום. יעדער האָט באַקומען אַ הלוואה אין דער הייך פון 50 ביז 1000 זלאָטעס, לויט די קרעדיט־מעגלעכקייטן אין יענער צייט, אויסצוצאָלן אין וועכנטלעכע ראַטעס.

דאָס געלט איז ווייניק געלעגן אין דער באַנק־קאַסע. עס איז געווען אַ „גלגל חוזר": ר׳ חיים האָט באַקומען אַ הלוואה, איז ער גלייך געפאָרן קיין ווילנע איינצוקויפן אַ ביסל סחורה פאַר זיין קרעמל, וואָס דאַרף אויסהאַלטן אַ משפחה פון פינף קינדערלעך, ער דאַרף האָבן און האָבן, מען האָט דאָך אויסגעשטעלט וועקסעלעך האַרן קרעמער פון ווילנע, צאָלבאַר אין דער יידישער קאָאָפּ. פאָלקס־באנק אין אָלשאַן. אַזוי האָט זיך כסדר באַוועגט דער באַנק־קאַפּי־טאַל — צווישן יאַנקלען, בערלען, שמעונען און שמואלן. זיי האָבן געצאָלט זייערע ראַטעס און אַנדערע מיטגלידער האָבן באַקומען הלוואות.

יעדער ייד פון שטעטל, וואָס האָט זיך געווענדעט מיט אַ בקשה און זיך דעקלאַ־רירט אַלס מיטגליד, איז גלייך אָנגענומען געוואָרן נאָכן איינצאָלן אַ פּאַי. די באַנק איז געווען אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער יידישער קאָאָפּ. פאָלקס־באַנק אין ווילנע. פון דאָרט האָבן מיר באַקומען לאַנגטערמיניקע און קורצטערמיניקע הלוואות ווי אויך דיסקאָנטאָ. די צענטראַלע פון ווילנע איז געווען פאַרבונדן מיטן „דזשאָינט" פון אַמעריקע. די צאָל מיטגלידער פון באַנק האָט געגרייכט אַן ערך 350.

די באַנק איז געווען אָפן טעגלעך פון 2 ביז 7 אין אָוונט. פרייטיק — פון 11 אַ זייגער ביז 2 נ. מ. פאַרשטענדלעך, אַז באַזונדערס אינטענסיוו האָט די באַנק געאַרבעט אין די מאַרק־טעג: — מאָנטיק און פרייטיק. פרייטיק איז געווען „קליין־מאַרק", קריסטן פון דער סביבה זענען געקומען אין שטעטל איינקויפן פאַרשידענע נייטיקע זאַכן.

*

דער גרעסטער טייל פון יידישן מסחר אין אָלשאַן איז געווען אויסגעשטעלט אויף קרעדיט. מ׳האָט געשריבן וועקסלען. ס׳רוב קרעמער האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן די וועקסלען ביזן צאָלונגס־טערמין. זענען זיי אַריינגעטראָגן גע־וואָרן אין דער יידישער קאָאָפּ. פאָלקס־באַנק אין אָלשאַן. זייער פיל האָט די באַנק אויפגעטאָן פאַר די קרעמער דורך דער אינקאַסאָ־אָפּטיילונג. יעדער וועקסל האָט געדאַרפט געצאָלט ווערן אויפן צווייטן טאָג נאָכן פעליק ווערן, ביז 12 אַ זייגער, אין קעגנפאַל האָט ער געדאַרפט „פּראָטעסטירט" ווערן,, וואָס האָט געבראַכט צוגאָבלעכע הוצאות אויפן חשבון פון קרעמער. די דאָזיקע אויסגאַבן זענען באַזייטיקט געוואָרן אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער אַרבעט און פאַר־שטענדעניש פון דער פאַרוואַלטונג און דעם פּערסאָנאַל פון דער באַנק, וואָס איז געפירט געוואָרן דורכן פרעזעס ברוך אַבראַמאָוויטש. עס איז געטאָן געוואָרן אַלץ, כדי צו באַזייטיקן דעם שווערן מצב און גלייכצייטיק נישט אָנצורירן די עקזיסטענץ פון דער באַנק.

אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה איז דורך דער פאָלקס־

באַנק געגעבן געוואָרן „טאָפּאַראַל־הלוואות" פאַר פאַרשידענע צוועקן, ווי: איינ־צוקויפן באָדן אויף צו שאַפן יידישע לאַנדווירטן, אויסברייטערן די שוין עקזיס־טירנדיקע לאנדווירטשאפטן, און הלוואות אויף צו אנטוויקלען גערטנעריי, פּלאַנצן און אַנטוויקלען פרוכט־ביימער (סעדער). דורך גרויסע אָנשטרענגונגען פון אַלע פאַרוואַלטונגען, וואָס זענען געווען אין פאַרשידענע צייטן, זענען אויס־געמיטן געוואָרן דעפיציטן. די אַדמיניסטראַטיווע הוצאות זענען פאַרהעלטניש־מעסיק נישט געווען קיין גרויסע. עס איז גענומען געוואָרן 9 פּראָצענט יערלעך. אַ באַדייטנדיקע הכנסה איז געווען פון אינקאַסאָ־פּראָוויזיע.

מתחילת איז די באַנק געווען אין הויז פון רבקה צעפּלונסקאָ. די לעצטע יאָרן — אין הויז פון שבתי אַבראַמאָוויטש.

אין זאַל פון פאָלקס־באַנק פלעגן ייקא־אַגראָנאָמען רעפערירן פאַר יידישע פּויערים און גערטנער ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען פון דער ערד וואָס גרעסערע געוועטענישן. די רעפעראטן פלעגן זיך פאַרענדיקן מיט פראַגן און ענטפערס.

דאָס רוב פון דער פאַרוואַלטונג פון דער באַנק און פון דער רעווידיר־קאָ־מיסיע, אין די אַלע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון דער דאָזיקער פינאַנס־אינסטי־טוציע, געהערן צו די קדושים פון יידישן פאָלק, וואָס זענען פארפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן. לאָמיר דאָ דערמאָנען די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג, וועלכע זיינען אין פאַרשידענע יאָרן געשטאַנען בראש פון דער אָלשאַנער פאָלקס־באַנק: ברוך אַבראַמאָוויטש, חיים לייב טשערנאָווסקי, ברוך צבי גורוויטש, צבי לעווין, יעקב גראָדנער, שמואל טראבסקי, מרדכי רובינאָווסקי, שמואל באָ־יאַרסקי, מרדכי ב"ר יוסף קאָזלאָווסקי, ברוך שמואל סאגאלאָוויטש, הערשל וואָ־ראָנאָווסקי. צו דער רעווידיר־קאָמיסיע האָבן געהערט: הרב ראובן חדש, שמואל לייב דאָלינסקי, אשר פּאָטאַשניק, גרשון עליאַשבערג. פּרעזעס פון די פאַרוואַל־טונגען אין די אַלע יאָרן איז געווען — ברוך אַבראַמאָוויטש. ער איז אויך געווען ערן־מיטגליד פון דער עקספּאָזיטור ביי דער צענטראַלע פון די יידישע קאָאָפּ. פאָלקס־בענק אין ווילנע.

דער פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון פאלגענדע מיטגלידער: ברוך אַבראַמאָ־וויטש, אברהם־שמואל זיסקאָנד און פסח גערשאָנאָוויטש. אין די פריערדיקע יאָרן האָט מיטגעאַרבעט ישעיהו פּאָטאַשניק.

רעווידענטן, וואָס זענען געקומען פון ווילנער עקספּאָזיטור צו קאָנטראָלירן די טעטיקייט פון דער אָלשאַנער באַנק זענען געווען: אורי קליאנסקי און מעכאַניק. זיי האָבן פיל מיטגעהאָלפן צו דער אַנטשטייאונג פון דער פינאַנס־אינסטיטוציע. אורי קליאנסקין האָב איך נאָך פּערזענלעך געטראָפן אין ווילנער געטאָ אין יאָר 1942 אין אַ מצב פון גרויס צעבראָכנקייט. שווער איז געווען צו רעדן מיט אים. ער איז געווען אויסגעשעפּט פון די כוחות.

די לעבן־געבליבענע פון די פאַרוואַלטונגען פון דער באַנק, זיי צו לאַנגע יאָר,

זענען: שבתי קאַפּלאַן, צבי פּאָטאַשניק (אין ישראל) און פנחס קאָזלאָווסקי — לעבן אין אַמעריקע.

*

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1939, **האָט די** טעטיקייט פון פאָלקס־באַנק פאַמעלעך איינגעדרימלט.

## „לינת הצדק״

די חברה „לינת הצדק״ אין אונדזער שטעטל האָט אויסגעפירט אַ וויכטיקע פונקציע אין העלפן אָרעמע קראַנקע. די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן דורך פריי־וויליקע פרויען, בחורים און מיידלעך. זיי האָבן אָפּגעגעבן אַ טייל פון זייער צייט אויף אַרויסהעלפן משפחות בעת קראַנקהייט. עס איז אויך געווען אַ וועכנט־לעכער אָפּצאָל פון די מיטגלידער פון „לינת הצדק״.

די אינסטיטוציע האָט פאַרטיילט רפואות פאַר די נויטבאַדערפטיקע, געצאָלט דאָקטוירים פאַר וויזיטן ביי קראַנקע און אויך אַרויסגעגעבן פלעגונג און שפּייז אין נייטיקע פאַלן, ווי: אייער, פּוטער, צוקער אד״גל.

אַ באַזונדערן אָרט האָט פאַרנומען דאָס צושיקן נעכטיקן צו די קראַנקע און נישט לאָזן זיי פאַראיינזאַמט. עס איז אַלץ געטאָן געוואָרן צו שטאַרקן די האָפע־נונג ביי די קראַנקע, אַז זיי וועלן געזונט ווערן. די חברה „לינת הצדק״ האָט אויך פאַרמאָגט פאַרשידענע מעדיצינישע כלים, וועלכע זענען אויסגעבאָרגט געוואָרן די קראַנקע.

פסח גערשאָנאָוויטש

**STOWARZYSZENIE DOBROCZYNNE „GEMIŁUS-CHESED“**

w Holszanach

גמילות-חסד אין [illegible]

## SPRAWOZDANIE MIESIĘCZNE — דין וחשבון

za miesiąc Luty 1931 פאַר דעם חודש פעברואר

| OBRÓT MIESIĘCZNY — אומזאַץ פאַרן חודש | | | | |
|---|---|---|---|---|
| Pozostało na dn. 1 Marca 1931 געבליבן אין גמ"ח צום 1-טן מערץ 19.. Zł. — זל. | Rozchod miesięczny אַרויסגעגאַנגען פון גמ"ח פאַרן חודש פעברואר 19.. Zł. — זל. | Przychód miesięczny אַריינגעגאַנגען אין גמ"ח פאַרן חודש פעברואר 19.. Zł. — זל. | Pozostało na dn. 1 Lutego 1931 געבליבן אין גמ"ח אויפן 1-טן פעברואר 1931 Zł. — זל. | **PASYWA — פּאַסיוו**<br>Skład kapitału „Gemiłus-Chesed“: וויפל געלט האָט דער גמ"ח און וואו האָט ער עס גענומען: |
| 598.35 | — | 50.— | 548.35 | Składka członkowska מיטגלידס-אָפּצאָל . . . . . . |
| 196.45 | — | 16.75 | 179.70 | Różne ofiary פאַרשיידענע נדבית . . . . . . |
| 3.657.55 | — | — | 3.657.55 | Dochód z różnych ציפעליקע הכנסות . . . . . . |
| 423.01 | — | — | 423.01 | Kapitał גרונט-קאַפּיטאַל . . . . . . . |
| 3.650.— | — | — | 3.650.— | Pożyczka od kom. pomocy „Ekopo“ הלואה פון „יעקאָפּאָ“ . . . . . |
| | — | — | — | Wkłady bezprocentowe אָנפּראָצענטיקע פקדונות . . . . . |
| 8525.36 | | 66.75 | 3.458.61 | BILANS באַלאַנס ס"ה . |
| | | | | **AKTYWA — אַקטיוו** |
| 155.— | | | 155.— | Inwentarz אינווענטאַר . . . . . . . |
| 7.421.15 | 3.600.— | 3.286.— | 7107.— | Wydano pożyczki członkom אַרויסגעגעבן הלואות מיטגלידער . . |
| | | | | Wydatki administracyjne: אַדמיניסטראַטיווע הוצאות: |
| 166.65 | 21.50 | — | 145.15 | 1) Pensja שכירות . . . . . . |
| — | — | — | | 2) Opał i światło באַהייצונג און באַלייכטונג . . |
| — | — | — | | 3) Koszty lokalu דירה . . . . . . . |
| 324.55 | — | — | 324.55 | Wydatki różne פאַרשיידענע הוצאות . . . . . . |
| 458.01 | 268.75 | — | 726.76 | Gotówka w kasie מזומן אין קאַסע . . . . . . |
| 8.525.36 | 3890.25 | 3.286.— | 8.458.61 | BILANS באַלאַנס ס"ה . |

BUCHALTER — בוכהאַלטער [signature]

PREZES — פּאָרזיצער [signature]

SEKRETARZ — סעקרעטאַר [signature]

זע אייך דער אנדער זייט.

| RAZEM<br>צוזאַמען | Innych zawodów<br>אַנדערע באַשעפטיקונגען | Wolnych zawodów<br>פרייע פראַפעסיעס | Rolników<br>ערד-אַרבעטער | Drobn. handl.<br>קליינ-הענדלער | Rzemieslników<br>האַנטווערקער | Ruch członków<br>באַוועגונג פון די מיטגלידער |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 141 | 18 | 2 | 19 | 67 | 35 | Na początku miesiąca było<br>צום אָנהויב חודש איז געווען |
| 1 | / | / | / | 1 | / | W miesiącu sprawozdawczym przybył<br>אין חודש איז צוגעקומען |
| | / | / | / | / | / | W miesiacu sprawozdawczym ubyło<br>אין חודש אַרויסגעגאַנגען |
| 142 | 18 | 2 | 19 | 68 | 35 | Pozostało w dniu 1-go [illegible]<br>געבליבן צום 1-טן |

## Ilość i suma wydanych pożyczek:
## די צאָל און גרויס פון די אַרויסגעגעבענע הלוואות:

za miesiąc Luty 1931 פעברואר פאַרן חודש

| Razem<br>צוזאַמען | Zł.<br>זלאָטעס | pożyczki<br>הלוואות צו | wydano<br>אַרויסגעגעבן |
|---|---|---|---|
| 600 - | 150 - | 4 | |
| 3.000 - | 100 - | 30 | |

Zł. 3.600 - na sumę pożyczki 34 wydano Razem
זל. אויף הלוואות אַרויסגעגעבן בסך-הכל

OD POCZĄTKU ROKU — פון אָנהויב יאָר

| Razem<br>צוזאַמען | Zł.<br>זלאָטעס | pożyczki<br>הלוואות צו | wydano<br>אַרויסגעגעבן |
|---|---|---|---|
| 7.500 - | 150. - | 50 | |
| 135 - | 135. - | 1 | |
| 130 | 130. - | 1 | |
| 29.600 | 100. - | 296 | |
| 2.960 | 80. - | 37 | |
| 70 | 70. - | 1 | |
| 60 | 60. - | 1 | |
| 7.200 | 50. - | 144 | |
| 45 | 45. - | 1 | |
| 60 | 30. - | 2 | |
| 100 | 25. - | 4 | |

Zł. 47.860 na sumę pożyczki 538 wydan Razem
זל. אויף הלוואות אַרויסגעגעבן בסך-הכל

## די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע (פייערלעשער)

אין די צאַרישע צייטן און אין די ערשטע 10 יאָר פון פוילנס זעלבשטענדיקייט האָבן אין דער פייערלעשער־קאָמאַנדע אָנטייל גענומען נאָר יידן. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן יידן געשאַפן אַ בלאָז־אָרקעסטער און איינגעקויפט אַ פרישן פייערלעשער־אינווענטאַר. אין שכנות פון נייעם בית־המדרש, אויפן ראַנד פון אַ פליסיקן טייכל איז געשטאַנען אַ הילצערנע שאַפע אין וועלכער עס זענען געווען פאַרשלאָסן די פּאָזשאַרנע מכשירים, ווי: פּאָזשאַרנע האַנט־אַפּאַראטן, פּלומפּן, עטלעכע פעסער אויף צוויי רעדער, אָנגעפילט מיט וואַסער; לייטערס, העק, לאָפּאַטעס, עמערס, קרוקעס און שטריק, צוגעבונדן צו האלב רונדיקע אייזנס מיט 4 ציינער, וואָס מען האָט גערופן „קעץ“.

אין די דרייסיקער יאָרן האָבן שוין אין דער פייערלעשער־קאָמאנדע אָנטייל גענומען יידן און קריסטן צוזאַמען. מען האָט געקויפט מעכאַניזירטע פּלומפּן, מעשענע קאסקעס און מונדירן. די קאָמאַנדע האָט איבערגענומען א פּוילישער רעזערוו־אָפיציר מיטן נאָמען מאַטאָווסקי.

שרפות זענען געווען אַן אָפטע דערשיינונג אין אָלשאַן. מערסטנטייל האָט עס געטראָפן ביינאַכט. דער ערשטער וואָס האָט דערזען דאָס פייער, האָט אָנגעהויבן שרייען: „פּאָזשאַר!“ גלייך פלעגן זיך באַווייזן מענטשן, האַלב נאַקעטע און מיט באַנומענע קולות פאַרגעזעצט שרייען: „פּאָזשאַר“. עס האָט זיך צעקלונגען דער גרויסער קלויסטער־גלאָק. די פייערלעשער זענען געלאָפן צו דער שאַפע. אָפטמאָל האָט מען געמוזט אויפברעכן דעם שלאָס, ווייל אין דער בהלה האָט מען נישט געוווּסט ווו עס איז דער שליסל. אַנשטאָט פערד, האָט מען זיך אַליין איינגעשפּאַנט אין די פעסער וואַסער און אַזוי האָט מען געשלעפּט די כלים אין דער ריכטונג פון פייער. נישט איינמאָל פלעגט טרעפן, אַז ביז די הילף איז געקומען האָבן שוין אַ סך הייזער אָפּגעברענט.

אין 1935, אין מיטן העלן טאָג, האָט פון א פונק פון אַ טאַרטאַק אָפּגעברענט כמעט דאָס גאנצע שטעטל. עס זענען געקומען פייערלעשער פון א סך שכנותדיקע שטעטלעך, אָבער דער ווינט האָט דאָס פייער איבערגעטראָגן איבער צענדליקער הייזער. די פייערלעשער זענען דעמאָלט געווען אומבאַהאָלפן.

אַזאַ שרפה איז פאָרגעקומען אַ סך יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. עס איז פאַרברענט געוואָרן דאָס גאַנצע שטעטל. די גרויסע שרפה האָט שפּעטער צענדליק יאָרן געדינט ווי אַ קאַלענדאַר־דאַטע, לויט וועלכער מ׳פלעגט באַצייכענען די עלטער פון קינדער, דאַטעס פון חתונות און טויט־פאַלן און אַנדערע פּאַסירונגען פון שטעטל. דער קאַלענדאַר־חשבון איז געגאַנגען לויט דעם נוסח: עס איז געווען אַזויפיל יאָר פאַר דער גרויסער שרפה אָדער דערנאָך.

שעפּסל קאַפּלאַן

# ציוניסטישע טעטיקייט

## הכשרה און מיין ציוניסטישע טעטיקייט

אין יאָר 1920 איז מיין מוטער אַוועק פון דער לעבעדיקער וועלט. אין עלטער פון 14 יאָר בין איך געבליבן אַ יתום. אין יענער צייט האָט זיך אין אָלשאַן גע־שטאַרקט די ציוניסטישע באַוועגונג. איך בין געגאַנגען אויף ציוניסטישע פאַר־זאַמלונגען און מיטינגען. מ׳האָט אַגיטירט פאַר געבן געלט אויף קרן קימת און פאַר פאַרן קיין ארץ־ישראל. איך האָב זיך אַנגעשלאָסן אין די געלט־זאַמלער. אַלע אָלשאַנער יידן, צווישן זיי מיין משפחה, האָבן געגעבן צירונג און ווערט־זאַכן פאַרן ישוב ארץ־ישראל.

איך האָב זיך געוואָנדן צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אַז מ׳זאָל מיך שיקן קיין ארץ־ישראל, האָט מען מיר געענטפערט, אַז איך בין נאָך צו יונג. אין עלטער פון 16 יאָר בין איך אַריינגעטראָטן אין „החלוץ״. אין אַ יאָר שפּעטער האָט מען מיך אַוועקגעשיקט אויף הכשרה נעבן ווילנע. דער אָנפירער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז דעמאָלט געווען — שקלארונעק, אַ מיטגליד פון דער פועלי ציון־פּאַרטיי.

די הכשרה האָט זיך געפונען אין אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניע, וואָס האָט געהערט צו אַ פּריץ. מיט אים איז זיך פאַרלאָפן זייער אַן אינטערעסאַנטע גע־שיכטע.

דער פּריץ איז געווען באַקאַנט ווי אַן אַנטיסעמיט. אָבער אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען ווילנע און אומגעגנט, האָבן אַר־טיקע פּויערים פאַרמסרט דעם פּריץ, אַז ער שטייט אין דינסט פון די רוסן. דער גוטער ד״ר וויגאָדסקי פון ווילנע, וואָס איז פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און געווען זייער אָנגעזעען ביי דער דייטשער מאכט אין ערשטן וועלט־קריג — האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן פּריץ. ד״ר ווי־גאָדסקי, וואָס האָט דעם גוט־באַזיצער זייער גוט געקענט און געוווּסט, אַז ער איז אַ קרבן פון מסירה — האָט זיך פאַר אים איינגעשטעלט און אָפּגעראַטעוועט.

די קינדער פון דעם פּריץ, זענען נאָך זייער פאָטערס טויט שוין געווען יידן־פריינטלעך. זיי האָבן געדענקט, וואָס אַ ייד האָט געטאָן פאַר זייער פאָטער און אויס דאַנקבאַרקייט אָפּגעגעבן באַדן פאַר דער ציוניסטישער הכשרה.

אַ יאָר צייט בין איך געווען אויף הכשרה. איך האָב זיך גוט באַקאַנט מיט לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט, זיך פאַרנומען מיט די בהמות און געווען אַ שומר. איך האָב געוווּסט, אַז מען מוז באַהערשן די אַלע אַרבעטן, ווייל זיי זענען נויטיק דאָרט אין ארץ־ישראל. איך האָב ביי זיך באַשלאָסן, אַז דאָרט אין אונדזער לאַנד

וועל איך ווערן אַ שומר, כדי צו באַשיצן דעם יידישן באָדן קעגן אָנפאַלן פון שונאים.

אויף הכשרה האָט מען געדאַרפט זיין צוויי יאָר. אין משך פון דער צייט איז פעסטגעשטעלט געוואָרן צי דער יוגנטלעכער איז פּאַסיק צו דער עליה אָדער נישט. נאָך די צוויי יאָר האָט דער סעקרעטאַריאַט פון „החלוץ״, וועמענס צענט־ראַלע פאַר אונדזער ראַיאָן האָט זיך געפונען אין ווילנע, באַשטעטיקט אָדער אָפּ־געוואָרפן דעם קאַנדידאַט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

נישט לייכט איז געווען, שוין נאָך דער באַקומענער באַשטעטיקונג, צו לאָזן זיך אין וועג. קודם כל האָט מען געדאַרפט האָבן געלט אויף הוצאות, ווייל אַלע אויסגאַבן האָבן געמוזט געדעקט ווערן דורך דעם עולה. אַחוץ דעם האָט נאָך די פּוילישע רעגירונג געמאַכט שוועריקייטן, ספּעציעל פאַר יוגנטלעכע, וואָס האָבן געדאַרפט דינען אין מיליטער.

נאָך צוויי יאָר הכשרה, סוף 1925, בין איך דורך דער החלוץ־צענטראַלע באַ־שטעטיקט געוואָרן צו דער עליה, אָבער ביז איך האָב זיך צוגעגרייט צום פאָרן, האָבן דערווייל די ענגלענדער פאַרשלאָסן די טויערן פון ארץ־ישראל און ערשט אין יאָר 1929 האָב איך פאַרלאָזט פוילן און אויף אַן אַלטער שיף האָב איך זיך געלאָזט אין דער ווייטער נסיעה און פונקט אָנגעקומען אין לאַנד, ווען עס זענען פאָרגעקומען די אַראַבישע אָנפאַלן אויף יידן.

איך בין צוגעטיילט געוואָרן צום קיבוץ „אילת השחר״. איך בין אַוועק פריי־וויליק אַלס שומר און צוזאַמען מיט אַנדערע שומרים אָפּגעהיטן די ארץ־ישראל־קאָלאָניעס, וואָס יידן האָבן אויפגעשטעלט מיט שווערער מי.

אריה גרשוני

## די טעטיקייט פון „החלוץ״

אין יאָר 1923 האָבן מיר געגרינדעט די „הסתדרות החלוץ״. די גרינדער זענען געווען: יעקב נאַמיאָט (אהל), משה יאלק און איך. דאַן האָב איך געהייסן שקליאַראָנאָק, אָבער איצט אין ישראל איז מיין נאָמען ראובן בן אהרן.

די „החלוץ״־אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַרנומען מיט קולטור־טעטיקייט, אי־בערהויפּט לערנען עברית, ארץ־ישראל קענטעניש און אָנגעפירט מיט דער הכשרה צו דער עליה. אַזוי ווי איך בין געווען באַשעפטיקט אין וואַלד, האָבן מיר געשאַפן אַ גרופּע פון בחורים, וואָס האָבן געאַרבעט ביי מיר און די מיידלעך האָבן מיר געשיקט צו לייכטערער אַרבעט, ווי: באַקן מצות אויף פסח. דער ציל איז געווען, אַז די חברים און חברטעס זאָלן זיך צוגעוויינען צו אַלע מיני אַר־בעטן. דאָס געלט איז געגאַנגען אין דער אַלגעמיינער קאַסע. מיר זענען געווען

פאַרבונדן מיט דעם „החלוץ"־צענטער אין ווילנע און די חברים פון מרכז האָבן אונדז באַזוכט אייניקע מאָל.

די ערשטע, וועלכע מיר האָבן באַשטעטיקט צו עליה, איז געווען רבקה בערקמאַן. זי איז טאַקע געפאָרן די ערשטע. נאָך איר זענען געפאָרן: שאול אַבראַמאָוויטש, דער לערער ביאַריץ, רבקה זיסקאַנד און נאָך דעם בין איך אַוועקגעפאָרן. איך האָב געזאָלט פאָרן פון די ערשטע, אָבער דער „מרכז" האָט געפאָדערט פון מיר, אַז איך זאָל נאָך בלייבן און אָנפירן מיטן ועד. ווען איך בין געווען פאַרזיצער זענען געווען טעטיק: דינה באַראַן, רבקה זיסקאַנד און אַנדערע.

ראובן בן אהרן

## די אָרגאַניזאַציע פון בית״ר און איר קולטור־טעטיקייט

אָלשאַן האָט געהאַט אַ שטאַרקע בית״ר־אָרגאַניזאַציע מיט אַ יוגנטלעכע מיטגלידערשאַפט, וואָס האָט געפירט אַ טיכטיקע ציוניסטישע אַרבעט.

מאָטל סאַגאַלאָוויטש איז געווען דער אָנפירער פון בית״ר, ער איז געווען אַ גוטער רעדנער. דער מפקד איז געווען שעפּע דאָלינסקי, מיינער אַ יוגנט־חבר, ער האָט פיל מי און אַרבעט געטאָן פאַרן בית״ר אין אָלשאַן. אויך הינדע לידסקי איז געווען זייער טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע און האָט זיך טאַקע פאַר דער מלחמה אַרויסגעריסן קיין ארץ־ישראל.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן אַריינגעפירט לעבן ביי דער יוגנט. מען פלעגט זיך צונויפקלייבן אין די לאָקאַלן, זינגען און טאַנצן „הוראַס" און געפירט אַ קולטור־אַרבעט: פאַרשידענע פאָרלעזונגען, כינוסים פון די קליינע שטעטלעך זענען זיך צונויפגעקומען און צוזאַמען געפירט די טעטיקייט. דאָס האָט געהויבן די מאָראַל ביי דער יוגנט און אַלע האָבן געלעבט מיט דער האָפענונג צו פאָרן קיין ארץ־ישראל.

מיין שוועסטער בת־שבע, אַ יונג מיידל, פול מיט לעבן, איז געווען טעטיק אין בית״ר, מיין ברודער בן־ציון, נאָך אַ יינגל, איז געווען אין „השומר הצעיר" און אין שטוב פלעגן שטענדיק פאַרהילכן די שפּאַרעניש וועגן די אונטערשידן פון די אָרגאַניזאַציעס, אָבער ביידע זענען געווען פול מיט ליבע פאַר ארץ־ישראל. ביידע זענען דורך דער דייטשער אויסראָטונג אַוועקגעריסן געוואָרן אין די יונגע יאָרן. די שוועסטער איז אומגעבראַכט געוואָרן אין לאַגער שטוטהאָף. מיין ברודער ישראל, די קרוין פון דער משפחה, האָט געשטודירט מעדיצין אין פּאַריז און שפּעטער פּראַקטיצירט אין דעם פּאַריזער ראָטשילד־שפּיטאָל. ער איז אומגעקומען אין פראַנקרייך. קיינער ווייסט נישט ביז היינט אין וועלכן אָרט און אויף וועלכן אופן.

שפרה קוטין־טראַבסקי

# די געלט־זאַמלונגען פאַרן קרן קימת

די קאָמיסיעס פאַר דער קרן קימת־טעטיקייט זענען אויסגעוויילט געוואָרן פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס ביי אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען צו דעם צוועק. די חברים פון די קאָמיסיעס האָבן געפירט אַ ברייטע אויפקלערונגס־אַרבעט ביי אַלע שיכטן פון שטעטל וועגן די צילן, פּלענער פון קרן־קימת פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל. נישט לייכט איז געווען צו דער־גרייכן דעם מאַקסימאַלן סכום פון געלט־זאַמלונגען. אַלע חברים פון די ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציעס זענען געווען באַטייליקט אין דער אַרבעט. עס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן עטלעכע פּאָרלעך. זיי זענען, לויט די גאַסן, געגאַנגען יעדן ראש חודש און באַזוכט ידישע משפּחות.

ספּעציעלע געלט־זאַמלונגען זענען פאָרגעקומען בעת פייערונגען פון היס־טאָרישע געדענק־טעג, ווי: ל״ג בעומר, חג הביכורים — שבועות, בעת יזכור־אַקציעס, חנוכה. עס זענען אויך געמאַכט געוואָרן זאמלונגען אויף חתונות און בריתן. אין די קרן קימת־קאָמיסיעס זענען געווען טעטיק די חברים: פּסח באַראַן, שמואל טשעפּעלונסקי, יאָסל פּאַטאשניק, מיכלע קאָזלאָווסקי, פּסח גערשאָנאָוויטש, חנניה גורוויטש און ד״ר סענדער גורוויטש.

אַ באַזונדערע גרויסע אַקציע פאַרן ק.ק.ל., פאַרבונדן מיט אַ ברייטערער אויפקלערונג פאַרן געדאַנק פון ישוב ארץ־ישראל, איז געפירט געוואָרן בעתן אָרגאַניזירן דעם יערלעכן „באַזאַר". עס האָט זיך געפאָדערט אַן אָנגעשטרענגטע אַרבעט צו שאַפן די געלט־מיטלען און לאָקאַלן פאַר דעם „באַזאַר". די גאַנצע יוגנט האָט ביי אַזאַ אַקציע זיך אָפּגערופן זייער וואַרעם און איבערגעגעבן. אונטער דער אָנפירונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט מען געאַרבעט ביז שפּעט ביינאַכט. די שטעטלדיקע איינוווינער האָבן זיך זייער פיין אָפּגערופן: יעדער ייד האָט מנדב געווען מתנות, מען האָט זיך פאַרבונדן מיט באַקאַנטע מחוץ דעם שטעטל, וועלכע האָבן אויך אַריינגעשיקט מתנות. קרעמער און סוחרים האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט ווילנע, און ווילנער יידן האָבן זיך אָפּגע־רופן מיט נדבות פאַרן „באַזאַר".

די דערעפענונג פון „באַזאַר" איז געווען אַ יום־טוב אין שטעטל: טאַטעס, מאַמעס, זיידעס, באָבעס, זין, טעכטער און קינדערלעך האָבן זיך געפרייט צו־זאַמען. צוויי טעג האָט געדויערט דער „באַזאַר"־יום־טוב. אַלץ איז געווען ווי־געהעריק איינגעאָרדנט אין אַלע פונקטן פון שטאָט. די הכנסה פלעגט דערגיין ביז טויזנט זלאָטעס, וואָס איז געווען אַ באַדייטנדיקער צושטייער פון אַלשאַנער יידן לטובת דעם ק.ק.ל.

פּסח געשאָנאָוויטש




**הועד לעניני קרן הקיימת**




**עסקני השוק למען הקרן הקיימת 1935**
**אַקטיוויסטן פאַרן באַזאַר לק. ק. ל.**



„השומר הצעיר״ און „החלוץ״ לכבוד דעם שליח פון א״י ח׳ בוסעל
קבוצת השומר הצעיר בתוך „החלוץ״ עם שליחה מארץ ישראל חיותה בוסל מדגניה



הסתדרות „החלוץ״



קבוצת החלוץ



אַ גרופּע השומר הצעיר צום אָפּפאָר פון יהושע ליאָנד קיין ארץ ישראל
קבוצת של „השומר הצעיר" ו„החלוץ" בפרידה מיהושע ליונד בעליתו לארץ



קבוצת השומר הצעיר



אַ גרופּע יוגנט פון אָלשאַן און אשמענע
קבוצת נוער מאולשאן ואושמינה



בית״ר בפרידה ממשה קוזלובסקי בעליתו לארץ
בית״ר צום אָפּפאָר פון משה קאָזלאָווסקי קיין ארץ ישראל



מדריכים של בית״ר בפרידה ממשה קוזלובסקי



קבוצת מדריכים של בית"ר



הקן של בית"ר





יוגנט אויף שערוואַרעק
נוער בעבודת סלילה



חבורת ידידים
אַ געזעלשאַפטלעכע גרופּע פון אָלשאַן



בחורים ובחורות על שפת הנהר
אַ גרופּע בחורים און בחורות ביים אָלשאַנער טייכל



אויפן טײַכל זשיגאַנקא



חאָנע גורוויטש אין דער צאַרישער אַרמיי



בסירות על פני הנהר
אויף דעם אָלשאַנער טייכל

# פאלקס־טיפן און געשטאלטן

שעפסל קאַפּלאַן

## דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון אָלשאַנער יידן

אין מיין זכרון לעבט דאָס שטעטל אָלשאַן, אַלץ שטייט פאַר מיינע אויגן: יעדע שטוב, יונגט אַלט, זייער לעבנסשטייגער אין וואָכעדיקע טעג און אין שבת און יום־טוב. עס דערמאָנט זיך און עס רעדט צום האַרצן: אַ געסל, אַ שטיבל, אַ גלייכווערטל, אַ צונאָמען, וואָס איז נישט אויסן געווען צו באַליידיקן. עס ווילט זיך מיט ליבע און אויפריכטיקן צער אַלץ אַרויסברענגען אין זכרונות.

אַ זומערדיקער פאַרנאַכט אין אָלשאַן: מאַמעס, טאַטעס זיצן אויף די גאַניקעס. די יוגנט שפּאַצירט הינטערן שטעטל, אין די וועלדלעך, אויף די לאָנקעס, אַרום טייך און אין אַנדערע כישוף־ווינקעלעך, מיט וועלכע די נאַטור האָט באַשאָנקען אָלשאַן.

אויך אין ווינטער האָט דאָס יידישע אָלשאַן געלעבט מיט זיין שטייגער. די שנייען און פרעסט האָבן נישט אָפּגעהאַלטן פון שפּאַצירן אין די גאַסן פון שטעטל. מען פאַרברענגט ביי חברים און חברטעס, אין ביבליאָטעק, אין דראַמאַטישן קרייז, מען האָט געכאַפּט אַ טענצל אונטער די קלאַנגען פון אָרקעסטער.

אָלשאַן, ווי דאָס רוב קליינע יידישע ישובים אין ווייסרוסלאַנד, וואָס האָט ביז צום צווייטן וועלט־קריג געהערט צו פּוילן, האָט געפירט אַ האַלב־דאָרפיש לעבן. פרי האָט זיך אָנגעהויבן דער טאָג אין שטעטל. זומער, ווען עס איז נאָך פינצטער אין דרויסן, לאָזט מען אַרויס די קו אויף פּאַשע און מען נעמט זיך צו דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט. פאַרראָשטשינען אַ דייזשע ברויט, צוגרייטן דעם אָנבייסן פאַר דער משפּחה, דעם צעבער פאַר דער קו. ווינטער האָט מען געשעט־קעווערט קרויט. שכנים האָבן געהאָלפן איינער דעם אַנדערן לויט דער ריי. מען האָט געפּרעגלט געגדזענע שמאַלץ און געברוינט גריוון. אין דאַכוווקע זידט דער קופּערנער טשייניק, אין פּעטשורקע בורבלט דער סאַגאָנטשיק מיט בולבע.

אַזוי איז געווען פון דור־דורות דאָס יידישע לעבן אין אָלשאַן, ביז עס איז געקומען די דייטשע אויסראָטונג.

יידן, יידיש לעבן האָבן פול געמאַכט אַלע גאַסן און געסלעך פונעם שטעטל. דער גרויסער פירקאַנטיקער מארק, די פיר גלייכע גאַסן און די 6 קרומע געסלעך דער סטאַוו פון מיל־טייך איז פון אָנהייב פרילינג ביזן שפּעטן האַרבסט געווען פול מיט באָדנדיקע: יידן, קריסטן, יונג און אַלט איז געשווומען און זיך פאַרמאָסטן אין געוועט.

דאָס גייסטיקע לעבן פון די אָלשאַנער יידן האָט זיך קאָנצענטרירט אין די בתי מדרשים, אין דער ביבליאָטעק, אין די צייטווייליקע און סטאַבילע טעאַטער־זאַלן, ווו גאַסטראָלירנדיקע אַנסאַמבלען האָבן געשפּילט טעאַטער.

דער מאַרק־פּלאַץ מיט זיינע צוויי רייען יידישע קראָמען איז אַ גאַנצע וואָך געווען פּוסט און ליידיק. ערשט זונטיק און אין די מארקטעג איז דאָרט געווען פול און לעבעדיק. אינגאַנצן אַנדערש האָט אויסגעזען דער מאַרק־פּלאַץ אום שבת: אַוועק די וואָכעדיקייט, יידן גייען נאָך מיטאָג און בין מנחה למעריב שפּאַצירן, שטעלן זיך אָפּ אויף אַ ווייל אויפן בריק ביי דער וואַסער־מיל, כאַפּן אַ שמועס מיט אהרן דעם מילנער און גייען ווייטער הינטער דעם שטעטל, ווו עס הייבן זיך אָן די תבואה־פעלדער. מען רוט זיך אָפּ אונטער דעם אַלט צעצוויגטן באַרנבוים. אַריינגעכאַפּט אַ ביסל פרישע לופט, שטעלט מען זיך דאַוונען מנחה.

איך ברענג דאָ איניקע געשטאַלטן, וועלכע פאַרקערפּערן אין זיך דעם אָרט לעבן פון יידישן אָלשאַן:

## ברוך דער אַפּטייקער

ברוך אַבראַמאָוויטש, דער אַפּטייקער פון אָלשאַן, איז געווען אָנגעזען און גע־שעצט אין שטעטל צוליב זיין פּקחות, פאָלקסטימלעכקייט און ענערגיע, וואָס ער האָט געירשנט פון זיין זיידן ר׳ זימל און זיין טאַטן ר׳ גרשון.

אין די ערשטע יאָרן פון באַפרייטן פוילן איז ברוך אַבראַמאָוויטש אויסגע־ווילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן אין דער גמינע פון אָלשאַן, ווו ער האָט פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג, נישט געלאָזט באַוועלטן די יידן, דערשלאָגענע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און געפאָדערט זיי זאָלן באַהאַנדלט ווערן ווי גלייכבאַרעכטיקטע בירגער, ווי די פּאָליאַקן.

גלייך נאָך דער פּויליש־סאָוויעטישער מלחמה, האָט ב. אַבראַמאָוויטש, מיט זיין גאַנצער ענערגיע זיך אָפּגעגעבן צו גרינדן אַ קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס־באַנק, כדי אויפצוריכטן די פאַראָרעמטע יידן פון שטעטל. אַ דאַנק זיין אָנפירונג האָט די פאָלקס־באַנק שנעל זיך אַנטוויקלט און די באַדייטנדע קרעדיטן, וואָס די אָלשאַנער יידן פלעגן באַקומען, האָט צוריק אויפגעלעבט דאָס שטעטל.

ברוך אַבראַמאָוויטש איז געווען אַ גלענצנדער רעדנער. זיין וואָרט אין אָר־טיקן שטאָט־ראַט איז שטענדיק אויפגענומען געוואָרן מיט דרך־ארץ פון יידן און קריסטן. זיין עלטערער זון אַבראַשע האָט אין 1939 געענדיקט כעמיע אין ווילנער אוניווערסיטעט. דער יינגערער זון זיידל האָט אַלס קינד אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע פעיקייטן אַלס מאָלער. אין עלטער פון 5 יאָר האָט ער אָנגע־צייכנט מיט אַ בלייער די בילדער פון יוזעף פּילסודסקי און פון פּרעזידענט מאָשטשיצקי, פאַרוואָס ער האָט באַקומען אייגנהענטיקע דאַנק־בריוו פון די פירער פון פוילן.

ברוכס פרוי דינה מיט 4 קינדער — דבורה, אבראַשאַ, זיידל און רבקה

זענען פאַרפּייניקט געוואָרן אין פאַרשידענע לאַגערן. ברוך אַבראַמאָוויטש איז דורך די דייטשן דערשאָסן געוואָרן אין אָשמענער תּפיסה, באַלד אין די ערשטע וואָכן פון זייער בלוטיקער הערשאַפט.

## שמואל לייב דאַלינסקי און זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט

צו דער אָלשאַנער אינטעליגענץ האָט געהערט די משפּחה פון אַדוואָקאַט שמואל לייב דאַלינסקי. ער איז געווען אַן אײדעם פון ר׳ נח גאָלדאנסקי, דער אַמאָליקער סטאַראָסטע אין אָלשאַן אין די צאַרישע צייטן.

געבוירן און דערצויגן אין ווילנע ביי עלטערן, אינטעליגענטן פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן זייער כּעיקר זון געגעבן אוניווערסיטעט־בילדונג, איז דאָלינסקי אין יאָר 1905 געקומען קיין אָלשאַן, געשיקט פון דעם קאָמיטעט פון דער צענטראַלער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון ווילנע (ס. ס.), כּדי אָנצופירן מיט דער אָרגאַניזאַציע.

אַלס גלענצנדער רעדנער און אָרגאַניזאַטאָר, האָט דאַלינסקי גאָר גיך זיך ז׳ערוואָרבן צוטרוי און ליבשאַפט ביי דער אָלשאַנער יוגנט, וואָס איז צו יענער צייט שוין געווען אָרגאַניזירט און זיך געפונען אין די רייען פון דער רעוואָלו־ציאָנערער בונדישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט באַהערשט אָלשאַן. דעם באַגאַבטן סטודענט דאַלינסקי, איז מיט זיין פּראָפּאַגאַנדע געלונגען אָפּצורייסן אַ טייל מיטגלידער פון דער שטאַרקער און גוט אָרגאַניזירטער בונדישער פּאַרטיי און זיי צו געווינען פאַר דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אָלשאַן האָט שוין דעמאָלט פאַרמאָגט אַ ברויזנדע רעוואָלוציאָנערע יוגנט, לרוב אַ בונדישע, וואָס האָט דרייסט און אָן פּחד געקעמפט פאַר אירע אידעאַלן. אין יענער צייט איז אין שטעטל געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע ביבליאָטעק פון יידישע, רוסישע און העברעאישע ביכער, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער משכיל נחום לייב אַבעליאָוויטש.

*

דאַלינסקי האָט באַלד נאָך זיין קומען אין שטעטל, געאַרבעט אַלס סעקרעטאַר ביים יידישן סטאַראָסטע ר׳ נח גאָלדאנסקי. דאָרט האָט דער יונגער סטודענט זיך באַקענט מיט נח גאָלדאנסקיס טאָכטער טשערנע, אַ חברטע פון דער באַוועגונג, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן זיין פרוי.

נאָך דער חתונה האָט דאַלינסקי געגרינדעט אַ מאָדערנע רוסיש־יידישע שול אין וועלכער עס האָבן געלערנט צענדליקער יידישע און רוסישע תּלמידים.

אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, האָט דאָלינסקי פּראַקטיצירט אַלס אַדוואָקאַט.

זיינע 5 געראָטענע זין — אהרן, בנימין, שעפּסל, מאָטל און נח האָבן באַקומען העכערע בילדונג און געוואָרן דערצויגן אין נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיוון יידישן גייסט.

אַ באַזונדערע נייגונג און ליבשאַפט האָט די משפחה דאָלינסקי געהאַט צו ערד־אַרבעט. צוליב דעם, האָט ש. ל. דאלינסקי געקויפט 5 העקטאַר ערד. זיינע 5 זין האָבן אין זייער פרייער צייט געלערנט די מלאכה פון ערד־אַרבעט. צו דעם צוועק האָט דאלינסקי אויסגעבויט אַ גרויסן שייער ביי זיין הויז ווו די קינדער פלעגן אַריינפירן די אָפּגעשניטענע תבואות: ווייץ, קאָרן, גערשטן און האָבער און האָבן געהאָלפן דרעשן די תבואה און מקיים געווען דעם געבאָט „בזעת אפך תאכל לחם". אַזוי איז געגאַנגען ביז אָלשאַן איז אָקופּירט געוואָרן פון דעם דייטש־היטלעריסטישן מערדער־פאָלק.

## דער גבאי גרשון אבראמאוויטש

גערופן האָט מען אים „פרעה". דער צונאָמען איז אים פאַרבליבן פאַר שפּילן די ראָלע פון פּרעה, מלך מצרים, אין מכירת יוסף.

אַ סך יאָרן איז גרשון געווען גבאי פון נייעם בית־המדרש, גלייכצייטיק אויך גבאי פון חברה קדישא. ביי גרשונען האָט זיך געפונען דער פּנקס פון דער קהילה, וואָס איז אַלט געווען הונדערטער יאָרן.

גרשון איז אויך געווען אַ גוטער בעל־תפילה מיט אַ זעלטענער שטים. מיט זיין לירישן טענאָר האָט ער אימפּראָוויזירט די באַרימטסטע וועלט־חזנים. זיין אויבערשטע „צע", מיט וועלכער גרשון פלעגט פאַרענדיקן אַלע תפילות, האָט ממש מרעיש עולם געווען. פון אַלע זעקס טעכטער וואָס גרשון האָט פאַרמאָגט, איז לעבן געבליבן איין טאָכטער חנה, וואָס האָט עולה געווען קיין ישראל פאַר דער מלחמה ווו זי איז געשטאָרבן אין 1964 יאָר.

## דער אָלשאַנער שוחט מרדכי־נאָטע און זיין פויערישע מלאכה

איינע פון די זעלטנסטע געשטאַלטן אין אָלשאַן איז געווען דער שוחט, מרדכי נאָטע שוסטער. געבוירן ביי אַ טאַטן אַ גערטנער און סאַדאָווניק, איז מרדכי נאָטע פון זיינע קינדער־יאָרן אָן געוואַקסן מיט אַן אומגעהייערע ליבשאַפט צו ערדאַרבעט. דער ווילן צו ווערן אַן ערדאַרבעטער האָט מרדכי נאָטען נישט אָפּגעלאָזן אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ביז ער האָט פאַרווירקלעכט זיין חלום.

די בעסטע יאָרן פון זיין יוגנט האָט מרדכי נאָטע פאַרבראַכט אַלס ישיבה־בחור אין וואָלאָזשינער, מירער און סלאָבאָדקער ישיבות. ער איז אומעטום, געווען צווישן די בעסטע און שאַרפסטע מוחות. צו 25 יאָר האָט ער באַקומען סמיכה אויף רבנות. נאָכן פאַרלאָזן די ישיבה איז ער צוריק געקומען צום אַלטן טאַטן אין שטוב, און אים געהאָלפן שלעפּן דעם שווערן יאָך פון פּרנסה. ערשט נאָכן טויט פון זיינע עלטערן האָט מרדכי נאָטע אָנגענומען די פאַרגעלייגטע שטעלע אַלס שוחט אין אָלשאַן.

אַ קורצע צייט שפּעטער האָט מרדכי נאָטע פאַרווירקלעכט זיין אויסגעבענקטן חלום צו ווערן אַן ערדאַרבעטער. ער האָט געקויפט 10 העקטאַר ערד און זיי באַאַר־בעט מיט די אייגענע הענט, ביי דער מיטהילף פון זיין משפּחה. ער האָט געאַקערט געזייט, געשניטן, געדראָשן, געהאָדעוועט קי, קעלבער, פערד און עופות, אויפ־געשטעלט דאָרפישע בנינים: אַ שטאַל, אַ שפּייכלער, אַ שייער, און זיך איינגע־שאַפט אַ לאַנדווירטשאַפטלעכן אינווענטאַר.

טראָץ זיין שווערער אַרבעט און שטענדיקער פאַרנומענקייט, האָט מרדכי נאָטע נישט פאַרשפּעטיקט צו גיין דריי מאָל אין טאָג אין בית־המדרש דאַווענען בציבור און בין מנחה למעריב צו לערנען מיט יידן אַ בלאַט גמרא. ער האָט אויך שטענדיק געפונען צייט פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט כדי צו העלפן געדריקטע, געפאַלענע און אָרעמע מיט אַ טרייסט־וואָרט, ווי אויך מאַטעריעל. די ערלעכע פרומע, האָרעפּאַשנע משפּחה האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע אָלשאַנער יידן. דורכמאַכנדיק דעם בלוטיקן וועג אין פאַרשידענע געטאָס און לאַגערן, איז, אין 1942, אין אַ מאַסן־שחיטה פון וואָלאָזשינער געטאָ אומגעקומען נאָטעס טאָכטער מרים מיט איר מאַן, הרב פּסח ספרא פון פּאָסטאָוו און זייערע צוויי קינדער. אין דעם זעלבן יאָר, בעת אַן „אַקציע", וואָס דייטשן מיט דער הילף פון ווילנער יידישע געטאָ־פּאָליציאַנטן האָבן דורכגעפירט אין אָשמענער געטאָ, איז אומגעקומען די מוטער פון דער משפּחה, רחל, צוזאַמען מיט נאָך 400 יידן.

נאָך פאַרשידענע גלגולים איבער געטאָס און לאַגערן זענען די רעשט מיט־גלידער פון דער משפּחה פאַרשלעפּט געוואָרן קיין קלאָגע (עסטלאַנד). צוויי טעג פאַר דער באַפרייאונג פון דעם לאַגער דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי, זענען מרדכי נאָטע, זיין טאָכטער בת־שבע און אייניקל לאהלע פאַרברענט געוואָרן. אויף אַן אויסערגעוויינלעכן, אומגלויבלעכן אופן איז אין דעם לאַגער לעבן געבליבן זיין ייִנגסטער זון אהרן, היינט אין ישראל. דער עלטערער זון עליע איז פון זשעזמירער לאַגער צוגענומען געוואָרן אויף פּאָנאַר.

## ר׳ שמעון סעגאַלאָוויטש דער בעל־תפילה

איז געווען פון די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים אין שטעטל. אַ הורט־סוחר פון פלאַקס, זוימען און מעל. אַ ייד אַ פּיקח, אַ למדן, אַ יום־טובדיקער בעל־תפילה. זיינע דריי אויסגעגעבענע זין — דוד, ברוך־שמואל און קלמן זענען אַלע געווען גרויסע סוחרים פון פלאַקס. דוד איז געווען דער גרינדער און אָנפירער פון דער גמילת חסד־קאַסע ביז דעם לעצטן מאָמענט. לאה, אַ טאָכטער, איז אומגעקומען אין זעליאַנקע.

די איינציק לעבנגעבליבענע פון דער גאַנצער פאַרצווייגטער משפחה: רבקה, די פרוי פון ברוך שמואל סעגאַלאָוויטש, לעבט היינט אין אַמעריקע.

## ר׳ יודל דער רופא און זיין פרוי די „הייוון״ (הייבאַם)

ר׳ יידל איז געווען אַ פעלטשער, נאָר צוליב זיין הדרת פּנימדיקן אויסזען האָט מען אים גערופן דער רופא. זיין שיין געפלעגט, ברייט פאַרקעמטע, ווייסע באָרד, עלעגאַנטע בגדים, שוואַרצער שטעקן מיט דעם זילבערנעם הענטל, האָבן אים צוגעגעבן דעם אויסזען פון אַ פּראָפעסאָר.

די הויפּט־מעדיצינען מיט וועלכע ר׳ יידל פלעגט היילן זיינע יידישע און קריסטלעכע פּאַציענטן זענען שטענדיק געווען איינע און די זעלבע: באַנקעס, פּיאַווקעס, ריצינאייל און מאַלינעס צום שוויצן. אַז אַן אָרעמער פּאַציענט האָט נישט געהאַט קיין געלט צו קויפן מאַלינעס, האָט ר׳ יידל פאַר זיין טרחה גאָרנישט גענומען. יידלס פרוי, ליבע יענטע, האָט תיכף געבראַנגט מאַלינעס צום שוויצן און אַנדערע קאָנפיטורן צו דערקוויקן דאָס האַרץ כּ׳ין אָרעמען חולה. קיין רעצעפּטן פלעגט יידל נישט אויסשרייבן, נאָר אַליין געגאַנגען אין אַפּטייק און באַשטעלט די רעצעפּט. טייל קראַנקע האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אַ כבוד, וואָס דער רופא אַליין איז אָנוועזנד ביים צוזאַמענשטעלן די רעצעפּט פאַר זיי.

אין שטעטל איז געווען נאָך אַ פעלטשער — דער פּאָליאַק קרוקאָווסקי. ער איז אָבער נישט געווען אַזוי פּאָפּולער ווי יידל. ביי יידלס שטוב פלעגן אָפטמאָל שטיין פּריצישע בריטשקעס און שלאַכטשישע וועגענער, וואָס האָבן געוואַרט אויף יידלען. דעם „פּאַן יידל״ פלעגן זיי אַוועקזעצן אויבנאָן, און אין גאַלאָפּ אַוועקפירן צו אַ חולה אין אַ פּריצישן מאַיאָנטעק אָדער צו אַ רייכן שלאַכטשיץ. נאָך אַזאַ רייזע האָט יידל צוערשט אָפּגעטרעטן אין אַפּטייק, באַשטעלט די מעדיצינען און ערשט דאַן געפאָרן צו זיך אין שטוב, וואָס איז שטענדיק פול געווען מיט פּאַציענטן.

יידלס פרוי, ליבע יענטע, איז געווען אַן אַקושערין (הייבאַם) און אָפּגענומען קינדער ביי די יידישע פרויען פון שטעטל. אַליין אַ קינדערלאָזע, האָט זי אַן

גרענעץ ליב געהאַט אירע אָפּגענומענע קינדער, וועלכע זי האָט גערופן „מיינע אייניקלעך״, און פלעגט זיי קושן און האַלדזן און אָפט ברענגען מתנות.

ליבע יענטע איז אויך געווען שבת און יום־טוב די פאַרזאָגערין אין „עזרת נשים״ פאַר די ווייבער. זייער אָפט האָט מען געזען ליבע יענטען קלייבן נדבות, וואָס זי פלעגט צעטיילן בסתר, פאַר געפאַלענע און געדריקטע. פאַר די דאָזיקע אַלע מעשים טובים און פאַר זייער טראַדיציאָנעל־רעליגיעזער פירונג זענען יידל און ליבע יענטע געווען זייער אָנגעזען און באַליבט אין שטעטל. יעדן שבת פלעגן ביי זייער טיש זיין אַ סך אָנגעזעענע אורחים.

האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ליבע יענטע געשטאָרבן און מיט דעם האָט זיך אויך פאַרענדיקט די קאַריערע פון יידלען. אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט יידל פאַרלוירן זיין פּראַקטיק, געוואָרן אָרעם און אָפּגעלאָזן. אין שטעטל איז דעמאָלט געווען אַ פעלד־שפּיטאָל מיט אַ סך דייטשע דאָקטוירים, וואָס האָבן אויך באַדינט די ציוויל־באַפעלקערונג.

אָרעם און עלנט איז ר׳ יידל געשטאָרבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

## ר׳ איטשע דער שמש און מלמד

זיין מאָגערע הכנסה פון שמשות אין נייעם בית־המדרש פלעגט ר׳איטשע דערשטוקעווען פון מלומדות. פון ביידע פּרנסות האָט ער אָפטמאָל נישט געהאַט מיט וואָס צו פאַרענדיקן די אויסקומעניש פון דער וואָך. ער איז אָבער געווען אַ ייד מיט אַ סך בטחון, דערצו אַ מזג־טוב מיט אַ פריילעך געמיט, האָט ער אַלץ פאר ליב גענומען.

צוליב זיין נידעריקן וווּקס האָבן זיינע תלמידים געקרוינט זייער רבין מיטן צונאָמען „טל ומטר״, וואָס איז אים פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן. די תלמידים האָבן אָבער ליב געהאַט זייער רבין ר׳ איטשען און געווען אים געהאָרכזאַם. די פרייע צייט, וואָס איז אים פאַרבליבן נאָכן אָפּלערנען מיט די קינדער, האָט ר׳ איטשע אַוועקגעגעבן דעם בית־מדרש, דער אַרבעט פון ריייניקן, קערן, מאַכן אַ סדר אין די ספרים־שאַפעס. ווינטער — הייצן די אויוונס. דאָס אַלץ איז ביי ר׳ איטשען געווען נישט קיין פּשוטע אַרבעט, נאָר מלאכת הקודש.

ר׳ איטשע האָט זייער ליב געהאַט קינדער, להיפוך צו אַנדערע שמשים, וואָס פלעגן טרייבן אָרעמע, צעלאָזענע קינדער פון בית־מדרש, האָט ר׳ איטשע זיי מקרב געווען, ווינטער — געזעצט זיי ביים וואַרעמען אויוון און דערציילט מעשות פון גוטע יידן, געוויזן די פאַרשידענע תשמישי קדושה פון פאַרשלאָסע־נעם אַלמער, וואָס האָבן פון שטענדיק אָן געלאָקט אַלע קינדער.

פאַר זיין מוסטערהאַפטער אָרדענונג אין בית־מדרש, איז ר׳ איטשע געווען באַליבט און געאַכט ביי די באַלעבאַטים פון שטעטל, ביי פאַרשידענע אורחים און אָרעמעלייט, וואָס פלעגן אין פראַקטיק ווינטער־נעכט האָבן אַ וואַרעם געלעגער אין בית־מדרש און אויך אַ גוט וואָרט פון ר׳ איטשע דעם שמש.

## ר׳ יונה גדליה דער וואַלד־סוחר

צווישן די פיר ברידער: נחמיה, יאָסל, איטשע, יונה גדליה, פון דער פאַר־צווייגטער מיוחסדיקער משפחה, איז יונה גדליה געווען דער יינגסטער. ער איז געווען אַ ייד אַ גבר, אַ וואַלד־סוחר, פאַרמאָגט אַ גרויס קאָלאָניאַל־געשעפט מיט אַ פּריצישער קליענטעל. ער אַליין האָט זיך אויך באַמיט אויסצוזען פריציש, אַריסטאָקראַטיש. צו דעם האָט אויך געהאָלפן זיין געשליפענע שפראַך אין רוסיש און פויליש. זיין ערלעכע באַציאונג צו מענטשן האָט אים געמאַכט באַליבט און אָנגעזען ביי דער יידישער באַפעלקערונג און ביי דער רוסיש־פוילישער שלאַכטע.

אין קהלישע ענינים האָט ר׳ יונה גדליה זיך נישט געמישט, שטייף און אָנגעצויגן, מעשה גביר, האָט ער געקוקט אויף עמך פון זיין אויבנאָניקער שטאָט אין נייעם בית־המדרש. דאַקעגן, פאַר אָנרירן דעם כבוד פון אַ ייד איז ער געווען גרייט דורס צו זיין דעם אָנגעזעענסטן פריץ אָדער שלאַכטשיץ פון זיינע קליענטן.

ביילע, זיין פרוי, אַן אמתע אשת חייל, איז געווען אַן „עזר כנגדו״. בעת דער דייטשער אויסראָטונג איז זי געשטאָרבן אין אָלשאַן. זייערע זין און טעכטער — מאָטל און מירקע — זענען פאַרפּייניקט געוואָרן אין די לאַגערן. די טאָכטער חנה ציפּע — האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל פאַר דער מלחמה. משה לייב, דער יינגסטער זון, איז לעבן געבליבן אין רוסלאַנד, היינט וווינט ער אין ישראל.

## בוניע קאַפלאַן און ר׳ עליע שוואַרץ

איינע פון די בנעימותדיקע געשטאַלטן אין אָלשאַן איז געווען בוניע קאַפּלאַן. איר הויז איז שטענדיק אָפן געווען פאַר געדריקטע און אָרעמע יידן און קריסטן. יעדע אויסגעשטערקטע האַנט, איז קיינמאָל נישט אַוועק ליידיק.

בוניע איז געווען דער סימבאָל פון פריינדלעכקייט און געמיטלעכקייט, שטענדיק ארומגערינגלט מיט חברים און פריינד, פרויען־טוערינס, ווי: דינה פּאַ־טאַשניק, חנה שרה פאַטאַשניק און מיט ר׳ מרדכי נאָטע דעם שוחט און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע טוער פון שטעטל, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט ברענגען הילף

פאַר אָרעמע יידישע משפּחות. בוניע האָט שטאַרק געהאַלטן פון מתן בסתר. קיין פּרעמד אויג זאָל נישט באַמערקן, האָט בוניע אַליין אָדער דורך אירע קינדער, אַוועקגעטראָגן יעדן ערב שבת חלה און פלייש פאַר נצרכים אויף שבת און אויך צוגעגעבן עטלעכע זלאָטעס.

פון פאַך אַ לערערין, האָט בוניע די אַלע מידות געירשנט פון אירע רעליגיעזע עלטערן, שרה און אהרן גאבער, און פון איר רעליגיעז־פּאַטריאַרכאַלן זיידן ר׳ עליע הירש שוואַרץ, אַ לעדער־פאַבריקאַנט אין אָשמענע, וואָס האָט שפּעטער פאַרטראָטן בוניעס יונג פאַרשטאָרבענעם פאָטער. דער זיידע האָט דערצויגן זיינע אייניקלעך אין פאָלקסטימלעך־רעליגיעזן גייסט און איינגעפלאַנצט אין זיי: גוטסקייט, ערלעכקייט, ליבע צום יידישן פאָלק, צו דער יידישער טראַדיציע און אַ ווילן צו טראָגן הילף פאַר אָרעמע און געדריקטע.

ר׳ עליע הירש האָט באַזונדערס זיך פאַרנומען מיט חתונה מאַכן אָרעמע מיידלעך. ער פלעגט געבן נדן דעם חתן, אויסשטייער פאַר דער כלה און פראַווען אַ חתונה ביד רחבה. צוזאַמען מיט זיינע אייניקלעך האָט ער משמח געווען די געסט ביז פאַרטאָג. בוניע, די ליבסטע פון זיינע אייניקלעך, וואָס האָט פאַרמאָגט אַן אָנגענעמע שטימע, האָט דער זיידע מיטגענומען אויף אַלע חתונות, כדי זי זאָל זינגען און פריילעך מאַכן די געסט.

אַן אויסטערלישער פאַל האָט געטראָפן צוויי וואָכן נאָך דעם, ווי ר׳ עליע הירש האָט חתונה געמאַכט זיין איינציקע טאָכטער שרה, די מוטער פון בוניען. גראָד אין דער צייט האָט אַ חתן פון אַן אָרעמער כלה, וועלכע ר׳ עליע הירש האָט חתונה געמאַכט, זיך איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט גיין אונטער דער חופּה, באשר די כלה האָט נישט אין איר אויסשטייער קיין ווינטער־פוטער. נישט טראַכטנדיק קיין סך, איז ר׳ עליע הירש אַוועק צו זיין טאָכטער שרהן און דערציילט וועגן דעם אויסטערלישן פאַל. שרה, זיין בת־יחידה, האָט תיכף געברענגט איר חתונה־פוטער און אָפּגעגעבן איר טאַטן. ר׳ עליע הירש האָט געקושט זיין טאָכטער פאַר איר גוט האַרץ און דעם פוטער אַוועקגעטראָגן דער אָרעמער כלה. אַ צופרידענער איז דער חתן אַוועק צו דער חופּה און אַלע געסט צוזאַמען מיט ר׳ עליע הירשן האָבן זיך משמח געווען אַ גאַנצן מעת־לעת.

צוויי מאָל אין טאָג, זומער און ווינטער, איז ר׳ אליהו הירש געפאָרן מיט פערד און וואָגן פון זיין וווינונג, וואָס האָט זיך געפונען אויפן ראַנד פון שטאָט, אין בית מדרש צו דאַווענען בציבור. גאָר אָפט פלעגט ר׳ עליע הירש קומען צוריק פון בית מדרש אַ באָרוועסער, אָן שטיוול, אָדער אָן אַ קאַפּאָטע. דאָס האָט ער זיינע בגדים אָדער שטיוול אָפּגעגעבן אין בית־מדרש אַן אורח אָדער אָרעמאַן, וואָס האָט געהאַט צעלעכערטע שטיוול אָדער אַ צעריסענע קאַפּאָטע.

ווען ר׳ עליע הירש איז נפטר געוואָרן, האָט אַן אמתער טרויער באַהערשט אָשמענע מיט איר געגנט. די לוויה איז פאָרגעקומען דאָנערשטיק, אין אַ מאַרק־

טאָג. צוליבן כבוד פאַרן נפטר האָבן אַלע קרעמער פאַרמאַכט זייערע קראָמען און געגאַנגען באַגלייטן זייער באַליבטן בן־עיר.

פון דעם טיש ביי וועלכן ר׳ עליע הירש האָט געלערנט אין בית־מדרש, האָט מען, פאַרן כבוד פון נפטר, געמאַכט דעם אָרון און אים מיטגעגעבן אין קבר אַריין.

די יינגסטע באַליבטסטע צוויי אייניקלעך פון ר׳ עליע הירש, בוניע און מאיר, זענען אַכזריותדיק דער־מאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן.

## בערל דער „קיסר"

בערל דער „קיסר", אַזוי האָבן אים גערופן אין שטעטל סיי יידן און סיי קריסטן, און געווען איז ער אַ פּשוטער שוסטער, אַ גוטער ברודער צו יעדן. ער האָט ליב געהאַט צו מאַכן אַ כוסה. און ווען ער איז געווען בגילופין האָט ער אַלע אַרומגעכאַפּט קושן. ער האָט אויך געקענט אָנברעכן די ביינער אַ כוליגאַן, וואָס האָט געפּרווט זיך פריילעך מאַכן איבער יידן.

צו זיין שוסטערישער פרנסה האָט בערל „קיסר" געהאַט אַ צוגאָב־באַ־שעפטיקונג: ער האָט פאַרטאָג געוועקט יידן צו „עבודת הבורא", גערופן אין שול אריין שבת, פאַרטאָג — געוועקט צו תהלים, עשרת ימי תשובה — צו סליחות.

בעת אַ זאַווערוכע, ווינטער פאַרטאָג, פלעגט אָפט טרעפן, אַז אונטער דער ווירקונג פון אַן איבעריקער כוסה, איז בערל פאַרקראָכן אונטערן פענצטער פון אַ קריסטלעכן שכן און אים געוועקט צו „עבודת הבורא" און אָפּגעזונגען זיין זמרל: „שטייט אויף, שטייט אויף איר הייליקע יידעלעך, איר הייליקע יידעלעך, שטייט אויף צו עבודת הבור־או־רא". דער גוי איז ווייטער געשלאָפן און אַפילו זיך נישט געבייזערט אויף בערלען.

דעם צונאָמען „קיסר" איז בערלען פאַרבליבן פאַר שפּילן אַ ראָל פון אַ קיסר ווען ער האָט אין זיינע יונגע יאָרן געשפּילט טעאַטער.

## דודקע דער שמיד

דודקע איז געבוירן געוואָרן אין ביוציזשקי, אַ דאָרף, 7 קילאָמעטער פון אָלשאַן. זיינע עלטערן זענען פון דורות לאַנג געזעסן אין דעם דאָרף און פאַרנומען זיך מיט ערד־אַרבעט אַזוי ווי אַלע פּויערים. די שווערע פּויערישע פרנסה פלעגט אבדהם קאָטלער, דודקעס פאָטער, דערשטיקעווען מיט שמידעריי. ער האָט געקאָ־וועט די פערד און וועגענער פון די דאָרפישע פּויערים און מיט די פאַרדינסטן אויסגעהאַלטן זיין גרויסע משפחה.

צו 17 יאָר איז דודקע געקומען קיין אָלשאַן און אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס געהילף אין דער קוזשניע פון דוד קאָזלאָווסקי, פון די אַזוי גערופענע פינטשוקעס, וועלכע מיר האָבן פריער באַשריבן.

חדר־ייִנגלעך און שול־קינדער פלעגן אָפט לויפן צו דער קוזשניע, צוקוקן זיך ווי עס פליען די פייער־פונקען און באַוווּנדערן דודקעס גבורה. דודקע פלעגט אָננעמען דעם שווערסטן האַמער ביים עק פון דעם הילצערנעם הענטל און מיט אַן אַרויסגעשטרעקטער מוסקולירטער האַנט לאָזן שווינגען דעם האַמער אַרויף און אַראָפּ. אַז עס האָט אַזש געשווינדלט פאַר די אויגן. ער האָט אונדז געוויזן נאָך אַנדערע קונצן מיט שווערע מכשירים פון אייזן. מיר פלעגן אים רופן שמשון הגבור. קיינער האָט נישט געקאָנט נאָכמאַכן די קונץ מיטן שווערן האַמער, אַפילו די פינטשוקעס, וואָס זענען אויך נישט געווען קיין מפּיל־קינדער.

דודקעס געבוי, זיינע אייזן־שטאַרקע הענט, האָבן באַוווּנדערט נישט בלויז ייִדן, נאָר די גאַנצע קריסטלעכע באַפעלקערונג פון דער אומגעגנט. זיי אַלע האָבן מורא געהאַט און צוגלייך געהאַט דרך־ארץ פאַר דודקעס אייזערנע קולאַקעס. אַ כוליגאַן, וואָס האָט אַמאָל פאַרזוכט דודקעס אַ קולאַק, פלעגט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן אויסצומיידן דעם ייִדישן גיבור.

אין עצם איז דודקע געווען א גוטמוטיקער שטילער בחור, שטענדיק אַ פריילעכער, מיט א שמייכלענדיק־פריילעכן פּנים, בלאָע אויגן און בלאָנדע האָר. ער האָט ליב געהאַט קינדער און מעשה קונדס אַ שטיף געטאָן מיט זיי. ווען עס האָט געדראָט ייִדן אַ סכנה איז דודקע באַלד געווען אויפן אָרט. ער פלעגט אָפטמאָל אפילו נישט אויסטאָן זיך קוזשניע־פאַרטעך און לאַנגזאַם צוגיין צו אַ צעיושעטע באַנדע כוליגאַנעס און נישט אַכטנדיק אויף דער גרויס פון זייער צאָל, אַריינפאָרן מיט זיין קולאק אין האַרץ פון ערשטן בעסטן כוליגאַן. אין רוב פאַלן פלעגן די כוליגאַנעס נאָך דעם ערשטן זעץ פון דודקען, זיך אויסניכטערן, ווערן אויס העלדן און זיך אָפּטראָגן. אָבער ווי איז געווען די יעניקע, וואָס האָבן געפּרווט זיך אַנטקעגנשטעלן דודקען. מיט זיינע אייזערנע הענט האָט ער געקלאַפּט פון רעכטס און לינקס, פון פאָרנט און פון הינטן, ביז די כוליגאַנעס, צעקיילטע און צעביילטע, זענען אַנטלאָפן „ווי דער פעפער וואַקסט". אַ צופרידענער, מיט א פריילעכן פּנים פלעגט דאַן דודקע, ווי קיינמאָל גאָרנישט, צוריקגיין אין קוזשניע צו זיין אַרבעט.

איניקע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה־ האָט דודקע חתונה געהאַט אין אַ שכנותדיקער שטאָט אין דער אומגעגנט פון אָלשאַן. וואָס עס איז געשען מיט דודקען בעת דער דייטשער אויסראָטונג, איז נישט באַוווּסט. זיין איינציקע שוועסטער גאָלדע, די ייִנגסטע אין דער משפחה, מיט איר מאַן, וואָס האָבן געלעבט אין דאָרף, האָבן די דייטשן אַרויסגעטריבן און אַריינגעזעצט אין אָלשאַ־ נער געטאָ. ווען דאָס געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן, איז גאָלדע אנטלאָפן צוריק

אין איר דאָרף און אויסבאַהאַלטן זיך ביי באַקאַנטע קריסטן. די זעלבע קריסטן האָבן איר דערמאָרדעט אייניקע טעג פאַרן אָנקום פון דער סאָוויעטישער אַרמיי.

## יהושע דער שמיד

אַ פריילעכער, זאָרגלאָזער עמך־טיפּ. יעדן איינעם האָט ער באַגעגנט מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַ וויץ. פרייטיקצונאַכטס פלעגט יהושע פאַרלאָזן דעם בית־מדרש דער לעצטער, כדי מיטצונעמען אויף אַ שבת־מאָלצייט אַלע איבערגעבלי־בענע אורחים. קיינמאָל, אַפילו אין מיטן דער וואָך, האָט ער זיך נישט געזעצט צום טיש אָן אַן אורח.

פאַר זיין פּינקטלעכקייט און מוסטערהאַפטער אַרבעט, אין זיין קוזשניע, איז יהושע געווען געאַכט, און געשעצט געוואָרן דורך יידן און קריסטן.

פון זיין טאַטן האָט יהושע געירשנט די פּראַפּעסיע פון אָפּשפּרעכן אַ רויז. פּאַציענטן האָבן יהושען נישט געפּעלט. פאַר זיין טרחה האָט ער נישט גענומען קיין געצאָלט. אַז מען האָט יהושען געפרעגט צי ער גלויבט אין זיינע זאַבאַבאָנעס, האָט ער געענטפערט: צי איך גלויב איז נישט וויכטיק. דער עיקר, אַז דער קראַנקער גלויבט, אַנדערש וואָלט ער דאָך צו מיר נישט געקומען. זיין גלויבן אין מיין אָפּשפּרעכעניש העלפט אים.

## די פּינטשוקעס

אָלשאַן האָט פון שטענדיק זיך אויסגעצייכנט מיט אירע פּשוטע געזונטע יידן. מיזיש־שטאַרקע, יידישע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געוווּסט, אַז זיי דאַרפן פאַר עמעצן מורא האָבן.

די קאָזלאָווסקיס האָבן געהערט צו אַזאַ משפּחה. מ׳האָט זיי גערופן די פּינטשוקעס — אַ „דינאַסטיע״־נאָמען נאָך אַן עלטער־עלטער־ניידן — פּיניע. דאָס איז געווען אַ פאַרצווייגטע משפּחה פון דורות שמידן און אייזן־קרעמער, געזונטע, יאָדערדיקע יידן, וואָס פלעגן שטענדיק און אין אַלע אומשטענדן רעאַגירן מיט זייערע אייזערנע קולאַקעס פאַר אָנרירן דעם יידישן כבוד און יידיש האָב און גוטס.

כוליגאַנעס און שיכורים האָבן אין אָלשאַן, אַזוי ווי אין אַנדערע שטעט, נישט געפעלט. פלעגט טאַקע אָפט טרעפן אין אַ מאַרקטאָג אָדער אויף אַ יריד, אַז אָנגע־שיכורטע שטעטלדיקע און דאָרפישע כוליגאַנעס האָבן פּראָוואָצירט צו אַ געשלעג מיט יידישע מאַרק־הענדלער. ס׳איז אָבער געווען גענוג, אַז עמעצער פון די

פּינטשוקעס זאָל זיך באַווייזן, ווי די שיכורע כוליגאַנעס פלעגן אַנטלויפן, ווי מייז אין די נאָרעס. ווייל ווי שיכור זיי זענען געווען, האָבן זיי דאָך געדענקט דעם טעם פון קלעפּ פון אַ פּינטשוק.

אין די צאַרישע צייטן, שפּעטער אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, פלעגן יאָר־איין, יאָר־אויס, אין האַרבסט, דורכפאָרן דורך אָלשאַן „נאָוואָבראַנצעס" (רעקרוטן) צו דער מיליטער־קאָמיסיע אין אָשמענער קרייז. אין משך פון צוויי חדשים, וואָס די ־זוערבירונג פלעגט דויערן, זענען די פּינטשוקעס געשטאַנען גרייט אויף יעדן רוף צו פאַרטיידיקן יידן קעגן כוליגאַנישן אָנפאַל. בעת דער רעקרוטאַציע זענען איבער אָלשאַן געגאַנגען די צעווילדעוועטע אַוואַנטורניקעס פון נאַליבאָקער פּושטשע (געדיכטער וואַלד). זיי האָבן שטענדיק, ביים דורכפאָרן אָלשאַן קיין אָשמענע און אויף צוריק, שוין אַלס אָפּגעגעבענע רעקרוטן, פאַרפירט געשלעגן אין די יידישע רעסטאָראַנען, קראָמען און מיט אָרעמע מאַרק־הענדלער. אָבער באַלד האָבן זיך באַוויזן די פּינטשוקעס מיט אייזערנע פּרענטן אין די הענט, האָבן זיך אַריינגעריסן צווישן אַ הונדערט־קעפּיקער באַנדע און געדרעשעט מיט די פּרענטן אויף רעכטס און אויף לינקס.

די כוליגאַנעס זענען אַנטלאָפן, ווי די האָזן, מיט צעשפּאָלטענע קעפּ און ריפּן, און איבערגעלאָזט זייערע פערד און געשפּאַן. די פּאָליציי פלעגט, למעשה, זיין צופרידן פון די אויסגעטיילטע קלעפּ פאַר די כוליגאַנעס און געהאָלפן אַרויס־פירן די פערד און די וועגענער הינטערן שטאָט.

## פעשע די בעקערין

פעשע די באָגדאַנאָווערין — אַזוי האָט מען זי גערופן אין שטעטל. זי איז פאַרבליבן יונג אַן אלמנה מיט זיבן פּיצלעך קינדער. אַ פרוי מיט ענערגיע, וואָס אפילו מענער האָבן נישט געקענט מיט איר זיך פאַרגלייכן, האָט זי זיך באַהערשט נאָך איר אומגליק און געעפנט אַ מאָדערנע בעקעריי פון ברויט, זעמל און צוקער־וואַרג. ווען די זיבן קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, האָט פעשע געעפנט אַ רעס־טאָראַן און געפירט אַן אָנשטענדיק באַלעבאַטיש לעבן, חתונה געמאַכט די ערשטע פיר טעכטער, געקליבן זיך אויסצוגעבן אירע צוויי יינגסטע טעכטער און געמאַכט פּלענער פאַר איר בן־יחיד גרשון.

דער גורל האָט אַנדערש געוואָלט. פעשע מיט אירע קינדער האָבן געוואַנדערט צוזאַמען מיט אַלע יידן כון אָלשאַן איבער געטאָס און לאַגערן, אויפן שוועל פון באַפרייאונג איז זי אומגעקומען. אין דער דייטשער אַקציע פון קינדער־אויסראָ־טונג זענען אַלע אייניקלעך צוגענומען געוואָרן. ביים לעבן זענען געבליבן פעשעס זעקס טעכטער מיט איר איינציקן זון. פינף טעכטער מיט זייער ברודער לעבן היינט **אין ישראל.**

## בלומע בערקמאַן

בלומע בערקמאַן איז געווען באַקאַנט אין שטעטל ווי אַן אשת חייל. הגם זי איז פרי געבליבן אַן אלמנה מיט 6 יתומים, האָט דאָס אומגליק נישט צע־שטערט איר לעבן. בכבודיק האָט זי אויפגעהאַלטן איר משפחה און געצויגן חיונה פון איר אָרעם קרעמל. די קינדער האָט בלומען געגעבן אַ לייטישע יידישע דערציאונג, געשיקט זיי אין דער אָלשאַנער תרבות־שול, הגם מ׳האָט דאָרט געדאַרפט צאָלן שכר־למוד, בעת אין די פוילישע מלוכה־שולן איז מען געווען פריי פון יעדן אָפּצאָל.

צוויי טעכטער, רבקה און מאַשע, האָט די מאַמע בלומע נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געשיקט קיין ארץ ישראל. דער זון, ישראל און די טאָכטער, שרה, וואָס זענען געבליבן אין פוילן זענען דורכגעגאַנגען אַלע גרוילן פון געטאָס און לאַגערן און לעבן היינט אין ישראל.

## שמואל באַיאַרסקי

ווען שמואל באַיאַרסקי, דער באַרימטער ראַדענער ישיבה־בחור האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון ר׳ שלמה פּאַטאשניק, האָבן מאַמעס פון דערוואַקסענע טעכטער מיט קנאה געקוקט אויף ר׳ שלמהן און זיין ווייב דינה: „אַ גביר האָט מזל״ — האָבן אָלשאַנער געזאָגט.

חברה לצים האָבן געפּרוווט טרייסטן די נישט־פּאַרגינערס, אַז פון דער מציאה וועט זיך נאָך אויסלאָזן אַ יקרות...

די ווירקלעכקייט האָט באַוויזן, אַז ר׳ שלמה מיט דינהן האָבן נישט געהאַט קיין טעות. גאָר גיך איז פונעם ישיבה־בחור געוואָרן אַ גוטער סוחר. פון זיין קליינעם נדן־קרעמל איז געוואָרן אַ גרויס סאָליד געשעפט. דער געוועזענער ישיבה־בחור און יונגער סוחר, שמואל באַיאַרסקי, איז געוואָרן אַ טעטיקער מיטגליד אין אַלע רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס. ער איז געווען אָנגעזען ביי אַלע שיכטן פון שטעטל.

שמואל מיט זיין פרוי כאַסיע האָבן געטיילט דעם זעלבן גורל פון אַלע אָלשאַנער יידן: געוואַנדערט איבער געטאָס און לאַגערן, אויסגעשטאַנען צרות צרורות, פּיין, נויט און טויט־שרעק. שמואל איז אומגעקומען אין יאנואר 1944, אין לאַגער אייוואַרע אין עסטלאַנד. זיין פרוי כאַסיע איז אומגעקומען אין אַן אַנדערן לאַגער. פון זייערע פיר קינדער זענען געבליבן לעבן: דער עלטערער זון — הרב שמעון באַיאַרסקי אין אַמעריקע, ווו ער פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם כסא רבנות און אויך זייער טאָכטער רחל ביילע און אַ זון אברהם. זיי לעבן אין אַמעריקע.

מיט אַ טראַגישן טויט איז אומגעקומען זייער יינגסטער זון. נאָך אין יאָר 1935 איז ער איבערגעפּאַרן־געוואָרן דורך אַ פייערלעשער־קאָמאַנדע פון אַשמענע, וואָס איז געקומען העלפן איינלעשן איינע פון די אָפטע שרפות אין שטעטל אָלשאַן.

## ר׳ לייב דער קצב

ר׳ לייב קצב האָט זיין פאַך געהאַלטן פאַר אַ מלאכת הקודש. „אַ חלק פלייש פון זיין יאַטקע איז אַ נחת אַריינצובריינגען אין שטוב" — פלעגן ווייבער זאָגן. גאָר אַ באַזונדערן רוחניותדיקן נחת האָבן געהאָט יידן פון חברת תהילים, ווען ר׳ לייב האָט שבת, בין מנחה למעריב, געזאָגט מיטן עולם אַ קאַפּיטל תהילים. „לויט זיין פאַרזאָגן פאַרשטייט מען דעם טייטש פון יעדן פסוק" — האָבן יידן אין חברה תהילים גערעדט מיט מתיקות.

זעקס זין און איין טאָכטער האָט לייב מיט זיין פרוי רבקה געבראַכט אויף דער וועלט. אין זיין שטוב איז שטענדיק געווען ליכטיק, ציכטיק און פריילעך. אַלע קינדער האָבן באַקומען בילדונג. די עלטערע קינדער פלעגן העלפן די יינגערע: ברוך הערש האָט געהאָלפן זיין יינגערן ברודער סענדער צו ענדיקן מעדיצין. חיים, וועלכער לעבט אין אַמעריקע, האָט געהאָלפן אשרן ענדיקן אַ מוזיקאַלישע שול אין ווילנע.

ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט סענדער באַקומען זיין דאָקטאָר־דיפּלאָם און באַוויזן צו עמיגרירן קיין אַמעריקע. בדרך נס איז געבליבן לעבן יאָסל גורוויטש, היינט אין קאַנאַדע. אַלע אַנדערע פון דער משפחה זענען אומ־געקומען.

## הירשל רודניק

איז באַרימט געווען ווי אַ ישיבה־בחור אין די ישיבות פון מיר. שפּעטער געווען אין וואָלאָזשין. ער האָט זיך אויך געפּילט היימיש אין וועלטלעכע לימודים, אַ קענער פון העברעיש און אַ בקי אין דער העברעישער און יידישער ליטעראַטור.

אַ געבוירענער אין טראָב, האָט מען הערשלען גלייך פון דער ישיבה גענומען פאַר אַן איידעם אין אָלשאַן. נאָך דער חתונה איז הערשל געוואָרן אַ לערער פון רעליגיע אין דער דאָרטיקער תרבות־שול. די קאַרגע פּרנסה פון לערעריי איז אָבער נישט גענוג געווען צו שפּייזן די משפחה פון זעקס נפשות, און הערשל האָט זיך געמוזט נעמען צו דער אַלטער פּרנסה פון זיין שוויגער שרה — צו שענקעריי.

די דאָזיקע באַשעפטיקונג האָט דעם אינטעליגענטן הערשל ממש צעבראָכן. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן דעם שענק־לאַרם. ער האָט געפּרוווט זיך אויס־לעבן אין געזעלשאַפטלעכער ארבעט, האָט דערפון געליטן דער שלום־בית. די אַלע איבערלעבונגען האָבן אים פיזיש צעבראָכן. ער איז קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין בליענדיקן עלטער.

זיינע עלטערע צוויי קינדער, רישקע און אייזיק, האָט הערשל באַוויזן פאַר זיין טויט אַוועקצושיקן צו אַ ברודער קיין אַמעריקע, די ייִנגערע — אבקע און שלומקע זענען בדרך נס לעבן געבליבן און אומגעקערט זיך צוריק אין אָלשאַן. היינט זענען זיי אין אַמעריקע. הערשלס פרוי רחל, איז אומגעקומען אין זשע־ליאנקע.

## די משפחה וואָראָנאָווסקי

יידן אין אָלשאַן האָבן גוט געקענט די צוויי ברידער הערשל און ראובן וואָראָנאָווסקי. בשותפות האָבן זיי געפירט אַ פאַבריק פון סאָדע־וואַסער און אַנדערע געטראַנקען, וואָס איז געווען איינגעאָרדנט אין זייער אייגענער מויער אינמיטן מאַרק. זיי האָבן זייער לעבן טראַגיש פאַרענדיקט, ווי דאָס רוב יידן פון אָלשאַן.

הערשל מיט זיין פרוי גאָלדע טייבע, זענען אומגעקומען אין זשעליאָנקע. זייערע עלטערער זון אברהם שלמה, אַ באַגאַבטער קונסט־מאָלער, איז פאַרפייניקט געוואָרן ערגעץ אין אַ לאַגער. זייער ייִנגערער זון אהרן, אַן אַדוואָקאַט, איז ביים צוריקגיין פון וואָלאָזשין אין אָלשאַנער געטאָ, צוזאַמען מיט זיין כלה ליוסע, געכאַפּט און דערמאָרדעט געוואָרן דורך די ווייסרוסישע פּאָליציי פון ווישנעווע.

ראובן וואָראָנאָווסקי איז פאַרפייניקט געוואָרן אין אַ לאַגער. ראובנס איינציקע טאָכטער, פייטשע, איז לעבנגעבליבן און וווינט אין ישראל.

## די משפחה גורוויטש

די משפחה פון ר׳ אליהו (עליע) מיט זיין פרוי חיה ראָכע גורוויטש האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער מידה פון הכנסת־אורחים.

ר׳ אליהו גורוויטש, אַ ייד אַ פּיקח, פול מיט לעבן און הומאָר, איז אחוץ אַ גוטער און אָרנטלעכער האָלץ־סוחר, געווען אויך אַ משכיל, אַ יודע ספר, אַ האַרצי־קער בעל־תפילה, אַ פּרעכטיקער זינגער מיט אַן אָנגענעמער טענאָר־שטים. ער האָט אָרגאַניזירט און אָנטייל גענומען אין אַלע רעליגיעזע און וועלטלעכע אימפּרע־זעס אין שטעטל. זיין רעליגיעזער און באַלעבאַטישער שטאַנד, האָט ר׳ עליען

נישט אָפּגעהאַלטן פון אויפצוטרעטן אויף דער סצענע אַלס שפּילער און זינגער. ער האָט אויך געזונגען אין בית־מדרש־כאָר אונטער דער לייטונג פון ר׳ יצחק גרשון, דער אָלשאַנער חזן. ליידער איז ער זייער פרי אַוועק פון דער וועלט.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ר׳ עליע געשטאָרבן אין בליענדן על־טער. דער גאַנצער יאָך פון פרנסה איז דאַן געפאַלן אויף דער שוואַכער חיה ראָכען. אָבער חיה ראָכע האָט נישט אויפגעהערט צו גיין אין דעם זעלבן וועג פון איר מאַן, נישט אָפּגעזאָגט זיך פון דער מידה פון הכנסת־אורחים און פון העלפן געדריקטע און געפאַלענע. פון מצומצמדיקן ריווח פון איר שפּייז־קראָם, האָט חיה ראַכע נאָך אויסגעהאַלטן אין איר הויז צוויי קיילעכדיקע יתומים פון אַ יינגערער שוועסטער און זיי דערצויגן צוזאַמען מיט אירע אייגענע צוויי יתומים. איינע פון זיי, בלומע, איז פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געפאָרן קיין ישראל, ווו זי געפינט זיך ביזן היינטיקן טאָג.

צוליב דעם שוואַכן געזונט־צושטאַנד פון חיה ראַכען איז איר מינדער־יעריקע בת־יחידה, שיינע בלומע, געווען געצוווּנגען, נאָכן פאַרענדיקן די שולע, איבערצונעמען פון איר מוטער די אָנפירונג מיט דער שפּייז־קראָם. פון איר קרעמעריי האָט דאָס יונגע מיידל אויסגעהאַלטן איר יונגן ברודער חנניה אין ווילנע, ווו ער האָט באַקומען אַלגעמיינע בילדונג און אַ פאַך.

די שווערע האָרעוואַניע אין קראָם האָט שיינע בלומען נישט אָפּגעריסן פון קולטור־לעבן. זי האָט נאָך געפונען צייט צו לייענען יידישע, רוסישע און פּוילישע ביכער און אָנטיילגענומען אין דעם שפּרודלדיקן לעבן פון דער אָלשאַנער יוגנט. איר שטוב איז געווען דער זאמלפּונקט פון דער בעסערער יוגנט פון אָלשאַן און פון דעם דראַמאַטישן קרייז. פּופצן יאָר אָן איבעררייס האָט שיינע בלומע גענומען אַן אָנטייל אין דראַמאַטישן קרייז און געשפּילט די הויפּטראָלע אין דראַמעס און געזונגען אַלס סאָליסטקע אין אָפּערעטעס.

ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה איז חיה ראַכע געשטאָרבן. איר טאָכטער שיינע בלומע מיט איר מאַן יצחק יערוש און זייער קליין טעכטערל חיה רחלע ־ענען געווען די קרבנות פון דער דייטשער אויסראָטונג, בעת דער פאַרטיליקונג פון קינדער. אין לאַגער זשעזמיר, אין ליטע, איז שיינע בלומע צוגענומען געוואָרן צוזאַמען מיט איר טעכטערל און פאַרפּייניקט געוואָרן. איר מאַן יצחק איז אומגע־בראַכט געוואָרן אויפן 9־טן פאָרט אין קאָוונע.

דער יינגסטער און דער איינציק איבערגעבליבענער פון דער משפּחה, חנניה, איז אין סעפּטעמבער 1939, מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי. ער איז דורכגעגאַנגען דעם פיינלעכן וועג אַלס זעלנער אין דייטשער געפאַנגענשאַפט. דורך אומוועגן איז ער אין יאָר 1942 געקומען קיין ארץ־ישראל, ווו ער געפינט זיך ביזן היינטיקן טאָג.

## ר׳ מאיר דער „אַגענט״

ר׳ מאיר רודניק האָט מען גערופן נישט מיט דעם פאַמיליע־נאָמען, נאָר לויט זיין באַשעפטיקונג — ר׳ מאיר דער אַגענט.

פון אַלע שטעטלשע איינוווינער האָט ר׳ מאיר זיך אויסגעטיילט מיט זיין דירה, פרנסה און מיט זיין רחבותדיק לעבן. זיין הילצערן הויז אין צענטער פון שטעטל האָט זיך אויסגעטיילט מיט זיין באקוועמלעכקייט פון אינעווייניק און פון דרויסן. דער שטח פון הויז ביז צום טראָטואַר איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ פרעכטיקן פלויט פון ווייס־בלויע שטאַכעטן און פאַרפלאַנצט מיט בלומען, וואָס האָבן מיט זייער ריח און קאָליר צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע פאַרבייגייער. די רחבותדיקע גלעזערנע וועראַנדע אין הויף ביים אַריינגאַנג אין שטוב, די גדלותדיקע ווייס־בלויע טויערן ביים אַריינפאָר אין הויף, ווו ס׳האָבן געשאָטנט צעצווייגטע ליפּעס און דער סאָד מיט פרוכטן הינטער דער שטוב — האָט פאַרכאַפּט אַלעמענס בליקן.

אין די צאַרישע צייטן, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ר׳ מאיר זיך באַשעפטיקט מיט פירן יידן און קריסטן קיין אַמעריקע, וואָס האָבן צוליב מאַ־טעריעלע אָדער פּאָליטישע סיבות פאַרלאָזן אָלשאַן. אַזעלכע עמיגראַנטן זענען געקומען צו ר׳ מאירן דעם אַגענט, געדונגען זיך מיטן פּרייז, און ר׳ מאיר האָט זיינע פּאַסאַזשירן אַוועקגעפירט קיין ווילנע און זיי איבערגעגעבן זיין ברודער ר׳ משה רודניק, דער אייגנטימער פון האָטעל „ווענעציאַ״, וואָס איז געווען נאָענט פון וואָקזאַל. ר׳ משה הלעגט שוין באַזאָרגן די פּאַסאַזשירן מיט אַלעם נייטיקן ביז צום אַריינזעצן זיך אין שיף

פון זיין לייכטער פרנסה האָט רודניק אויסגעבויט זיין פּריצישע נחלה און אויך געגעבן אַ היפּשן חלק דער צאַרישער פּאָליציי און נאַטשאַלסטווע לא יחרץ־געלט. מיט אַ ברייטער האַנט האָט ר׳ מאיר געשטיצט אַלע נויטבאַדערפטיקע און געדריקטע יידן אין שטעטל.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט ר׳ מאיר איבערגעלעבט אין רוסלאַנד. נאָכן אַנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פּוילן איז ער צוריקגעקומען קיין אָלשאַן. זיין פריערדיקע פרנסה איז מער נישט אַנגעגאַנגען. צו אַנדערע געשעפטן האָט ער נישט געטויגט. עס איז אים געגאַנגען שלעכט. האָט ער פאַרקויפט זיין איינגע־פונדעוועטע נחלה און אויסגעוואַנדערט נישט קיין אַמעריקע, וווהין ער פלעגט אַלעמען „אָטפּראַווען״, נאָר קיין ארץ־ישראל.

בעת מיר שרייבן די שורות איז ר׳ מאיר אַ בן תשעים וחמש, לעבט אין ירושלים, עד מאה ועשרים.

## אליקום לידסקי און זיין ליבע צו ערד־אַרבעט

### (זכרונות פון די קינדער־יאָרן)

מיין פּאָטערס הויז אין אָלשאַן האָט זיך געפונען אויף דעם שיידוועג: איין שאָסיי האָט געפירט אין דעם נאָענטסטן שטעטל אָשמענע, דער צווייטער, קיין אָלשאַן און דער דריטער — אין די נאָענטסטע דערפער. בשכנות מיט אונדזער הויז זענען געשטאַנען קליינע און נידעריקע פּויערישע כאַטקעס, די דעכער באַדעקט מיט שטרוי.

הינטער אונדזער הויז האָבן זיך געשפּרייט: אַ גרינס־גאָרטן אַ באַגראָזטער שטח און אַ ברייט גרין פעלד, זומער — פול מיט ווייץ און קאָרן. איך געדענק אַזעלכע זומערדיקע טעג. אַ טייל זאַנגען זענען שוין אָפּגעשניטן און געבונדן אין גאַרבן. די רעשט שטייט נאָך גלייך און וואַרט אויפן שניטער. אַ גרויסער הויף. די שטאַל און דער שייער זענען פול מיט בינטלעך שטרוי און מיט גאַרבן קאָרן, וואָס דאַרפן געדרעשט ווערן. די קי אין שטאַל זענען מעלה גירה און וואַרטן געמאָלקן צו ווערן.

מיין פּאָטער ר׳ אליקום ליצקי, איז שטיל און רואיק געגאַנגען זיין לעבנס־וועג, ווי אַ קליין־פּויער און אַ קליינער סוחר, האָט ער געפירט באַשיידן זיין באַלעבאַטישקייט, געלעבט יידיש־טראַדיציאָנעל און כמעט דאָרפיש אין זיין היים און סביבה. מיט מאָזאָליעדיקע הענט האָט ער באַאַרבעט זיין ערד, זיך באַטייליקט אין אַקערן, זייען, שניידן און אין איינזאַמלען די תבואה אין שייער. גרויס איז געווען די שמחה ביי אונדז קינדער, ווען מיר האָבן געהאָלפן דעם טאַטן אין דער אַרבעט, באַטייליקט זיך אין שניידן די זאַנגען און אין בינדן די גאַרבן. אַ באַזונדערן תענוג האָבן מיר געהאַט, ווען מיר קינדער זענען געזעסן אויפן וואָגן, אין סאַמע הויך, אויף די אָנגעלייגטע תבואה־גאַרבן און אַזוי אַריינגעפאָרן אין שייער, ווו מיר האָבן געמוזט איינבייגן די קעפּ, כדי נישט אָנצוקלאַפּן זיך אין דער טויער־ראַם.

נאָכן ענדיקן די אַרבעט, ווען מיר זענען צוריקגעקומען פון פעלד, מיד, באַדעקט מיט שטויב און שטרוי, האָבן מיר זיך געוואַשן און צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפּחה האָבן מיר מיט אַפּעטיט געשפּייזט די מיטאָג־סעודה, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שיסל פול מיט קאַרטאָפל געקאָכט אין די שאָלן, אַ באָרשט פון בוראַקעס אָדער געזויערט קרויט, ווייטער — אַ גריץ פון גערשטענע קאַשע מיט בעבלעך, אָדער אַ געקעכטס פון רייז מיט מילך און צו דער פאַרענדיקונג פון דער סעודה האָט מען פאַרטרינקען מיט אַ גלאָז מילך.

די היים־אַטמאָספער האָט געוואַרעמט דאָס האַרץ. נאָכן זאַטן מאָלצייט

און נאָכן בענטשן איז יעדער אַוועק רוען אויף אַ גוטער שעה, כדי שפּעטער מיט פרישע כוחות ממשיך צו זיין די אַרבעט.

איך געדענק די שבתים און יום־טובים. מיר, די קינדער, זענען געגאַנגען צוזאַמען מיטן טאַטן אין בית־המדרש. בעת דער תפילה זענען מיר געזעסן נעבן אים און צוזאַמען געדאַוונט. ווען מיר זענען אַהיימגעגאַנגען, האָבן די גוישע שכנים מיט בייגן די קעפּ, צוליב יראת הכבוד פאַר דער שבת־מנוחה־דיקער געשטאַלט פון מיין פאָטער, אונדז באַגריסט פריינטלעך. זיי האָבן אין מיין פאָטער געזען ווי איינעם פון זיי, וואָס אַרבעט שווער און מיט זיין שווייס ציט ער אַרויס דאָס ברויט פון דער ערד.

מיין טאַטע האָט געגלייבט, אַז אין שויס פון דער נאַטור און אין אַלעם, וואָס עס האָט צו איר אַ שייכות — שטעקט דער סוד פונעם לעבן. דעריבער האָט ער מיט זיין גאַנצער נשמה ליב געהאַט די נאַטור, דאָס דאָרפישע לעבן. די קריסטלעכע שכנים האָבן אָפן גערעדט, אַז זיי דאַרפן זיך פון אונדז לער־נען און פון אונדז נעמען אַ מוסטער.

אַזוי זענען געגאַנגען די יאָרן. מיין פאָטער וואָלט געקאָנט ממשיך־זיין זיין לעבן ביזן נאַטירלעכן סוף, ווען נישט די אַכזריותדיקע רוצחישע הענט פון די דייטשן, וואָס האָבן געגאָסן שוועבל און פייער אויפן גאַנצן יידישן פאָלק זון אויסגעריסן מיטן וואָרצל אָט די יידישע קליין־פּויערים פון אָלשאַן און צווישן זיי מיין פאָטער. מיטן אָנקומען פון די דייטשן, איז מיין פאָטער פאַר־טריבן געוואָרן פון זיין הויז און ערד, צו וועלכער ער איז געווען צוגעבונדן אַ גאַנץ לעבן. מער נאָך, ווי דאָס פייניקן פון די דייטשן האָט אויף אים גע־ווירקט דאָס אָפּגעריסן ווערן פון זיין ערד, וואָס ער וועט שוין מער נישט זען.

מינאַ דזשאַלאָווסקי־ליצקי

## די האָרעפּאַשנע משפּחות פון אָשמענער גאַס

אָשמענער גאַס האָט זיך אָנגעהויבן פון מאַרק און געצויגן זיך ביז צום בריקל פון קליינעם טייכל. דאָס לעצטע הויז אין גאַס איז געווען לאָקומס שטוב, אַ הילצערן קליין הייזל. לאָקום, אַ האָרעפּאַשנער ייד, האָט זיך פאַרנומען מיט פעלד־אַרבעט, שווער געהאָרעוועט אויף חיונה פאַר זיין משפּחה מיט קליינע קינדער. טראָץ זיין שווערער האָרעוואַניע איז ער געווען שטענדיק גוטמוטיק און אָרנטלעך געפירט זיין לעבן.

אויף דער זעלבער גאַס האָט געוווינט בנימין דער שמיד מיט זיין ווייב הינדע און דריי טעכטער. ער איז געווען אַ ייד מיט הומאָר, פלעגט שטענדיק

טרייבן לצנות און באַמיט זיך צו האָבן געלערנטע קינדער. טייבעלע, די עלטערע טאָכטער האָט געלערנט אין אָשמענע אין גימנאַזיע. זי איז אומגעקומען אין דער וואָלאָזשינער שחיטה.

ביים בריקל, ביים קליינעם טייכל, האָט געלעבט מיכל דער גלעזער מיט זיינע צוויי טעכטער. ער האָט שווער געאַרבעט זיין גאַנץ לעבן, פלעגט גיין פון שטוב צו שטוב פאַרגלאָזן שויבן. און ווען ער איז שוין געווען אַלט און קראַנק האָט זיין טאָכטער חיה שרה איבערגענומען די אַרבעט. איך האָב זי אָפט געזען: מיט אַ הילצערן קעסטל, אָנגעפּאַקט מיט גלאָז, איז זי געגאַנגען זוכן אַרבעט, פאַרגלאָזן שויבן. אויך אין דאָרף פלעגט זי גיין זוכן אַרבעט. זי איז געווען די שפּייזערין פון דער משפּחה. רחל, איר שוועסטער, אַ שוואַכע און קראַנקע, האָט נישט געקאָנט אַרבעטן. זייער אַלט קליין הייזל איז געווען שטענדיק ציכטיק און זויבער.

דאָס צווייטע הויז ביים טייכל איז געווען דעם פעטערס. אפרים, האָט מען אים גערופן און זיין פרוי — מומע כאַשע. זייערע טעכטער בתיה און רחל לאה האָבן געפירט א שטיל באַשיידן לעבן. דער פעטער אפרים, אַ הויכער, געזונטער ייד, איז מיטן פערד און וואָגן געפאָרן קיין ווילנע, זומער אין היץ און רעגן און ווינטער אין די פרעסט. ער האָט געפירט סחורה פאַר די קרעמער פון שטעטל. קיינמאָל איז אים נישט שווער געווען צו טאָן אַ טובה אַ יידן, נישט געזשאַלעוועט קיין מי און טרחה.

די מומע כאַשע, אַ האָרעפּאַשנע יידענע, האָט געפירט אַ שיין באַלעבאַטיש הויז און צוגעהאָלפן אויך מיט פרנסה. אין אַ מאַרק־טאָג, פלעגט מען קריגן אַ גוטן מיטאָג אָפּעסן ביי מיין מומע כאַשען. פרילינג־צייט האָט זי פאַרקויפט זריעה צו די גערטנער. די פויערים פון די דערפער האָבן געוווסט, אַז ביי דער „אפרי־מושקא" איז בו באַקומען די בעסטע זריעה.

יונגע בחורים און מיידלעך פון שטעטל — די חברטעס און חברים פון רחל לאה און בתיה — פלעגן זיך כסדר צונויפקלייבן ביי כאַשען אין שטוב. אין די אָוונטן איז די שטוב פול געווען מיט געלעכטער און געזאַנג. די יוגנט פלעגט דאָרט פאַרברענגען די צייט אין פאַרשידענע שפּילן, באַשיידן און קולטורעל.

אַ הויז וויטער האָט געלעבט דבורהלע, אַן אלמנה מיט קינדער. זי האָט געפירט אַ בעקעריי, געבאַקן צום פאַרקויף ברויט, קוכנס און זעמעלעך, אויך קיכלעך מיט מאָן. ווי אין אַ בעקעריי, איז מען דאָרט אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, אויף גאַנץ פרי האָט מען געגרייט פריש ברויט און געבעקס.

מיין צווייטער פעטער, יאַנקל, און די מומע פּרומע צירל מיט זייערע קינדער, האָבן געפירט אַ שפּייז־קראָם און אַ בכבודיק באַלעבאַטיש לעבן אין שטעטל. דער פעטער איז געווען אַ גוטמוטיקער ייד, שטענדיק מיטן שמייכל

אויף די ליפּן. צמח, זייער זון, איז יונג אָפּגעשטאָרבן. זיין פרוי, העניע, מיט זיין טאָכטער חנה לאה זענען אומגעקומען בעת דער דייטשער אויסראָטונג.

אין יאָר 1943 זענען זיי אַנטלאָפן פון זשעזמירער לאַגער קיין אָלשאַן און אויסבאַהאַלטן זיך אין וואַלד. עס איז געווען ווינטער־צייט. זיי האָבן געמאַכט אַ פייער אַ ביסל זיך צו דערוואַרעמען. אַ פויער האָט זיי באַמערקט און איבער־געגעבן זיי צו די דייטשן, וועלכע האָבן דערשאָסן די מאַמע מיט דער טאָכטער. זייער זון, בענציע, איז אומגעקומען ביי די קאָוונער פאָרטן. זיינע צוויי קליינע קינדער זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין אַ קינדער־אַקציע. בענציעס פרוי, פּערל, לעבט אין אַמעריקע.

פון דער גאַנצער משפחה איז געבליבן די טאָכטער פון פעטער יאַנקל, גרוניע, וועלכע לעבט שוין לאַנגע יאָרן אין אַמעריקע.

## דאָס לעבן אין מיין משפחה

טראַבסקי איז געווען אונדזער פאַמיליע־נאָמען. זיבן קינדער זענען מיר געווען אין דער היים: פיר טעכטער און דריי זין. דער טאַטע, אָשר, אַ סוחר, האָט דאָס גאַנצע לעבן געהאַנדלט מיט וואַלד. איך געדענק, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, פלעגט דער טאַטע פּאָרן קיין דאַנציג אין געשעפט־ענינים און ברענגען שפּילצייג פאַר אונדז קינדער, און דערציילן אונדז פון דער גרויסער שטאָט. איך פלעג דערנאָך פאַר מיינע חברטעס זיך גרויסן און איבערדערציילן פון יענער דייטשער שטאָט.

געלעבט האָבן מיר אין צוויי גרויסע הייזער, שיינע גרוימע צימערן, די ווענט זענען געווען געקלעפּט מיט אָבאָיעס (טאַפּעטן) אין שיינע פאַרבן. אַ גרויסער געברוקירטער הויף איז געווען ביי דער שטוב, מיט אַ הויכן הילצערנעם טויער. הינטער דעם הויז האָט זיך געצויגן אַ ברייטהדיקער גאָרטן, ווו יעדעס יאָר פלעגט די גאַנצע משפחה אָנטיילנעמען ביים פאַרזייען אַלערליי גרינסן און ביים זעצן קאַרטאָפל.

אַ גרויסער געמויערטער קעלער איז געווען אונטער דער שטוב, ווו אין האַרבסט איז ער געוואָרן אָנגעפּילט מיט גרינס און קאַרטאָפל אויף אַ גאַנץ יאָר. די מאַמע, אַ הויכע שיינע יידענע, אַ גוטע באַלעבאָסטע, אַ האַרציקע מאַמע, האָט געזאָרגט פאַר די קינדער. זי איז געווען אַ פריילעכע, האָט ליב געהאַט צו זינגען און דערציילן אַ חכמהלע. זי האָט געזאָרגט נישט בלויז פאַר דער אייגענער משפּחה, נאָר אויך פאַר די שכנים אָרום.

איך געדענק, ווי מיין מאַמע פלעגט ווינטער אַריבערוואַרפן טרוקן האָלץ פאַר די שכנים. נישט איינמאָל האָט זי אונדז, קינדער, איינגערוימט אַ סוד, אַז

די נאַכט וועלן מיר שלאָפן צוויי קינדער אין איין בעט: אַ דורכגייער נייטיקט זיך אין אַ נאַכטלעגער. די שטוב איז געווען אָפן פאַר יעדן איינעם. דער טאַטע, אַ שיינער ייד, מיט אַ קליין שפּיציק בערדל, שטענדיק זויבער אָנגעטאָן, מיט א מנישקע און שניפּס, האָט דאָס גאַנצע לעבן אָפּגעגעבן פאַר די קינדער. נישט שווער איז אים געווען די אַרבעט, טאָג און נאַכט — נאָר די קינדער זאָלן אַלע לערנען. ער האָט אונדז געזאָגט: איך טו אַלץ צו געבן אייך בילדונג, לערנט, דאָס איז דאָס וויכטיקסטע אין לעבן. אין יעדער פרייער מינוט פלעגט ער לייענען אַ צייטונג, אַ בוך, אַלץ האָט אים אינטערעסירט. מיר קינדער האָבן געהאַט אין אים אַ חבר. אַלץ האָב איך אים דערציילט און אויף אַלץ האָב איך שטענדיק באַקומען אַ דערקלערונג. ער האָט געפלאַנצט אין אונדז די ליבע צום מענטש, די ליבע צו אַרבעט.

אין די ווינטערדיקע לאַנגע נעכט איז דער טאַטע געזעסן אין שטוב און געשפּילט מיטן פעטער יאַנקל אין שאַך, אין דאַמקע, און דערביי געשמועסט וועגן פּאָליטיק און וועגן דעם מצב פון די יידן אין פּוילן, וואָס איז אין די לעצטע יאָרן פאַר דעם קריג געוואָרן שווערער פון יאָר צו יאָר. דער אַנטיסעמי־טיזם איז געוואקסן.

שפרה קוטין־טראַבסקי

## דינה פּאָטאַשניק

דאָס גאַנצע לעבן פון אונדזער מוטער דינה פּאָטאַשניק איז געווען אויסגעפּולט מיט אויסערגעוויינלעכער ליבשאַפט צו תורה און מיט טעטיקייט פון צדקה וחסד. הגם זי איז געווען פאַרנומען מיט מסחר און מיט שטוביקער אַרבעט, האָט זי שטענ־דיק געפונען צייט צו טון פאַר נויטבאַדערפטיקע פון שטעטל און געגעבן זייער פיל „מתן־בסתר" — כדי נישט צו פאַרשעמען. אַלץ האָט זי געטון מיט האַרציקייט און ליבלעכקייט און מיט אויסערגעוויינלעכער איבערגעבנהייט. פרויען האָבן מיט ליב־שאַפט געצאָלט דער מאַמען יעדער חודש און יעדע וואָך אויף צדקה־צוועקן. זי איז אַליין געגאַנגען זאַמלען און אַנדערע האָבן איר געבראַכט אין שטוב. מיין מו־טער האָט זיך אַליין באַמיט צו געבן וואָס מער.

אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס האָט געבושעוועט דער הונגער אין אונדזערע געגנטן, האָט זי מחיי נפשות געווען די באַדערפטיקע מיט אַ שטיקל ברויט.

גרויס איז געווען דער מוטערס פרייד, ווען זי האָט זוכה געווען צו האָבן אַן אורח אין שטוב אויף שבת אָדער אין אַ מיטן וואָכנדיקן טאָג. אַזאַ ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט האָט זי אויך אַרויסגעוויזן צום לערנען תורה. זי האָט זיך ממש

מוסר נפש געווען, אַז די קינדער זאָלן באַקומען אַ תורהדיקן חינוך און געשיקט אירע זין אין אַ ישיבה.

טראָץ דעם, וואָס זי איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע גוטע און איבערגעגע־בענע מוטער, האָט זי אין די שטורעמדיקע צייטן כון מלחמה, רעוואָלוציעס אַוועק־געשיקט דעם זון פון דער היים לערנען תורה. וויפל מסירת נפש האָט אַ מאַמע גע־דאַרפט האָבן אין יענער צייט, זי זאָל קאָנען אַרויסשיקן איר קינד ווייט פון דער היים. קיין זאַך איז פאַר איר נישט געווען צו שווער און קיין קרבן איז נישט געווען צו גרויס, אַז די קינדער זאָלן בלייבן תלמידי חכמים.

ווען מיין מוטער איז געקומען אין ארץ ישראל איז זי גלייך געוואָרן באַקאַנט מיט אירע מעשים טובים. זי האָט זיך דאָ אויך פאַרנומען מיט מעשי צדקה וחסד און זייער פיל געאַרבעט פאַר הכנסת כלה. ביז וואַנען זי איז אַוועק פון דער לעבע־דיקער וועלט.

פון דער גאַנצער משפחה זענען געבליבן לעבן: מיין ברודער הערשל, (לעבט אין ישראל). זיין פרוי מיט 5 קינדער, צוזאַמען מיט איר פֿאָטער הרב יהושע געלגאַר זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויף פּאָנאַר.

הרב אליעזר פּאַטאַשניק

## די משפחה ליאַנד

(צום אָנדענק פון מיינע עלטערן)

וועלוול ליאַנד איז געבוירן געוואָרן ביי רעליגיעזע עלטערן ישראל און שימע, פון דורות איינוווינער פון אָלשאַן. וועלוול, אַלס האָרעפּאַשניק, איז געווען באַ־ווירקט פון די רעוואָלוציאָנערע שטרעמונגען. אין יאָר 1905 איז ער געווען אַן אַקטיווער חבר אין דער דעמאָלטיקער אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז אָבער גע־בליבן אַ געטרייער זון פון דעם יידישן פאָלק.

אונדזער זיידע ישראל ליאַנד, איז געווען איינער פון די אָנגעזעענע בעלי־בתים פון שטעטל. ער האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אין בית־מדרש און איז אויך געווען ראטגעבער פון אָלשאַנער פריץ יאַגמין, צו וועמען אָלשאַן האָט געהערט. אַלס אַזעלכער, פלעגט ער ברענגען נוצן דעם כלל יידן פון שטעטל.

די באָבע שימע, אַ גוטע ערלעכע יידענע, וואָס האָט פאַרמאָגט איידלקייט און ליבע פאַר דער יידישער טראַדיציע, האָט זיך פאַרנומען מיט געבן הילף און שטיצע די יידישע אָרעמעלייט אין שטעטל. דאָס אָנטיילנעמען פון איר בן־יחיד, מיין פאָטער, אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט משפיע געווען אויף איר געזונט און זי איז פריצייטיק געשטאָרבן.

אין די לעצטע יאָרן האָבן אונדזערע עלטערן ליקווידירט די קראָם (באַקו־

מען אַלס ירושה פון זיידן), ווייל זי האָט נישט געגעבן קיין פרנסה, און אונדזער פאָטער האָט זיך פאַרנומען מיט פירן פּאַסאַזשירן צו דער באַן־סטאַציע קיין באָגדאַנאָוו.

אונדזער מוטער רחל, אַ פרוי מיט געפיל און פאַרשטענדעניש פאַר לײדן פון מענטשן, פלעגט אויפן שענסטן און בעסטן אופן אויפנעמען אורחים, וועלכע דער טאַטע פלעגט פּריװיקצונאַכט ברענגען פון בית־מדרש. זי פלעגט נישט אַרויסלאָזן פון איר שטוב קיין הונגעריקע און נויטבאַדערפטיקע, וועלכע זענען געווען פאַרטיילט צו עסן „טעג" איין מאָל אין דער וואָך, ווי דאָס איז געווען אין שטעטל.

די עלטערע שוועסטער, צפּורה, און ברודער שמעון, זענען געווען מיטגלי־ זער פון דער אָרטיקער ציוניסטישער באַוועגונג אין החלוץ. אונדזערע עלטערן האָבן אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר די נויטווענדיקייטן פון דער צייט.

ווען עס איז געקומען די צייט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און עס האָבן געפעלט די מינימאַלע פינאַנסיעלע מיטלען, האָט מען פאַרקויפט די קראָם און דעם „פרידאַטאָק", דאָס שטיקל באָדן, און דערמיט דערמעגלעכט די קינדער עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

אונדזערע ליבע עלטערן וועלוול און רחל, זענען צוזאמען אומגעבראַכט גע־ וואָר אויף אַ שוידערלעכן אופן אין דער צווייטער אַקציע פון אַשמענער געטאָ, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דעם אַקטיוון אָנטייל פון דער ווילנער יי־ דישער געטאָ־פּאָליציי. זיי זענען אָפּגעפירט געוואָרן דורך דער יידישער פּאָליציי קיין זשעלאָנקע, ווו זיי זענען י"ב בחשוון 1942 דורך דייטשן און ליטווינער דערשאָסן געוואָרן.

ראובן ליאַנד

## די משפּחה אַבראַמאָוויטש

**צום הייליקן אָנדענקען פון די צענדליקער נפשות, עלטערן און קינדער פון דער דאָזיקער פאַרצווייגטער משפּחה, וואָס זענען אומגע־ קומען אין דעם דריטן יידישן חורבן.**

צווישן די עלטסטע, פאַרוואָרצלסטע און מיט קינדער געבענטשטע פאַמיליעס אין אָלשאַן איז באַקאַנט געווען די משפּחה אַבראַמאָוויטש, וועלכע מען פלעגט אַמאָליקע יאָרן פאָלקסטימלעך אויך אָנרופן, מיט אַכטונג און סימפּאַטיע — „די זימטשוקעס" — אויפן נאָמען פון דעם אַלטן פאַמיליע־פאָטער ז י מ ל.

אַ הויכער, גלייכגעוואַקסענער מאַן איז געווען זימל, טיפע טונקעלע אויגן און ברייטע און לאַנגע באָרד. אַ טיפּ פון אַ יידישן קלוגן און גוטן פאָלקסמענטש,

פֿריינטלעך און פֿריילעך און זינגענדיק. אַן איינבינדער איז ער געווען. און אַזוי ווי די ספרים, וואָס וואַרטן אויף אַן איינבונד זענען אין אַלשאַן נישט געווען צופֿיל, האָט זימל צייט געהאַט צו זיצן אַ ביסל לענגער אין בית־מדרש, לערנען „עין יעקב״, און אַמאָל ביי אַ געלעגנהייט אויך אַ ביסל צוהאַנדלען. צוגעהאָלפֿן אין פּרנסה האָט אויך זיין פֿרוי, רבקה, אַ קליינע, אָבער פֿעסטע און ענערגישע יידענע, וואָס פֿלעגט זיצן גאַנצע טעג אין מאַרק מיט קוישלעך פּרוכט און גרינס צום פֿאַרקויפֿן.

געלעבט האָט דאָס פּאָרפֿאָלק צוזאַמען מיט זייער זון גרשון, אין אַ גרויס, פֿיין הויז, מיט נאָך אַ גרעסערן שייער, אָדער שטאַל, און אַ גרויסן גרינס־גאָרטן, ווי געוויינלעך אין שטעטל.

גרשון, וועלכער האָט געירשנט זיין פֿאָטערס גוטסקייט און ערלעכקייט, איז געווען אַ סוחר פֿון פּרוכט און פֿלאַקס. אָנהייב יעדן זומער פֿלעגט ער אויפֿקויפֿן די פּרוכט פֿון די אַרומיקע (קריסטלעכע) גערטנער, און אין שפּעטן זומער פֿלעגט דער גרויסער שייער אָנגעפֿילט ווערן מיט מאַסן פֿון כלערליי פּירות, וואָס פֿלעגן פֿאַרשמעקן די גאַנצע גאַס אַרום. אָנהייב ווינטער פֿלעגט דער שייער פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פֿלאַקס־פֿאַבריק, ווו צענדליקער מענער און פֿרויען האָבן געריייניקט, געבונדן געסאָרטירט און געפּאַקט דעם פֿלאַקס פֿאַרן עקספּאָרט.

גרשון אַבראַמאָוויטשס הויז איז געווען אָפֿן און פֿריי און געצויגן צו זיך נאָענטע און וייטע. די גוטע שטימונג אין הויז האָט געשאַפֿן זיין פֿרוי, די גוטע און האַרציקע ריקלע (באָגדאַנאָווסקי), וואָס האָט געבראַכט אויף דער וועלט און דערצויגן 12 גוטע קינדער — זעקס זין און זעקס טעכטער. צו ריקלעס שבתדיקן טיש פֿלעגן זיך אַוועקזעצן 16 הויז־מיטגלידער, אַחוץ פֿיר־פֿינף פֿאַמי־ליע־געסט און דורכגייענדיקע אָרעמעלייט, וואָס זימל אָדער גרושן פֿלעגן ברענגען פֿון בית־מדרש.

גרשון איז יאָרנלאַנג געווען דער גבאי אין נייעם בית־מדרש און געווען באַליבט, ביז ער איז פּלוצים געפֿאַלן פֿון אַ האַרץ־אַטאַק.

גרשונס עלטסטער זון, אליעזר זעליג, אַ ראָמאַנטישער טיפּ, מיט אַ פֿיינער פּעדער און אַ טיף געפֿיל פֿאַר טעאַטער און קונסט, איז אַ צייט לאַנג געווען טעטיק אויפֿן קולטורעלן געביט פֿון יענער צייט, מיט אַן אַמאַטאָרן־טרופּע פֿון שטעטלדיקער יוגנט האָט ער אינסצעניזירט גאָלדפֿאַדענס מעלאָדראַמע „די כישופֿמאַכערין״, די ראָמאַנטישע מעלאָדראַמע „שולמית״, די פֿאָלקס־דראַמע „בר כוכבא״ און אַנדערע. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער בעל־מלאכה — אַ האָלץ־טאָקער — און איז געווען באַרימט אין זיין פֿאַך.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין די יאָרן 1915—1918, האָט ער גע־דינט אַלס סאָלדאַט אויפֿן פֿראָנט. ענדע 1918 איז לייזער אַבראַמאָוויטש (נאָך דעם ווי ער האָט זיך דערוווסט, אַז זיין פֿרוי אסתר איז געשטאָרבן), צוזאַמען מיט זיינע

פיר קינדער, אַריבערגעפאָרן קיין כאַרקאָוו (אוקראַינע), און דאָרטן, צוזאַמען מיט זיין צווייטער פרוי, געפונען זיין טויט, דורך די הענט פון די ווייסגוואַרדייאישע פּאָגראָמשטשיקעס, אין דער צייט פון בירגער־קריג אין רוסלאַנד (1919), איבער־לאָזנדיק פיר קליינע קינדער, פון וועלכע דריי: שאול, אהרן און גנסיה זענען היינט אין ישראל.

אייניקע פון זיינע ברידער און שוועסטער האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע, און שפּעטער געבראַכט צו זיך זייער מוטער ריקלע מיט אַלע קינדער, אַחוץ צוויי ברידער, ב ר ו ך און ש ע פּ ס ל, וועלכע זענען פאַרבליבן אין אָלשאַן, פאָר־זעצנדיק די טראַדיציע פון דער משפחה.

ב ר ו ך  אַ ב ר אַ מ אָ ו ו י ט ש איז געווען אַ זעלטענע פּערזענלעכקייט. אַ קאָנ־צענטראַציע פון אַלע גוטע מידות, וואָס זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער משפּחה. דערביי פון גרויס אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיין פאַר־קער מיט מענטשן, זיין הילפסגרייטקייט און אינטענסיווער געזעלשאַפטלע־כער טעטיקייט. זייענדיק דער איינציקער אַפּטייקער פון שטעטל און אומגעגנט, האָט ער אויך געפונען צייט צו זיין אַ מיטגליד אין גמינע (שטאָטראַט), ווו ער האָט מיט שטאָלץ פאַרטראָטן די אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג פון שטעטל און געקעמפט קעגן יעדער דיסקרימינאַציע. ברוך האָט געגרינדעט אַ קאָאָ־פּעראַטיווע פאָלקס־באַנק, וועמענס שטענדיקער פאָרזיצער ער איז געווען... ער איז געווען אַ פיינער רעדנער און באַליבט נישט נאָר ביי די יידישע, נאָר אויך ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. בעת דער סאָוויעטישער מאַכט איז ער געווען זייער אָנגענומען און פאַרערט. דערפאַר, ווייזט אויס, איז ער געווען דער ערשטער קרבן אין אָלשאַן, ביי די נאַצי־מערדער. באַלד נאָך זייער אָנקומען איז ער אַרעסטירט און פאַרפייניקט געוואָרן אין אַשמענע. זיין פרוי דינה מיט אַלע זייערע קינדער: דבורה, אַבראַשע, זיידל און רבקה, זענען שפּעטער אומגעקומען אין פאַרשידענע נאַצי־לאַגערן.

זיין ברודער ש ע פּ ס ל  אַ ב ר אַ מ אָ ו ו י ט ש איז געווען אַ פּראָטאָטיפּ פון אַ מענטש, וואָס איז אויסגעוואַקסן מיט אייגענע כוחות. נאָכן טויט פון זיין פאָטער גרשון האָט ער איבערגענומען די אָנפירונג פון דער גרויסער משפּחה, פאַרביטן זיינע קליינע ברידער און שוועסטער אַ פאָטער, ביז זיי זענען אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. שריט ביי שריט, איז ער געגאַנגען אין זיין קליינער קהילה, אַלץ העכער און העכער, און דעראָבערט אַ בכבודיקן פּלאַץ אַלס אויסגעצייכנטער פאַכמאַן אין דער פלאַקס־בראַנזשע און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

צוזאַמען מיט זיין פרוי גוטל (יצחק קאָזלאָווסקיס טאָכטער), האָט ער פאַרגרעסערט און פאַרשענערט דאָס גרויסע הויז, וואָס ער האָט געירשנט פון זיין פאָטער. שעפּסל האָט געגרינדעט אין אָלשאַן אַ פאַבריק פאַר איבעראַרבעטן און פּאַקן פלאַקס, ווו עס האָבן געאַרבעט איבער הונדערט אַרבעטער, און אַרום

וועלכער ס׳האָבן געפונען אַרבעט און פּרנסה אַנדערע צענדליקער פאַמיליעס. ער איז באַלד געוואָרן באַקאַנט אַלס איינער פון די גרעסטע עקספּאָרטערן אין דער פלאַקס־בראַנזשע, און זיינע לעצטע יאָרן האָט ער געגרינדעט און אָנגעפירט מיט צוויי גרויסע פאַבריקן — פאַר איבעראַרבעטן פלאַקס אין ווילנע.

פאַר דער צייט פון דער סאָוויעטנמאַכט (1939—1941) האָט שעפּסל געאַרבעט אַלס הויפּט־בראַקער פון פלאַקס.

דו׳רכגייענדיק דעם פיינטלעכן וועג פון אָלשאַנער און ווילנער געטאָ און אַנדערע נאַצי־לאַגערן, איז שעפּסל אַבראַמאָוויטש פאַרפייניקט געוואָרן, אין 1943 יאָר, אין אַ פאַרניכטונגס־לאַגער פון עסטלאַנד. זיין פרוי גיטל איז אומגעקומען, אין 1942 יאָר, אין פּאָנאַר. זיינע עלטערע צוויי זין, יצחק און גרשון) זענען פאַרפייניקט געוואָרן אין שעבמבערגער פאַרניכטונגס־ לאַגער (וועגן זיי, זע דעם אַרטיקל „דער שעמבערגער גיהנום״).

זיין טאָכטער רבקה, צוזאַמען מיט איר מאַן לייב, נאָכדעם ווי די דייטשע מערדער האָבן, בעת אַ קינדער־„אַקציע״, אומגעבראַכט זייער דריטהאַלבן־יאָריק זונעלע, ברוך, זענען אַנטלאָפן פון ווילנער געטאָ און געפינען זיך היינט אין אַמעריקע. זיי יינגסטער זון, זימל, וועלכער האָט זיך בעתן אָנפאַל פון די דייטשן אויפן סאָוויעטנפאַרבאַנד, געלערנט אין קיעוו (רוסלאַנד), האָט זיך אָנגעשלאָסן פרייוויליק אין דער סאָוויעטישער אַרמיי, האָט אַקטיוו אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן קעגן די פאַשיסטישע מערדער אַלס אָפיציר פון דער סאָוויעטישער אַרמיי, געווען שווער פאַרוונדעט, באַקומען עטלעכע אויסצייכענונגען (אָרדנס און מעדאַלן), און געפינט זיך היינט אין ישראל.

זיידל באָגדאַנאָוויסקי

## די משפחה קאָזלאָווסקי

צום אָנדענק פון אהרן וואראנאוויסקין און די צענדליקער נפשות פון דער פאַרצווייגטער משפחה.

אהרן איז פון זיין מוטערס צד געווען אַ צווייגעלע פון אַן אַלטער, גרויסער און זייער פאַרערטער משפחה, פאַרוואָרצלט אין אָלשאַן אין משך פון דורות.

עס זענען נאָך פאַראַן מענטשן וואָס געדענקען פון קינדערשע יאָרן, אהרנס עלטער־זיידן, אברהם קאָזלאָווסקי, אָדער אבר׳המל ידידיהס. אַ סוחר און אַ מאַני־פאַקטור־קרעמער, דער „גביר״ (אין די באַגריפן און פאַרנעם פון יענע צייטן) פון שטעטל, אַ בעל דעה, אַ תקיף, אַ בן־תורה און אַ ליבהאָבער פון לומדים.

פון אברהמס קינדער איז יצחק געווען דער גייסטיקער טיפּ, אַ לערנער, קלוג און פּעאיק, אָבער נישט קיין גרויסער גליקן־מאַכער אין געשעפטן. ווען

זיין קליינע גאַלאַנטעריע־קרעמל טראָגט נישט גענוג אויף אויסצוהאַלטן די פאַמיליע, האָט ער עס איבערגעלאָזן אויף זיין פרוי די גוטהאַרציקע חיה־גרוניע, און איז אַוועק קיין אַמעריקע. איז ער אָבער געווען אַ גוטער יורש פון זיין פאָטער אברהם און אַ גוט קינד פון פאָלק ישראל, וואָס איז באַקאַנט ווי אַן „עם קשה עורף", אַ פאָלק מיט אַ האַרטן רוקן, וואָס לאָזט זיך נישט ברעכן, האָט ער נישט געקאָנט שלאָגן וואָרצלען אין דער אַמעריקאַנער האַלב־יידישער סביבה, און נאָך עטלעכע יאָר זיך צוריקגעקערט אַהיים, צו זיין יידיש שטעטל, זיין קרעמל און זיין בית־מדרש.

אָט פון דער דאָזיקער משפחה איז אויסגעוואַקסן אהרן וואָראָנאָווסקי, אַ זון פון יצחקס אַ טאָכטער גאָלדע טייבע.

די צייטן האָבן זיך געענדערט, אָבער נישט דער יידישער גורל. אהרן איז געבענטשט מיט אויסגעצייכנטע פעיקייטן און פיל ענערגיע, אָבער אָן מאַטעריעלע מיטלען, און אין אַ שווערער אַנטיסעמיטישער אַטמאָספער האָט ער מיט אייגענע כוחות זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג ביז צו דער אוניווערסיטעט אין ווילנע ווו ער האָט אָנגעהויבן לערנען יוסטיץ. נאָך צוויי יאָר גייט ער מיט גוטע רעקאָמענדאַציעס פון ווילנער אוניווערסיטעט קיין וואַרשע, און עס געלינגט אים אָנצוקומען אין דער גרויסער וואַרשעווער אוניווערסיטעט אויפן נאָמען פון פּילסודסקי, ווו ער זעצט פאָר זיין לערנען און ענדיקט מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל, אַלס איינציקער ייד אין יענעם יאָר. זוכנדיק מעגלעכקייטן פאַר פּראַקטיצירן, וואָס איז נישט לייכט געווען פאַר יידן און ביז ער געפינט אַ וועג — רוקן זיך אָן די וואָלקנס פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. און אין יאָר 1939 שרייבט ער צו זיין פעטער שלמה קאָזלאָווסקי (אין אַמעריקע):

אָלשאַן, 30.3.1939

טייערער שלמה־זלמן, איך שיק אייך אָפּ דאָ אין דעם בריוו עטלעכע קאָפּיעס פון מיינע דאקומענטן. כטו עס אָט צוליב וואָס: — אויף דער וועלט, ווי איר ווייסט דאָך, איז שטאַרק אומרואיק און איבערהויפּט אין מיטל־ און צענטראַל־אייראָפּע, אַלזאָ נאָענט צו אונדז. מ׳קען נישט וויסן, וואָס יעדער טאָג קען ברענגען. כ׳וועל טאַקע דעריבער זיין אַ ביסל אויסגערעכנט, בפרט, אַז כ׳געדענק נאָך די צייטן פון און נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג. אויב אַזאַ קאַטאַקליזם זאָל ווידער אויסברעכן דראָט עס, פאַרשטייט זיך, מיט אַ גרויסן חורבן. אויף יעדן פאַל וויל איך זיין פאַרזיכטיק און די קאָפּיעס פון מיינע דיפּלאָמען און פערזענלעכע דאָקומענטן זאָלן זיין אין אַ זיכערן אָרט. ס׳קען זיין, אַז דאָס איז שוין אַ ביסל איבערגעטריבן פון מיין זייט, כ׳האַלט אָבער, אַז שעדלעך איז דאָס נישט. איך בין אין מיליטער־עלטער און אין פאַל פון עפּעס אַ קריזיס... קען מען

דאָך אַמאָל נישט וויסן, ווהין דער גורל קען פאַרוואַרפן. הלוואי זאָל זיין שטיל אויף דער וועלט און די אַלע קלאַנגען זאָלן זיך אַרויסווייזן פאַר איבערגעטריבן, נאָר אויף יעדן פאַל דאַרף מען זיין וואַכזאַם.

פאַרשטייט זיך, טייערער שלמה־זלמן, אַז איר האָט נישט קיין גרונט צו זיין באַאומרואיקט פון דעם, וואָס איך שרייב אייך דאָ. מעגלעך, אַז די וועלט וועט זיך אויסניכטערן אין דער לעצטער מינוט פון אומגעזונטן קריגס־פיבער, און מענטשן מיט גוטן ווילן וועלן געפינען אַ פרידלעכן אויסוועג אַזוי, אַז די בייזע כוחות וועלן זיין געהעמט אין זייערע כוונות.

אייער אהרן

**וואָס פאַר אַ בלענדעניש! די בלענדעניש פון אַ יידישן מענטשנס גורל! פאַר זיינע פאַפירן אַ ווינקל האָט ער געזוכט; פאַר זיך נישט.**

**ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, ווי ס'האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט מיליאָנען פון זיינע פאָלקס־ברידער, ווי ריזיק און פינצטער און נישט איינצוצאַמען זענען די מערדערישע כוחות, וואָס קומען אָן אויף דער רואיקער וועלט, און ווי ווייניק און נישטיק זענען די מענטשן מיטן גוטן ווילן. דאָס האָט ער זיך ערשט דערוווסט אין מאָג פון דער גרויסער שחיטה אין וואָלאָזשינער געטאָ, ווהין ער האָט זיך פאַר־וואַלגערט אין דער ווילדער צעטומלטער לויפעניש, און פון וואַנען ער האָט געפרווט זיך ראַטעווען אין דער לעצטער מינוט און דערמאָרדעט געוואָרן לויפנדיק.**

**זיין עלטערער ברודער אברהם־שלמה, אַ קונסט־מאָלער, איז אומגעבראַכט גע־וואָרן אין אַ צווייטן לאַגער. זיינע עלטערן גאָלדע־טייבע און הירשל זענען דערשאָסן געוואָרן בעת דער צווייטער אַקציע פון אָשמענער געטאָ אין זיעלאָנקע. אייביקער כבוד זייער אָנדענק.**

מ. ש.

## די פאַמיליע פּאָטאַשניק



ר׳ נחום פּאָטאשניק, ז״ל

**ר׳ נחום פאָטאַשניק האָט געשטאַמט פון וואָלאָזשין און איז געווען דער ערשטער פון דער פאַרצווייגטער מש־פּחה פאָטאַשניק, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין אַלשאַן. ער איז געווען שטאַרק פאַרערט אין שטעטל און באַליבט אין דער משפּחה. ער האָט**

געהאַט אַ פּאַטריאַרכאַלן אויסזען, אַ גרויסע ווייסע באָרד האָט באַפּוצט זיין פּנים, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעשיינט אַ פּאָר קלוגע אויגן.

זיין הויפּט־פּרנסה איז געווען דער האַנדל מיט תבואה. ער האָט געפירט גרויסע געשעפטן און געהאַלטן הויך און טייער דעם נאָמען סוחר. נאָחום פּאָטאַשניק האָט געשמט אַלס סימבאָל פון אָרנטלעכקייט און אמת.

אָבער דאָס גרעסטע געשעפט פון אַלע געשעפטן איז ביי אים געווען דאָס בית־מדרש. אַ שטיק פּאַרטאָג, אין גרעסטן רעגן, שניי און פראָסט איז ער שוין געזעסן אין בית־מדרש און געלערנט מיט התמדה. ער פלעגט זיך דערווייטערן פון קהלשע עסקנות, אָבער געווען זייער פּאַרערט אין דער קהילה. אַז מען פלעגט פּראַווען אַ כעודת מצווה, אַ סיום פון ש״ס, פון משניות, איז ער געווען בראש. אים האָט מען באַערט שמחת־תורה מיט דער עליה „חתן תורה״ און פסח מיט בענטשן „עומר״.

אַז ר׳ נחום איז געשטאָרבן, האָט זיין זון אברהם־עליע מיט זיין פרוי, רחל, איבערגענומען זיינע געשעפטן און געגאַנגען אין זיינע וועגן. געווען באַקאַנט צווישן יידן און קריסטן אַלס אָרנטלעכער סוחר, געשטיצט מענטשן בגלוי ובסתר. אַ געוויסע צייט געווען גבאי פון בית־מדרש. אברהם־עליע איז אומגעקומען פון די נאַצישע מערדער.

ר׳ נחומס יינגסטער זון אָשר פּאָטאַשניק, איז געווען פּאַרעכנט צווישן די חשובע בעלי־בתים פון שטעטל. יידן און קריסטן, האָבן אים רעספּעקטירט און זיך באַ־ציגן צו אים מיט גרויס צוטרוי. ער איז געווען אַ רעליגיעזער ייד, אָבער זיך באַ־צויגן מיט טאָלעראַנץ צו אַלע מענטשן. זיין גוטהאַרציקייט האָט באַאיינפלוסט די גאַנצע משפחה. אַלע זיינע קינדער האָט ער געגעבן אַ גוטע דערציאונג. ער פלעגט טיילן צדקה מיט אַ ברייטער האַנט. זיין הילף פאַר אָרעמע האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ.

ר׳ אָשר איז אומגעקומען אין קאָוונער געטאָ ראש חודש ניסן תשי״ד 1943. ויען דער אָלשאַנער קסיאָנדז כאַמסקי האָט אים אָנגעבאָטן אויסצובאַהאַלטן ביז נאָך דער מלחמה, האָט ער זיך אַנטזאָגט, כדי נישט זיין אָפּגעטיילט פון דער משפחה און פון אַלע יידן אין געטאָ.

ר׳ אָשרס פרוי, חנה שרה, אַ טאָכטער פון ישעיהו לאַנדסמאַן פון טראָב, איז געווען אַן אשה צדקנית. מיט איר אינטעליגענץ און טיפן פאַרשטאַנד, האָט זי גע־שאַפן אין הויז אַ וואַרעמע אַטמאָספער, וואָס האָט די קינדער צונויפגעקניפּט איינער מיטן צווייטן. זי האָט געהאַט אַ טבע אַוועקצושיקן אַלע טאָג אין הקדש טעפּלעך מיט געקעכץ פאַר פרעמדע אָרעמעלייט. אייגענע אָרעמעלייט פלעגט זי בסתר אַריינשיקן אַלץ וואָס נאָר מעגלעך. חנה שרה איז אומגעבראַכט געוואָרן אין זשעלאָנקע י״א חשוון תשי״ג, 1942.

אָשר מיט חנה שרהן האָבן געהאַט אַכט זין: בערל, סענדער, לייב, לייזער, שייע, אברהם עליע, יאָסל און מאַקס.

בערל און סענדער האָבן חתונה געהאַט אין אָשמענע, געלעבט פאַרמעגלעך און געוווען אָנגעזען אין שטאָט. בערל מיט זיין פרוי ראשל און זון חיים לייב זענען אומגעקומען. זייער טאָכטער מינא איז ניצול געוואָרן און לעבט אין ישראל.

סענדער איז אומגעבראַכט געוואָרן ב׳ באב תשי״ב, 1941. זיינע צוויי טעכטער זענען אומגעקומען.

לייב פּאָטאַשניק האָט נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג עמיגרירט קיין אַמעריקע. לויט זיין איניציאַטיוו, צוזאַמען מיט זיין פרוי בתיה אַבראַמאָוויטש, איז געגרינדעט געוואָרן אַ פאַראיין פון אָלשאַנער לאַנדסלייט, וואָס האָבן געשיקט הילף פאַר דער קהילה, מיט אַלע אינסטיטוציעס פון אָלשאַן. לייב און בתיה זענען געוואָרן דער אַדרעס פאַר אַלע אָלשאַנער, וואָס האָבן זיך גענייטיקט אין הילף. אין יאָר 1929, נאָך דער גרויסער שריפה אין אָלשאַן, האָבן זיי אָרגאַניזירט אַ הילפס־אַקציע פאַר די נשרפים. זיי האָבן אויסגעפונען קרובים, געווירקט, אַז זיי זאָלן שיקן הילף און אַליין זיך באַשטייערט מיט באַדייטנדע סומעס אויף אָפּצובויען די פאַרברענטע אינסטי־טוציעס.

לייזער פּאָטאַשניק האָט פאַרן ערשטן וועלט־קריג געלערנט אין ישיבות פון רוסלאַנד. פאָרנדיק אַהיים, איז ער קראַנק געוואָרן אין שטעטל טשערקאַסק אויף טיפוס און איז דאָרט געשטאָרבן אין עלטער פון 20 יאָר.

שייע פּאָטאַשניק , מיט זיין פרוי ראָזאַ כהן, האָבן געלעבט אין סווענציאַן און געפירט אַ פיין קולטורעל לעבן. ביז צו דער חתונה איז שייע געווען טעטיק אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן אין אָלשאַן. שייע איז אומגע־קומען אין דאַכאַו כ״א כסלו תש״ה, 1944.

יוסף פּאָטאַשניק האָט צוזאַמען מיט אַלע יידן פון אָלשאַן דורכגעמאַכט דעם גאַנצן גרויל און פּיין אין געטאָס און לאַגערן. בדרך נס איז ער לעבן געבליבן, עולה געווען קיין ישראל, חתונה געהאַט און געפירט אַ צופרידן לעבן. 20 טעג אין אייר תשי״ט, 1958, איז ער פּלוצלינג געשטאָרבן. ער האָט איבערגעלאָזט זיין פרוי אידע קוליער פון אָשמענע, אַ יונגע אַלמנה מיט צוויי זין.

אברהם עליע איז נאָך פאַרשיידענע גלגולים ניצול געוואָרן פון גהינום דאַכאַו. היינט אין ניו־יאָרק.

דער יינגסטער מאַקס פּאָטאַשניק, ווען נאַצי־דייטשלאַנד איז איבערגעפאַלן פוילן, איז ער מאָביליזירט געוואָרן אין פּוילישן מיליטער. ווען מען האָט ליקווי־דירט דאָס אָלשאַנער געטאָ און די יידן אַריבערגעפירט אין אָשמענע, איז מאַקס מיט נאָך בחורים און זיין היינטיקע פרוי אַניע אַנטלאָפן פון אָשמענער געטאָ אין די וועלדער און אָנגעשלאָסן זיך צו בעלסקיס פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד. ווען די סאָוויעטישע אַרמיי האָט פאַרנומען אָלשאַן, איז מאַקס מיט אַניען צוריקגעקו־מען קיין אָלשאַן. היינט געפינען זיי זיך אין באַלטימאָר (אַמעריקע).

אַן אָלשאַנער



לייב קאַפּלאַן מיט זיין משפחה מיט 60 יאָר צוריק



מי משפחה פון לייב גורוויטש (דער קצב)



משפחות פון אפראַים אפראַימאָוויטש, יעקב־בער און אָשר טראַבסקי



משפחה און פריינט פון משה קאזלאָווסקי ביים אָלשאַנער שלאָס



משפחה און פריינט פון גרשון אבראמאָוויטש (דער גבאי)



אַ גרופּע אָלשאַנער נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה

## די משפחה קאזלאָווסקי



זיין פרוי רבקה, ז״ל



ר׳ אברהם בר׳ ידידיה, ז״ל



זיין פרוי חיה־גרוניע, ז״ל



ר׳ יצחק בר׳ אברהם, ז״ל



יצחק׳ס טעכטער: גוטל, נחמה, מלכה, פרומה־שרה, ז״ל



חנה און שמואל־לייב לעווין און משפחה



דבורה זיסקאנד און פאַמיליע



ברוך דער אַפטייקער מיט זיינע קינדער



ר׳ איטשע דער שמש און מלמד
מיט זיין פרוי און טאָכטער



פייגע־ליבע קאַפּלאַן, ז״ל (די פאַרבער׳קע)



מאיר רודניק (דער אגענט) מיט זיין משפחה



ליבע און אליקים ליצסקי און פאַמיליע



נפתלי (דער בלעכער) און פאַמיליע

# אלשאנער אין אמעריקע

לייב פּאָטאַשניק

## עמיגראַציע און בענקשאַפט

די ערשטע עמיגראַנטן פון אונדזער שטעטל זענען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק נאָך פאַר דער ער־שטער וועלט־מלחמה. די גרעסטע און אַקטיווסטע טעטיקייט פון די יידן פון אָלשאַן אין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די לאַנדסלייט: שלמה זלמן קאָזלאָווסקי, משה באראן (חיים דעם מלמדס זון), יקותיאל קאָזלאָווסקי (קעסעלער אַנטשעליכעס זון) און אַנדערע חשובע לאַנדס־לייט, האָבן געגרינדעט דעם אָלשאַנער „רעליעף־קאָמיטעט" (הילפס־קאָמיטעט). ער איז געווען טעטיק אין די ערשטע מלחמה־יאָרן און נאָך דער מלחמה ביז 1921.

איך בין אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אין אויגוסט 1922. פול מיט בענקשאַפט נאָך דער משפחה אין אָלשאַן, האָב איך אָנגעהויבן צו באַזוכן און טרעפן זיך מיט לאַנדסלייט. שווער איז עס מיר נישט אָנגעקומען. צו דער זעלבער צייט זענען אויך געקומען ריקלע אַבראַמאָוויטש (מיין שוויגער) מיט אירע קינדער. זייער וווינונג איז גלייך געוואָרן אַ טרעפפּונקט פאַר אַלע לאַנדסלייט, נישט בלויז אָלשאַנער, נאָר אויך אָשמענער, ווישניעווער, טראָבער און אַנד.

פון די ערשטע לאַנדסלייט, וועלכע איך האָב באַגעגנט, זענען געווען די שוין דערמאָנטע: שלמה זלמן קאָזלאָווסקי, משה באַראַן, יקותיאל קאָזלאָווסקי, חיים לייב שניידער (אברהם יצחק דעם שניידערס זון), זיין פרוי רחל, שוועסטער פון בן־ציון גאָלדבערג (היינט מיטרעדאַקטאָר פון „טאָג מאָרגן־זשורנאַל"), קלמן ברודני (נתן דעם קרעמערס זון), מאיר ניסן און גדליה בערמאַן (בנימין דעם פעלקרעמערס זון) און אַנדערע חשובע לאַנדסלייט. איך האָב זיך געגומען נאָכ־פרעגן אויף אַן אָלשאַנער אָרגאַניזאַציע, האָט מען מיר געזאָגט, אַז אַזוינס עק־זיסטירט נישט מער. עס איז פאַראַנען נאָר אַן אָלשאַנער איוויער־שול.

אברהם אַבראַמאָוויטש (אַ ברודער פון אשר משה אליהוס) איז געווען דער פרעזידענט פון דער שול, וועלכע האָט זיך גערופן אָלשאַנער, נאָר אַן אָלשאַנער מיטגלידער. די לאַנדסלייט האָבן זיך געהאַט אַרויסגעקליבן פון יענער געגנט. זיי האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט דורך דער צייט און צו ביסלעך איז מען געוואָרן מיטגלידער פון ניו־יאָרקער יידישן ישוב און זיך אַמעריקאַניזירט. מען איז גע־וואָרן מיטגלידער פון שולן און טעמפּלען אין די געגנטן ווו מען האָט זיך אַריינ־געקליבן.

איך האָב דעמאָלט געהאַלטן, אַז עס מוז זיין אַ פאַרבינדונג צווישן די לאַנדסלייט אין אַמעריקע און אַלשאַנער קהילה מיט אירע אינסטיטוציעס אין פוילן, וואָס נייטיקן זיך אין הילף. האָב איך צוזאַמענגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די פּערזאָנען, וועלכע איך האָב אויבן דערמאָנט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן איינ־צואָרדענען אַ פאַרוויילונגס־אָוונט מיט אַלע לאַנדסלייט און די הכנסה זאָל גיין אויף צו העלפן די אַלשאַנער אין פוילן. עס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן בריוו צו לאַנדסלייט פון פאַרשידענע שטעט איבערן לאַנד. איך האָב אָנגענומען דעם אַמט פון סעקרעטאַר און אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן די אָרגאַניזאַציע פון אַלשאַנער אין אַמעריקע.

דער אָפּרוף פון די לאַנדסלייט איז געווען אויסערגעוויינלעך. צום פאַרוויי־לונגס־אָוונט זענען געקומען לאַנדסלייט פון נאָענט און פון ווייט. עס איז געווען אַ האַרציקער צוזאַמענטרעף פון בני עיר, וועלכע האָבן זיך נישט געזען אַ סך יאָרן. אויף דער צווייטער פאַרזאַמלונג פון די לאַנדסלייט האָב איך אויפגעפירט אַן איינאַקטער „דער משוגענער אין שפּיטאָל". דער שרייבער בן־ציון גאָלדבערג איז געווען דער רעדנער. חיים לייב שניידער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער. איך האָב ווייטער אָנגעהאַלטן דעם אַמט פון סעקרעטאַר.

די אַרבעט פון אונדזער הילפס־קאָמיטעט איז געקומען צום אויסדרוק אין: שטיצן די לאַנדסלייט אין אָלשאַן און זייערע אינסטיטוציעס — די העברעאישע שול „תרבות", געבן אויף „מעות חיטין", פאַרריכטן דעם בית המדרש, פאַרריכטן און מאָדערניזירן דעם מרחץ, ברענגען אין אָרדנונג דעם פּאַרקן אַרום בית עולם, פאַרגרעסערן דעם קאַפּיטאַל פון דער ליי־און שפּאָר־קאַסע, העלפן גרינדן אַ גמילת־חסד־קאַסע פאַר אָנפּראַצענטיקע הלוואות, אין פאַרשטענדיקונג מיט דער אַלשאַנער קהילה העלפן אונדזערע לאַנדסלייט אין אַלע זייערע נויטן. אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן זיך אָפּגערופן אויף אונדזערע ווענדונגען. פאָר־זיצער פון קאָמיטעט איז געוואָרן מאיר ניסן בערמאַן ז"ל. מיר האָבן צוגעצויגן צו דער אַרבעט ד"ר א. ל. גערשאָוויטש. מיר האָבן באַזוכט די לאַנדסלייט. דער אָפּרוף איז געווען אויסערגעוויינלעך.

מיין קאָרעספּאָנדענץ מיט דער אַלשאַנער קהילה און מיט הרב חדש האָט זיך ווי געהעריק איינגעשטעלט. אין 1929 זענען געקומען טעלעגראַמעס פון מיינע עלטערן און פון הרב חדש, וואָס האָבן געבראַכט די טרויעריקע בשורה וועגן דער שריפה אין אָלשאַן. אַ קורצע צייט שפּעטער — אַ צווייטע שריפה. אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן געטאָן זייער חוב. עטלעכע מענטשן האָבן זיך גענומען מיט פרישע ענערגיע צו דער אַרבעט אַרויסצוהעלפן די נשרפים.

דורך די אַלע יאָרן, האָבן אויך יחידים פון אָלשאַן זיך געווענדעט צו אונדז נאָך שטיצע. כאָטש אונדזערע פּרינציפּן זענען געווען — אַרבעטן נאָר פאַר

## מיטגלידער פון געוועזענעם רעליעף־קאָמיטעט אין אַמעריקע



שלמה זלמן קאזלאָווסקי



משה באַראַן



י. לייב פאָטאַשניק



חיים לייב שניידער, ז״ל



יהודה לעווין, ז״ל



מאַרטאַ לויטינגער



ר׳ משה־יוסף סאָלאָדוכא, ז״ל

געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, דאָך האָבן מיר יחידים אויך נישט אָפּגעזאָגט. מיר האָבן אויך געהאָלפן יחידים צו פאַרבינדן זיך מיט זייערע משפחות.

אונדזער הילפס־טעטיקייט פאַר די לאַנדסלייט אין אָלשאַן האָט אויך אַ סך געהאָלפן אין איינשטעלן נאָענטע באַציונגען צווישן די אָלשאַנער אין אַמעריקע. עס האָט זיך צעמענטירט אַ וואַר־עמע פריינדשאַפט און נאָענטקייט צווישן די לאַנדסלייט. עס זענען אָפּגעווישט געוואָרן די קלאַסן־אונטערשידן ביים צוזאַ־מענקומען זיך. אויף פאַרזאַמלונגען האָבן מיר זיך אַלע געפילט ווי מיטגלידער פון איין משפחה, וועלכע האָבן איינעם און דעם זעלבן צוועק: נישט אָפּרייסן זיך פונעם שורש און אָנהאַלטן די פאַרבינדונג מיט דער פאַרגאַנגענהייט פון אונדזער ייִדיש שטעטלדיקן לעבן.

אין 1945, נאָך פאַרן סוף פון דער מלחמה, האָבן מיר דערהאַלטן אַ בריוו פון מיין ברודער מאָקס פון אָלשאַן. איך האָב דעם בריוו פאַרעפנטלעכט אין אַ ייִדישער צייטונג מיט אַ קול קורא צו די אָלשאַנער לאַנדסלייט אויפצולעבן די „רעליעף״־אָרגאַניזאַציע און נעמען זיך אויף אַ גרויסן מאָסשטאַב צו אָרגאַניזירן הילף פאַר דער שארית הפליטה פון די געפייניקטע און אומגעקומענע ייִדן. פון קראַנקן־בעט בין איך אויפגעשטאַנען און געגרופן לאַנדסלייט אָנצוהייבן די הייליקע אַרבעט. און אונדזערע טייערע לאַנדסלייט האָבן פיל געטאָן צו העלפן די ייִדן פון אָלשאַן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון דער דייטשער אויסראָטונג.

## אָלשאַנער עמיגראַנטן

די געשיכטע פון אָלשאנער לאנדסלייט אין אַמעריקע ציילט שוין כמעט הונ־דערט יאָר. אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט זענען אָלשאנער יונגעלייט געפאָרן אין קאָלאָמבוסעס מדינה. צווישן די אויסוואַנדערער איז געווען אַ צוועלף יאָריקער ייִנגל — חיים שלום קאַפּלאַן, אַ זון פון אָרעמע עלטערן. די געשיכטע פון חיים שלומס אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע איז פאַרבונדן מיט אַ דראַ־מאַטיש געשעעניש. חיים שלום, דער 12־יעריקער, פיזיש שטאַרק אַנטוויקלט, נישט לויט זיינע יאָרן, האָט געפאָדערט פון זיינע אָרעמע עלטערן, זיי זאָלן אים געבן די מעגלעכקייט צוזאַמען מיט זיין שוועסטער עשקע צו פאָרן קיין אַמעריקע צו זייער שוועסטער ליבע דיסיע. די עלטערן האָבן נישט געוואָלט לאָזן פאָרן דעם 12־יאָריקן ייִנגל. האָט חיים שלום זיך נישט מייאש געווען און איז נאָכגעלאָפן צו פוס קיין ווילנע נאָך זיין שוועסטער עשקע און ברודער לייב, וואָס האָט איר באַ־גלייט אין וועג.

ביים געזעגענען זיך אויפן באַנהויף אין ווילנע, האָט דער 12־יעריקער חיים שלום קאַטעגאָריש געמאָלדן זיין עלטערן ברודער און שוועסטער, אַז צוריק קיין

אָלשאַן וועט ער נישט פאָרן און אויב זיי וועלן אים נישט געבן די מעגלעכקייט צו פאָרן צוזאַמען מיט דער שוועסטער קיין אַמעריקע, וועט ער זיך ווארפן אונ־טערן לויפנדיקן צוג.

דער ברודער מיט דער שוועסטער האָבן געקענט דעם פעסטן כאַראַקטער פון דעם יינגל, און ס'זענען נישט קיין פוסטע ווערטער, האָט דער ברודער לייבע איינגעצאָלט דעם אַגענט פאַר שלומס רייזע און ער איז מיטגעפאָרן מיט זיין שוועסטער אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אין דער צייט פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה זענען אַ שפּאָר ביסל יידן אַוועקגעפאָרן פון אָלשאַן קיין אַמעריקע. נאָכן דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָ־לוציע, זענען פון אָלשאַן אנטלאָפן פיל יידישע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן מו־רא געהאַט פאַר אַרעסט, קאַטאָרגע און סיביר. אַט אַזוי האָבן זיך צוזאמענגעקליבן אַ גאַנצע צאָל לאַנדסלייט פון אונדזער קליין שטעטעלע, וואָס האָבן זיך צעזייט און צעשפּרייט איבער די פאַראייניקטע שטאַטן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די אָלשאַנער לאַנדסלייט אין אַמע־ריקע אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט, כדי צו העלפן די שטעטלדיקע אויסגעהונגערטע און פאַרומטע יידן אויפצושטעלן זיך אויף די פיס. מיט דער הילף פון קאָ־מיטעט איז רעמאָנטירט און אויסגעמאָלט געוואָרן דער נייער בית מדרש און עס איז געשיקט געוואָרן א באַדייטנדע סומע אויף צו גרינדן א גמילת חסד־קאַסע.

אין יענער צייט האָט ווי אַ פאַרשטייער פון אָלשאַנער „רעליעף" אין אַמע־ריקע באַזוכט דאָס שטעטעלע דער באַקאַנטער שרייבער אַלטערמאַן. אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האָט ער דערציילט וועגן לעבן פון די אָלשאַנער לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וועגן זייער ליבשאַפט און איבערגע־געבנקייט צו זייער אַלטער היים, צו זייערע עלטערן, ברידער און שוועסטער. אַלטערמאַן האָט דעמאָלט מיטגעבראַכט אַ באַדייטנדע סומע פאַר די הצטרכותן פון דער קהילה און פאַר זיינע קרובים.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער הילפס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק זיך פאַנאַנדערגעפאַלן, אָבער אינדיווידועל האָט די הילף נישט אויפגעהערט. יע־דער לאַנדסמאַן האָט געהאָלפן זיין משפחה מיט געלט און זאַכן ביז עס איז אויס־געבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה און די דייטשן האָבן אויסגעמאָרדעט 90 פּראָ־צענט פון די אָלשאנער יידן. אין 1944 האָט זיך ווידער אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט אין ניו־יאָרק צו געבן הילף פאַר די רעשטלעך לעבן געבליבענע יידן אין אָלשאַן.

דער גרינדער פון דיביידע הילפס־קאָמיטעטן — נאָך דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה — איז געווען משה באַראַן, אַ לערער פון יידיש און היס־טאָריע אין אָלשאַן, אַ זון פון ר' חיים און עלקע באַראַן.

די מיטגלידער פון ערשטן און צווייטן הילפס־קאָמיטעט, וואָס האָבן מיטגע־

אַרבעט מיט משה באַראַן און אַליין געשפּענדעט איבער זייערע כּוחות זענען:
שלמה זלמן קאָזלאָווסקי און מאַרטאַ לוטינגער, חיים גורוויטש און לייב פּאָטאַשניק.
משה יוסף סאַלאַדוכא און יידל בן משה מרדכי לעווין.

שעפּסל קאַפּלאַן

## טרייקייט און שטאָלץ

איינער פון די גרינדער פון דעם אָלשאַנער רעליעף־קאָמיטעט אין אַמעריקע איז געווען שלמה זלמן קאָזלאָווסקי — פון די טייערסטע קינדער אין אָלשאַן, באַשאָנקען פון דער נאַטור מיט גוטע פעיקייטן און זעלישע אייגנשאַפטן, קלאָרער פאַרשטאַנד, פיינער הומאָר, טיפער געפיל אין מענטשן, אַ ברענענדיקער דורשט צו בילדונג און שיינקייט אין לעבן, און איבער אַלעמען — אַבסאָלוטע אָרנט־לעכקייט און איבערגעגעבנקייט. אָבער דאָס אַלץ איז פאַרשטיקט און פאַרוועלקט געוואָרן צווישן די מויערן פון יידישן געטאָ אין צאַרישן רוסלאַנד פון אײן זייט, און די פאָטערלעכע גוטגעמיינטע אָבער עקשנותדיקע פאַנאַטישקייט פון דער צווייטער זייט. און אַז די בעסטע יאָרן זיינען צעבערעקלט געוואָרן אין ישיבה און אין דעם שטעטלדיקן מדבר, איז דער איינציקער אויסוועג געווען ווי שטענדיק, אָבער צו שפּעט, — אַמעריקע.

ווי אַ סך עמיגראַנטן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמההאָט ער גע־מוזט ווערן אַ צושניידער און אַ פּרעסער אין קליינע יידישע שאַפּן אין די שוועד־סטע און פּרימיטיווסטע באַדינגונגען פון יענער צייט אָבער נישט ווי אַ סך אַנ־דערע איז אים נישט געלונגען אויסצולייזן זיך פון זיין געפענקעניש. שטענדיק האָט עפּעס געשטערט. און דער דאָזיקער „עפּעס״ איז אַמיינסטן געווען נישט זיינס, עמעצנ׳ס אַנדערש. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה ווערט ער אַ סאָלדאַט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. נאָכן קריג דאַרף מען העלפן קרובים און פריינט און סתם־יידן פון אָלשאַן מיט זייערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. מוז מען געבן, קלייבן, אָרגאַניזירן, גרינדן הילפס־קאָמיטעטן. נישטאָ קיין צייט צו טראַכטן וועגן זיך.

איז אָן מער געלט, אָן מער בילדונג, אָבי ערלעך און טריי, און שטאַרק און שטאָלץ. אָבער אָט קומט די צווייטע וועלט־מלחמה און מיט איר דער גרויסער יידישער חורבן, און פון אַלע זיינע טייערע שוועסטער און זייערע געזינדלעך, וועלכע ער האָט אַזוי געליבט און פאַר וועמען ער האָט געלעבט און געליטן, און נישט געבליבן קיין שריד ופליט. דער דונער־קלאַפּ איז שווין געווען צופיל אַפילו פאַר אַזאַ געזונטן און שטאַרקן בוים ווי שלמה. געבראָכן און פאַרצווייפלט איז ער פאַרבליבן גאַנץ אַליין, מיט זיך אַליין, מיט זיין ריין האַרץ און לויטערן געוויסן. ווען ער ווייסט כאָטש ווי באַליבט און פאַרערט ער איז ביי אַלע וואָס קאָנען אים.

זיידל

שעפסל קאַפלאַן

# אין די יארן פון דער יידן־אויסראטונג

## דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דאָס יידישע אָלשאַן געציילט איבער 200 משפחות. דעם 1־טן סעפטעמבער 1939 איז דאָס שטעטל אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דעם דייטשן אָנפאַל אויף פוילן. דער רושם פון די ערשטע שעהן איז געווען אומגעהויער. אַ סך מענטשן זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּויליי־שער אַרמיי. פון יענע הייזער, פון וועלכע אַ מיטגליד פון דער משפחה איז אַוועק אין דער מלחמה, האָט זיך געטראָגן אַ יאָמער און אַ קלאָג. אין די גאַסן האָט מען באַגעגנט פרויען און קינדער מיט פאַרוויינטע פּנימער. אַרום די הייזער, אין וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען ראַדיאָס, זענען מענטשן געשטאַנען גרופּנווייז און צוגעהערט די נייעס פון פראָנט. די ידיעות זענען געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ שוידערלעכער און גרויזאַמער.

נאָך פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, האָט אין שטעטל געהערשט אַ נערוועזע שטימונג. די באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן זוכן וויאַזוי צו באַזאָרגן זיך מיט שפּייז. די פּרייזן זענען מיטאַמאָל אויפגעשפּרונגען און די נערוועזע שטימונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג איז געשטיגן פון מינוט צו מינוט.

שוין אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, איז באַוווּסט געוואָרן, אַז פיל שטעט אין פוילן זענען שטאַרק צעשעדיקט געוואָרן פון די באָמבאַרדירונגען און די צאָל קרבנות איז גרויס. אין דער צווייטער וואָך פון דער מלחמה זענען צו אונדז דערגאַנגען די ידיעות, אַז די העכסטע אַרמיי־פירער מיט די פּוילישע מלוכה־מענער בראש זענען אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט די דעזאָרגאַניזירטע ארמיי אויפן באַראָט פון דעם אכזריותדיקן אָנגריף פון דייטשן מיליטער.

אין איינעם אַ טאָג, אין דער צווייטער וואָך פון דער מלחמה (די דאַטע געדענק איך נישט), איז קאַרטשעווסקי, דער אָלשאַנער וואָיט, אַרויסגעלאָפן אַ דע־נערווירטער פון פּאָליציי־פּאָסטן, בהלהדיק אַריין צום שרייבער פון די שורות און מיט אַ געבראָכענער שטימע אַ זאָג געטאָן: „די באָלשעוויקעס זענען אַריבער די פּוילישע גרענעץ. די פּאָליציי און די ציווילע מאַכט האָבן אַ באַפעל, צו פאַרלאָזן אָלשאַן. גיט איבער אייער רב, אַז דאָס שטעטל בלייבט אָן מאַכט. זעט צו אָרגאַניזירן א געמיינזאמע זעלבסטשוץ־גרופּע, ביז עס וועט איינגעשטעלט ווערן א צווייטע מאַכט״.

אויפן מאַרק־פּלאַץ האָבן יידן מיט שרעק צוגעקוקט ווי די פּאָליציי פאַרלאָזט אויף אַ בהלהדיקן אופן דאָס שטעטל. עס האָט זיך געגרינדעט אַ זעלבסטשוץ פון

פּאָליאַקן, יידן און ווייסרוסן, אין וועלכן עס זענען אַריין אויך אַ טייל טונקעלע עלעמענטן. אָבער די נייעס, אַז די סאָוויעטישע אַרמיי מאַרשירט אין דער ריכטונג פון ווילנע, האָט געווירקט אויף די הפקר־יונגען. צוויי מעת־לעת איז דאָס שטעטל געווען אָן אַ מאַכט, אָבער קיין גוואַלד־אַקטן זענען נישט פאָרגעקומען.

## אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי קיין אָלשאַן

אויפן 15־טן טאָג נאָכן דייטשן איבערפאַל אויף פּוילן, האָט די סאָוויעטישע אַרמיי אריינגעמאַרשירט אין אָלשאַן און אָן שטערונג אַוועק ווייטער. די שטימונג אין שטעטל האָט זיך גלייך געביטן. פון מויל צו מויל איז איבערגעגאַנגען און קאָמענ־טירט געוואָרן מאָלאָטאָווס רעדע אין ראַדיאָ, אַז די פּוילישע רעגירונג איז אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט דאָס לאַנד אין אַ כאַאָטישן צושטאַנד; די דייטשן גייען פאָרויס און פאַרנעמען די גאַנצע פּוילישע טעריטאָריע, און כדי צו ראַטעווען די באַפעלקערונג פון מערב־ווייסרוסלאַנד און מערב־אוקראַינע, גייט די רויטע אַרמיי באַפרייען די געביטן.

מיט דעם אַריינמאַרשירן פון דער רויטער אַרמיי האָט זיך פאַר די אָלשאַנער יידן דערווייל געענדיקט די מלחמה און דאָס יידישע לעבן האָט באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים. די יידן זענען געווען צופרידן און אָפּגעאָטעמט פרייער.

דער סאָוויעטישער רעזשים האָט דעם מצב אין שטעטל ראַדיקאַל געענדערט. די יוגנט און מיטלשטאַנד־מענטשן, האָבן זיך גיך צוגעפּאַסט צום נייעם לעבנס־שטייגער. פילנדיק זיך גלייכבאַרעכטיקט, האָט אויך דער עלטערער דור, ווילנדיק נישט ווילנדיק, זיך צוגעפּאַסט ביסלעכוויז צום נייעם לעבן. פאַכלייט האָבן ווי פריער געאַרבעט ביי זייערע מלאכות. די גרעסערע סוחרים האָבן פאַרלוירן זייערע פּרנסות, זיי זענען אָבער געווען זיכער מיט זייער לעבן און גענומען זוכן וויאַזוי איינצואָרדענען זיך אויף אַרבעט.

די ציווילע מאַכט האָט זיך פאַרמירט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. פאַר־זיצער פון אָרטס־ראַט איז געוואָרן א 20־יאָריקער יידישער בחור, מישאַ קאָזלאָווסקי, אַן אַקטיווער קאָמוניסט. ערדלאָזע פויערים, קריסטן און יידן, האָבן באַקומען ערד און זענען געווען צופרידן. נישט צופרידענע פויערים האָבן בעל כרחו געמוזט ענטפערן: „אמן".

## דייטשן פאַרנעמען אָלשאַן

אין אָלשאַן זענען געשטאַנען גרעסערע סאָוויעטישע מיליטערישע טיילן. יידן האָבן זיך איינגעאָרדנט, געווען זיכער, אַז אַזוי בלייבט שוין. אין די בתי־מדרשים האָט מען געדאַוונט ווי פריער. די קינדער האָבן זיך געלערנט אין אַ יידישער שול, ביז עס האָט זיך אָנגערוקט דער 21סטער יוני 1941. די ראַדיאָ האָט געמאָלדן, אַז

דייטשלאַנד איז אומגעריכט איבערגעפאַלן דעם סאָוויעטישן פאַרבאַנד. די ידיעה האָט אַלעמען צעטומלט.

איידער מען האָט נאָך צייט געהאַט אָפּצוגעבן זיך אַ דין וחשבון, וואָס אַזוינס דאָ קומט פאָר, זענען שוין די דייטשע אַעראָפּלאַנען געפלויגן איבער דעם שטעטל און געזייט טויט און חורבן. די פאַרבינדונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט איז איבערגעריסן געוואָרן. די צעטומלונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען אין לשער.

די סאָוויעטישע מיליטערישע טיילן, זענען באַלד אין ערשטן טאָג פון דייטשן איבערפאַל אַוועק פון אָלשאַן. אַן אויסערגעוויינלעכע נערוועזקייט האָט אויך אַרויסגעוויזן די מאַכט. סאָוויעטישע פרויען און באַאַמטע האָבן זיך אָנגעהויבן צו עוואַקואירן. דאָס האָט נאָך מער פאַרגרעסערט די פּאַניק, און די מהומה אין שטעטל איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט.

אַ טייל יידן האָבן זיך געלאָזט לויפן צו דער אַלטער גרענעץ, כדי אַריינצובאַקומען זיך אין ראַטנפאַרבאַנד. קיין צוגן פאַר ציווילע זענען נישט געווען, איז מען געפאָרן אויף וועגענער, ראָווערן און געלאָפן צו פוס. די גרענעץ אויף מינסק איז געווען געשלאָסן. פאַרצווייפלטע האָט מען זיך אומגעקערט צוריק אין אָלשאַן. ווי נאָר עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די דייטשן גייען, זענען די אָלשאַנער און דאָרפישע כוליגאַנעס באַלד אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און אָנגעהויבן באַפאַלן יידן. די שינאה פון קריסטן צו די יידן איז געווען אַ סך גרעסער ווי פריער.

אויפן דריטן טאָג נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, 10 אַזייגער אינדערפרי, איז אַ דייטשע אָפּטיילונג פון מאָטאָציקליסטן אריינגעפאָרן מיט אַ רעש אויפן מאַרק־פלאַץ און געעפנט אַ פייער פון אויטאָמאַטן אויפן קאַטוילישן קאָשטשאָל און אויף די דערביי ליגנדיקע קאַזאַרמעס, אין וועלכע עס האָבן זיך באַהאַלטן אַ טייל סאָוויעטישע זעלנער. די דייטשן האָבן אויך באַשאָסן דאָס הויז פון שעפּסל אַבראַמאָוויטש, ווייל ער האָט פון הויף־ווינקל געפרווווט אַ בליק־טאָן, וואָס עס קומט פאָר אויפן מאַרק־פלאַץ.

די גאַסן זענען געוואָרן פּוסט. די יידן האָבן זיך באַהאַלטן אין די קעלערן. ווען די שיסעריי איז שטיל געוואָרן, זענען די יידן אַרויס פון די באַהעלטענישן. די גאַסן אין שטעטל זענען שוין געווען פאַרפלייצט מיט דייטשן, זיי זענען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און געזוכט באַהאַלטענע רוסישע זעלנער.

דעם ערשטן טאָג האָבן די דייטשן קיינעם נישט געטשעפּעט. אַחוץ אַ משוגענעם פּאָסטעך מיטן נאָמען פראָקאָפּ, וועלכן זיי האָבן דערשאָסן, ווייל ער האָט משונהדיק געשפּרונגען און געדעוועט. 5 טעג אַן אויפהער האָט געפלייצט דאָס דייטשע מיליטער דורך אָלשאַן. די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז געווען פאַרנומען מיט ראַבירן די פאַרלאָזענע רוסישע מיליטערישע מאַגאַזינען און דערווייל צורו געלאָזט די יידן. יידן זענען געבליבן אין די הייזער און אין די גאַסן זיך

נישט באַוויזן. דאָס דורכמאַרשירנדע דייטשע מיליטער האָט זיך פאַרהאַלטן רואיק. זיי האָבן נישט קיין צייט געהאַט אויף צו מאָרדן און רויבן. ערגער איז געווען, ווען אַן אָפּטיילונג פלעגט זיך אָפּשטעלן אויף אייניקע שעה אָפּרו אָדער איבער־צונעכטיקן. אַזעלכע פלעגן אַרומגיין אין די יידישע הייזער און ראַבירן. די צוגע־רויבטע זאַכן פלעגן זיי אָפּגעבן די קריסטן פאַר עטלעכע אייער. איינע אַזאַ אָפּטיי־לונג האָט פאַגראַמירט דעם בית־מדרש. זיי האָבן צעבראָכן דעם ארון־קודש, צעשניטן די ספרי־תורות, צעפליקט אלע ספרים און דעמאָלירט דעם באַלעמער.

איינצלנע יידן מיט דעם רב פון ראַדזיווילאָוו, וואָס האָבן געלערנט אין בית־מדרש, האָבן די דייטשן מוראדיק געפייניקט. הרב יהושע געלגאָר, אַ פּליט פון ראַדזיווילאָוו, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי זיין איידעם הירשל פאַטאַשניק אין אָלשאַן, איז דורך אַ צופאַל ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. די דייטשע זעלנער־באַנדיטן, וואָס האָבן געראַבירט דעם בית־מדרש, האָבן דעם רב געלגאָר אַרויס־געפירט פון מקום קדוש און געצוווּנגען אויסצוגראָבן אַ גרוב. ווען דער אומ־גליקלעכער איז שוין געשטאַנען אין גרוב, האָבן זיי אויפן רב געשאָסן, צילנדיק אין דעם הוט. פון אַ געטראָפענער קויל האָט דער רב אַ פאַרבלוטיקטער זיך אַראָפּגעלאָזט אין גרוב. ווען עס איז געוואָרן פינצטער איז ער געקומען צו זיך. צופעליק האָט די קויל געטראָפן דעם רב אין אַקסל. די יידן, וואָס האָבן געוווינט אין שכנות פון בית מדרש, האָבן אַרויסגענומען דעם רב פון גרוב און אָפּגעפירט צו זיין טאָכטער.

## די פוילישע פּאָליציי, לאָקאַלע מאַכט און דייטשע גזירות

די דייטשן, וואָס האָבן פאַרנומען אָלשאַן, האָבן מתחילת נישט איינגעשטעלט קיין קאָמענדאַטור. אָלשאַן האָט געהערט צו דער קרייז־קאָמענדאַטור פון אָשמענע. דאָרט האָט געוועלטיקט די ס.ס.־זשאַנדאַרמעריע מיט די באַקאַנטע רוצחים מאָקי, קראַוז און קייל. זיי פלעגן קומען אָפּט אין אָלשאַן צו פייניקן די יידן און צו מאַכן „באַשטעלונגען". די באַפעלן פון די דייטשע רוצחים האָט אויסגעפירט די לאָקאַלע מאַכט פון אָלשאַן, וואָס איז באַשטאַנען פון אַמאָליקע גמינע־אָנגעשטעלטע און אַ כנופיה דאָרפישע און שטעטלשע כוליגאַנעס און אונטערוועלט־נפשות, וועלכע די דייטשע מאַכט האָט באַשטימט פאַר פּאָליציי. דער געוועזענער גמינע־סעקרעטאַר אין אָלשאַן גאַן, פון אָשמענע, איז דורך די דייטשן באשטימט געוואָרן אַלס פּאָלי־ציי־קאָמענדאַנט.

שוין אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט די אָרטיקע פּאָליציי אָנגעהויבן טרייבן די יידן אויף אַרבעט. מען האָט געטריבן מענער, פרויען און קינדער. נישט רעכענענדיק זיך מיט קראַנקע, שוואַכע און עלטערע מענטשן. די פּאָליציי האָט די ערשטע אין דער אָלשאַנער אומגעגנט באַפוילן,

אַז מענער, פרויען און קינדער פון 10 יאָר אָן, זאָלן אָנטאָן געלע לאַטעס. עס איז אויך פאַרבאָטן געוואָרן די יידן צו גיין אויפן טראָטואַר.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן רעוויזיעס, גוואַלד־אַקטן, מסירות, בילבולים און אויספּרעסונגען. די פּוילישע פּאָליציי האָט אָפּט מאָל מער געפּייניקט די יידן, ווי די אָפיציעלע דייטשע מאַכט. באַזונדער גרויזאַם און סאַדיסטיש לגבי יידן איז געווען דער אַמאָליקער גמינע־סעקרעטאַר גאַן, דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט. וואָכן לאַנג האָט דער סאַדיסט געהאַלטן יונג און אַלט, פון פרי ביז פינצטער, אויפן גרויסן ברוקירטן מאַרק־פּלאַץ און געצוווּנגען מיט די הוילע הענט אויסצורייסן דאָס גראָז פון צווישן די שטיינער. אין צוויי שווערע, איינגעפּרוירענע, פאַרזשאַווערטע טאַנקן האָט ער איינגעשפּאַנט יידן און געצוווּנגען צו שלעפּן די מאַשינען קיין טראַב (12 ק״מ פון אָלשאַן). דער דאָזיקער געוועזענער גמינע־סעקרעטאַר צוזאַמען מיט זיין פּאָליציי האָבן אומגעבראַכט אַ סך יידן, צווישן זיי דעם אָלשאַנער אַכטייקער ברוך אַבראַמאָוויטש. יידן, וואָס האָבן זיך שפּעטער אויסבאַהאַלטן אין בונקערס און ביי קריסטן, האָט גאַן מיט זיין פּאָליציי אָפּגעזוכט און איבערגעגעבן דער ס. ס.

נישט בעסער פון גאַנען זענען געווען זיינע פּאָליציאַנטן: לודוויק טשעטשאַק (צונאָמען קאַרסאַק, פון אָלשאַן, לעבט אין פּוילן אונטער אַ פרעמדן נאָמען), לודוויק פּיעקאַרסקי פון דאָרף מולטאַנקע. ווינטער 1941 האָבן זיי פאַרהאַלטן 16 פּליטים. צווישן זיי די אַרטיסטין פראַניע ווינטער פון ווילנע, ביים אַריינגנבענען זיך אין געטאָ. די פּאָליציאַנטן האָבן די יידן איבערגעגעבן צו דער ס.ס. אין אָשמענע און אַלע זענען דערשאָסן געוואָרן. פאַר אַפּעלירן צו דעם פּוילישן געוויסן פון געוועזענעם גמינע־סעקרעטאַר גאַן, אַז ער זאָל נישט אָפּשיקן די 16 יידן צו די ס.ס., האָט דער סאַדיסט צעשלאָגן דעם רב און אַוועקגעשטעלט אים אין רינשטאָק אויף צוויי שעה.

דער פּאָליציאַנט פּעטרוסעוויטש פון דאָרף קריוווּלע פלעגט אַרעסטירן יידישע מיידלעך ביינאַכט, האָט זיי ערגעץ אַוועקגעפירט און פאַרגוואַלדיקט. פאַר פאַרגוואַלדיקן צוויי מינדעריעריקע יידישע מיידלעך, האָבן די דייטשן דערשאָסן דעם רוצח. דער שוין דערמאַנטער לודוויק פּיעקאַרסקי האָט זיך פאַרנומען מיט אַרעסטירן עלטערע יידן, צווינגען זיי צו מאַרשירן איבער די גאַסן מיט אַ רויטער שמאַטע אויף אַ שטעקן און צו זינגען סאָוויעטישע לידער. נאָך אַזאַ מאַרש, האָט פּיעקאַרסקי זיינע קרבנות אַוועקגעפירט אויפן פּאָליציי־פּאָסטן. דאָרט זענען זיי געפּייניקט געוואָרן ביזן פאַרלירן דעם באַוווּסטזיין און דערנאָך האָט מען זיי אַרויסגעוואָרפן. פיל פון די געפּייניקטע יידן זענען דערנאָך חדשים לאַנג געלעגן קראַנק.

אַ ברודער מיט אַ שוועסטער פון ווילנע, וואָס האָבן געלעבט אויף אַרישע פּאַפּירן, — ער האָט געאַרבעט אַלס זייגערמאַכער — האָט פּיעקאַרסקי אַרעסטירט

און אָפּגעפירט אין אָשמענער ס.ס. אויפן וועג האָט דער רוצח אויסגענאַרט זייער געלט און צוגעזאָגט זיי צו באַפרייען. פאַרבייפאָרנדיק אַ וועלדל, האָט פּיעקאָרסקי באַפוילן דעם ברודער צו לויפן און פון הינטן אים דערשאָסן. די שוועסטער האָט ער איבערגעגעבן דער ס.ס. און געמאָלדן, אַז פאַר וועלן אַנטלויפן האָט ער דעם יידן דערשאָסן.

אין 1950 איז פּיעקאַרסקי אַרעסטירט געוואָרן אין קלאָדזק (נידערשלעזיע). זיין משפט איז פאָרגעקומען אין וראָצלאַוו. צוליבן פעלן פון אַ דריטן עדות, איז דער פּראָצעס אָפּגעלייגט געוואָרן. וויאַזוי ער האָט זיך פאַרענדיקט איז מיר נישט באַקאַנט.

דער סאַדיסט גאַן איז באַזייטיקט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט. אויף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן אַ פאָלקס־דויטש זימני, אַ געוועזענער פּוילישער פּאָליציאַנט אין אָלשאַן. ער האָט זיך באַצויגן צו די אָלשאַנער יידן נאָך ערגער פון גאַנען. צום גליק האָט זימני נישט לאַנג רעגירט. פּוילישע אונטערערדישע קעמפער האָבן זימנין פאַרנאַרט, אָנגעשיכורט און דערשאָסן. זשוראַווסקי, דער ניי־באַשטימטער פּאָליציי־קאָמענדאנט, איז געווען אַן אָנשטענדיקער פּאָליאַק. אין דער קורצער צייט פון זיין רעגירן האָבן די אָלשאַנער יידן אויסגעמיטן אַ סך צרות און בלוט־אָפּצאַפּונגען.

פאַר די 16 חדשים, וואָס עס האָט עקזיסטירט דער אָלשאַנער געטאָ, האָבן די דייטשן איבערגעביטן 3 מאָל די לאָקאַלע מאַכט און די פּאָליציי. צוערשט זענען באַזייטיקט געוואָרן די פּאָליאַקן. זייער אָרט האָבן פאַרנומען די ווייסרוסן. שפּעטער האָבן די דייטשן צוגעטיילט די געגנט צו ליטע און ליטווינער האָבן איבערגענומען די מאַכט. מיטן בייטן זיך פון דער פּאָליציי און פון דער ציווילער מאַכט פלעגן זיך אָנהייבן נייע בילבולים, נייע מסירות און דראָונגען, פרישע „באַשטעלונגען“ און אויספּרעסונגען פון יידן.

## גרינדונג פון יודענראַט

שוין אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט מען אָנגעהויבן כאַפּן די יידן אויף אַרבעט. דער אופן פון כאַפּן האָט וואָס ווייטער אָנגענומען גרויליקע פאָרמען. מען האָט געכאַפּט אין די גאַסן, פון די הייזער, און ווער נאָר עס איז געקומען די דייטשן אונטער דער האַנט. פאַר באַהאַלטן זיך פלעגט מען שלאָגן אָן רחמנות. דורך קלעפּ און שיסערייען האָבן די דייטשע זעלנער מיט דער פּוילישער פּאָליציי אויסגעכאַפּט 200 יונגע מענטשן, אַוועקגעפירט 30 ק״מ פון אָלשאַן און אין משך פון 3 חדשים טאָג טעגלעך געצווונגען צו האַקן גרויסע שטיינער אויף דראָבנע שטיקלעך.

עלטערע מענטשן, קראַנקע, קינדער און שוואַנגער־פרויען האָבן די דייטשן

און זייערע מיטהעלפער געטריבן: אויף די וועגן, גראָבן קאַנאַוועס, אין די וועלדער אַראָפּלאָזן ביימער און אין מאַיאַנטקעס אויסצוגראָבן קאַרטאָפל. די לאַגע איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. יידן האָבן אָנגעהויבן טראַכטן און זוכן מיטלען ווי אַזוי צו רעגולירן, אַז דאָס נעמען אויף צוואַנג־אַרבעט זאָל, לכל הפּחות, געפירט ווערן אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן.

מיט מסירות־נפש האָט הרב חדש, צוזאַמען מיט עטלעכע כלל־טוער, געפּרוווט לינדערן די צרות, אָבער זייער פּרווו איז געבליבן אָן רעזולטאַט.

אין דער צייט האָט דער וואָיט פון שטעטל, זשוראַווסקי, גערופן דעם רב און געמאָלדן, אַז די יידן מוזן פאַרלאָזן זייערע דירות און אַריבערקלייבן זיך אין אַ געטאָ. אַחוץ דעם דאַרפן יידן אויסוויילן אַ יודענראַט, וואָס וועט זיין פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר אויספירן אַלע פאָדערונגען פון דער דייטשער מאַכט און פאַר דער אָרדענונג אין געטאָ.

אויף אַ פאַרזאַמלונג אין בית מדרש, האָט הרב חדש איבערגעגעבן די יידן די פאַראָרדענונג פון וואָיט. נאָכדעם האָט דער רב אָפּגעשאַצט די לאַגע און אויפ־געקלערט, אַז דער ציל פון די דייטשן איז אומצוברענגען די יידן. ער האָט געראָטן נישט אַריינצופאַלן אין פאַרצווייפלונג, נאָר שטיין אויף דער וואַך, כל זמן עס וועט זיך לאָזן, דאַרף מען מיט אַלע מיטלען זען פאַרגרינגערן און אָפּשטופּן דעם געחתמעטן גורל.

טראָץ דעם וואָס די אָלשאַנער יידן האָבן בלב ונפש ליב געהאַט און גע־גלויבט זייער באַליבטן מנהיג, האָבן פיל זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען אַן אָנטייל אין יודענראַט, אַזוי, אַז רב חדש מיט די פריערדיקע עסקנים האָבן געשאַפן דעם יודענראַט. די דייטשן האָבן באַשטעטיקט זיין צוזאַמענשטעל מיט הרב חדש אלס יודנעלטעסטער און ארויפגעלייגט אויף זיי די אחריות פאַר אויספירן אַלער־ליי פאָדערונגען פון די דייטשן און פון דער ציווילער מאַכט.

דער שווערער יאָך פון דער יודענראַט־טעטיקייט איז געפאַלן אויף די פּלייצעס פון הרב חדש. נאָך אַ שקלא וטריא מיט דער ציווילער מאַכט וועגן דעם אויסגע־טיילטן שטח אין געטאָ, האָבן די יידן געמוזט אַרומצוימען פאַר זיך דעם שטח.

דער יודענראַט האָט אויך אָרגאַניזירט די יידישע געטאָ־פּאָליציי, און יונגע לייט און בחורים זענען צייטווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ברוטאַלע באַדריקער פון די געפּייניקטע יידן.

אין שטעטל האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פּליטים פון דער ליטווישער פּראָווינץ, וועלכע מען האָט געמוזט אויסבאַהאַלטן און אַרויסהעלפן. די פּרשה פון די פּליטים איז געוואָרן נאָך האַרבער נאָך דעם, ווי מען האָט די יידן איינגעשפּאַרט אין געטאָ. אין די נעכט האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין געטאָ בערך 100 פּליטים, וואָס איז אוממעגלעך געווען אויסצובאַהאַלטן. די אָלשאַנער יידן זענען געשטאַנען פאַר דער ברירה: איינצומעלדן די פּליטים אָדער ווערן אומגעבראַכט צוזאַמען מיט זיי.

דעם יודענראַט איז געלונגען איינצומעלדן די פּליטים און צו רעגולירן דעם ענין פון צושטעלן יידישע אַרבעטער פאַר די דייטשן און פאַר דער ציווילער פּוילישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, אויף דעם אופן: קיין קראַנקע יידן זאָל מען נישט שיקן אויף אַרבעט, מען זאָל גיין וווהין מען שיקט, מען זאָל אַרבעטן ערנסט, ווי שווער עס זאָל נישט זיין. דער יודענראַט האָט זיך באַמיט אויסצופירן פּינקטלעך די דייטשע פאַראָרדענונגען. מען האָט געמיינט מיט דעם איינצוהאַמעווען די חיה.

דער כאַאָס פון כאַפּן האָט זיך טאַקע אַ ביסל איינגעשטילט. אָבער די יידן זענען ווייטער געפּייניקט געוואָרן נאָך מער ווי פריער. אויף דער פאַראָרדענונג פון די דייטשן זענען צוגעשטעלט געוואָרן צו דער אַרבעט 200 יוגנטלעכע, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אויך 12־יאָריקע קינדער. זיי האָט מען אַוועקגעשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער זשעזמיר אין ליטע.

ווי מיר ווייסן היינט, האָבן די דייטשן געהאַט איין ציל לגבי יידן: דערנידעריקן, פּייניקן, מאָראַליש צעברעכן, אויסראָטן. די דאָזיקע מערדערישע כוונות האָבן יידן שוין דעמאָלט באַמערקט און נישט געוווּסט ווי אַזוי זיך צו העלפן. וועגן שטעלן אַ ווידערשטאַנד האָט מען אַפילו נישט געקאָנט טראַכטן. עס איז נישט געווען מיט וואָס קעגנשטעלן זיך די פון קאָפּ ביז די פיס באַוואָפנטע דייטשע רוצחים און עס איז אויך נישט געווען וווהין צו לויפן. קיין פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער זענען דאַן נאָך נישט געווען. אויף די וועגן און דערפער האָבן געלויערט כלערליי באַנדיטן. ווען זיי האָבן געטראָפן אַ ייד, האָבן זיי אים תיכף אומגעבראַכט צוליב רויב. אַחוץ דעם האָט דעם אַנטלויפנדיקן פון געטאָ געדראָט אַ זיכערער טויט פון הונגער און קעלט און אַ טויט־געפאַר פאַר דער משפּחה און פאַר דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז געבליבן אין געטאָ.

די פּוילישע, ווייסרוסישע און ליטווישע פּאָליציי האָט שטענדיק געפּאָרשט און געשמעקט, וואָס די יידן האָבן בדעה צו טאָן און וואָס זיי טוען. קיינער האָט נישט געוואָלט נעמען אויף זיין געוויסן דאָס לעבן פון זיין משפּחה. דעריבער איז מען פון געטאָ נישט געלאָפן.

## רויב פונעם יידישן פאַרמעגן

עס איז אויך „רעגולירט" געוואָרן דער ענין פון רויבעריי. אַנשטאָט די דייטשן און די פּאָליציי זאָלן גיין איבער די הייזער און רויבן און שלאָגן, האָבן די יידן אַליין צוגעשטעלט זאַכן. אָבער די ראַבירונגען האָבן נישט אויפגעהערט, יעדער דייטשער אָפיציר, יעדע דייטשע אָפּטיילונג האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל צושטעלן אין אַ באַשטימטער שעה: זייף, לעדער, שטאָף, וועש און אַנדערע ווערטפולע זאַכן. קיין שום אָפּזאָג האָט נישט געהאָלפן. פאַר נישט דערפילן די רויב־פאַרלאַנגען צו דער באַשטימטער שעה האָט געדראָט דער טויט.

די יידישע הייזער האָבן זיך אויסגעליידיקט. די אָרעמקייט איז געוואַקסן. דער

תהום איז געוואָרן אַלץ טיפער. די אָלשאַנער יידן זענען דערגאַנגען צו אַזאַ צושטאַנד פון שרעק און פאַרצווייפלונג, אַז יעדער דייטש, יעדע דייטשע מאַשין, וואָס פלעגט זיך באַווייזן אין שטעטל, האָט געשאַפן די פאָרשטעלונג, אַז אָט איז מען שוין געקומען צונעמען די נשמות, ווייל וואָס צו געבן איז שוין נישט געווען. ווען די דייטשן האָבן געפאָדערט אַזעלכע זאַכן, וואָס די יידן האָבן שוין נישט געהאַט, האָט דער יודענראַט איינגעקויפט די געפאָדערטע סחורות ביי קריסטלעכע הענדלער און אַוועקגעגעבן די רוצחים.

אַדאַנק אָט דער טאַקטיק פון הרב חדש, איז נישט איינמאָל אויסגעמיטן געוואָרן אַ מאַסן־שחיטה. הרב חדש, ווי דער יודענעלטעסטער, האָט בלב ונפש באַמיט זיך צו העלפן די יידן אין געטאָ, ווען די דייטשע בעסטיע האָט אויף שריט און טריט געזייט טויט און אויסראָטונג. הרב חדש איז אויך געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דעם קאַטוילישן גלח כאמסקי, פון אָלשאַן, איינער פון די חסידי אומות העולם, וואָס האָט אין זיינע רעדעס אין קאָשטשאָל געוואָרנט און געשטראָפט די קריסטן, נישט צו פאַרנעמען זיך מיט קיין פּראָוואָקאַציעס, רויב און גוואַלד־טאַטן איבער יידן.

די אָפטע טרייסט־רעדעס און וואָרענונגען פון הרב חדש צו דער געפּלאָגטער עדה פון אָלשאַן, האָט אונטערגעהאַלטן דעם מוט און אויסדויער פון די דאָרטיקע יידן און אָפּגעהאַלטן יחידים פון אומפאַראַנטוואָרטלעכע מעשים.

אייניקע חדשים פאַר דער דעפּאָרטאַציע פון אָלשאַנער יידן אין אָשמענער קרייז־געטאָ, איז הרב חדש צוזאַמען מיט אַ טייל יידן פון אָלשאַן אַרויסגעפאָרן אין וואָלאָזשינער געטאָ. 2 חדשים נאָכן אָנקומען פון די אָלשאַנער יידן אין וואָלאָזשינער געטאָ, זיינען אַלע אומגעבראַכט געוואָרן.

## געראַטעוועט זיך פון דער אָלשאַנער שחיטה און אומגעקומען אין וואָלאָזשין

אין סוף 1941 איז אָלשאַן מיט אַ טייל אַנדערע שטעטלעך פון דער ווייסרוסישער געגנט, צוגעטיילט געוואָרן, דורך דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, צום גענעראַל־באַצירק ליטע. אין יענער צייט האָבן אין אָלשאַנער געטאָ זיך אויפגעהאַלטן איבער הונדערט פּליטים פון דער ליטווישער פּראָווינץ און פון ווילנע, וואָס זענען „בדרך נס" ניצול געוואָרן פון די שחיטות, וואָס די ליטווינער האָבן אויסגעפירט אין די קלענערע שטעטלעך פון ליטע, אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע. צווישן די פּליטים האָבן זיך געפונען פאַרוווּנדעטע, וואָס זענען אַרויסגעקראָכן פון די גריבער מיט די מאַסן־צעשאָסענע און אין די נעכט אָנגעקומען קיין אָלשאַן.

צוליב פאַרשידענע טעמים זענען יידן געלאָפן קיין אָלשאַן: דאָס שטעטל האָט געהערט צו ווייסרוסלאַנד, וווּ קיין מאַסן־שחיטות, ווי אין ליטע, זענען נאָך

נישט געהאַט פאַרגעקומען; יידן אין אָלשאַן האָבן אומבאַגרענעצט אַריינגענומען יעדן פּליט און מיט מסירת־נפש איינגעמאָלדן; אין אָלשאַן איז קיין דייטשע קאָמענדאַטור נישט געווען, מיט דער ציווילער פאַרוואַלטונג האָבן, מיט קליינע אויסנאַמען, די ערשטע צייט אָנגעפירט די געוועזענע פּוילישע באַאַמטע פון דער גמינע; אין אָלשאַנער געטאָ איז פאַרהעלטנישמעסיק נישט שווער געווען די ערשטע צייט אַריינצובאַקומען זיך,, כאָטש צענדליקער יידן האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן.

מיטאַמאָל האָבן די אָלשאַנער יידן און די פּליטים זיך דערוווּסט, אַז אָלשאַן הערט אויף צו זיין אין ווייסרוסישן „גן־עדן" און ווערט אַ ליטוויש שטעטל.

פאַר מורא נישט אַריינצופאַלן צוריק אין די הענט פון די ליטווישע מערדער, האָבן די פּליטים אין פּאַנישער שרעק אָנגעהויבן אַנטלויפן טיפער אין ווייסרוסלאַנד ווו פון קיין מאַסן־שחיטות האָט מען נאָך נישט געהערט. די פּאַנישע בהלה פון די פּליטים האָט אויך באַהערשט די אָלשאַנער יידן אין געטאָ און זיי האָבן גענומען זוכן אַן אויסוועג וויאַזוי צו אַנטלויפן פון די ליטווינער, איידער זיי נעמען איבער די מאַכט. דער אָלשאַנער יודענראַט האָט מיט פאַרשידענע מיטלען זיך באַמיט אַרויסצופירן וואָס מער יידן פון אָלשאַן און עס איז אים „געלונגען".

ווי מיר פארשטייען היינט, איז די דאָזיקע יידישע איבערוואַנדערונג געווען אין הסכם מיטן דייטשן אויסראָטונגס־פּלאַן: קאָנצענטרירן יידן אויף איין אָרט, כדי דאָרט דורכצופירן די מאַסן־אויסראָטונג. האָט זיך דעם אָלשאַנער יודענראַט איינגעגעבן צו באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער דייטשער מאַכט אין אָשמענע, אַרויסצופירן יידן אין ווייסרוסלאַנד. אַזוי זענען אַלע פּליטים מיט 150 אָלשאַן־תושבים, מיט הרב חדש בראש, באַגלייט פון ווייסרוסישער פּאָליציי, אַרויסגעפאָרן אין מערץ 1942 פון אָלשאַן קיין וואָלאָזשין.

מיט 2 חדשים שפּעטער, אין מאַי 1942, איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־שחיטה אין וואָלאָזשינער געטאָ, וואָס האָט געדויערט דריי מעת־לעת. כמעט אַלע יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, זענען אומגעקומען. פון די אַרויסגעפאָרענע פון אָלשאַן, זענען לעבן געבליבן 8—10 נפשות. 30 יידן, פאַכלייט, וואָס די רוצחים האָבן געלאָזט לעבן, צוזאַמען מיט די לעבנגעבליבענע אָלשאַנער האָבן, אויפן באַפעל פון די מערדער, באַגראָבן זייערע אייגענע טאַטעס, מאַמעס, ברידער און שוועסטער, אין אַ מאַסן־קבר אויפן וואָלאָזשינער בית־עלמין.

אַ טייל פון די לעבנגעבליבענע איז געלונגען אָנצוקומען צוריק אין אָלשאַנער געטאָ פון זיי לעבן: יצחק זיסקאַנד (אין ישראל), מיכאל רודניק (אין אַמעריקע). מלך דערעוויאַצקי איז אומגעקומען אין אַ דאָרף ביי אָלשאַן. אהרן און לוסיאַ וואַראַנאָווסקי זענען אומגעקומען אויפן וועג פון וואָלאָזשין אין אָלשאַן. די רבצין דייכע מיט דער טאָכטער מיליע זענען פאַרפייניקט געוואָרן אין קלאָגע, די טאָכטער, הדסה, 5 יאָר אַלט, איז לעבעדיקערהייט באַגראָבן געוואָרן צוזאַמען מיט דער קריסטין, וואָס האָט איר געפירט פון וואָלאָזשין קיין אָלשאַן.

## די גרויסע שחיטה אין וואָלאָזשין

(אויסצוגן פון יד ושם, ירושלים)

אין אויגוסט 1941 איז געגרינדעט געוואָרן דער געטאָ אין אונטערשטן טייל שטאָט פון וואָלאָזישן. אין קוים 50—60 הייזער האָבן געוווינט בערך 3500 יידן, שוין צוזאַמען מיט די צוגעקומענע פון פאַרשידענע אַנדערע טיילן, ווי ווישנעווע, אָלשאַן, אָשמענע און אויך ווילנע.

דעם 10טן מאַי 1942, 5 אַ זייגער פאַרטאָג, איז דער געטאָ געוואָרן אַרומגערינגלט דורך ס.ס. און פּאָליציי, וועלכע האָבן זיך אַריינגעריסן אין געטאָ און האָבן ביים טויער דערשאָסן צוויי יידישע פּאָליציאַנטן: יוחנן קליין און יצחק נאַרושעוויטש, און געעפנט אַ שיסעריי אין געטאָ, ביי וועלכע עס זענען געפאַלן פיל מענטשן. דאַן האָבן זיי אָנגעהויבן צו טרייבן די יידן אין אַ שמידעריי, וועלכע איז געווען צוגעגרייט דורך די רוסן, ווו זיי האָבן צוזאַמענגעטריבן בערך 800 מאַן. די ענגשאַפט איז געווען שרעקלעך און די געוואַלדן פון די קינדער איז געווען אומבאַשרייבלעך.

די ס.ס.לייט פלעגט אַריינשיסן אין עולם, כדי עס זאָל זיין שטיל און פאַר־ווונדעט פיל מענטשן. דער אָלשאַנער רב, ראובן חדש, וועלכער האָט זיך געפונען צווישן דעם עולם, האָט געזאָגט דאָס מען זאָל צעברעכן די האָרנס (אויוונס), יעדער זאָל נעמען אַ ציגל, אַ שטיין, אייזנס אין די הענט, אויפרייסן די טירן און וואַרפן זיך אויף די ס.ס. און זיך צעלויפן. דער מיטגליד פון וואָלאָזשינער יודענראַט, ישראל לונין, האָט געזאָגט, אַז חיי שעה איז אויך גוט און נישט געלאָזט צעלויפן זיך.

# אין וואלאזשינער געטא

## דער אומקום פון אָלשאַנער רב הרב חדש

שבת, דעם 9טן מאַי, 1942, זענען די וואָלאָזשינער יידן, וועלכע האָבן גע־אַרבעט מחוץ דעם געטאָ, צוריקגעבראַכט געוואָרן אין געטאָ, וואָס איז צוועלף ‍ז זייגער ביינאַכט געוואָרן אַרומגערינגלט פון דייטשן, לעטן און ווייסרוסן. זיי ‍‍האָבן געהיטן, אַז קיינער זאָל נישט אַנטלויפן. אין גרויס פּאַניק האָבן די יידן אָנגעהויבן זיך צו באַהאַלטן אין „מעלינעס", וואָס כמעט יעדעס הויז אין געטאָ ‍אָט באַצייטנס צוגעגרייט.

פיר אַ זייגער פאַרטאָג, האָבן אין געטאָ, מיט שטורעם, זיך אַריינגעריסן אַ מאַסע שיכּורע דייטשן, לעטן און ווייסרוסישע רוצחים און אָנגעהויבן אַ געיעג מיט שיסערייען אויף די יידן. די רוצחים האָבן זיך צעשטרייט איבער דעם געטאָ און אַרויסגעטריבן פון די הייזער קינד און קייט. אַלע יידן זענען געבראַכט געוואָרן אין אַ גרויסער שאָפּע, וואָס האָט געדינט פאַר אַ קוזשניע פון אַ שמידן־אַרטעל. פון דאָרט האָט מען פאַרטיעסווייז געפירט אויפן בית־עולם צום דערשיסן. קראַנקע, אַלטע און שוואַכע, וואָס האָבן נישט געקענט גיין, זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. אַלע גאַסן, דער גאַנצער וועג צום בית־עולם זענען געווען פאַרזייט מיט הונדערטער דערשאָסענע מענער, פרויען און קינדער.

אין אַ הויז ווו ס׳האָבן געוווינט פינף משפחות, האָבן יידן אויסגעבויט אַ „מעלינע״ אונטער אַ הויכן סטאָג פון האָלץ, וואָס האָט זיך געפונען אין הויף פון הויז. דאָרט האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין אַן עת צרה. דער אַריינגאַנג אין „מעלינע״ איז פאָרגעקומען דורך אַ צוגעשטעלטן לייטער, וועלכער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער באַהעלטעניש נאָכן אַרויפקלעטערן.

אין דער קריטישער נאַכט האָבן אַלע יידן פאַרלאָזט דאָס הויז און באַהאַלטן זיך אין דער „מעלינע״. צווישן זיי באַהאַלטענע יידן האָט זיך אויך געפונען דער רב פון אָלשאַן, הרב ראובן חדש, און דער דערציילער פון די זכרונות.

פאַרטאָג האָבן אין הויז זיך אַריינגעריסן אַ גרופּע שיכּורע דייטשן, לעטן און ווייסרוסן. נאָכן דורכזוכן דאָס הויז, און וועלכן זיי האָבן קיינעם נישט געפונען, זענען זיי אַרויס אויפן הויף זוכן די באַהאַלטענע יידן. אין פרימאָרגנדיקן טוי האָבן זיי גלייך באַמערקט אונדזערע טריט, וואָס האָבן געפירט צום סטאָג האָלץ.

צוויי דייטשן זענען אַרויף אויף אַ לייטער און אַנטדעקט אונדזער באַהעלטעניש. מיט באַנומענע קולות האָבן זיי באַפוילן אַלעמען אַרויסצוגיין. צוליב דער דראָאונג אונטערצוצינדן דעם סטאָג, זענען מיר געווען געצוווּנגען אַרויסצוגיין פון דער באַהעלטעניש. איך און נאָך צוויי יידן זענען נישט אַרויס. אַ דייטש איז אַראָפּ אין דער „מעלינע״ און אונדז אַרויסגעיאָגט פון דאָרט.

בליצשנעל בין איך פון סטאָג אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ דאַך פון דער צווייטער זייט, פון דאַך אויף דער ערד און גענומען אַנטלויפן. נאָך מיר זענען געשפּרונגען די אַנדערע צוויי יידן. פון דעם פייער, וואָס דער דייטש האָט אויף אונדז געעפנט, בין איך פאַרוווּנדעט געוואָרן אין אַקסל. נאָכן אָפּלויפן אַ פּופּציק מעטער, האָב איך געפילט, אַז די כוחות פאַרלאָזן מיך. אין אַ דערבייאיקן הויז האָב איך באַמערקט פרויען. איך בין אַריין אין הויז און געבעטן אַ ביסל וואַסער. די צעשראָקענע פרויען האָבן מיר געראָטן וואָס שנעלער צו אַנטלויפן, דערקלערנדיק, אַז די אַקציע פירט זיך בלויז אויף מענער. איך בין ווייטער געלאָפן

און דערזען אַ קלאָזעט, בין איך אַריין און אַראָפּגעלאָזט זיך אין גרוב, נישט פאַר־מאַכנדיק די טיר פון קלאָזעט.

נישט ווייט פון קלאָזעט האָט זיך געפונען די שאַפּע מיט די צונויפגעטריי־בענע יידן, פון וועלכע מען האָט פּאַרטיעסווייז געפירט אויפן בית־עולם. ביי דער שאַפּע איז געזעסן ווילייקער, דער געביטס־קאָמיסאַר. פון מיין באַהעלטעניש האָב איך געזען, ווי ער האָט אָנגעפירט מיט דער אויסמאָרדונג פון די יידן.

צווישן אַ גרופּע יידן, וועלכע מען האָט געפירט פון שאַפּע פאַרביי דעם געביטס־קאָמיסאַר, האָב איך געזען דייטלעך דעם אָלשאַנער רב מיט אַ פּאַרבלו־טיקטער האַנט. הרב חדש איז צוגעגאַנגען צום געביטס־קאָמיסאַר און געבעטן ער זאָל אים לאָזן לעבן.

פון זיינע אָפּמיע באַזוכן אין אָלשאַנער געטאָ, האָט דער געביטס־קאָמיסאַר גוט געקענט דעם אָלשאַנער רב. אַ סך באַשטעלונגען פון ווערטפולע זאַכן, צווישן אַנדערן אויך צוויי קילאָגראַם גאָלד פון אָלשאַנער יידן, האָט דער קאָמיסאַר באַקומען פון רבס האַנט. דאָס אַלץ האָט נישט געווירקט אויף דעם מאָסן־מער־דער. ער האָט דעם רב צוזאַמען מיט אַ גרופּע יידן געשיקט אויפן בית עולם צום דערשיסן.

פון די יידן, וואָס מען האָט געפירט צום דערשיסן, האָט מען אָפּגעקליבן 30 פאַכלייט. צווישן זיי האָב איך געזען בערל קאַגאַן פון אָלשאַן און יהושע גליק, אַ פליט פון ניעמענטשין, וואָס האָט געאַרבעט אַלס געהילף ביי יהושע דעם שמיד אין אָלשאַן.

די אָפּגעשטעלטע פאַכלייט האָט מען דערלויבט מיטצונעמען זייערע פרויען און קינדער. צו יהושיע גליק, אַ בחור, האָבן זיך צוגעשטעלט 2 פרויען: אַן אַפּטייקערין פון פאָדבראָדזש און אַ פרוי מיט אַ קינד פון וואָלאָזשין. די פרוי מיטן קינד האָט מען אַוועקגענומען. די אַפּטייקערין האָט מען איבערגעלאָזן אַלס די פרוי פון יהושיע גליק.

זונטיק נאָכמיטאָג האָט זיך די מאַסן־אַקציע, למראות־עין, פאַרענדיקט. די באַנדעס, וואָס האָבן געבושעוועט ביי דער שאַפּע, זענען אַוועק. פון פאַרשידענע ווינקעלעך אין געטאָ האָבן זיך נאָך געהערט זאַלפן פון ביקסן. ווי איך האָב שפּע־טער זיך דערוווּסט, זענען דאָס געווען באַנדעס ווייסרוסישע פּאָליציסטן, וואָס האָבן געזוכט „מעלינעס" מיט באַהאַלטענע יידן. מינדעריעריקע שקצים זענען אַרומגע־גאַנגען מיט די פּאָליציאַנטן איבער די ידישע הייזער, געראַבעוועט, געהאָלפן זוכן באַהאַלטענע יידן און אַנטדעקן „מעלינעס". די געפונענע יידן, זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

ווען עס איז געוואָרן פינצטער, בין איך אַרויס פון קלאָזעט און אַריינגע־שלייכט זיך אין אַ דערבייאיק הויז און באַהאַלטן זיך אויפן בוידעם, ווו איך בין אָפּ־געלעגן די נאַכט פון זונטיק אויף מאָנטיק. מאָנטיק פאַרטאָג בין איך אַרויס געוויר

ווערן וואָס עס הערט זיך אין געטאָ. ביים אַראָפּגיין פון בוידעם, האָב איך דערהערט אַ טומל פון דער ווייסרוסישער פּאָליציי און פון שקאָצימלעך, וואָס האָבן געניש־טערט אין שטוב.

איך בין ווידער אַריינגעקראָכן אין באַהעלטעניש און פאַרבליבן דעם גאַנצן מאָנטיקדיקן טאָג. ווען עס איז געוואָרן פינצטער, האָב איך באַשלאָסן, וואָס עס זאָל נישט געשען, מוז איך אריינגיין אין שטוב, מיטן געדאַנק, אַז אפשר וועל איך געפינען אַ בגד כדי אַראָפּצוואַרפן פון זיך די מלבושים, וואָס זענען פאַרשמוצט געוואָרן אין קלאָזעט. איך האָב אויך געפילט, אַז איך מוז וואָס נישט איז טאָן כדי איבערצובינדן מיין דורכגעשאָסענעם אַקסל, וואָס האָט זייער שטאַרק געווייטיקט.

ביים אַראָפּגיין פון לייטער האָב איך דערהערט אַ רעש, אַ געראַנגל, עטלעכע זאַלפּן פון ביקסן און אַן אויסרוף אין רוסיש: „2 יידן דערשאָסן". ווי איך האָב שפּע־טער זיך דערוווּסט, זענען די 2 דערשאָסענע יידן געווען דער בעל־הבית פון שטוב, פּערסקי און זיין איידעם, אַ ברודער פון זיסל פּערסקי פון אָלשאַן. דאָס זענען געווען די 2 יידן, וואָס זענען צוזאַמען מיט מיר אַנטלאָפן פון דער „מעלינע". איך האָב אין טויט־פּחד זיך ווידער אומגעקערט אין מיין באַהעלטעניש.

דינסטיק פאַרטאָג האָב איך געהערט, ווי מען קלעטערט אויפן לייטער וואָס פירט צום בוידעם. אַ קינדעריש קול האָט אַראָפּגעשריגן פון שפּיץ לייטער, אַז אויפן בוידעם איז קיינער נישטאָ. 12 אַזייגער בייטאָג האָב איך געהערט ווי מען טראָגט אַרויס די 2 דערשאָסענע יידן. ווער עס האָט זיך מיט זיי מטפּל געווען האָב איך נישט געזען. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ שיסעריי פון ביקסן.

אין אָוונט בין איך אַראָפּ פון בוידעם און אַריין אין שטוב. איך האָב געפונען אַ שטיקל ברויט, אַ פּאָר געבאַקטע קאַרטאָפל, אַ סלאָיק מיט כריין. אין שטוב איז געשטאַנען אַ ספר־תורה. דאָס ברויט מיט די קאַרטאָפל האָב איך אַריינגעלייגט אין דער קעשענע און מיטגענומען אַ קריגל מיט וואַסער און צוריק אַרויף אויפן בוי־דעם. איך האָב שוין קיין כח נישט געהאַט אַריינצוקריכן אין מיין באַהעלטעניש און איך בין געבליבן ליגן. דאָס ברויט מיט די קאַרטאָפל זענען מיר אין האַלדז נישט געקראָכן. אַ פאַרחלשטער בין איך אַזוי געלעגן 2 מעת לעת. דאָנערשטיק אין אָוונט האָב איך געפּרוּווט אַראָפּגיין פון בוידעם און נישט געקענט רירן זיך פון אָרט. דער ווייטיק פון דורכגעשאָסענעם אַקסל האָט געברענט און געפּייניקט.

פרייטיק פרי האָב איך קוים זיך דערשלעפּט און אַרויפגעדראַפּעט זיך צום בוידעם־פענצטערל. אויפן גאַס האָב איך דערזען אַ באַקאַנטע יידישע פרוי. איך האָב זי געוואָלט רופן, אָבער נישט געקענט אַרויסברענגען קיין וואָרט. מיט די לעצטע כוחות האָב איך זיך געקלאַמערט אין דעם בוידעם־פענצטער און אַרויסגע־קוקט אין גאַס. פּלוצלונג האָב איך דערזען מיכאל רודניק פון אָלשאַן. פון גרויס איבערראַשונג האָב איך פאַרלוירן דאָס לשון. איך האָב זיך אַראָפּגעגליטשט פון פענצטער און געבליבן ליגן אויפן בוידעם אַ פאַרשטאַרטער.

ווען איך בין צו זיך געקומען, האָב איך דערהערט יידישע ווערטער. מיט די לעצטע כוחות בין איך צוגעקראָכן צום פענצטערל און געזען ווי מען פּאַרקלאַפּט מיט טשוועקעס די טיר, וואָס פירט צו דער גאַס. מיט באַנומענע קולות האָב איך אָנגעהויבן ריטשן: דאָ געפינט זיך אַ ייד, עפנט די טיר! מען האָט אויפגעריסן די פאַרנאַגלטע טיר און מיך אַוועקגעפירט אין הויז פון די 30 אָפּגעשטעלטע פּאַכלייט. דאָרטן האָב איך געטראָפן מיכאל רודניק, און אַנדערע יידן, וואָס זענען אַרויס פון נישט אַנטדעקטע „מעלינעס״.

מיכאל רודניק האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי ער איז געבליבן לעבן. ער איז געווען צווישן די, וואָס די דייטשן האָבן איבערגעלאָזט אויפצוראַמען דאָס געטאָ. אויפן באַפעל פון די מערדער האָט ער מיט אַנדערע יידן מקבר געווען הונדערטער קדושים, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויף די גאַסן און אין די הייזער. צווישן די קדושים האָבן זיך געפונען מיכאלס עלטערן, ברידער, שוועסטער און קינדער.

איך האָב געזאָגט מיכאלן, אַז איך בין פאַרוואונדעט. צווישן די לעבן־געבליבענע האָט זיך געפונען אַ דאָקטער, מיכאל פּאָלאַקס אַן איידעם. מיט אַ פּשוטן מעסער האָט ער מיך אָפּערירט, אַרויסגענומען די קויל פון אַקסל און פאַרבאַנדאַזשירט די וווּנד.

דאָנערשטיק, דעם 14־טן מאַי, איז געקומען די פּוילישע פרוי דאָבראָלאָוויטש פון אַקאָליצע קאַמיאַנקע ביי אָלשאַן. דער אָלשאַנער יודענראַט האָט געשיקט דערוויסן זיך, וואָס עס איז פאַרגעקומען אין וואָלאָזשין. זי האָט דערציילט, אַז אין אָלשאַן איז אַלץ ווי געווען. די פרוי דאָבראָלאָוויטש האָט מיטגענומען אַ בריוו פאַר דעם אָלשאַנער יודענראַט.

שבת, דעם 16־טן מאַי, האָב איך מיט מיכאל רודניק באַשלאָסן אומצוקערן זיך קיין אָלשאַן. מיט אונדז איז מיטגעגאַנגען זיסקע, אַ וואָלאָזשינער תושב. שפּעט ביינאַכט זענען מיר אַרויס פון וואָלאָזשין. פאַרטאָג זענען מיר בשלום דורכגעגאַנגען די זאַברעזשער בריק און דעם גאַנצן טאָג זונטיק געלעגן אין אַ וועלדל ביים דאָרף לאסטאָ.

ביינאַכט, ווען די פּויערים זענען געגאַנגען פון קאָשטשאָל, פון דער „מאַיאָווע נאַבאַזשענסטוואָ״ („מאַי תפילה״), האָבן מיר איינציקווייז זיך אַדורכגעשלייערט צו דער באַן־ליניע. די דערפער מיט די פּויערים אויף דער צווייטער זייט בריק זענען מיר געווען באַקאַנט. טראָץ דעם האָבן מיר אויסגעמיטן אָנצוטרעפן זיך מיט אַ היימישן פּויער, און מיט זייטיקע וועגעלעך, וואָס זענען געווען גוט באַקאַנט, זענען מיר פאַרטאָג אָנגעקומען אין אָלשאַנער געטאָ.

יצחק זיסקאַנד — גביית עדות

(אויפגענומען דורך ש. קאַפּלאַן)

## אין ווישנעווער געטאָ

עס איז געווען דער 30־סטער אויגוסט אין יאָר 1942. אַלע יידן פון געטאָ האָט מען געהייסן זיך צוגרייטן מיט די פּעקלעך, יעדן נעבן זיין הויז. מען וועט זיי אַלע־מען אַרויספירן אין אַ צווייטן אָרט — האָט עס געהייסן.

באַלד זענען באַוואָפנטע דייטשן געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, אַלעמען אַרויס־געטריבן פון די הייזער און געהייסן זיך פאַרזאַמלען לעבן די בתי־מדרשים. דאָרט האָבן די רוצחים באַפוילן אויסצולייגן זיך אויף דער ערד, ווער עס וועט אויפהייבן דעם קאָפּ, וועט דערשאָסן ווערן. דערנאָך האָט מען געפירט אין רייען צו 100 מאַן דורכן טויער פון געטאָ, צום סוף פון קרעווער גאַס, ווו זאַראַקס שטוב איז געשטאַ־נען לעבן צלם. משפחות האָבן זיך געהאַלטן אונטער די אָרעמס.

די דייטשן זענען געלאָפן ביי די זייטן און געשלאָגן מיט גראָבע שטעקנס איבער די קעפּ. די מהומה און געוואַלדן אין געטאָ זענען געוואָרן אַלץ גרעסער, די געשרייען פון די מאַמעס און קינדער האָבן געריסן הימלען. שפּעטער האָט מען גענומען פירן אויף אויטאָס, כדי עס זאָל גיין וואָס גיכער.

די לאַסט־מאַשינען זענען צוגעפאָרן צו די בתי־מדרשים. מיט געשרייען און קלעפּ האָבן די רוצחים געצוווּנגען אַרויפצוקריכן אויף די אויטאָס, וואָס זענען אַוועק אויף קרעווער־גאַס.

ווען זאַראַקס געביידע איז שוין געווען געפּאַקט מיט מענטשן האָבן די דייטשן זי אונטערגעצונדן צוזאַמען מיט די קרבנות, וואָס האָבן זיך אינעווייניק געפונען. ווער עס האָט געפּרוּווט אַנטלויפן דורך די פענצטער איז דערשאָסן געוואָרן. דאָקטער פּאַדזועלעווער איז פאַרברענט געוואָרן שטייענדיק אין פענצטער. ער האָט מיט די פינגער פאַרדעקט זיין פּנים.

קריסטן האָבן געבעטן די דייטשן, זיי זאָלן לאָזן לעבן פאַדזועלעווערן, דעם איינציקן דאָקטער אין דער גאַנצער געגנט. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן. ווען די שטוב האָט שוין געברענט זענען נאָך אָנגעקומען די אויטאָס געפּאַקט מיט יידן. מען האָט זיי צעשטעלט אויף די פעלדער און מיט אויטאָמאַטיש געווער זיי דער־שאָסן. די טויטע קערפּערס זענען דורך די דייטשן געוואָרפן געוואָרן אין פייער.

באשקע פאַדבערעזעקי האָט געגעבן אַ געשריי: „ברידער ראַטעוועט זיך", און אָנגעהויבן לויפן. אַ קויל האָט איר באַלד געטראָפן און זי איז אַוועקגעפאַלן. זייער פיל האָבן אָנגעהויבן צו לויפן, אָבער די דייטשע קוילן האָבן זיי אָנגע־יאָגט. אויף דער גאַנצער ברייט פון קרעווער גאַס האָבן זיך אומעטום געוואַלגערט מענטשלעכע גופים, אַפילו נאָך דעם קריג זענען נאָך דאָרט געלעגן עצמות פון די געפייניקטע.

איך בין אַנטלאָפן, ווען מען האָט באַפוילן אַראָפּגיין פון אויטאָ און געלאָפן זיגזאַג צווישן תבואות און אַריינגעשפרונגען אין אַ גרוב. ווען איך בין געלעגן אין

גרוב, האָב איך געזען, ווי פּאָליציי אויף פערד יאָגט זיך נאָך יידן און ווו די רוצחים האָבן וועמען באַמערקט, האָבן זיי געשאָסן. די גאַנצע נאַכט פון שבת אויף זונטיק איז דאָס שטעטל ווישנעווע געווען באַוואַכט אַרום און אַרום מיט אָרטיקע פוילישע פּאָליציי. דעם 30.8.1942 האָבן די דייטשן פאַרענדיקט זייער אויס־ראָטונגס־ארבעט. עס זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן אַלע יידן פון ווישנעווער געטאָ.

מיר האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן אין וואַלד, כדי צוזאַמען מיט די געראַטעוועטע פון דער ווישנעווער שחיטה צו אָרגאַניזירן אַ בריגאַדע פּאַר־טיזאַנער, שאַפן געווער און נעמען נקמה אין די שטעטלדיקע און דאָרפישע פּויערים, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן די דייטשן אומצוברענגען די דאָרטיקע יידן. דורך אַ באַקאַנטן קריסט האָב איך אַוועקגעשיקט אַ בריוו אין אָלשאַן צו שעפּסל אַבראַמאָוויטש. איך האָב באַשריבן דאָס אומגליק און וויפל יידן ס׳זענען געבליבן לעבן.

מיר האָבן אויך געשריבן אַ בריוו אין אשמיאַנער געטאָ. לייב באַקין צוזאַמען מיטן פּאָליאַק י. סלאָדונסקי, זענען אוועקגעפאָרן אַהין און אַרויסגערופן יהודית חייקלין. עס זענען צו אונדז אָנגעקומען 31 פערזאָן פון אָשמיאַנער געטאָ. צווישן זיי: ד״ר דאָלינסקי פון אָלשאַן, אַדוואָקאַט מאַזורעק פון וואַרשע, מאַקס פּאַטאַש־ניק פון אָלשאַן און זיין פרוי אַננאַ, יאָסל פּאָטאַשניק פון וואָלאָזשין, ראַבי־נאָוויטש און אַנדערע.

זאָלן דאָ פאַרצייכנט ווערן די קריסטן, וואָס האָבן אונדז געהאָלפן בעת דער דייטשער אויסראָטונג. אַלבערט, יוליא און סטעפאַן סלאָדונסקי פון וואיגאַן האָבן אונדז געגעבן דעם שטויס צו אַנטלויפן אין דעם טאָג פון דער שחיטה. סעלעוואַן מיט זיין פרוי און טאָכטער פון דאָרף דאָלקניעוויטש האָבן אונדז אויפגענומען אַזוי ווי אייגענע קינדער. סעלעוואַן האָט אונדז געגעבן אַ מתנה אַ ביקס מיט אַ רעוואָלווער און מיר זענען אַוועק אין די וועלדער. האָבנדיק געווער איז אונדז שוין לייכטער געווען צו באַקומען עסן און נאָך געווער פאַר די 6 מאַן פון אונדזער גרופּע. אונדזער באוואָפנטע גרופּע פּארטיזאנער, וואָס איז געווען טעטיק אין דער געגנט פון ווישנעווער פּושטשעס ביי דער באַן־סטאַציע באָגדאנאָוו און וואַיגאַן האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די דאָרטיקע פּויערים, וואָס זענען געווען באַקאַנט מיט זייערע גרויליקע מעשים איבער די ווישנעווער יידן.

גדליה דודמאַן (גביית עדות)

## די סיסטעמאַטישע מאַסן־אויסראָטונג פון יידן אין דער אָלשאַנער סביבה

אין פרילינג 1942 האָבן די דייטשן אויך אין ווייסרוסלאַנד אָנגעהויבן אַ סיסטעמאטישע מאסן־אויסראָטונג פון יידן. אין אַ קורצער צייט זענען אומגעבראכט געוואָרן צענדליקער קהילות פון שטעטלעך. באַלד נאָך וואָלאָזשינער שחיטה, זענען די יידן פוןווישנעווע, 18 ק״מ פון אָלשאַן, אומגעבראַכט געוואָרן. די דייטשע מער־דער האָבן אַלע יידן פון געטאָ אַרויסגעטריבן אויפן מאַרק־פּלאַץ און געצוווּנגען אויסצולייגן זיך מיט די פּנימער אויף דער ערד. פאַר אויפהויבן דעם קאָפּ, איז מען דערשאָסן געוואָרן. פּאַרטיעסווייז צו 50 מאַן האָבן די רוצחים געפירט די יידן אין אַ שייער. ביים עק קרעווער גאַס האָט מען אַ טייל פון זיי דערשאָסן. אַ גרופּע מענער, פרויען און קינדער זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין שייער און די רוצחים האָבן די אומגליקלעכע לעבעדיקערהייט פאַרברענט צוזאַמען מיט די דערשאָסענע.

די מוראדיקע רציחות אין די שטעטלעך אין דער געגנט פון אָלשאַן, האָבן אינגאַנצן דערשלאָגן די יידן אין אָלשאַנער געטאָ. גרויס איז געווען די פאַרצווייפלונג. פאַר יעדן איז שוין געווען קלאָר, אַז מען וועט אַלעמען אומברענגען. עס איז אפילו נישט געווען ווער עס זאָל שטעלן אַ ווידערשטאַנד. די גאַנצע יוגנט פון אָלשאַן האָבן די דייטשן אַרויסגעפירט אין די לאַגערן. עס איז געווען מעגלעך צו אַנטלויפן פון געטאָ, אָבער וווהין צו לויפן איז נישט געווען. אויף די וועגן און אין לאַנד האָט געלויערט דער טויט פון הונגער און קעלט און פון פוילישע און ווייסרוסישע אויסוואורפן, יידן־שונאים. זעלטן ווער האָט געוואָלט איבער־לאָזן אַ פרוי מיט קינדער און אַליין אַנטלויפן. דאָס האָט אַפילו דער גרעסטער הפקר־יונג נישט געטראַכט צו טאָן. איז מען געזעסן און געוואַרט אויפן טויט.

עס איז בכלל נישט־מעגלעך איבערצוגעבן די שטימונג און גרויל אין אָלשאַ־נער געטאָ אין דערוואַרטונג פון אָנקומענדיקן אומגליק.

## איבערזידלונג פון אָלשאַן אין אָשמענער געטאָ

אין אָקטאָבער 1942 זענען די רעשטלעך יידן פון אָלשאַנער געטאָ איבער־געפירט געוואָרן אין אָשמענער קרייז־געטאָ. אין דער זעלבער צייט זענען ליקווי־דירט געוואָרן די לעצטע געטאָס פון קרעווע, סמאָרגאָן, סאָל און די יידן זענען איבערגעפירט געוואָרן אין אָשמענער געטאָ, וואָס האָט געהערט צום ווילנער גע־ביטס־קאָמיסאַר. דער אָשמענער יודענראַט מיט זיינע צוויי פּרעזעסן, סקאָרופּא און גרופּ, האָבן אויסגעפירט די באַפעלן און די אָנווייזונגען פון גענס, דעם יודענ־עלטעסטן פון ווילנער געטאָ און פון דעסלער.

נאָכן צונויפֿזאַמלען די יידן אין אָשמענער געטאָ זענען פֿון ווילנע געקומען דעסלער מיט אַ גרופּע יידישע געטאָ־פּאָליציאַנטן. זיי האָבן אויסגעסאָרטירט און אָפּגעקליבן 400 יידן, אָפּגעפֿירט זיי אין זשעלאָנקע, 10 ק״מ פֿון אָשמענע און איבעדגעגעבן זיי אין די הענט פֿון אַ ליטווישער רוצחים־באַנדע, וואָס האָט אַלעמען דערשאָסן.

צום אָנהויב 1943 זענען די יידן פֿון ווייסרוסלאַנד שוין געווען אויסגעמאָרדעט. אייניקע קלענערע געטאָס האָבן זיך נאָך געפֿונען אין ווילנער ליטווישן באַצירק, אין: סוויר, מיכאַלישאָק, וואַרניאַן און אָשמענע. די דערמאָנטע קלענערע געטאָס זענען נישט אויסגעמאָרדעט געוואָרן צוליב אַ משונהדיקן צופֿאַל, וואָס זעט אויס צו זיין אומפֿאַרשטענדלעך, נעמלעך: אָט די שטעטלעך זענען אַריבער פֿון ווייסרוס־לאַנד צו ליטע דעמאָלט, ווען עס איז שוין געווען פֿאַרענדיקט די פֿאַרניכטונג פֿון יידן אין דער ליטווישער פּראָווינץ. דאָס לעבן פֿון די דאָזיקע יידן איז דערוויל אויפֿגעהאלטן געוואָרן, ווייל די דייטשן האָבן זיך גענייטיקט אין זייערע אַרבעטס־הענט.

די דייטשע רוצחים־מאַכט פֿון ווילנער און קאָוונער געגנט האָט באַשלאָסן די רעשטלעך פֿון די קלענערע געטאָס אַריבערצופֿירן אין די גרעסערע. צו דעם צוועק האָבן זיי געגעבן די יידן אַ „פֿרייען אויסוואַל״: אַרויסצופֿאָרן אין ווילנער און קאָוו־נער געטאָס און אין די לאַגערן פֿון זשעזמיר און וועוויע, כדי וואָס שנעלער אויס־צוענדיקן די אויטאָסטראַדע ווילנע־קאָוונע.

אַ באַדייטנדיקער טייל יידן האָבן געפֿאָלגט די דייטשן און זענען אַרויסגעפֿאָרן אין קאָוונער געטאָ. דער צוג, וואָס האָט געפֿירט אַ טייל יידן פֿון אָשמענער געטאָ אין קאָוונע, האָט אויך מיטגענומען יידן פֿון די אַנדערע קלענערע געטאָס. אייניקע געראָטעוועטע פֿון דעם צוג האָבן שפּעטער איבערגעגעבן, אַז בערך 1600 יידן האָט דער קאָוונער יודענראַט זיך אָפּגעזאָגט אַריינצונעמען און 1.000 פֿון זיי זענען אַוועקגעפֿירט געוואָרן אויף פּאָנאר און דערשאָסן געוואָרן.

בערך 1000 פּערזאָן פֿון אָלשאַן, קרעווע, סמאָרגאָן, האָבן זיך פֿאַרשריבן קיין זשעזמיר, כדי צו פֿאַראייניקן זיך מיט זייערע קינדער, וואָס זענען שוין פֿון פֿריער געווען אין יענעם לאַגער. נאָך די פֿאַרשריבענע יידן קיין זשעזמיר זענען געקומען די דייטשן פֿון דער אָרגאַניזאַציע „טאדט״ און אַלעמען געבראַכט אין לאַגער. אויף דעם זעלבן שטייגער זענען אָשמענער יידן, אַממיינסטן פֿרויען, געפֿאָרן און אָנגעקו־מען בשלום אין וועוויע.

## דער קדושים־טויט פון הרב ר׳ משה אהרן פעלדמאַן

הרב ר׳ משה אַהרן פעלדמאַן איז געווען אַ גאון אין תורה, הלכה און פּוסקים. אַלס אַן איידעם פון רייכן סוחר ר׳ קושע זיסקאַנד פון אָלשאַן, איז ר׳ משה אַהרן געזעסן יומם ולילה און געלערנט אין גרויסן בית מדרש.

פון צייט צו צייט האָט הרב פעלדמאַן שבת נאָכמיטאָג געהאַלטן אַ דרשה אין בית מדרש פאַרן עולם, וואָס האָט אים מיט יראת הכבוד זיך באַצויגן צו זיין פער־זענלעכקייט. מיט גרויס אינטערעס און דאַנקבאַרקייט האָבן אלשאנער לומדים אויפגענומען דעם טאָג־טעגלעכן שיעור אין הלכה און פּוסקים, וואָס הרב פעלד־מאַן האָט געלערנט בין מנחה למעריב אין מיטן וואָך.

אייניקע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט הרב פעלדמאַן אָנגענומען דעם רבנות אין שטעטל קורעניץ. פאַר זיין פרומקייט און גוטע מידות איז ער דאָרט געווען זייער באַליבט און געאַכט ביי מתנגדישן עולם פון קורעניץ און סביבה.

דער באַליבטער רעליגיעזער מנהיג איז אויף אַ בעסטיאַלישן אופן פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים. וועגן די שרעקלעכע יסורים, וועלכע די דייטשן האָבן אָנגעטאָן דעם הרב פעלדמאַן, האָט אין אירע זכרונות געשריבן פרוי פייגע אַלפּעראָוויטש אין „מגילת קורעניץ" פאָלגענדעס:

המגיסטראט, בו עבדתי כשוטפת הרצפות וכמסיקה התנורים, השקפתי על השוק וראיתי את התמונה הנוראה כיצד משליכים על אדמת השוק את רב עירנו היקר, את ר׳ משה אהרן פלדמן ז"ל. עיניו היו נקורות, ידיו ורגליו שבורות, זקנו מרוט".

איצקע נאָטעס האָט אין „מגילת קורעניץ" באַשריבן אויף אַזאַ אופן דעם קדושים־טויט פונעם רב:

„באותו יום א׳ בשבוע נרצחו 13 יהודים, בהם איש המעלה ויקר — הרב ר׳ משה אהרן פלדמן ז"ל, אשר עונה עינוים רבים עד שהוציא את נשמתו הטהורה. הצוררים תלוהו בכיכר השוק עד שהורשינו באחד הימים להביאו לקבר ישראל. ידיו ורגליו שבורות ובגופו סמני חבלה".

## אויף דער אַרישער זייט

אין אָלשאַן און אין דער אומגעגנט האָבן איינצלנע יידן זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַרישע דאָקומענטן ביי באַקאַנטע קריסטן. פון אויסבאַהאַלטענע איז געבליבן לעבן נאָר איין ייד — וועלוול טשעפּעלינסקי. אַלע אַנדערע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די זעלבע קריסטן, וואָס האָבן די יידן אויסבאַהאַלטן, אָדער אונטערגעשיקטע מערדער.

אין פרילינג 1943, ווען דאָס אָלשאַנער געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן, איז וועלוול טשעפּעלינסקי אַנטלאָפן פון געטאָ צו באַקאַנטע קריסטן אין דאָרף אָקאָליצא קאַמיאַנקא, זעקס קילאָמעטער פון אָלשאַן. אַ לענגערע צייט האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן ביי זיינעם אַ ידיד סאַלעטיצע פון מעסקוטש. ווען די דייטשן זענען געפאַלן אויף די שפּורן פון וועלוולס מקום מקלט, איז וועלוולען געלונגען באַצייטנס צו אַנטלויפן. אין די נעכט האָט ער געוואַנדערט איבער די דערפער פון זיינע באַקאַנטע קריסטן און קיין מקום מקלט ביי זיי נישט געפינען. גאַר גיך האָט זיך וועלוול איבערצייגט, אַז ער מוז זיך היטן פאַר זיינע ידידים נישט ווייניקער ווי פאַר די דייטשן.

אַ הונגעריקער, אַ פאַרפראָרענער האָט וועלוול זיך געוואַלגערט איבער פעלדער און וועלדער, ווו ער האָט געטאָגט האָט ער נישט גענעכטיקט און איז כסדר געגאַנגען אַ געיעג מיטן טויט. אַ פאַרפאָלגטער פון די דייטשן און פון זיינע פויערישע פריינד האָט וועלוול נישט, איינמאָל חרטה געהאַט פאַרוואָס ער איז אַנטלאָפן פון געטאָ און נישט מיטגעגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע יידן. אָבער קיין געטאָ וווהין צוריקצוגיין איז שוין נישט געווען.

אין אַ פראָסטיקער נאַכט פון ווינטער 1944 האָט וועלוול, אַ קראַנקער, אַ רעזיגנירטער, מיט די לעצטע כוחות זיך דערשלעפּט צו דער באַלעבאַטישקייט פון זיין אַלטן ידיד סאַלעטיצע און אָנגעקלאַפּט אין טיר.

סאַלעטיצע האָט אַריינגענומען וועלוולען אין שטוב. נישט געקוקט דערויף וואָס זיין הויז איז געוואָרן אָבסערווירט פון די דייטשן, דער פויער האָט באַהאַלטן וועלוולען אין דער קאַרעמער, שטאָל פון זיינע בהמות.

אין אַ געוויסן פאַרטאָג, ווען יוזעף סאַלעטיצע איז ווי געוויינלעך געגאַנגען געבן עסן זיינע בהמות, האָט ער באַמערקט אַ גרופּע דייטשן גייען אין דער ריכטונג צו זיין באַלעבאַטישקייט. ער האָט זיך פאַרלוירן. ער האָט אַריינגעלייגט וועלוולען אין אַ בונט שטרוי און אים מיטן שטרוי אַריינגעטראָגן אין גרויסן שייער. אין שייער האָט ער וועלוולען פאַרדעקט מיט נאָך אַ בונט שטרוי. ער האָט ברייט פאַנאַנדערגעעפנט די טויערן פון שייער און צוריקגעגאַנגען צו זיינע בהמות.

אין אַ קורצער צייט אַרום זענען די דייטשן אַריין אין הויף פונעם פויער וועלכער איז זיי אַנטקעגן געגאַנגען. אויף דער פראַגע: צי דאָ וווינט סאַלעטיצע האָט דער פויער זיי געוויזן אויף אַ באַלעבאַטישקייט, וואָס האָט זיך געפינען בערך אַ האַלבן קילאָמעטער ווייטער פון זיין הויז. דאָרט האָט אויך געוווינט אַ צווייטער סאַלעטיצע. ביי דעם אָנגעוויזענעם פויער האָבן די דייטשן אַדורכגענישטערט יעדעס ווינקל, אָבער אַחוץ באַהאַלטענעם „שפּעק" האָבן זיי גאָרנישט געפונען.

צופרידענע פון זייער געפינס זענען די דייטשן אויף זייער צוריקוועגס דורכגעגאַנגען דעם אָפענעם שייער ווו וועלוול איז געווען באַהאַלטן, דורכגענישטערט אין אַלע אַנדערע בנינים און אַוועק.

אַזוי אַרום איז געראַטעוועט געוואָרן וועלוול טשעפּעלינסקי.

## דער „גוטער“ שכן צוגעזאָגט ברויט און איבערגעגעבן צום טויט

ווינטער 1943, בעתן ליקווידירן אָשמענער געטאָ איז בענטשע גערשענאָוויטש פון אָלשאַן, צוזאַמען מיט זיין פרוי און מיט זייער 6־יאָריק מיידעלע, אַנטלאָפן פון זשעזמירער לאַגער, צו זיינעם אַ באַקאַנטן קריסט לוטקאַווסקי אין קוראַוושטשינער וואַלד, 2 קילאָמעטער פון אָלשאַן. זיי האָבן אָבער דאָרט נישט געקענט בלייבן און באַלד אין די ערשטע טעג געווען געצוווּנגען צו וואַלגערן זיך אין וואַלד, ווייל אַלע פויערים פון דער אומגעגנט זענען געווען פאַרביסענע „אַקאָווצעס“,* וועלכע האָבן אין די נעכט זיך פאַרנומען מיט מאָרדן באַהאַלטענע יידן און סאָוויעטישע געפאַנגענע, וואָס האָבן געאַרבעט ביי פויערים.

בענטשע איז אַוועק זוכן אַ באַהעלטעניש ביי זיינע באַקאַנטע פויערים אין אַנדערע דערפער. פאַרטאָג איז ער צוריקגעקומען אַריבערצופירן זיין משפחה אין אַ מער זיכערן געגנט. צופרידענע פון דער בשורה, אַז ביינאַכט וועלן זיי קענען פאַרלאָזן דעם געפערלעכן נעסט פון די א. ק.־באַנדיטן, האָבן זיי אַלע איינגעדרימלט ביים טליענדן פייער.

אויפגעוועקט זיי האָט אַ געוועזענער שכן פון אָלשאַן, דער קריסט פינקאַווסקי (צונאָמען — „טולאַטש“), וואָס איז געקומען זוכן זיין בייטש, וועלכן ער האָט פאַרגעסן ביים פייער בעתן בראָטן אַ חזיר. בענטשע האָט זיך דערפרייט מיט זיין שכן, וואָס האָט אים צוגעזאָגט צו ברענגען ברויט און זאַכן, וועלכע זיי האָבן איבערגעלאָזן ביי דעם שכן טשעטשיאַק, פאַרן אַרויספאָרן אין אָשמיאַנער געטאָ.

אנשטאט ברויט מיט זאַכן זענען אָנגעלאָפן פאָליציאַנטן און אָפּגעפירט בענטשען מיט זיין משפחה אין פאָליציי־צירקל אין אָלשאַן. אין איניקע טעג אַרום איז בענטשע צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד דערשאָסן געוואָרן אין וועלדל הינטער אָלשאַן.

פינקאַווסקי האָט אָפּגענומען די פרעמיע, וואָס די דייטשן האָבן באַשטימט פאַר געכאַפּטע יידן: עטלעכע קילאָ צוקער, נאַפט און זייף.

* א. ק. ראשי תיבות פון „אַרמיאַ קראַיאָוואַ, פוילישע אונטערערדישע אַרמיי בעת דער דייטשער אָקופּאַציע פון פוילן.

חנה לעוו-טשערניאַווסקי

## פון וואָלאָזשין צוריק אין אָלשאַן

ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן די מלחמה קעגן ראַטנפאַרבאַנד און די יוגנט פון אָלשאַן איז געלאָפן טיפער אין רוסלאַנד, איז מיין ברודער וועלוול אויך געווען צווישן די לויפער. ער איז אָבער באַלד צוריקגעקומען, ווייל אַלע וועגן זע־נען שוין געווען פאַרשפאַרט. דער דייטש איז שוין געווען אומעטום.

איך בין גלייך אַוועקגעלאָפן צו באַקאַנטע קריסטן און זיי אָפגעגעבן אַלע זאַכן אונדזערע, אפשר וועט מען קאָנען אין אַ נויט זיך אויסבאַהאַלטן ביי די קריסטן. די גויים האָבן די זאַכן צוגענומען.

לכתחילה האָבן זיי אונדז גוט אויפגענומען און צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן אונדז אויסבאַהאַלטן. ווען די דייטשן האָבן אין אָלשאַן געמאַכט אַ געטאָ פאַר יידן און עס שטרענג באַוואַכט, איז אויף די גויים געפאַלן אַ פחד, זיי האָבן מורא געהאַט אויסצובאַהאַלטן יידן.

האָבן מיר אויסגעפונען אַ פלאַץ אין אַ „בודע" וואָס איז געשטאַנען אין פעלד ווו מען טרעפעט פלאַקס. דאָרט האָט זיך אויסבאַהאַלטן מיין ברודער. ווען איך האָב געקענט אַרויסגיין פון געטאָ, האָב איך מיין ברודער וועלוולען געטראָגן עסן. ער איז דאָרט געווען אַ לאַנגע צייט. ווען ס'איז געוואָרן רואיקער, איז מיין ברו־דער געקומען אַהיים אין אָוונט און געשלאָפן די נאַכט אין דער שטוב. אין מיטן נאַכט קלאַפּט מען אין טיר. וועלוול איז אַרויסגעשפרונגען דורכן פענצטער. איך האָב געעפנט צוויי ווייסרוסישע פּאָליציאַנטן צוזאַמען מיט דייטשן זענען גע־קומען מאַכן אַ רעוויזיע ביי אונדז. זיי האָבן געזוכט אומעטום. — „דאָס איז אייער גאַנצע משפחה? — האָט געפרעגט דער פּאָליציאַנט בושילאַ — ווו איז דיין ברודער? „ס'איז דאָך אַ מלחמה — האָב איך געענטפערט — ווער ווייסט ווו ער איז אַהינגעקומען".

ס'איז אַוועק אַ פּאָר וואָכן, עס איז געוואָרן רואיקער און וועלוול איז געקומען אַהיים שלאָפן. ווידער קלאַפּט מען ביי אונדז. איך עפן די טיר — פּאָליציי.

— ווו איז דיין ברודער? ער האָט געהאַט אַ רעוואָלווער, אַ פּאָלאַק האָט אויף אים אָנגעוויזן.

עס איז ווידער אַדורך בשלום. וועלוול איז ווידער אין וואַלד.

כמעט יעדע נאַכט האָט די פּאָליציי געזוכט וועלוולען. עס איז געבליבן, ער זאָל פאָרן אין וואָלאָזשין. מיר האָבן נישט געוואָלט, אַז די גאַנצע משפחה זאָל פאָרן. דער רב חדש ז"ל און די משפחה דאָלינסקי האָבן געראָטן, אַז וועלוול זאָל יאָ פאָרן ראַטעווען זיך. איך בין מיט אים אַוועק אין וואָלאָזשין, אפשר וועל איך אים ווייטער קאָנען ראַטעווען. דער טומל איז געווען גרויס. אַלע פאָרן — פעשקע מיט דער גאַנצער משפחה. איך האָב זיי געבעטן, אַז מיר זאָלן פאָרן צוזאַמען.

נאָכן אָנקומען אין וואָלאָזשין, זענען מיר אַלע אַוועק אין אָרטסקאָמענדאַנטור און מען האָט אונדז גלייך אַרויסגעגעבן שיינען צו גיין צו דער אַרבעט אויסערן געטאָ.

איך האָב נישט געוואָלט בלייבן אין וואָלאָזשין, האָב איך געשריבן אַהיים. עס איז געקומען נאָך מיר קאָלע פינקאָווסקי פון שלאָס־גאַס.

עס זענען געקומען צו מיר אין שטוב חיים־לייב, דער רב חדש און נאָך אָל־שאַנער און זיי האָבן מיך געבעטן, אַז ווען איך וועל זיין בשלום אין דער היים, זאָל איך זיי אויך שיקן פורן. איך האָב זיך געלאָזט אין וועג.

אָפּגעפאָרן עטלעכע קילאָמעטער, זאָג איך מיין קאָלען: — דו ווייסט, אין פאַל, ווען מען פרעגט ביי דיר ווער איך בין, זאָלסטו נישט זאָגן, אַז איך בין אַ יידישע, נאָר אַז דו פירסט דיין ווייב פון שפּיטאָל. אויב דו וועסט זאָגן, אַז איך בין אַ יידישע, שיסט מען דיך מיט מיר.

ער האָט זיך גענומען צלמען. מיר זענען געפאָרן ווייטער. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, מען יאָגט אונדז — ווייס־רוסישע פּאָליציי: מיר דאַרפן פאָרן צוריק צום קאָמענדאַנט. עס העלפט גאָרנישט. וואָס טוט מען? געלט האָב איך גענוג.

איך האָב געזאָגט צו קאָלען: בעט זיי, איך בין דאָך אַ קראַנקע, די קינדער וואַרטן דאָך שוין אויף אונדז. איך אַליין האָב זיי געבעטן רחמים: ברידער טייערע, לאָזט אונדז פאָרן אַהיים. איך האָב זיי געגעבן געלט, זיי האָבן נישט געוואָלט נעמען און דאָך גענומען.

מיר זענען אָפּגעפאָרן אַ לאַנגע שטרעקע און מען יאָגט אונדז ווידער. ווייטער פּאָליציי. מיר האָבן זיך געבעטן ביי זיי, איך האָב גענומען וויינען און געגעבן געלט, דאָס לעצטע געלט, און מיר זענען אַוועקגעפאָרן.

איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר. פייגעלע האָט אויסגעשריגן: „מאַמע, חנקע אונדזערע לעבט! — דערזעענדיק מיך האָבן אַלע געוויינט פון פרייד.

איך בין געוועזן אין שטוב אפשר איניקע מינוטן און באַלד האָבן זיך באַוויזן ליטווינער מיט ווייס־רוסישער פּאָליציי. זיי האָבן מיך אַרעסטירט און אַוועקגע־פירט אין דער אָרטסקאָמענדאַנטור. אויפן וועג זענען די ליטווינער אַוועק. איך האָב זיך געוואָנדן צו די ווייסרוסישע פּאָליציאַנטן: „וואָס וועט איר האָבן פון דעם, אז מ׳וועט מיך אַוועקהרגענען, ווען איך לעב קאָן איך דאָך אייך געבן מתנות, געלט, זאכן״.

דער פּאָליציאַנט בושילע האָט צו מיר געזאָגט: „גיי אַהיים צו דיין קראַנקער מאַמע, זאָלסט נישט שלאָפן אין דער שטוב. איך בין גלייך אַוועקגעלאָפן און גע־שיקט אַ פור צו ברענגען וועלוולען. ער איז אָבער שוין נישט געווען אין וואָלאָ־זשין. ביי מיין אַרויספאָר פון וואָלאָזשין האָב איך זיך אויף אייביק צעשיידט מיט מיין טייערן, ליבן ברודער. צעבראָכענע, קראַנקע, עלנטע זענען מיר געבליבן לעבן.

חיה קזורער־כץ

# זשעלאנקע - דער מאסן־קבר פון 400 יידן

נאָכן ליקווידירן אַלע קליינע געטאָס אין דער אומגעגנט, האָבן די דייטשן געבראַכט די אַרבעטספעיקע יידן קיין אָשמענע. עס איז געווען זייער ענג. דאָס צוזאַמענטרייבן די יידן קיין אָשמענע איז געווען אין הסכם מיט די דייטשע אויסראָטונגס־פּלענער — צוזאַמעננעמען אין איין אָרט און אומברענגען.

די רוצחים האָבן געמאַכט אַ געיעג אין די גאַסן און „מעלינעס" (פּאַרמאַס־קירטע גריבער ווו יידן פלעגן זיך באַהאַלטן אין דער צייט פון אַ געפאַר, פון געטאָ. מיין מוטער איז אַריינגעפאַלן אין דער אַקציע. מען האָט אויפגענומען די פּאַרטיע פון 400 יידן, מ'האָט זיי אויף פורן געפירט פון אָשמענע קיין זשעלאָנקע (דאָס איז אויפן וועג קיין ווילנע 6—7 קילאָמעטער פון אָשמענע). מען האָט זיי געהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט אין אַ שייער און אויף צומאָרגנס האָט מען זיי אויסגע־שאָסן און אַריינגעוואָרפן אין אַ גרויסן צוגעגרייטן גרוב.

ווען מיר זענען געקומען נאָכן קריג קיין זשעלאָנקע אויף דעם אָרט ווו עס זענען פאָרגעקומען די מאָסן־דערשיסונגען, איז דאָרט געווען אַרום און אַרום צעוואָרפן שטיקלעך פון קליידונג. דאָס גרוב איז געווען פאַרוואַקסן מיט פעטן גראָז. דאָס קבר האָט מען גלייך געקאָנט באַמערקן, ווייל דאָס גראָז אויף אים האָט געהאַט אַ משונהדיקע קאָליר.

די אָרטיקע פויערים האָבן אונדז דערציילט, אַז די ליטווינער, אונטער דער קאָמאַנדע פון די דייטשן, האָבן זייערע קרבנות געמאַטערט און דערנאָך ערשט דערשאָסן.

די לעבעדיקע שארית הפליטה, האָט אַוועקגעשטעלט אַ מצבה, נאָר מיר ווייסן נישט, צי זי שטייט ביז היינט. ווייל קיינער פון אונדז איז שוין דאָרט נישט פאַרבליבן. ווען איך בין געווען אין זשעזמיר, האָב איך זיך דערוווסט וועגן טויט פון מיין מוטער. אין אָשמענער געטאָ איז דאַן פאַרבליבן מיין שוועסטערל, וועל־כע איז דאַן געווען עלף יאָר אַלט. זי האָט זיך געפונען ביי באַקאַנטע און פריינד, וועלכע האָבן אויף איר אַכטונג געגעבן.

נאָכן ליקווידירן דאָס אָשמענער געטאָ, איז מיין שוועסטערל געקומען צו מיר אין זשעזמיר. ביידע צוזאַמען האָבן מיר געוואַנדערט איבער פאַרשידענע אויסראָטונגס־לאַגערן, ווו עס האָבן טאָג־טעגלעך פאַר אונדזערע אויגן זיך אָפּגע־שפּילט שוידערלעכע בילדער פון מאָרד און פאַרניכטונג.

על אפם ועל חמתם פון היטלערישן מערדער־פאָלק, האָט דער גורל אונדז געשוינט און מיר האָבן דערלעבט צו זען די מפּלה פון אונדזערע מערדער.

היינט איז מיין שוועסטער אין ישראל און אַרבעט אַלס דאָקטאָר־מעדיצין אין באר־שבע.

פסח גרשנוביץ

# אונטערן דייטשישן רעזשים

## 24סטער יוני 1941

אָלשאַן, דעם 24סטן יוני 1941. אין שטעטל באַוויזן זיך יידן פון ווילנע און פון אָשמענע. זיי אַנטלויפן פון די דייטשן. פאַרצווייפלטע לויפן זיי אין פאַנישער שרעק צו דער פויליש־רוסישער גרענעץ. זיי שטעלן זיך אָפּ אויף אַ פּאָר מינוט כאַפּן דעם אָטעם און לויפן ווייטער, כדי וואָס גיכער אַריבערגיין די גרענעץ קיין רוסלאַנד.

אין שטעטל הערשט אַ פּאַניק. יידן קאָנען זיך קיין עצה נישט געבן: פאַר־לאָזן דאָס אייגענע ווינקל, ווערן אַ נע־ונדניק, אָדער בלייבן אין דער אייגענער נעסט און זאָל געשען וואָס דער גורל האָט באַשערט.

די פּאַנישע שטימונג פאַרשטאַרקט זיך נאָך מער, ווען די סאָוויעטישע זעלנער און ציווילע באַאַמטע מיט זייערע משפחות, וואָס האָבן צוויי יאָר זיך אויפגעהאַלטן אין אָלשאַן, פאַרלאָזן אָלשאַן אויף אַ בהלהדיקן אופן און לויפן צוריק קיין רוסלאַנד.

באַהערשט פון פּאַנישער שרעק באַשליס איך צו פאָרן צוזאַמען מיט מיין שוואָגער זעליג וויינער קיין רוסלאַנד. מיין שוואָגער פאָרט צוזאַמען מיט זיין משפחה. איך געזעגן זיך שנעל מיט מיין מאַמען, שוועסטער און שכנים. אויף צוויי פורן לאָזן מיר זיך אין וועג. צוזאַמען מיט אונדז פאָרן אַברהם קאָזלאָווסקי מיט זיין משפחה, בערל־לייב פּלאָטקין, ישראל בערקמאַן, וועלוול טשערנאָוו־סקי, טייבל קאַרבאַנאָוויטש, משה ראַגאָווען, משה גורוויטש ב״ר בערל, יצחק און זעלדע סאָלאָדוכא, משה און אסתר קאָזלאָווסקי, ישראל מילנער און אברהם פייבושאַק. מיר פאָרן מיטן טראַקט ווישניעווע, וואָלאָזשין, ראַקאָוו, אַ גרענעץ־שטעטל צווישן פּוילן און רוסלאַנד. דער טראַקט איז איבערפולט מיט מענטשן פוסגייער, אויף אויטאָס, וועגענער און ראָווערן. אַלע לויפן צו דער גרענעץ.

דעם ערשטן טאָג איז נאָך מעגלעך געווען צו פאָרן בייטאָג, דאָ און דאָרט הערן זיך אויפרייסן פון אַראָפּגעוואָרפענע באָמבעס. די באַן־סטאַציע שטייט אין פלאַמען. אין ווישניעווע איז ווי אויף אַ בית־עולם. יידן ליגן באַהאַלטן אין זייערע הייזער. אין וואָלאָזשין איז די איבערשטע טייל פון שטעטל באָמבאַרדירט. ס׳רויכערט זיך נאָך פון די שוואַרצע הויכע קוימענס. דעם ווייטערדיקן וועג פאָרן מיר נאָר ביינאַכט. בייטאָג מחן מיר זיך פאַרשטעקן אין די וועלדער. דייטשע עראָפּלאַנען פליען נידעריק איבער די קעפּ און זייען טויט און חורבן.

דער וועג איז באַלייגט פון טויזנטער הרוגים. אויפן וועג קיין ראַקאָוו באַגעגע־נען מיר נאָך אָלשאַנער: מאיר מעלצער, דאָראַ סאָלאָדוכאַ, ראובן ליאַנד, נחמה און מרים שניידער, אליהו קאָזלאָווסקי, אהרן וואָראָנאָווסקי און לוסיע. מיר קומען אָן צו דער גרענעץ. די סאָוויעטישע וואַך לאָזט אונדז נישט אַדורך, זיי דערקלערן, אַז זיי וואַרטן אויף אַ באַפעל. זיי הייסן אונדז וואַרטן ביז מאָרגן. ס'העלפן נישט קיין רייד און געבעט. מיר קערן זיך צוריק קיין ראַקאָוו. די יידן דאָרט זענען פאַרצווייפלט, צעשראָקן און אומבאַהאָלפן. צומאָרגנס אין דער פרי גייען מיר אַדורך די גרענעץ, קיין וואַך איז שוין נישטאָ.

דער טראַקט קיין מינסק און די זייטיקע פעלדער ביים ראַנד פון טראַקט זענען איבערפולט פון זעלנער און צעשראָקענע ציווילע מענטשן, אַלע זענען פאַרצווייפלט. אַ טייל פאָרן צוריק. עס באַווייזן זיך דייטשע פאַראַשוטיסטן און מאָטאָציקליסטן. די מהומה איז גרויס, אין לשער. מיר זעען דייטלעך די פלאַ־מען פון ברענענדיקן מינסק.

מיר האָבן פאַרשפּעטיקט, די דייטשן זענען שוין אין מינסק. פאַרצווייפלטע באַשליסן מיר אומצוקערן זיך צוריק קיין אָלשאַן. מיר פאָרן אַריין קיין האָראָדאָק צו דער שוועסטער פון רחל ראָגאָווין. דאָרט גיט מען אונדז איבער די ערשטע „גוטע" נייעס: די דייטשן האָבן צונויפגעטריבן אַלע יידן אויפן מאַרק־פלאַץ, מוראדיק געפייניקט און איזדעקעוועט זיך איבער אַלט און יונג.

נישט ווייט פון וואָלאָזשין ווערן מיר פאַרהאַלטן דורך אַ דייטשן פאַטרול, זיי זוכן ביי אונדז געווער און לאָזן אונדז פריי. פון וואָלאָזשין פאָרן מיר מיט זייטיקע פעלד־וועגן. מיר קומען אָן קיין זאברעזיע צו משה ראָגאָווינס פריינט. משה ראָגאָווין האָט מורא צוריקצופאָרן קיין אָלשאַן און פאַרבלייבט אין זאַ־ברעזיע ביי זיינע פריינט.

נישט ווייט פון אָלשאַן ווערן מיר באַפאַלן פון אַ באַנדע דאָרפישע כולי־גאַנעס. אין קאַמף קעגן זיי זענען שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן אברהם פייבושאַק און משה קאָזלאָווסקי בעתן אַנטלויפן פון זייערע הענט. צומאָרגנס זענען זיי אָנגעקומען אַהיים. מיאושדיקע און דערשלאָגענע גנבענען מיר זיך אַריין קיין אָלשאַן.

פון ערגעץ ווו האָט מען דערטראָגן דער פוילישע נאַצישער פּאָליציי, אַז ראָגאָווין געפינט זיך אין זאַברעזיע. דריי פּאָליציאַנטן: קאַמינסקי, בושילא און לודוויג טשעציאַק זענען אַוועקגעפאָרן קיין זאַברעזיע ברענגען ראָגאָווינען דעם קאָמסאָמאָלעץ. אַ צוגעבונדענעם צו דער האָלאָבליע פון וואָגן האָבן זיי אים געבראַכט קיין אָלשאַן אַ מהלך פון 50—60 קילאָמעטער און אַריינגעזעצט אין אַרעסט. אַ סך מי און געלט האָט געקאָסט ביז הרב חדש ז"ל האָט אויסגע־לייזט דעם געראָטענעם 17־יאָריקן בחורל און קוים אַ לעבעדיקן געבראַכט צו זיינע עלטערן אין שטוב.

אין מערץ 1962 איז די משפחה ראַגאָווין: מאָטל, רחל, משה און פסח, צוזאַמען מיט אַנדערע יידן, אַרויסגעפאָרן פון אָלשאַן קיין וואָלאָזשין. אין דער מאַסן־שחיטה פון מאַי 1942, זענען צוזאַמען מיט די יידן פון וואָלאָזשין און פון אָלשאַן אומגעקומען 4 מאַן פון דער משפחה ראַגאָווין. בדרך נס איז לעבן געבליבן זייער איינציקע טאָכטער חיה, היינט אין רוסלאַנד.

ווי עדי־ראיה גיבן איבער, האָט משה ראַגאָווין אין אַ געראַנגל מיט נאַצישע מערדער בעתן טרייבן אים צו דערשיסן, אַרויסגעריסן פון אים די ביקס, געפּלעט אים דעם קאָפּ און גענומען אַנטלויפן. אַ קויל האָט אים אָוועקגעלייגט אַ טויטן אויפן אָרט.

## דער טראַגישער טויט פון אַפּטייקער אבראמאָוויטש — דער ערשטער קרבן פון אָלשאַן

אין די ערשטע חדשים פון דער דייטשער בלוטיקער הערשאַפט אין אָלשאַן זענען אַרעסטירט געוואָרן פאָלגנדיקע יידן: ברוך אבראמאָוויטש, יעקב סאלאדוכא, וועלוול לאָנד, יוסף קאזלאווסקי, חיים־לייב טשערנאָווסקי, אַברהם קאזלאווסקי און זעליג וויינער. מען האָט זיי אָפּגעפירט קיין אָשמענע. אַלע זענען באַפרייט געוואָרן אַחוץ ברוך אַבראַמאָוויטש, וועלכן מען האָט פאַרהאַלטן און אַריינגעזעצט אין אָשמענער תפיסה.

די ווייסרוסישע פּאָליציי האָט אַרעסטירט יצחק און שמואל קאזלאָווסקי. אויף זיי איז געמאַכט געוואָרן אַ בלבול, אַז זיי האָבן געשיקט שליחים, וועלכע האָבן דערמאָרדעט דעם גלח ראטשקא אין דער כאראפּיע פון שטעטל טראַב אין דער צייט ווען דאָרט איז געווען די סאָוויעטישע מאַכט. דער מאָרד זאָל האָבן פאַרגעקומען צוליב נקמה אויפן גלח, ווייל ער האָט בעת זיין דינסט אין אָלשאַן צעשטערט דאָס הויז פון יצחק קאָזלאָווסקי. דאָס איז געווען פּשוט אַ בלבול אויף דער משפחה קאזלאווסקי.

ביי די דאָזיקע אַלע אַרעסטן האָבן אָלשאַנער יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, ווי אויך דער דאָרטיקער יודענראַט געמאַכט באַמיונגען אַרויסצוראַטעווען די אַרעסטירטע יידן, וואָס איז אויך געלונגען דורך אונטערקויפן די מאַכט. דער פּאָליציי איז געגעבן געוואָרן 6 אַנציגער און אַנדערע ווערטפולע זאַכן. בלויז דער אומגליקלעכער ברוך אַבראַמאָוויטש איז געבליבן אין די הענט פון די דייטשן צוליב אַ מסירה, וואָס די אָרטיקע פּאָליאַקן האָבן אָפּגעגעבן אויף אַבראַמאָוויטשן, אַז ער איז בעת דער סאָוויעטישער מאַכט געווען אַ טעטיקער קאָמוניסט.

ווי עס האָט איבערגעגעבן שעפסל קאָפּלאַן, איז ברוך אַבראַמאָוויטש קיינמאָל נישט געווען קיין קאָמוניסט. ער איז ביז דער מלחמה געווען טעטיק אין אָלשאַנער יידישע אינסטיטוציעס, באַזונדערס איז ער געווען אַ בקי אין דער קאָאָפּעראַטי־

ווער באַוועגונג, וואָס האָט ביי די יידן אין אָלשאַן פאַרנומען אַ חשובן אָרט. בעת ד'ער סאָוויעטישער הערשאַפט האָט אַבראַמאָוויטש געלייענט אַ רעפעראַט וועגן קאָאָפּעראַציע. די יידן־שונאים, וועלכע אַבראַמאָוויטש האָט באַקעמפט אין שטאָט־ראַט בעת דער פוילישער מאַכט, האָבן אין דער צייט פון „דייטשער אָקופּאַציע זיך נוקם געווען אין זייער יידישן פּאָליטישן קעגנער און אויסגענוצט ווי אַ פאַקט, די רעדע וועגן קאָאָפּעראַציע, אַז אַבראַמאָוויטש האָט געדינט די סאָוויעטן. צוליב דער דאָזיקער מסירה האָבן די דייטשן דערשאָסן אַבראַמאָוויטשן באַלד אין די ערשטע חדשים פון זייער בלוטיקער הערשאַפט.

## אומגעבראַכט געוואָרן אין אַ צעגיינער „אַקציע"

אין חודש יולי 1941 איז דער בחור לייב קאַזלאַווסקי, פון אשמענער גאַס, אַרויס פון שטוב צו פאַרזאָרגן זיך מיט אַ שטיקל ברויט, אָפּנעמען אַ חוב ביי אַ קריסט. גראַד איז אין יענער געגנט פאָרגעקומען אַ דייטשע „אַקציע" פון אויסמאָרדן די ציגיינער, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין אָלשאַן. די דייטשן האָבן צוזאַמענ־גענומען אַלע ציגיינער מיט זייערע פאַמיליעס און אכזריותדיק אומגעבראַכט.

לייב קאַזלאַווסקי, וואָס האָט בעת דער „אַקציע" זיך געפונען אין דאָרף וואָ־לאָוויקי ביי באַקאַנטע קריסטן, איז געכאַפּט געוואָרן פון די דייטשן. זיי האָבן דעם קרבן נישט אַרויסגעלאָזט לעבעדיק פון זייערע הענט.

## אָלשאַנער נאַצי־מאַכט צווינגט יידן צו שלעפּן צוויי סאָוויעטישע טאַנקן

צו די פאַרשידענע גזירות אויף יידן, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן די דייטש־נאַצישע מאַכט באַלד אין אָנהויב פון איר בלוטיקער הערשאַפט אין אָלשאַן, האָט אויך געהערט דער באַפעל, אַז יידן זאָלן זיך איינשפּאַנען ווי פערד און שלעפּן צוויי שווערע צעשעדיקטע סאָוויעטישע טאַנקן. זיי זענען געשטאַנען אין אַ זייט פון וועג ביים סוף פון דער שלאָס־גאַס.

דעם באַפעל האָבן אַרויסגעגעבן אונדזערע „גוטע" שכנים, ווייסרוסן, וועלכע האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון די דייטשע אָקופּאַנטן און אַריין צייטווייליק אין דער אָנפירונג פון אָלשאַן. די טאַנקן האָט מען געדאַרפט פירן פון אָלשאַן אין דעם שכנותדיקן שטעטל טראַב, 12 קילאָמעטער וועג.

אַ פחד איז באַפאַלן די יידן פון שטעטל: ווי אַזוי וועט מען אויספירן דעם באַפעל? און אויב נישט, וואָס וועט דאַן געשען? מען האָט שוין געוווּסט, אַז דער

טויט שטייט הינטער די פּלייצעס, אָבער קיין אויסוועג איז נישטאָ. מען מוז אויספירן דעם אכזריותדיקן באַפעל.

אָלשאנער יידן האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט, אַלע: יונגנטלעכע, עלטערע, ווער עס האָט געקענט נאָר צולייגן אַ האַנט. בערל קאָגאַן האָט געברענגט ספּעציעל גראָבע שטריק, מען האָט זיך איינגעשפּאַנט און אַרויסגעשלעפּט די טאַנקן פון שלאָס־גאַס, מיט קרעכצן, יסורים, מיט די לעצטע איבערמענטשלעכע כוחות, שווייס האָט באַגאָסן די אויסגעמאַטערטע פּנימער. אונדזערע „גוטע" שכנים, קריסטן, זע־נען געשטאַנען אויף דער שלאָס־גאַס מיט פאַרלייגטע הענט און מיט אַ שפּאָטישן שמייכל האָבן זיי באַגלייט די געפּייניקטע יידן־שקלאַפן.

אין שרעק פאַרן טויט האָבן מיר געטאָן די עבודת פרך און געשלעפּט פינף קילאָמעטער באַרג אַרויף, אין זאַמדן. ביז היינט פאַרשטיי איך נישט פון וואַנען האָבן זיך גענומען צו אונדז די כוחות. מען האָט געשלעפּט און געשלעפּט טריט נאָך טריט, גערוקט זיך פאָרויס, געטריבן פון פּחד, וואָס וועט זיין? די צייט שטייט נישט, פּעטרושעוויטש, דער פאַרטרויאונגס־מאַן פון די דייטשן שרייט: „שנעלער, שנע־לער!"

נישטאָ קיין ברירה, איינגעבויגן די קעפּ, אָנגעצויגן די שטריק, האָבן מיר געשלעפּט און געשלעפּט.

צוגעקומען אין טראַב האָבן די דייטשן אָפּגענומען פון אונדז די טאַנקן: אויסגעהאַלטן, מען וואַרט אויף דער באַפרייונג. דער פּחד איז גרויס. מיר ווייסן שוין, אַז די דייטשן באַצאָלן פאַר אַרבעט מיט געבן קלעפּ די יידן־קנעכט. פאַר דעם שרעקט מען זיך, אָבער דאָס מאָל איז אָפּגעלאָפן אָן קלעפּ. איז די פרייד צווישן אונדז געווען גרויס. מען האָט זיך אַרומגענומען און געפרייט זיך, וואָס מיר קו־מען אַהיים נישט קיין צעשלאָגענע.

נאָענט פון אָלשאַן, פאַרן בריק פון דער וואַסער־מיל פון אהרן שניידער, זע־נען מיר געוואָרן באַגעגנט פון אונדזערע טייערע און נאָענטע. אויך זיי זענען גע־ווען שטאַרק איבערגעשראָקן איבער אונדזער גורל.

שעפּסל קאַפּלאַן

# אלשאנער יידן אין דייטשע קאנצסנטראציע לאגערן

## אַרבעטס־לאַגערן אין ראַיאָן פון ליטע (זשעזמיר)

דאָס איז געווען אין יאָר 1942. 600 אַרבעטס־פּעאיקע יידן, אַממיינסטן יונגע, געזונטע יינגלעך און מיידלעך פון אָלשאַן, קרעווע, סמארגאן און אַנדערע שטעטלעך זענען געבראַכט געוואָרן אין זשעזמיר, אַ שטעטל אין ליטע, נישט ווייט פון קאָוונע, צו בויען די אויטאָסטראַדע קאָוונע—ווילנע. געאַרבעט האָבן מיר אַלע ביי דער אָרגאַניזאַציע „טאָדט״. אַ צווייטע גרופּע יידן, אַממיינסטן פון אָשמענע, האָבן געאַרבעט ביי דער זעלבער אויטאָסטראַדע אין וועוויע־מיליגאַז ביי ווילנע. אין בית־מדרש און אין אַ דערבייאיקן קינאָ־לאָקאַל, ווו מיר זענען איינגעאָרדנט געוואָרן, האָבן די דייטשן, פאר אונדזער קומען, געהאלטן סאָוויעטישע קריגס־געפאנגענע.

צוליב דעם שמוציקן און שלעכטן עסן, וואָס איז באַשטאַנען פון קראַפּיווע מיט פאַרפוילטע שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, איז אין לאַגער אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע, פון וועלכער עס זענען געשטאָרבן פיל מענטשן, בתוכם פּרץ טשעפּעלונסקי, ראובן סעגאַלאָוויטש, לייב קאָזלאָווסקי א. א. פון אָלשאַן

מיט גרויס מי און קאָסטן איז געלונגען דעם יידישן דאָקטאָר גאַרדאַנאָוויטש, פעלטשער אנאליק און זיין פרוי, שוועסטער מאַטילדע, צו איזאָלירן די קראַנקע און אויסבאַהאַלטן זיי פון ס.ס. לאַגער־פירער לייטענאַנט קרומנע און דערמיט איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דער לאַגער, וועלכן עס האָט געדראָט אומגעבראַכט צו ווערן צוזאַמען מיט די קראַנקע.

אין פרילינג 1943 האָט מען פון די ליקווידירטע לעצטע געטאָס אַרום ווילנע געבראַכט אין זשעזשמיר נאָך 1.000 יידן, אַממיינסטן פון אָשמענע. צווישן זיי פיל קליינע קינדער. מ׳האָט זיי אַריינגעשפּאַרט אין די זעלבע 2 בנינים, ווו די טיפוס־עפּידעמיע איז נאָך נישט געווען איינגעשטילט. מיט די „טאָדט״־לייט פון זשעזשמיר און מיט דעם פאַרטרעטער פון לאַגער־פירער, דעם פאָלקס־דייטש שטאָלצמאַן, האָבן די „אָלטגעזעסענע״ לאַגער־יידן נישט שלעכט זיך איינגעלעבט. איז מען כמעט יעדע וואָך געפאָרן פון זשעזשמיר מיט אַן אויטאָ צו ברענגען פאַר די לאַגער־יידן פּראָדוקטן פון זייערע היימען. מיט די „טאָדט״־מענטשן זענען יעדעס מאָל מיטגעפאָרן איי ניקע לאַגער־יידן, וועלכע פלעגן ברענגען בריוו און גרוסן פאַר אַלעמען.

עס איז געווען אַפילו אַ פאַל, אַז אַ 14־יעריק מיידל, וואָס איז קראַנק געוואָרן אין 1942 יאָר אין זשעזמיר־לאַגער אויף אַפּענדיציט, איז אַ דאַנק דער איני־טערווענץ פון ראובן סעגאַלאָוויטש, און יבדל לחיים — מיכאל רודניק, אָפּגעשיקט געוואָרן צוריק אין געטאָ אָלשאַן. די ידיעה, אַז רבקה קאַפּלאַן שיקט מען צוריק אין געטאָ, האָט כמעט קיינער נישט געגלויבט. גיכער וואָלט מען געגלויבט, אַז קרומנע יועט אָפּשיקן רבקהן דאָרט, ווו ער האָט מיט איניקע חדשים צוריק אַוועקגעשיקט 23 לאַגער־יידן. ער האָט זיי צוגעזאָגט אָפּצושיקן צוריק אין זייערע געטאָס. אויף זיין באַפעל האָט מען די 23 יידן, צוזאַמען מיט זייערע אָרעמע קלומאַקעס, פאַרלאָדן אויף אַ מאַשין, אַוועקגעפירט אין אַ וועלדל 3 ק"מ פון לאַגער און אַלעמען דער־שאָסן. גלייך נאָכדעם איז די מאַשין צוריקגעקומען און אַרויסגעוואָרפן די קלו־מאַקעס אויפן הויף פון לאַגער.

*

מיט דער אַרבעט האָבן אָנגעפירט דייטשן פון „טאָדט", וועלכע האָבן גע־צוווּנגען צו אַרבעטן שנעל, כדי וואָס גיכער אויסצוענדיקן די אויטאָסטראַדע. צוליב די רוצחישע אָנטרייבער האָט די אַרבעט אויף דער אויטאָסטראַדע זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ גהינום. מיט רוצחישן סאַדיזם האָט זיך אויסגעצייכנט געאָרגי, אַ פאַרשוין מיט אַ קרימינעלער פאַרגאַנגענהייט, מיט וועלכער ער פלעגט זיך באַרימען. פאַרן קלענסטן פעלער ביי דער אַרבעט האָט ער געמאַטערט ביז חלשות. אַממיינסטן איז דער רוצח באַפאַלן אַזעלכע יידן, וואָס האָבן קיינמאָל קיין לאָפּאַטע אין דער האַנט נישט געהאַלטן. ווי אַ צערייצטע ווילדע חיה האָט ער זיך געוואָרפן אויף יידן און געקאַטעוועט מיט זיין שטעקן, געטאָפּטשעט מיט די פיס. וואָס מער ער האָט געשלאָגן, אַלץ שטאַרקער איז געשטיגן זיין רוצחישע פוריע. נישט איינער פון זיינע קרבנות איז געבליבן מיט אונטערגעקלאַפּטע לונגען און אויסגעהויכט די נשמה.

זומער 1943 איז די אַרבעט ביים בוי פון דער אויטאָסטראַדע געוואָרן פאַרענ־דיקט. 300 מאַן האָט די „טאָדט"־אָרגאַניזאַציע אַריבערגעפירט אויף אַן אַנדערער אַרבעט אין אָקופירטן פסקאָוו, אין ראַטנפאַרבאַנד. די רעשט יידן זענען געשטאַנען פאַר דער סכנה מ'זאָל זיי אומברענגען, ווייל זיי זענען אומנוצלעכע יידן.

די כאַרצווייפלטע יידן האָבן נאָך פון פריער אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דעם קאָוונער יודענראַט. צענדליקער בריוו האָבן זשעזשמירער לאַגערניקעס איבערגעשיקט צום קאָוונער יודענראַט, בעטנדיק רחמים, אַרויסצוראַטעווען זיי פון זשעזשמיר, כדי עס זאָל זיך ווידער נישט איבערחזרן די פרשה פון אָשמענע קאָוונע, פאָנאַר. דאָס מאָל האָט דער קאָוונער יודענראַט אויסגעפּועלט ביים געביטס־קאָמיסאַר אַ דערלויבעניש אַריבערצופירן די אַרבעטס־פעאיקע יידן אין קאָוונער **געטאָ.**

אין איינעם אַ טאָג זענען געקומען יידישע באַאַמטע פון קאָוונער געטאָ, צוזאַ־מען מיטן לייטער פון דייטשן אַרבעטס־אַמט און אַן ערך 800 יידישע מענער, פרויען און קינדער, זענען אין יוני 1943 אַריינגעבראַכט געוואָרן אין קאָוונער געטאָ. לכתחילה האָט די קאָוונער געטאָ־אַדמיניסטראַציע גאַנץ פריינדלעך אויפגענומען די זשעזשמירער יידן.

אַ באַדייטנדער טייל פון די פריש־געקומענע איז איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין קינאָ „ליטאַניקאַ". עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט, האָט די זעלבע געטאָ־אַדמיניסטראַציע גענומען באַהאַנדלען די זשעזשמירער, ווי מינדערוועדטיקע יידן און מען כּלעגט מיט זיי פאַרשטעקן אַלע געפּערלעכע לעכער און שיקן אויף די שווערסטע אַרבעטס־שטעלעס אין קאָוונע און מחוצן געטאָ. דעריבער, ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז עס פאָדערן זיך 300 מאַן אויף טאָרף און וואַלד־אַרבעט אין קאָשידאָרער לאַגער, האָבן די זשעזשמירער יידן פון קינאָ „לוטאַניקאַ" פרייוויליק זיך פאַרשריבן אַוועקצופאָרן אין קאָשידאָר.

## די אָנפירער פונעם לאַגער קאָשידאר

די אַרבעט אין קאָשידאָר איז געווען אַ שווערע און אויסמאַטערנדיקע. זי איז באַשטאַנען אין גראָבן טאָרף, אָנלאָדן און אויסלאָדן וואַגאָנעס, אויסהאַקן אוראַלטע וועלדער.

אין פאַרלויף פון 4 חדשים האָבן זיך געביטן 5 לאַגער־פירער: 2 פון זיי — פעלדפעבל מוץ און צאָל־מייסטער שטיגליץ, האָבן זיך פאַרהעלטנישמעסיק באַצויגן נישט שלעכט צו די 350 יידן. אונטער זייער רעזשים האָבן די יידן אָפּגעאָטעמט פרייער. שטיגליץ און מוץ האָבן שטענדיק דערלויבט די יידן אַרויסצוגיין אין דאָרף איינשאַפן פּראָדוקטן און אַריינברענגען אין לאַגער. זיי האָבן אויך דערלויבט די באַן־בריגאַדע אַריינצוטראָגן אין לאַגער קאַרטאָפל, בעתן אויסלאָדן וואַגאָנעס מיט קאַרטאָפל און אַנדערע פּראָדוקטן.

קאָנטראָלירט און אָפּגענומען די אַרבעט האָבן די אָנגעשטעלטע פון דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג. כּל־זמן די 350 יידן האָבן געאַרבעט, אויס מורא נישט אָפּגעשיקט צו ווערן אויפן פראָנט, וואָס עס וואָלט געקאָנט געשען, בעת אַ ליקווידאַציע פונעם לאַגער, נאָכן אַרויספירן די יידן, האָבן די אָנגעשטעלטע מיליטער־לייט פון דער פירמע שטענדיק געלויבט די יידן ביי דער העכערער מאַכט אין קאָוונע, אַז די יידן פון קאשידאר זענען פלייסיק און פירן אויס נוצלעכע אַרבעט.

יעדער פון די 5 לאַגער־פירער אין קאשידאַר, איז אין זיין באַציונג צו די יידן געווען דער היפוך פון צווייטן. דער ערשטער לאַגער־פירער, פעלדפעבל שאַרקע, איז געווען אַ צעטומלטער, אָפט פלעגט אים באַפאַלן אַ פוריע פון משוגעת, איז

ער דאַן אין מיטן נאַכט אַרומגעגאַנגען איבער די בלאָקן און קאָנטראָלירט די פּיס און די בערד פון די יידן. ווען ער האָט געטראָפן אַ ייד מיט נישט קיין ריינע פּיס, אָדער מיט אַ נישט גוט אויסגעראַזירט פּנים, האָט ער דעם גאַנצן באַראַק אַרויסגעטריבן צום טייכל וואַשן די פּיס און ראַזירן די בערד. ביי שאַרקען איז אָבער דאָס עסן פון קיך געווען בעסער ווי ביי אַלע אַנדערע לאַגער־פירער, ווייל ער האָט אָפט באַזוכט די קיך און אַריינגעקוקט אין קעסל.

שאַרקען האָט מען אַוועקגעשיקט אויפן פראָנט. זיין אָרט האָט פאַרנומען פעלד־כּעבל פיינקוף. ער איז געווען אַ פאַרביסענער נאַצי־אַנטיסעמיט. ביי יעדן אַפּעל האָט ער געדראָט די יידן, אַז ער וועט אַלעמען דערשיסן ווי הינט. פיינקוף האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר אַ ווידערשטאַנד פון די יידן. צוליב דעם האָט ער אַראָפּ־געבראַכט אין לאַגער נאָך 20 „וולאַסאָווצעס״, אַ צוגאָב צו די אַנוועזנדע שומרים. דער באַראַק, ווו עס האָבן געוווינט די דייטשע אויפזעער, האָט פיינקוף אַרומגע־צוימט מיט שטעכל־דראָט און אַוועקגעשטעלט אַ וואַך. אַ חודש שפּעטער האָבן די „וולאַסאָווצעס״ דערשאָסן: דעם לאַגער־פירער פיינקוף, דעם טאַרף־מייסטער — אַ האָלענדער, 2 „וולאַסאָווצעס״, און צוגענומען דאָס געווער און אַמוניציע, וואָס האָט זיך געפונען אין לאַגער און אַוועק אין וואַלד.

פיינקוכס אָרט האָט איבערגענומען שטיגליץ. ער איז געווען אַ מיליטערישער צאַל־מייסטער ביי דער ציווילער פאַרוואַלטונג און אין שייכות מיט זיין אַמט, אָפט באַזוכט דעם לאַגער קאַשידאַר.

אין דער קריטישער נאַכט, ווען די „וולאַסאָווצעס״ האָבן זיך צעבונטעוועט, האָט שטיגליץ גענעכטיקט אין מאַיאַנטעק קאַשידאַר, 1 ק״מ פון לאַגער. דערהערנדיק די שיסעריי איז ער דער ערשטער געקומען אין לאַגער. ער האָט באַרואיקט די יידן, וואָס האָבן זיך געקליבן צו לויפן אין וואַלד. דער דייטש האָט פאַרזיכערט, אַז קיינעם וועט גאָרנישט געשען און געראָטן, מען זאָל זיך פאַרהאַלטן רואיק. ער האָט פאַרשלאָסן די באַראַקן און זיי אַרומגעשטעלט מיט אַ וואַך.

אַ באַריכט וועגן דעם געשעענעם האָט שטיגליץ אַוועקגעשיקט אין שטאַב פון זיין מיליטערישער איינהייט און נישט איילנדיק אויך באַריכטעט אין גע־שטאַפּאָ. ערשט אויפן 4־טן טאָג איז געקומען אַ שטאַבס־קאָמיסיע. שטיגליץ האָט עדות געזאָגט, אַז ער קען די 350 יידן אַלס רואיקע און אַרבעטסזאַמע און זיי האָבן קיין שום שייכות נישט צום אָנפאַל פון די „וולאַסאָווצעס״. די שטאַבס־קאָמיסיע האָט שטיגליצן באַשטימט אַלס לאַגער־פירער.

5 חדשים איז שטיגליץ געווען אויף זיין אַמט אין קאַשידאַר. פאַר דער צייט האָבן די יידן פרייער אָפּגעאָטעמט. מיטאַמאָל האָט שטיגליץ פאַראָרדנט צו דעזינפעקצירן די הילצערנע באַראַקן אין לאַגער און די 350 יידן זאָלן דורכגיין אַ באָד אין אַנטלויזונג־אַנשטאַלט אין קאָוונע. די באָד און דעזינפעקציע־אַקציע

האָט ביי די יידן אַרויסגערופן אַ בהלה און פּחד. עס איז געווען אַ פאַרדאַכט, אַז מען פירט אַלעמען פאַרגאַזן און עס איז אויסגעבראָכן אַ פּאַניק און אַ יללה.

ווען דער לאַגער־פירער האָט זיך דערוווּסט וועגן דער שטימונג, איז ער אַרומ־געגאַנגען איבער אַלע באַראַקן און פאַרזיכערט און געשווירן ביי זיין לעבן, אַז די באַד־אַקציע האָט ער פערזענלעך פאַראָרדנט, אַז קיין שלעכטס וועט די יידן נישט געשען. נישט אָן חשד זענען די יידן געפאָרן אין באָד. אויסגעבאָדענע און ריינע טאַקע צוריקגעקומען אין לאַגער. די דייטשע וואַך־לייט אין קאַשידאר האָבן אָפּפאָטאָגראַפירט שטיגליצן מיט אַ יידיש מיידעלע אויף די הענט און בייגעלייגט אַ באַריכט וועגן זיין באַציִונג צו די לאַגער־יידן. שטיגליץ איז אַראָפּגענומען גע־וואָרן פון זיין אַמט און געוואָרן אַוועקגעשיקט אויפן פראָנט. אַלס זיין פאַרטרעטער איז געקומען פעלדפעבל מויץ.

פעלדפעבל מויץ פלעגט דערלויבן אַרויסגיין אין דאָרף אויסבייטן און איינ־קויפן פּראָדוקטן און אַריינטראָגן אין לאַגער. אין אַלע ענינים האָט ער זיך פאַר־לאָזט אויף דעם יידישן לאַגער־עלטסטנראַט. אויך מויץ איז אָפּגעשיקט געוואָרן אויפן פראָנט. אַ טאָג פאַרן פאַרלאָזן דעם לאַגער איז ער געווען אָנוועזנד ביי דער אַקציע פון קינדער־אויסראָטונג אין קאַשידאר. ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר דעם 12־יאָריקן יינגל אהרן קאַפּלאַן און אים אַרויסגעריסן פון טויט.

מוצס פאַרטרעטער פעלדפעבל קאַשין, אַ פּראָפעסיאָנעלער מיליטער־מאַן איז געווען אָנוועזנד בעת די קינדער אַקציע. אויפן 3־טן טאָג נאָך דער אַקציע האָט קאַשין גערופן דעם יידישן לאגער עלטסטנראַט און באַפוילן ארויסצושיקן אַלע יידן צו דער אַרבעט. דער דייטש האָט דערביי דערקלערט:

„איך האָב יאָ געגלייבט און נישט געגלייבט אין די גרויזאמקייטן פון דייטשן פאָלק קעגן דערוואַקסענע יידן. איצט האָב איך געזען דעם אמת. אויב אונדזער קולטורעל דייטש־פאָלק האָט זיך שוין דערקייקלט צו אַזאַ מדרגה, אז זי פירט שוין מלחמה מיט מינדעריעריקע קינדער, האָבן מיר שוין די מלחמה פאַרשפּילט. איך שעם זיך צו זיין אַ דייטש".

# דער נאַצישער קינדער מאָרד

שעפּסל קאַפּלאַן

## די דייטשע קינדער־אויסראָטונג אין לאַגער קאַשידאַר

אין מערץ 1944 האָבן די דייטשן דורכגעפירט די אויסראָטונג פון יידישע קינ־דער, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט זייערע עלטערן געלעבט אין לאַגער קאַשידאַר. עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן די קינדער אין עלטער פון 1—12 יאָר.

פון 24 קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אין קאַשידארער לאַגער, האָבן די רוצחים צוגענומען 22. דריי קינדער, צווישן זיי מיין זון, איז דורך אַ צופאַל געלונגען אויסצומיידן דעם טויט און דערלעבן די באַפרייאונג.

די 24 קינדער זענען געווען די איינציקע טרייסט און האָפענונג נישט בלויז פאַר זייערע עלטערן, נאָר אויך פאַר אַלע יידן פון לאַגער. מיטן צונעמען די 22 קינדער האָבן די דייטשע מערדער געטראָפן אין סאַמע פּילבאַרסטן אָרט פון די 350 לאַגער־יידן. די בעסטיאַלישע רציחה איז געוואָרן אויסגעפירט דעמאָלט, ווען עס איז אַלץ מער בולט־געוואָרן דער דערנענטערנדיקער סוף פון די דייטשע מערדער־אַרמייען.

דעם 27־טן מערץ 1944, 3 אַזייגער פאַרטאָג, האָט אַן עס. עס.־זאָנדער־קאָמאַנדאָ פון הונדערט שיכורע דייטשן און ליטווינער אַרומגערינגלט און מיט מאַשין־געווער אַרומגעשטעלט דעם לאַגער אין קאַשידאַר. אַ טייל פון דער קאָ־מאַנדע, אָנגעפירט פון אַן עס.עס־אָפיציר פון הויכן ראַנג איז אַריין אין לאַגער און אַרויסגעטריבן אַלע יידן אויפן הויף צום קאָנטראָל. לויט זייערע רוצחישע פּנימער און לויט דעם אופן פון קאָנטראָל, האָבן די לאַגער־יידן באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָ וועט זיך טאָן חושך, אַז עפּעס גרויזאַמעס וועט געשען.

באַלד נאָכן אַפּעל האָט דער עס.עס־קאָמענדאַנט באַפוילן אַרויסצוברענגען 24 קינדער, וועמענס נעמען און עלטער ער האָט געהאַט אויף אַ רשימה.

באַנעמענדיק דאָס גרויסע אומגליק וואָס עס גרייט זיך, זענען די עלטערן פון די קינדער געבליבן שטיין און נישט אויסגעפירט דעם באַפעל פון דעםמערדער. דער עס.עס.־אָפיציר האָט דאַן באַפוילן זיינע אונטערגעאָרדנטע אַרויסצוברענ־גען די קינדער פון די באַראַקן. אָט דער באַפעל האָט אויפגעריסן די מוטערס פון וייער פאַרגליווערטקייט און זיי האָבן זיך געלאָזן לויפן נאָך די עס.עס.־רוצחים צו באַשיצן זייערע קינדער פון די רוצחישע הענט.

מיט מוראדיקע קלעפּ האָבן די קינדער־מערדער געטריבן פון די באַראַקעס די מוטערס, וואָס האָבן געטראָגן שלאָפנדיקע עופהלעך. אַנדערע רוצחים האָבן

זיך געראַנגלט מיט די גרעסערע קינדער, וועלכע האָבן זיך געקלאַמערט אָן זייערע מאַמעס און נישט געוואָלט גיין צום אויסגעטיילטן פּלאַץ פאַר די קינדער. אויך דאָרט, אויפן באַשטימטן פּלאַץ, האָבן די גרעסערע קינדער געפּרוווט זיך אַרויס רייסן פון דער אַרומרינגלונג. די רוצחים האָבן געשלאָגן מיט די פּריקלאַדעס פון זייערע ביקסן — געקאָפּעט און געראַנגלט זיך מיט די קינדער, וואָס האָבי געפּרוווט אַנטלויפן פון פּלאַץ צו זייערע עלטערן, גלויבנדיק צו געפינען ביי זיי שוץ און רעטונג.

ווי צעיושעטע חיות האָט די מערדער־באַנדע אַרויסגעריסן די עופהלעך פון די מוטערס אָרעמס און געוואָרפן זיי אויפן קינדער־פּלאַץ. עס איז געווען אַ מוראדיקער גיהנום. די היסטערישע געוויינען און יללות פון די מאַמעס מיט די קינדער, פון דער גאַנצער פאַרצווייפלטער 350 קעפּיקער עדה יידן, די ווילדע קולות פון די רוצחים, וועלן שטענדיק קלינגען אין מיינע אויערן, ווען איך וועל זיך דערמאָנען אין גרויליקן בילד.

אונטער אַ האָגל פון מוראדיקע קלעפּ, זענען די מאַמעס אָן אויפהער געלאָפן צום הויך־ראַנגיקן דייטשן אָפיציר, דעם אָנפירער פון דער קינדער־אויסראָטונג און, קניענדיק, זיך געבעטן זיי מיטצונעמען צוזאַמען מיט זייערע קינדער, אָבער קיין ענטפער איז נישט געקומען. דער הויכראַנגיקער אָפיציר איז געשטאַנען שטום ווי אַ סטאַטוע און צוגעקוקט ווי זיינע אונטערגעאָרדנטע שלאָגן די פרויען מיט די פּריקלאַדן פון זייערע ביקסן. די מאַמעס זענען נישט אָפּגעטראָטן און געבליבן ליגן צעבלוטיקטע, פאַרחלשטע נעבן די פיס פון דייטשן הויכראַנגיקן אָפיציר

שטייף, ווי אַ סטאַטוע, איז דער אָפיציר פון דער באַנדע געשטאַנען. זיין בליק איז געווען געווענדעט אויף די רייען פון די 350 יידן. דעם אָפיציר האָבן געפעלט נאָך צוויי קינדער צום אומברענגען און ער איז אַוועק צווישן די רייען זוכן די פעלנדיקע קינדער.

די צוויי קינדער, וואָס האָבן געפעלט, זענען געווען: אַלעק ראָדאַנסקי פון קאָוונע, 11 יאָר אַלט. צוליב זיין הויכן וווקס האָט ד"ר ראָדאַנסקי, זיין פאָטער, (אומגעקומען אויפן 9־טן פאָרט), אַוועקגעשטעלט זיין זון צווישן די רייען לעבן זיך. די מערדער האָבן נישט באַמערקט זיין קינדערישקייט.

דער צווייטער, יוסף ליפּקאָוויטש, פון קרעווע, אָן 8יאָריקער פּיפּיקער חברהמאַן, גייסטיק אַנטוויקלט נישט לויט זיין עלטער, האָט זיך אָריענטירט אין דעם, וואָס עס קומט פאָר, און זיך בגניבה אַריינגעגליטשט אין מיטן פון די רייען, צווישן די גרויסע, און באַהאַלטן זיך אונטערן שינעל צווישן די פיס פון חיים סווירסקי פון אָלשאַן (געשטאָרבן נאָך דער באַפרייאונג).

געווען נאָך אַ דריט קינד אין לאַגער — מיין זון, וואָס האָט אין דער קינדער־ליסטע נישט פיגורירט. ביים רעגיסטרירן די קינדער האָט מען אים פאַרשריבן

מיט 4 יאָר עלטער. איז ער געשטאַנען צוזאַמען מיט מיר, אין די רייען פון די אַרבעט־פעאיקע. בעתן זוכן די צוויי קינדער האָט דער אָפיציר געזאָגט צו זיינע באַגלייטער, אָנווייזנדיק אויף מיין זון: „דער קאָמט מיט", און ער איז אַוועק זוכן דעם 24־טן קרבן.

צופעליק איז דעם זעלבן פאַרטאָג געקומען פון אורלויב דער געוועזענער לאַ־גער־פירער פון קאשידאָר, פעלדפעבל מוץ, ביי וועמען מיין זון האָט די גאַנצע צייט געאַרבעט. ער האָט פאַר אים געהאָדעוועט קרוליקעס, הינער און געפוצט זיינע שטיוול. געקומען איז ער אָפנעמען זיינע זאַכן כדי אָפצופאָרן צום פראָנט. נישט קאָנענדיק אַרויסגיין פון אָפגעצוימטן לאַגער, האָט ער צוגעזען דעם גאַנצן פאַר־לויף פון דער קינדער־אַקציע, האָט דערזען ווי מען נעמט אַרויס מיין זון פון די רייען, איז ער מאָמענטאַל צוגעגאַנגען צום אָפיציר און געבעטן איבערלאָזן דעם יונגן „בורשע", ווייל דאָס איז איינער פון די בעסטע אַרבעטער וואָס אַרבעטן בעסער פון די גרויסע.

צעטומלט פון די יאָמערלעכע געוויינען און געשרייען פון די מאַמעס מיט די קינדער און פון דער אומגעריכטער איבערראַשנדיקער בקשה פון פעלדפעבל צו אים, איז דער אָפיציר־תלין אַרויס פון די רייען, באַפוילן „אויפצולאָדן" די 22 קינדער אויף די צוגעגרייטע צוויי פויערישע מיסט־וועגעלעך און אָפפירן זיי צו דער נאָענט־ליגנדער באַן־סטאַציע קאשידאר. דאָרט זענען די קינדער פאַרשלאָסן געוואָרן אין אַן אונטערערדישן נאַפט־בונקער.

אַ גאַנצן מעת־לעת זענען די קינדער געלעגן אין נאַפט־בונקער ביז עס איז אָנגעקומען אַ ספּעציעלער צוג, וואָס האָט צונויפגעזאַמלט די קינדער פון די אַנדערע לאַגערן. האַלב טויטע האָט מען זיי אַרויסגענומען פון נאַפט־בונקער און אַריינגעוואָרפן אין צוג, וואָס איז אָפגעפאָרן און זיי געפירט צום טויט.

קיינער פון די צוגענומענע קינדער האָבן זיך נישט אומגעקערט. ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, איז די אַקציע פון צונעמען די קינדער דעמאָלט פאָר־געקומען אין אַלע לאַגערן און געטאָס פון ליטע און האָט געדויערט צוויי טעג.

צווישן די פאַרשידענע ווערסיעס, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען, איז אויך געווען אַזאַ: דייטשע רוצחים האָבן זיך גענייטיקט אין דעם קינדערישן בלוט, וואָס מען האָט אויסגעצאַפּט פאַר טראַנספוזיעס פאַר דער גרויסער צאָל פאַרוווּנדעטע דייטשן אויפן סאָוויעטישן פראָנט.

חיה אַלטמאַן-אַבראַמאָוויטש

# קינדהייט אין שאטן פון דער תליה

## מיינע קינדער־יאָרן אין געטאָס און אין לאַגערן

קשה לי מאוד להתחיל לכתוב ולתאר את ילדותי העצובה בעברית, כי בזמן שכל הטרגדיה של העם היהודי התרחשה בגלות שאז דברנו בבית רק יידיש.

איני מסוגלת אפילו לבטא את הרגשתי ואת סבלי בשפה עברית.

מפני שהשפה העברית השיבה את נעורי בו בזמן בהיותי בגלות הרגשתי את עצמי יותר מבוגרת כלפי גיל.

לכן אנסה לתאר את העבר השחור, רק אחוז קטן, מהטרגדיה שעברה עלינו בהתחלת המלחמה ועד שנת 1944 בהיותנו בגטו קובנה — ביידיש.

איך בין אלט געווען 9 יאָר, ווען די דייטשן האָבן אונדז אַריינגעטריבן אין געטאָ. דעמאָלט האָט זיך פאַרענדיקט מיין קינדהייט. איך האָב זיך פּלוצלינג דערפילט אַ גרויסע. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך טאָר נישט לאָזן מיין ליבע מאַמען איבערגיין דעם צוים פון געטאָ, און איך פלעג אָנהייבן וויינען און בעטן זיך ביי דער מאַמען, אַז זי זאָל נישט גיין נאָך עסן צו די קריסטן.

יעדעס מאָל, ווען יידן זענען דורכגעגאַנגען דעם צוים, האָט מען געהערט, אַז מען כאַפּט זיי און די דייטשן שלאָגן זייער, און ס'איז אויך געווען אַ באַפעל מען זאָל שיסן, דאַן האָב איך זיך איינגעעקשנט און נישט געלאָזן די מאַמע זאָל גיין צו די פויערן. איך האָב באַשלאָסן, אַז מיר דראָט נישט אַזאַ געפאַר ווי די דערוואַקסענע מענטשן און האָב גענומען מיט זיך פּאָדעם, פודער און נאָך פאַר־שידענע זאַכן, כדי צו בייטן ביי די גויים אויף עסן. אַזוי פלעג איך קומען צו די קריסטינס און ברענגען פון זיי אויף די פּלייצעס אַ ביסל קאַרטאָפל און פאַר־שידענע עסנוואַרג.

די ענגשאַפט אין געטאָ איז געווען שרעקלעך. מיר האָבן דאַן געוווינט ביי שעפּסלען דעם קרעמער אין שטוב. געשלאָפן זענען מיר אויף אַ טאָפּלטן בעט: די באָבע עלקע, צוזאַמען מיט דער מאַמען און קליינעם ברודערל, און איך מיט נחמהן. שפּעטער צו האָט מען מיין שוועסטער גענומען אין זשעזשמיר לאַגער צוזאַמען מיט די אַנדערע יוגנטלעכע פון אָלשאַן. די שטוב האָט זיך באַצויגן מיט אַן אומעט. ס'האָט זיך געבענקט, ס'האָט זיך געוויינט — פאַרוואָס קומט אונדז יידן צו ליידן אַזוי פיל?

ס'איז דורכגעגאַנגען אַ יאָר און אין 1942 האָט מען זיך אָנגעהויבן גרייטן

צו דעם וועג אין אָשמענער געטאָ. די אָלשאַנער געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן. מיר זענען אָנגעקומען קיין אָשמענע. מ׳האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ בית־המדרש. ווער ס׳האָט געהאַט נאָענטע פריינט, האָבן די פריינט צוגענומען צו זיך. דער יודענראַט פון אָלשאַנער געטאָ האָט געזאָרגט צו געפינען אין די הייזער ערטער פאַר אונדז. ווען מ׳האָט געפונען שוין אַ צימערל צו וווינען מיט נאָך אַ פאַמיליע, איז נישט געווען קיין בעטן פאַר אַלעמען, און די באָבע עלקע איז איבערגעבליבן מיט דער מומע מלכה אין בית־המדרש.

איך געדענק: ס׳איז געווען אויף מאָרגן, ווען מיר זענען שוין געשלאָפן אין אונדזער נייער וווינונג. זייער פרי האָט די מאַמע מיך געוועקט: „חיהלע! חיהלע! שטיי אויף!" איך האָב עפּעס געפילט אין האַרצן דער מאַמעס אומרואיקייט, עפּעס איז איר שטים געווען צעשראָקן. זי האָט אָנגעטאָן מאירקען, מיין קליין ברודערל, און האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל איבערבלייבן מיט אים אין שטוב.

— און וווּ גייסטו, מאַמע? — האָב איך געפרעגט. זי האָט מיר דערקלערט, אַז אַלע דערוואַקסענע מענטשן דאַרפן אַרויסגיין אויף אַן אַפּעל. האָב איך אָנגעהויבן וויינען, אַז איך וויל גיין צוזאַמען מיט דער מאַמען.

## דייטשן נעמען אַוועק מיין מאַמען

ווען מיר זענען געקומען צו דעם פּלאַץ, ווו עס זענען שוין געשטאַנען גרופּעס, זענען מיר געווען פון די לעצטע. די מאַמע האָט אונדז געהאַלטן ביי די הענט און מ׳האָט אונדז צוגעפירט צו דעם בית־מדרש, ווו די באָבע איז פאַרבליבן.

איך האָב דערזען פּאָליציי מיט נאַגייקעס אין די הענט און פּלוצלונג האָב איך דערפילט, ווי מען רייסט מיר מיט מיין ברודערל אַוועק פון די מאַמעס הענט. מער האָב איך שוין נישט געפילט די ליבע האַנט פון מיין מאַמען. מ׳האָט אונדז אַריינגעוואָרפן אין דעם בית־כנסת, ווו כ׳האָב דערזען אַ סך מענטשן, זיי האָבן געשריגן און געוויינט. כ׳האָב זיך געריסן צו דער מאַמען, אָבער ביי דער טיר איז געשטאַנען פּאָליציי און האָט נישט געלאָזט אַרויס. אין בית מדרש האָבן זיך געשטאַרקט די געוואַלדן. מ׳האָט געמיינט, אַז מ׳גייט אונדז פאַרברענען, ווייל מיר האָבן שוין געוווסט, אַז אַזוי האָט מען געטאָן מיט וואָלאָזשינער און ווישניעווער געטאָ. מען האָט אונדז געהאַלטן ביז אין אָוונט אין דעם בית מדרש. ערשט ווען מען האָט אַרויסגעשיקט די צאָל מענטשן, וואָס די דייטשן האָבן פאַרלאַנגט — ערשט דאַן האָט מען אונדז אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי און עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר מיר די צרות.

וווּהין זאָל איך גיין מיט מיין קליין ברודערל? ווער וועט מיר אַן עצה געבן? כ׳בין טאַקע נישט געגאַנגען צוריק אין אונדזער צימערל. כ׳האָב זיך געדרייט אויפן גאַס מיטן ברודערל. איך האָב דאַן געהערט, אַז מען האָט אונדזער ליבע

מאַמע, צוזאַמען מיט אַנדערע מאַמעס, טאַטעס און באָבעס, געפירט מיט פורן אויף זעליאָנקע. כ׳בין געלאָפן צום יודענראַט. כ׳האָב זיך געבעטן ביי זיי, אַז זיי זאָלן עפעס טאָן, מ׳זאָל באַפרייען כאָטש די מאַמעס, וואָס האָבן איבערגעלאָזט קליינע קינדער זיך מאַטערן. כ׳האָב געהאָפט, אַז אפשר וועט די מאַמע זיך קענען אויסקויפן, ווייל זי האָט געהאַט ביי זיך דאָס צירונג. דער אָשמענער יודענראַט האָט מיר צוגעזאָגט און זיי זענען געבליבן ביים צוזאָגן.

עס איז געוואָרן נאַכט און איך מיטן ברודערל זענען געקומען צוריק אין דעם צימערל, ווו מיר האָבן געוווינט מיט דער מאַמען. אָבער די מאַמע איז שוין נישט געווען. אונדזערע געוואַלדן האָט גאָט אַליין געדאַרפט הערן און רחמנות האָבן אויף אונדז. ליידער האָבן אויך אונדזערע אייגענע ווילנער פּאָליציי־לייט נישט קיין רחמנות געהאַט. זיי זענען געווען שותפים צום טויט פון אונדזערע אומשולדיקע מאַמעס און טאַטעס. ס׳איז דורכגעגאַנגען אַ נאַכט. אויף מאָרגן ווידער זון און ליכט, אָבער פאַר מיר איז געווען אַלץ שוואַרץ און פינצטער.

דער טרויער האָט זיך געפילט אין גאַנצן געטאָ, אָבער מיר, פאַרבליבענע קינדער, אויך פרומעלע און שענקע די געלעס קינדער, זענען געווען באמת די אומגליקלעכסטע. מיין קליין ברודערל איז געלעגן אַ גאַנצן טאָג אויפן בעט און האָט געוויינט און געוויינט. שווער געווען איינצוהאַלטן די טרערן, וויסנדיק, אַז מיר זענען געוואָרן קיילעכיקע יתומים. איך האָב נישט געוואָלט וויינען פאַר אים אין די אויגן, פלעג איך אַרויסגיין פון צימער און זיך אויסוויינען.

ווען כ׳האָב דערזען אַ זאַך פון דער מאַמען, פלעג איך מיך נישט קענען באַהערשן און גענומען קלאָגן אויפן קול. אַזוי זענען דורכגעגאַנגען אַ פּאָר טעג. ביינאַכט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די מאַמע קומט צולויפן צו אונדז. אין איין פרימאָרגן איז געקומען פון זעליאָנקע אַ פאָרפאָלק, וואָס האָט אונדז דערציילט וועגן טראַגישן אומקום פון אונדזערע ליבע און טייערע.

מ׳האָט זיי געפירט אויף פורן. נאָכן אָנקומען אויפן אָרט האָט מען זיי אַלעמען אַריינגעטריבן אין אַ שטאַל. צוויי טעג און צוויי נעכט האָט מען די אומגליקלעכע נעבעך געהאַלטן. די דייטשע רוצחים און זייערע ליטווישע העלפערס האָבן דאָן באַפוילן אָפּגעבן די ווערטפולע זאַכן, ווי געלט, צירונג, און שפּעטער האָבן די דייטשן מיט דער הילף פון דער ווילנער פּאָליציי, וואָס איז געשטאַנען איבער די קרבנות מיט נאַגייקעס — דערשאָסן די געפייניקטע יידן. אַזוי איז אויך אומגעקומען אונדזער מאַמע. דאָס פאָרפאָלק, וועלכעס האָט אונדז געבראַכט די שרעקלעכע בשורה, האָט זיך אויסבאַהאַלטן אונטער אַ בינט היי, וואָס האָט זיך געפונען אין שטאַל.

ווען איך האָב דאָס אַלץ אויסגעהערט, האָב איך זיך שלוכצנדיק צעוויינט און אַ לענגערע צייט זיך נישט געקענט באַהערשן. אין חלום און אויף דער וואָר

האָב איך כסדר געזען מײן מאַמעס פּאַר׳צער׳ט פּנים צװישן די אומשולדיקע פּנימער פון הונדערטער טאַטעס און מאַמעס און הינטער זײ שטײען די מערדער און שיסן. די פּאַרפּײניקטע האָבן דעמאָלט זיכער געבעטן צו גאָט און געטראַכט װעגן די קינדער, אַז מיר זאָלן נקמה נעמען פאַר דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט.

אָט אַזוי האָבן מיר פאַרלוירן אונדזערע ליבע. עס שרײט דאָס האַרץ און װיל זיך ניט באַרואיקן פון װײטיק. אָבער טראָץ אַלעמען װערט דער לעבעדיקער מענטש ביסלעכװײז צוגעװײנט צו די צרות. שפּעטער זענען מיר אַפילו געגאַנגען זוכן עסן פאַר זיך, כדי צו קענען לעבן... און דער לעבעדיקער מענטש האָט נאָר געװאָלט לעבן, אַפילו נאָך אַזױפיל לײדן.

## דאָס לעבן פון יתומים־קינדער אין געטאָ און אין לאַגער

כ׳פלעג ביי די יידן אין געטאָ קלײבן שאָלעכץ און איבערגײן דעם פּאַרקן פון געטאָ. מיר האָבן געװױנט אויף װילנער גאַס בײ כץ אין שטוב, און דער געטאָ־צוים איז געװען לעבן אונדז. האָב איך אַריבערגעקלעטערט און די שאָלעכץ געברענגט פאַר די קריסטינס, דאַן האָב איך באַקומען אַ האַלבן ליטער מילך. אַזוי האָב איך געלעבט מיט מײן ברודערל.

די אײנציקע קוזינע מײן מאַמעס, פײגל מלכה אַרקינס האָט אונדז אַרויס־געװיזן פיל ליבשאַפט און געטרײשאַפט. זי האָט געזאָרגט דערפאַר מיר זאָלן זיך װאַשן, מיר זאָלן האָבן װאָס צו עסן און געזעסן מיט אונדז אין שטוב. אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט און די װאַרעמקייט און ליבשאַפט איז פון אונדז אַװעקגענומען געװאָרן. אונדזער ליבע פײגל איז קראַנק געװאָרן אויף טיפוס און איז געשטאָרבן. מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער נאָענטסטן פרײנט.

*

נאָך אַ האַלב יאָר זײן אין אָשמענער געטאָ, האָט מען אונדז אָנגעהויבן ליקװידירן. איך האָב געקלערט װעגן אַרויסבאַקומען זיך פון געטאָ און טרעפן זיך מיט מײן שװעסטער נחמה, װאָס האָט זיך געפונען אין זשעזשמירער לאַגער. מײן שװעסטער האָט אַ לאַנגע צײט נישט געװוּסט, אַז מיר זענען שוין פאַרבליבן קײלעכדיקע יתומים. איך האָב איר כסדר געשריבן, אַז די מאַמע איז נישט געזונט, דערפאַר שרײב איך די בריװ. ביז אין אַ טאָג האָט זיך נחמה דער־װוּסט פון מיכקע בענטשעס, אַז מיר זענען אַלײן פאַרבליבן, האָט די שװעסטער זיך זײער געזאָרגט װעגן אונדזער גורל. װען עס איז געקומען די ידיעה צו איר, אַז װער ס׳האָט פרײנט, א משפּחה אין אָשמענע, קען זײ ברענגען קײן זשעזשמיר, האָט מײן שװעסטער װעגן דעם צו מיר געשריבן.

און אַזוי איז באמת געווען. אַ טייל האָט מען פון אָשמענער געטאָ געשיקט קיין זשעזשמיר, אַ טייל קיין ווילנע און די רעשט קיין קאָוונע. אָט די רעשט איז געבעך געווען דער קרבן פון אָשמענער ליקווידאַציע.

ווען מיר זענען שוין אַריבערגעקומען צו אונדזער שוועסטער אין זשעזשמיר און זיך צוגעוויינט צו דער שווערער אַרבעט, האַרטע נאַרעס, שלעפּן שטיינער און אויך צו דעם שטאַרבן יעדן טאָג פון פיל מענטשן — איז געקומען אַ נייע גזירה: מען האָט דורכגעפירט אַ נייע דעפּאָרטאַציע. אַ גרויסע גרופּע יידן, צווישן וועלכע מיר זענען אויך געווען, האָט מען ארויסגעשיקט אין קאָוונער געטאָ.

מ׳האָט אונדז געבראַכט אין קאָוונער „סלאָבאָדקע" און אַלעמען אַריינגעטריבן אין אַ הויז, ווו ס׳איז געווען אַמאָל אַ קינאָ, און מ׳האָט געוואַרט וואָס וועט זיין. די קאָוונער יידן האָבן געקוקט אויף אונדז ווי אויף נישט די זעלבע מענטשן ווי זיי. מיר זענען שוין געהאַט דורכגעגאַנגען דריי לאַגערן. דאָס רוב פון אונדז זענען געווען צעבראָכענע, יתומים און אלמנות. די ביסלעך זאַכן וואָס מיר האָבן מיט זיך געשלעפּט, זענען נישט דערפאָרן ביז קאָוונע און אַזוי האָבן מיר אויסגעזען אומבאַהאָלפענע, אָפּהענגיק פון דער הילף פון די קאָוונער יידן.

צווישן די קאָוונער יידן איז געווען אַ טייל, וואָס איז פאַרבליבן אויף זייערע ערטער פון אָנהייב מלחמה, צווישן זיי גאַנץ רייכע יידן, און פיל אַריינגעשיקטע פון ליקווידירטע געטאָס. אין קאָוונער געטאָ זענען געווען ווערקשטאַטן, אין וועלכע מען האָט געאַרבעט פאַר די דייטשן. אין די ווערקשטאַטן האָט מען אַ טייל זשעזשמירער יידן איינגעאָרדנט. זיי האָבן געאַרבעט ביי וואַשן וועש, פּרעסן, שטריקן, שלאָסערייַ, סטאָלערייַ און אַנדערע מלאכות. מיין שוועסטער איז אָנגעקומען וואַשן וועש. זי האָט פאַר דעם באַקומען עסן און געברענגט אויך פאַר מיר מיטן ברודערל.

שפּעטער האָט מען מיך מיטן ברודערל צוגענומען אין אַ קינדערהיים. דאָרט האָבן מיר באַקומען זייער גוט עסן. מ׳האָט אונדז געלערנט אַ פאַך, כדי מיר זאָלן האָבן אַן אַרבעטס־קאַרטע, און אויך אַנדערע לימודים. דאָס פאַך איז אויך נייטיק געווען כדי צו ווייזן, אַז מיר זענען אַרבעטספעיק, אין פאַל ווען עס קומט פאַר עפּעס אַן אַקציע, זאָלן מיר קענען ווייזן דאָס צעטל. עס איז געווען זייער אַ גוטע באַציאונג צו דער יתומים־היים. מען האָט אונדז געגעבן טייל פון די שפּייז, וואָס מ׳האָט צוגענומען ביי יידן ביים אַריינגאַנג אין געטאָ־טויער.

עס זענען געווען יידן וואָס האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ. זיי האָבן מיט טויט־שרעק, אָפּטמאָל דורך אַוועקגעבן זאַכן, באַקומען שפּייז פון פּויערים. אַמאָל פלעגט עס זיי געלינגען אַריינצוברענגען די שפּייז אין געטאָ, און אָפטמאָל, אַז עס איז געווען אַ שטאַרקע קאָנטראָלע פון דייטשן, האָט מען ביי יידן צוגענומען די פּראָדוקטן און זיי זענען נאָך געוואָרן מערדעריש געשלאָגן. די צוגענומענע

פּראָדוקטן האָבן די דייטשן איבערגעגעבן דער יידישער פּאָליציי און זי האָט פון דער שפּייז אויך אַ ביסל געגעבן דער קינדערהיים.

מ׳האָט אונדז געלערנט לייענען עברית, אויך שניידעריי. שפּעטער האָט מען אויך געגעבן פאָרשטעלונגען. אַזוי, צו ביסלעכווייז, האָבן מיר זיך צוגעוווינט צו די צרות. אין דער צייט האָבן די דייטשן פאַרשיקט אַ ביסל יידן אין אַ צווייטן לאַגער און דאָס געטאָ איז געוואָרן קלענער און ענגער. מיר, קינדער, זענען צעשיקט געוואָרן פון קינדערהיים צו באַקומען עסן ביי פרעמדע משפּחות און נישט איין מאָל זענען מיר געזעסן הונגעריק און נישט געוואָלט גיין צו פרעמדע יידן, אָבער אויך צו דעם איז מען געוואָרן צוגעוווינט. מיר זענען געשלאָפן אין זייער אַ גרויס ענגשאַפט: דריי אויף אַ קליין בעט. אין איין צימער זענען געווען פיר משפחות.

מיין שוועסטער איז געגאַנגען וואַשן וועש. מיך האָט מען געשיקט לערנען אין אַן „אָרט״־שול. אויך מיין ברודערל האָט זיך געלערנט שלאָסעריי. ביז אין איינעם אַ טאָג האָט זיך אַלץ געענדערט. עס איז געקומען די שרעקלעכע קינדער־אויסראָטונג, וואָס די דייטשן האָבן אָנגערופן „קינדער־אַקציע״.

דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט פאַר שרעק און פחד, זעענדיק די פּנימער פון די דייטשן. אין געטאָ איז געוואָרן א מהומה, מ׳איז געלאָפן זיך באַהאַלטן אין די „מעלינעס״. מיר זענען אויך געלאָפן צו די ווערקשטאַטן, וווּ נחמה האָט געאַרבעט. אָבער זיי זענען שוין געווען באַוואַכט און די גאַסן זענען געווען פאַרמאַכט.

אַן אויטאָ מיט אַ הילכער איז דורכגעפאָרן און האָט אָנגעזאָגט, אַז קיינער זאָל נישט זיין אויפן גאַס. דאַן זענען מיר אַלע אַריינגעלאָפן אין אַ צוויי שטאָקיק הויז. אַהין איז אויך געקומען מיין שוועסטער נחמה און מיר האָבן געוואַרט וואָס וועט ווייטער זיין. מ׳ר זענען אַריין אין אַ צימער און האָבן שוין קיינעם פון די איינוווינער נישט געטראָפן. די פענצטער פון דעם צימער זענען געווען אין דער ריכטונג פון הויפּט־שאָסיי, און פון דאָרט האָבן מיר געקענט זען אַלץ וואָס קומט פאָר. אָבער נחמה האָט מיך נישט צוגעלאָזן צום פענצטער, ווייל זי האָט געמיינט אפשר וועלן זיי נישט קומען צו אונדז, און אויב איך וועל אַרויסקוקן, קענען מיך די דייטשן זען.

מיר האָבן געהערט דאָס געוויין פון קינדער. מיר האָבן געזען ווי אַ מאַמע האָט געוואָלט גיין מיט איר קינד אין מאַשין, וואָס איז געשטאַנען אָנגעגרייט, און מ׳האָט זי מיט כוח אָפּגעריסן פון קינד און געטריבן צוריק אין שטוב. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט אין שרעקלעכן פחד. איך האָב זיך געטרייסלט פון שרעק. מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן אַן אָרט, ווו צו באַהאַלטן זיך.

מיין שוועסטער האָט מיך אַריינגעלייגט אין בעט און צוגעדעקט מיט קישנס אָבער מען האָט גלייך דערקענט, אַז ס׳איז ווער דאָ אין בעט. מיר זענען געווען אַזוי

צעטומלט, אַז צום סוף האָבן מיר באַשלאָסן וואַרטן אויפן גורל. און אַזוי זענען מיר געבליבן אין צימער מיט דער האָפענונג, אַז אפשר וועלן זיי נישט אַריינגייי אַהער. פלוצלונג האָבן מיר דערהערט טריט. אונדז איז שוין געווען באַקאַנט, אַז דאָס זענען די טריט פון די מערדער, די דייטשן.

איך האָב זיך געוואָלט ווייזן פאַר זיי, אַז איך בין נישט איבערגעשראָקן, אָבער אינעווייניק אין האַרצן האָט זיך אַלץ געטרייסלט. זיי זענען צוגעגאַנגען צו מיין ברודערל מאירקע און געהייסן אים גיין. אָבער ער האָט אָנגעהויבן וויינען און בעטן, אַז ער וויל בלייבן מיט זיין שוועסטער. נחמהן האָבן זיי נישט גענומען. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט און געבריקעט מיט די פיס, געשריגן, אָבער די דייטשן האָבן גענומען אונדז מיט כוח און אַריינגעטריבן אין דער מאַשין, וואָס איז געשטאַנען גרייט און געווען פאַרמאַכט ווי אַ וואַגאָן.

## אין אויטאָ, וואָס האָט געפירט די קינדער צום טויט האָט געשפּילט ראַדיאָ

אין דער מאַשין זענען געווען ווייניק קינדער. מען האָט אונדז געפירט. וווּהין האָבן מיר נישט געזען. אין מאַשין האָט געשפּילט ראַדיאָ. די געוואַלדן פון קינדער, מאַמעס און עלטערע מענטשן זענען געווען שרעקלעך. אויך מיר, איך מיט מיין ברודערל, האָבן געוויינט, און מאירקע האָט צו מיר געזאָגט: — ח״הלע, ראַטעווע דו זיך כאָטש, נחמה איז געבליבן אַליין.

די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער „אָרט״־שול, אין דעם הויז האָט זיך געפונען אויך אַ בית־כנסת, און ווי מ׳האָט געעפנט די טיר, האָב איך אָנגעהויבן בעטן זיך ביי די דייטשן: — „ליבער הער, איך בין אַרבעטספעציק, איך האָב אַן אַרבעטס־קאַרטע, ביטע לאָזן זי מיך אַרויס פון מאַשין״. דער דייטש האָט אַ געשריי געטאָן צו מיר: „גיי ראַוס!״ — און איך בין אַרויסגעלאָפן פון מאַשין. יאָ, אין יענעם מאָמענט האָב איך נישט געטראַכט, אַז איך לאָז מיין ליבן און איינציקן ברודערל איבער אַליין אויפן לעצטן וועג צום טויט. כ׳האָב פשוט נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַז איך דאַרף גיין מיט אים. ניין, כ׳האָב געוואָלט לעבן, נאָר לעבן.

אַזוי ווי די דייטשן האָבן מיך אַרויסגעלאָזט פון מאַשין, בין איך אַריין אין אַ צימער נישט ווייט פון בית־כנסת און געטראָפן דאָרט אַ פרוי. איר פנים איז געווען זייער בלאַס און צעשראָקן. כ׳האָב איר דערציילט, אַז די דייטשן האָבן מיך באַפרייט און אַרויסגעלאָזט פון מאַשין. איך וואָלט וועלן זיך באַהאַלטן; אונטערן בעט, האָט זי מיט אַ ציטעריק שטיל קול געזאָגט, אַז איר קינד איז באַהאַלטן דאָ אין בעט.

איך האָב זיך באַהאַלטן אונטער זאַכן, וואָס זענען געהאַנגען אויפן וואַנט. נאָך אַ ביסל צייט האָבן מיר געהערט שטימען פון אוקראַינער. זיי זענען אַריין אין צימער. מיך האָבן זיי גלייך געפונען, ווייל מיינע פיס האָט מען אַרויסגעזען. זיי האָבן מיך געטריבן פון די טרעפּ צו דער מאַשין, צו דער זעלבער מאַשין מיט דעם זעלבן דייטש און שפּילנדן ראַדיאָ. כ'האָב ווידער גענומען בעטן דעם דייטש: „ליבער הער, זי האָבן מיך פריי געלאָזן", האָט ער מיך ווידער פריי געלאָזט. ס'האָט זיך מיר אַליין נישט געגלויבט, אַז איך בין צוריק באַפרייט.

איך בין אַריין צוריק אין דעם צימער, געווען צעטומלט און נישט געקענט קומען צו זיך. כ'האָב נאָר געהערט הינט בילן. דאָס זענען געווען הינט מיט וועמענס הילף די דייטשן האָבן אָפּגעזוכט קינדער. ווען ס'איז שוין געווען אָוונט און אין בית־המדרש האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן יידן דאַוונען, האָב איך זיך נישט געטאָרט ווייזן אויפן גאַס. כ'בין צוגעגאַנגען צו אַ ייד, וואָס איז געקומען דאַוונען און כ'האָב אים געבעטן אָנזאָגן מיין שוועסטער, אַז איך האָב זיך געראַטעוועט פון מאַשין, זי זאָל קומען צו מיר.

טיף רירנד איז געווען אונדזער צוזאַמענטרעף. מיר האָבן זיך אַרומגענומען, געוויינט און געפרייט זיך. זי האָט מיך אַפילו נישט געפרעגט ווו עס איז אונדזער קליין ברודערל. זי האָט זיך געפרייט, וואָס זי זעט כאָטש מיך אַ לעבעדיקע. יאָ, אַזוי עגאָאיסטיש איז מען געוואָרן. דער אינסטינקט צו דערהאַלטן דאָס גרויליקע לעבן איז געווען אַזוי גרויס, דווקא ביי אַזוינע באַדינגונגען.

מיר האָבן געוואַרט ביז וואַנען עס איז פינצטער געוואָרן און די דייטשן האָט מען שוין נישט געזען. מיר זענען ביידע אַריין צוריק אין דעם צימער וו' עס זענען געווען פריער אַזויפיל מענטשן מיט קינדער. עס איז אין שטוב געראַב געוואָרן. אויך אונדזער בעט איז געוואָרן פריי... יאָ, אונדזער ברודערל האָט אונדז געפעלט... עס איז געווען טרויעריק אויף דער נשמה. ס'האָט זיך גאָרנישט געוויינט, נאָר דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט מיט שרעק. מ'האָט געזען, אַז די „אַקציע" האָט זיך נישט געענדיקט. די מאַשינען זענען געשטאַנען אָנגעגרייט אויף צו נעמען נאָך אומשולדיקע קרבנות.

אָפּטמאָל, אין מיטן נאַכט, ווען מען האָט געהערט, פּלוצים, אַ קול פון אַ קינד, האָט מען שוין געוווּסט, אַז מ'פירט דאָס קינד באַהאַלטן אין אַ „מעלינע". אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן, די דייטשן האָבן געוווּסט ווו צו געפינען די קינדער. געווען פאַלן, ווען יידישע פּאָליציאַנטן האָבן געהאָלפן די דייטשן צו אַנטדעקן די בונקערס. ס'איז אַפילו געשען, אַז אַ יידישער פּאָליציאַנט האָט נישט געוווּסט, אַז זיין קינד און פרוי געפינען זיך אין דעם בונקער, און ווען ער האָט אים אַנטדעקט, האָט ער דערזען זיין משפּחה.

# מיין שוועסטער באַהאַלט מיך אין אַ קאַרב פון וועש און איך ווער געראַטעוועט

די אַקציע איז פאַרגעזעצט געוואָרן אויך אויף מאָרגן אַ גאַנצן טאָג, ביז שפּעט ביינאַכט. אויפן צווייטן טאָג בין איך מיט מיין שוועסטער אַוועק אין די ווערקשטאַטן, ווו זי האָט געוואַשן וועש. זי האָט מיך ארייַנגעלייגט אין אַ קאָרב און פון אויבן צוגעדעקט מיט די וועש. דער קאָרב איז געשטאַנען אונטער אַ לאַנגן טיש, אויף וועלכן מען האָט געאַרבעט. מיר האָבן געהאָפט, אַז די דייטשן וועלן נישט גיין זוכן אין די ווערקשטאַטן, ווייל דאָס אָרט איז געווען נאָר פאַר ארבעטס־פעיקע. אָבער זיי האָבן געוווּסט און פאַרשטאַנען, אַז אויך דאָ קאָן מען געפינען קינדער, און זיי האָבן געפונען. זיי זענען דורכגעגאַנגען אַלע זאַלן, ווו ס'האָבן געאַרבעט טויזנטער מענטשן ביי פאַרשידענע פאַכן, ביז די רוצחים זענען אָנגע־קומען אויך צו דעם צימער, ווו איך האָב זיך געפונען. זיי האָבן געזוכט, אָבער מיך האָבן זיי נישט געפונען. כ'האָב נאָר געפילט, ווי איינער פון די דייטשן האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין קאָשעק מיט אַ פוס.

איך האָב אַלץ געהערט, וואָס עס קומט פאָר, כ'האָב דערהערט די דייטשישע שטים, ס'האָט מיך געוואָרפן פון שרעק אין דער דאָזיקער שטיקעניש, כ'האָב אָבער געמוזט שטאַרקן זיך און האָפן, אַז זיי וועלן מיך אויסמיידן.

ס'האָט נאָך געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז וואַנען איך האָב געקענט אַרויסגיין פון קאָרב. ווען די דייטשן זענען שוין נישט געווען אין די ווערקשטאַטן, האָט זיך נישט געגלויבט, אַז איך בין געראַטעוועט. מיין שוועסטער נחמה האָט מיך באַרואיקט און געזאָגט: „חיהלע, זיי זענען שוין נישטאָ די דייטשן, אָבער מוזט נאָך אַ ביסל וואַרטן". סוף סוף בין איך אַרויסגעגאַנגען און אָנגעהויבן שפּאַן אַ ביסל לופט. די פרייד און די ליבשאַפט צו מיר פון די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם צימער, איז געווען גרויס. כ'האָב אָבער אַ לאַנגע צייט נישט געקענט זיך באַרואיקן. ס'האָט זיך מיר אַלץ געדאַכט, אַז אָט לויפט מען נאָך מיר.

עס איז אַדורך די „קינדער־אַקציע" אין „אונדזער" געטאָ, די צוויי שרעק־לעכע טעג פון געראַנגל מיטן טויט. נישט לייכט איז געווען שפּעטער פאַרצווזעצן דאָס לעבן אין געטאָ. ערשט ווען עס איז שוין געוואָרן שטילער, האָט מען זיך געכאַפּט וואָס ס'איז דאָ פאָרגעקומען. אַ מאַמע האָט געשריגן: „ווו זענען מיינע קינדער?" אַ ברודער איז געבליבן אָן אַ שוועסטער, אַ שוועסטער — אָן אַ ברודער, וועלכן זי האָט געהאָדעוועט ווי אַ מאַמע, און מ'האָט זיך נישט געגלייבט אַליין, ווי האָט מען זיך געקענט אַליין ראַטעווען און דעם באַליבטסטן ברודערל לאָזן גיין צום טויט.

מיר איז געבליבן טיף איינגעקריצט אין זכרון די טיף־טראַגישע געשיכטע פון חנה ברוך הירש'ס. זי האָט געוווינט אין דעם זעלבן בלאָק מיט אירע

קינדערלעך און אין דעם טאָג ווען די רוצחים האָבן דורכגעפירט די קינדער־אויסראָטונג, זענען געווען אירע קינדער אַליין אין שטוב מיט מערקען און חיה־ליבע מעלצער. ווען חנה איז געקומען אַהיים פון דער אַרבעט האָט זי מער נישט געטראָפן אירע טייערע שיינע קינדערלעך. מיך האָבן דעמאָלט געשטיקט די טרערן, ווען איך האָב געקוקט אין פנים פון דער שיינער פרוי.

אַזוי האָבן אונדז די מערדער צעבראָכן און איבערגעלאָזט אָפענע ווונדן, וואָס וועלן קיינמאָל נישט אויסגעהיילט ווערן.

## חיה כץ—קזורער

# די קינדער־אויסראָטונג אין זשעזשמירער לאַגער

דעם 27.3.43 האָבן די דייטשן אין אַלע געטאָס און אין אַלע לאַגערן פון ליטווישן ראַיאָן דורכגעפירט די שוידערלעכע קינדער־אויסראָטונג, וואָס איז פאָר־געקומען אין דער זעלבער שעה אין אַלע ערטער, מיט דייטשישער פינקטלעכקייט, כדי מ׳זאָל נישט קענען אַרויסטראָגן און אויסבאַהאַלטן אַ קינד.

דער לאַגער אין זשעזשמיר, ווו איך בין געווען, איז געוואָרן אַרומגערינגלט. די רוצחים האָבן באַפוילן אַרויספירן אַלע קינדער. די מאַמעס זענען, פאַרשטענדלעך, אַרויס מיט די קינדער צוזאַמען. מ׳האָט זיי אַלעמען געפּאַקט אין די אויטאָס. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט מען אין אַלע איבעריקע לאַגערן צוגענומען די קינדער אַליין. נאָר ביי אונדז האָט מען גענומען צוזאַמען. מיין שוועסטערל איז אויך געווען אין דעם עלטער, וועלכן די דייטשן האָבן באַשטימט צום אויסראָטן. צו אירע 12 יאָר האָט זי נאָך געהאַט זייער אַ קליינעם וווּקס. מ׳האָט זי, פאַרשטענדלעך, גלייך צוגענומען און איך בין געגאַנגען צוזאַמען מיט איר.

ווען זי איז שוין געזעסן אין לאַסט־אויטאָ און איך האָב זיך אַרויפגעקליבן אויף די טרעפּלעך, כדי אַרויפצוגייןן, האָט מיך דערזען דער לאַגער־פירער — דער „הייזעריקער". ער האָט גלייך גענומען שרייען אויף מיר, וואָס איך טו דאָרט. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך בין מיט מיין קלענערער שוועסטער. ווען דער ס.ס.־מאַן האָט זיך אָפּגעקערט, האָט ער געגעבן צו מיר אַ געשריי: „נעם דיין שוועסטער, און שוין גיי אַוועק פון דאַנען, דיין פוס זאָל דאָ נישט זיין". אַזוי זענען מיר געראַטעוועט געוואָרן פון טויט.

אַריינגייענדיק אין לאַגער האָב איך מיין שוועסטער אָנגעטאָן אין אַ לאַנג קלייד און איר געמאַכט אַ ווילדע, הויכע פריזור. און אויף די פיס געגעבן אַ פּאָר שיך אויף הויכע קנאַפּל. אַזוי האָט מען זי אַוועקגעשטעלט צווישן די גרויסע.

ווען די דייטשן זענען דורכגעגאַנגען צווישן די נאַרעס, אַ קוק טאָן, צי מען האָט נישט באַהאַלטן קיין קינדער, האָט אַ דייטש דערזען מיין שוועסטער. ער האָט זיך שטאַרק צעלאַכט. ווייזט אויס, אַז זי האָט זייער קאָמיש אויסגעזען און האָט אַ מאַך געטאָן אויף איר מיט דער האַנט, ווי מען זאָגט: זאָל זי שוין בלייבן.

דעם זעלבן טאָג איז אין לאַגער דערשאָסן געוואָרן אַ בחור פון סוויר, וועלכער האָט געהייסן לייזער גאַבי. אין יענער צייט איז געווען אַ שוואַכע פאַרבינדונג מיט פאַרטיזאַנער. וועגן זיי האָבן נאָך זייער ווייניק מענטשן געוווּסט. דאָס איז געווען אַ סוד. מ׳האָט געקליבן געלט און מ׳האָט געוואָלט קויפן געווער. לייזער גאַבי איז געווען איינער פון די איניציאַטאָרן. ער האָט שוין געהאַט ביי זיך אַ ביסל געווער, און ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די קינדער־אויסראָטונג און עס זענען אַדורכגעפירט געוואָרן רעוויזיעס, האָבן די דייטשן געפונען געווער. נאָך אַ שטרענגער אויספאָרשונג האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז דאָס געהערט צו גאַבי. ער איז געווען באַהאַלטן. די מערדער האָבן אים אויסגעפונען, אַרויסגעצויגן אויפן מיטן הויף און דערשאָסן.

ווען עס איז אַדורך דאָס גרויסע אומגליק, האָט מען באַמערקט, אַז אין לאַגער זענען פאַרבליבן 6 קינדער ביז 5 יאָר אַלט. זיי האָבן זיך אַליין אויסבאַהאַלטן, ווען זיי האָבן דערהערט פון דער „אַקציע". זייערע מוטערס האָבן נישט געוווּסט ווו די קינדער געפינען זיך. אַ מיידעלע פון 4 — 5 יאָר, גאָלדעלע ראַבינאָוויטש, איז גע־שטאַנען די גאַנצע צייט אונטער אַ הענגער מיט זאַכן און האָט קיין איין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. די מוטער האָט אַפילו נישט געוווּסט, ווו זי איז. ווען מען האָט וועגן דעם געמאָלדן דעם דייטשן לאַגער־פירער, לייטענאַנט קרומנע, האָט ער געזאָגט: „אַזוי ווי דער לאַגער איז איצט ריין פון קינדער, מוז ער מעלדן וועגן דער אָפּגעפונענער, און דערביי צוגעגעבן: „אויב עמעצער וויל, אָדער קען, זאָל ער דורך דער נאַכט אַרויספירן די קינדער פון לאַגער".

די געגנט איז געווען אונדז אומבאַקאַנט און מ׳האָט די קינדער נישט אַרויס־געפירט; זענען זיי אויף מאָרגן אינדערפרי צוגענומען געוואָרן דורכן ס.ס.־מאַן קייטעל. ער איז געקומען מיט אַ טעקסי און האָט די קינדער אַריינגעזעצט אינע־ווייניק. צו די ווײנענדיקע מוטערס האָט ער געזאָגט מיט געלעכטער: „טוט זיי ווארעם אָן, זיי זאָלן זיך נישט דערקעלטערן!" אָפּפאָרנדיק אַ פּאָר ק״מ פון שטעטל האָט ער זיי דערשאָסן — אַזוי האָבן דערנאָך דערציילט די פּויערים.

בעת דער קינדער־אויסראָטונג האָבן די דייטשן גענומען אויך פון לאַגער מאַמעס מיט די קינדער, און יונגע, וועלכע האָבן שלעכט אויסגעזען. אַזוי איז אַוועק צוזאַמען מיט די קינדער: שרה־מלכה סאלאַדוכאַ מיט איר טאָכטער מירקע. די טאָכטער איז געווען זייער יונג, נאָר האָט געהאַט אַ קרענקלעכן אויסזען. די עלטערן זענען געווען צעשיידט. די מאַמע האָט אַוועקגעגעבן אירע יונגע יאָרן פאַר דער טאָכטער.

שעפּסל קאַפּלאַן

# געפּייניקטע ייִדן לויפֿן צו די פּאַרטיזאַנער

נאָך דער קינדער־אַקציע אין קאַשידאָרער לאַגער זענען ייִדן אַנטלאָפֿן אין וואַלד און זיך אָנגעשלאָסן אין דער ליטווישער פּאַרטיזאַנישער בריגאַדע „סוואָבאָדנאיא ליטווא". דאָס אַנטלויפֿן איז פֿאָרגעקומען אין מיטן העלן טאָג פֿאַר די אויגן פֿון די דייטשע וואַכן, וואָס האָבן געהיט די לאַגערניקעס ביי דער אַרבעט. די לאַגער־אַרבעטער זענען געווען איינגעטיילט אין פֿאָלגנדע בריגאַדעס: טאָרף־גרעבערס, באַן־אַרבעטערס און וואַלד־בריגאַדעס, וואָס האָבן געאַרבעט ביים אַרונטערלאָזן ביימער. די וואַלד־בריגאַדע האָט איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט פּאַרטיזאַנער פֿון די אַרומיקע וועלדער און נאָך אַ משא ומתן איז אין מערץ 1944 געקומען אַן אָפּטיילונג פּאַרטיזאַנער מיט אַ באַשלוס פֿון זייער קאָמאַנדיר מיטצונעמען אַ טייל לאַגערניקעס פֿון קאַשידאָר און איינשליסן זיי אין דער ליטווישער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג.

בליצשנעל האָט די וואַלד־בריגאַדע צעשיקט שליחים צו אַלע אַרבעטנדיקע לאַגערניקעס מיט דעם אָנזאָג תיכף צו קומען אויף אַ באַשטימטן אָרט אין וואַלד. אויף אַ כאַאָטישן אופֿן, נישט אָרגאַניזירט, האָבן די לאַגערניקעס פֿאַרלאָזן זייערע אַרבעטס־פּלעצער און גענומען לויפֿן אין וואַלד. צוליב דעם, וואָס טייל האָבן בכלל נישט געוווּסט וואָס דאָ קומט פֿאָר, האָט זיך דער כאַאָטישער געלויף פֿאַרגרעסערט. מ׳איז געלאָפֿן אין וואַלד און צו די משפּחות אין לאַגער. די דייטשע שומרים, צעטומלטע פֿון דער נישט געוויינלעכער דערשיינונג, האָבן שנעל צונויפֿגענומען דעם רעשט אַרבעטער, כדי זיי אָפּצופֿירן צוריק אין לאַגער. די וואַלד־בריגאַדע האָט אַנטוואָפֿנט די דייטשן און זיי מיטגעפֿירט מיט זיך. אויפֿן צווייטן טאָג האָט מען די דייטשן באַפֿרייט. אָן געווער האָבן זיי זיך צוריקגעקערט אין לאַגער.

די פֿאַרבליבענע 300 ייִדן האָט מען איינגעשפּאַרט אין די באַראַקן און זיי אַרומגעשטעלט מיט אַ פֿאַרשטאַרקטער וואַך. דריי מעת־לעת זענען די לאַגער־מענטשן געווען פֿאַרשפּאַרט אָן עסן און אָן וואַסער. אַפֿילו די מענטשלעכע באַדערפֿענישן זענען דערליידיקט געוואָרן אין די באַראַקן. אויפֿן פֿערטן טאָג איז פֿון קאָוונע געקומען אַ זאָנדער־קאָמאַנדע צו ליקווידירן די 300 ייִדן.

איר רוצחישע טעטיקייט האָט די זאָנדער־קאָמאַנדע אָנגעהויבן פֿון ייִדישן לאַגער־עלטסטן ראַט, אַ טשעכישער ייִד, רעקאָמענדירט פֿון קאָוונער יודענראַט. ראַט האָט אויסגעפֿירט פּינקטלעך אַלע אָנווייזונגען פֿון קאָוונער ייִדנראַט, נישט אָפּשטעלנדיק זיך אַפֿילו פֿון אויסקלויבן צען ייִדן און שיקן זיי אויף אַ זיכערן טויט, זיי זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אויפֿן 9־טן פֿאָרט צו פֿאַרברענען די דערמאָרדעטע ייִדן. צווישן די 10 ייִדן האָט זיך געפֿינען אַן אייניקל פֿון באַוווּסטן דרשן און

מחבר משה ידבר. זיין אייניקל איז אין לאַגער געווען באַליבט ביי די רעליגיעזע ייִדן. פאַר זיינע שמועסן בין מנחה למעריב יעדן שבת.

די דייטשן האָבן ראָטן באַשולדיקט אין אויסבאַהאַלטן פון דער לאַגער־מאַכט דאָס אַנטלויפן פון די 50 מאַן. דער אָנפירער פון דער זאָנדער־קאָמאַנדע האָט שרעק־לעך געפייניקט דעם לאַגער־עלטסטן, אויסגעריסן אים די האָר פון קאָפּ און אים מערדעריש געשלאָגן. נאָר ראָטס אַטלעטיש שטאַרק געבויטער קערפּער האָט עס גע־קענט אויסהאַלטן אַזעלכע פּיין און קלעפּ.

צוזאַמען מיט דעם לאַגער־דאָקטער ראַדאַנסקי איז ראָט אָפּגעשיקט געוואָרן אויפן 9־טן פאָרט. ד״ר ראַדאַנסקין האָבן די דייטשן דערשאָסן. ראָט איז אין אייניקע טעג אַרום באַפרייט געוואָרן און געקומען אין אַלעקסאָט.

צוזאַמען מיטן הויפּט־תלין פון דער זאָנדער־קאָמאַנדע איז ראָט געגאַנ־גען איבער אַלע באַראַקן און האָט איבערגעזעצט אין ייִדיש די באַפעלן: „אין צען מינוט צייט אַרויסצוגעבן דאָס באַהאַלטענע געווער, אויב דאָס וועט נישט געשען, וועט איר אַלע דערשאָסן״.

„עס איז אייך געבליבן געציילטע מינוטן צו לעבן, גיט אַרויס דאָס געווער, אויב נישט וועט איר דערשאָסן דאָ אויפן אָרט״ — האָט געריטשעט דער דייטש און ראָט האָט דאָס איבער־געזעצט אויף ייִדיש.

נאָך די 10 מינוט האָט די גאַנצע באַנדע זיך צעשאָטן איבער די באַראַקן און מיט רוצחישע קלעפּ אַרויסגעטריבן אַלעמען פון די באַראַקן אויפן הויף צום אַפּעל. טייל פון דער באַנדע זענען אַריין אין די באַראַקן און גענומען נישטערן אין אַלע ווינקלען. זיי האָבן אויפגעריסן די פּאָדלאָגעס, איבערגעקערט און צעבראָכן די נאַ־רעס, צעריסן די שעניקעס און קישנס, אָבער אויסער אַ פלאַש סאַמאָגאָן האָבן זיי גאָרנישט געפונען.

מיט דער פלאַש סאַמאָגאָן האָט דער הויפּט־תלין צעשפּאָלטן דעם קאָפּ פון אַ קאָוונער ייִדן, וואָס האָט זיך מודה געווען אַז דאָס איז זיין געטראַנק. מיט ווילדער רציחה האָבן די רוצחים זיך געוואָרפן אויף די ייִדן, מענער און פרויען, געשלאָגן מיט די קאָלבעס פון זייערע ביקסן און מיט גראָבע דובינעס איבער די קעפּ פון די האַלב טויטע לאַגערניקעס. ס׳האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אַזוינע גרוילעכע סצענעס, וואָס ס׳איז אוממעגלעך מיט ווערטער איבערצוגעבן.

נאָך צוויי שעה מוראדיקע עינויים האָט מען אַלעמען אַוועקגעפירט דריי קילאָ־מעטער פון לאַגער, אויף אַ פעלד ווו עס איז געווען אַ זייטיקע באַן־ליניע. דעם גאַנצן וועג האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו שלאָגן און שיסן איבער די קעפּ פון די לאַגערניקעס. מען האָט אונדז אַריינגעטריבן אין פאַרקראַטעוועטע משא־וואַגאָנעס און אַוועקגעפירט אין דער ריכטונג פון טויטן־לאַגער שאַנץ, 9טער פאָרט.

קיין לעבעדיקער פון דעם לאַגער איז שוין קיינער נישט אַרויס. דער פיזיש שטאַרקסטער מאַן האָט אויסגעהאַלטן העכסטנס אַ חודש. אָבער דאָ איז געשען עט־

וואָס אומנאַטירלעכעס אויף וואָס קיינער פון אונדז האָט זיך נישט גער־כט. אין מיטן וועג האָט דער צוג מיט די וואַגאָנעס זיך פאַרהאַלטן. עס האָט זיך געביטן די וואַך און דער צוג האָט געביטן זיין ריכטונג. אויסגעלאָדן האָט מען אונדז אין געפאַנגען־לאַגער אַלעקסאָט, ביים פּלי־פּלאַץ, 7 קילאָמעטער פון קאָוונע.

וועלכער געהיימער כוח עס האָט אונדז לעבעדיקע אַרויסגעפירט אויף אלעק־סאָט, איז נאָך ביז היינט נישט קלאָר. קאָוונער יידן, מקורבים פון יידן־ראַט פלעגן דערציילן, אַז די אומדערוואַרטעטע ווענדונג איז געקומען אַ דאַנק דער אינטער־ווענץ פון קאָוונער יודענראַט, וואָס האָט מיט פאַרשידענע מיטלען געווירקט אויפן פאַרטרעטער געקען (געקע איז אָבער דעם טאָג נישט געווען) מען זאָל די 300 קאשי־דארער יידן אַוועקשיקן אין אלעקסאט צייטווייליק ביז אַ צווייטער פאַראָרדענונג. וויפל אמת עס שטעקט אין דער ווערסיע איז נישט באַוווסט, גיכער לייגט זיך אויפן שכל, אַז דער לאַגער אַלעקסאָט האָט זיך גענייטיקט אין יידישער שקלאַפן־אַרבעט, האָט מען דערווייל אויפגעהאַלטן די אויסראָטונג פון די יידן פון קאַשידאָרער לאַגער, וועמענס אומקום גורל איז שוין געווען געחתמעט.

## פיין און אויסראָטונג אין לאַגער אַלעקסאַט

ווען מיר, אָלשאַנער, זענען אָנגעקומען אין אַלעקסאָט האָבן מיר שוין דאָרט געטראָפן ביי 1.000 קאָשארירטע יידן, מענער און פרויען פון קאָוונער געטאָ.

איינקוואַרטירט האָט מען אין די קאַזאַרמעס פון ליטווישן מיליטער. איידער די יידן זענען אַהין געבראַכט געוואָרן האָבן אין די קאַזאַרמעס זיך געפונען צענ־דליקער טויזנטער רוסישע געפאַנגענע זעלנער, וואָס זענען אַלע אומגעקומען פון הונגער און שווערער אַרבעט, דערשיסונגען און כלערליי אַנדערע מיתות משונות. אין די קאַזאַרמעס האָט זיך געפונען אַן עקזעקוציע־פּלאַץ, אַ וואַנט צו דערשיסן

אַלע ווענט אין די צימערן און די הילצערנע 3־שטאָקיקע נארעס זענען געווען פאַרשריבן אין דער רוסישער שפּראַך. די אויפשריפטן האָבן דערציילט וועגן שרעקלעכן הונגער־טויט, גרויזאַמע עינויים, עקזעקוציעס דורך שיסן און הענגען, וועגן זאָרג פאַר דער היים און משפחות און אויפשריפטן, וואָס האָבן גערופן צו נקמה פאַרן אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט.

אַלעקסאָט, ביים פּלי־פּלאַץ נעבן קאָוונע, האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די ערגסטע לאַגערן אין ליטע, צוליב דער שווערער קאַטאָרגע־אַרבעט אויפן פּלי־פּלאַץ, און צוליב די צוויי לאַגער־פירער, וואָס זענען געווען מערדער און סאַדיסטן. געווען דאָרט 2 אָפּטיילונגען באַזונדער פאַר מענער און פאַר פרויען. 12 שעה אין טאָג האָבן מיר געאַרבעט ביים אויסלאָדן און אָנלאָדן וואַגאָנעס שטיינער און אַנדערע שווערע מאַטעריאַלן. דייטשע זעלנער זענען געשטאַנען, געהיטן און נישט געלאָזט אויפהויבן דעם קאָפּ. כאַר אויסגלייכן דעם איינגעבויגענעם רוקן האָבן די דייטשן מערדערלעך געשלאָגן.

דער לאַגער־פירער פאַר מענער איז געווען דער עס. עס.־מאַן מיאַ. קאָוונער יידן האָבן אים גערופן מיט אַ צונאָמען „לייבעלע פליס״. ער האָט געהאַט אַ סטאַזש פון זיין מערדערישער טעטיקייט אין לאַגערן. ער איז געווען אַ בלוט־דורשטיקע חיה אויף צווי פיס. 4 מאָל אין טאָג, ביי יעדן אַפּעל און סתם ביי יעדער געלעגנהייט, האָט „לייבעלע פליס״ מערדערלעך צעשלאָגן צענדליקער יידן. ער האָט אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז דער קרבן איז געבליבן באַוווּסטלאָז אין אַ קאַלוזשע בלוט.

די זעלביקע אייגנשאַפט האָט פאַרמאָגט אויך זיין געהילפין, די דייטשע לאַגער־פירערין פאַר פרויען, וואָס האָט ביי די יידן באַקומען דעם צונאָמען „שרה קאָפּ״. ווי אַ צערייצטע צויג פלעגט זי ביי יעדן אַפּעל כוואַשטשען מיט איר שפּיצרוט, וואָס זי האָט שטענדיק געטראָגן מיט זיך, איבער די קעפּ און פּנימער פון די פרויען, וועלכע זענען מיט צעפּאַסעווּעטע, צעבלוטיקטע פּנימער געטריבן געוואָרן צו דער אַרבעט. דאָס אייגענע האָט זיך איבערגעחזרט ביים צוריקקומען פון דער אַרבעט. מיט די לעצטע כוחות האָבן די צעשעטקעווּעטע פרויען זיך קוים דערשלעפּט צו זייערע נאַרעס.

אַ חוץ פרויען און מענער זענען אויך אין לאַגער געווען קינדער, וואָס זענען געוואָרן פונאַנדערגעטיילט — יינגלעך מיטן פאָטער, מיידלעך מיט דער מוטער. אין משך פון אַ חודש צייט, וואָס איך בין געווען אין אַלעקסאָט, האָב איך מיין פרוי און טאָכטער נישט געזען. פאַר באַזוכן אַ פרוי אָדער פאַרקערט האָט „לייבעלע פליס״ געקאַטעוועט ביז חלשות. אפילו ביים באַגעגענען זיך מיט אַ פרוי האָט מען נישט געטאָרט זיך אָפּשטעלן און אויסרעדן אַ פּאָר ווערטער. ווען נישט דאָס פאַרהעלטנישמעסיקע גוטע עסן, וואָס מיר פלעגן באַקומען, וואָלט קיינער נישט אויסגעהאַלטן אַפילו אַ חודש די דאַזיקע פּייניקונג און שווערע אַרבעט.

פאַר דעם חודש צייט, וואָס מיר זענען געווען אין אַלעקסאָט, איז דאָס עסן געווען געשמאַק און געדיכט. אָט דער רוצחישער לאַגער־פירער האָט פון אַלע לעגאַלע און אומלעגאַלע ערטער געשלעפּט פּראָדוקטן פאַר דער קיך און שטרענג אָפּגעהיט, אַז די פּראָדוקטן זאָלן אַריין אין קעסל און נישט צעגנבעט ווערן. הוץ דעם האָט ער שטענדיק געזאָרגט, אַז ס׳זאָל זיין אַ זאַפּאַס טרוקענע האָלץ צום קאָכן, כדי דאָס עסן זאָל זיין צו דער צייט.

צו דעם צוועק האָט ער אויסגעזוכט ערטער, ווו נאָר עס געפינט זיך טרוקענע האָלץ, און ביינאַכט איז ער מיט אַ גרופּע לאַגערניקעס אַוועק ברענגען אויף מאַשינעס דאָס האָלץ פאַר דער קיך. פאַר גוט אויספירן די גנבה, פלעגט ער גוטברודעריש קלאַפּן איבער די פּלייצעס. אָך און וויי איז געווען צו די באַטייליקטע, ווען די גנבה האָט זיך נישט איינגעגעבן.

# דער טויטן־מאַרש און דאָס לויפן אין וואַלד

אָנהויב מאַי 1944 האָבן די דייטשן, פון די 300 יידן אין אַלעקסאָט, 250 פער זאָן אַריבערגעפירט אין לאַגער ראַודאָמפּלינע, ביי קאָזלאָווע רודע.

דער טארף־לאַגער ראַודאַמפּלינע (אונדזער לעצטער לאַגער פאַר דער באַפרייונג,) איז געלעגן פאַררוקט טיף צווישן ריזיקע שטחים אוראלטע וועלדער, ווייט פון אַ מענטשלעכן ישוב. פון דאַנען זענען מיר אין דריי חדשים אַרום נאָך אונדזער אָנקומען, אַנטלאָפן אין וואַלד און שפּעטער באַפרייט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי, איבערלאָזנדיק אין די וועלדער צענדליקער טייערע קרבנות, ווי: מיין פרוי — בוניע קאַפּלאַן, זעלדע סאלאדוכא פון אָלשאַן, חנה און לאה ברודנע און צוויי שוועסטער פון סמארגאַן. זיי זענען דערמאָרדעט געוואָרן ביים אַנטלויפן אין וואַלד אַריין. צענדליקער פון קאָוונע און אַנדערע שטעטלעך צווישן זיי — אליהו קאָזלאָווסקי פון אָלשאַן זענען געכאַפּט און דערמאָרדעט געוואָרן פון א. ק.־אָטריאַד אויפן שוועל פון דער באַפרייאונג.

דעם אויסוואַל צו שיקן די קאָשידארער אין ראַודאמפּלינע, האָט געמאַכט דער יודענראַט פון קאָוונע, ווייל ער האָט געדאַרפט צושטעלן אַזאַ צאָל יידן, נאָכדעם ווי די סאָוויעטישע געפאַנגענע, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט, זענען ביזן לעצטן אויסגעמאָרדעט געוואָרן.

אין יענעם מאָמענט זענען מיר געווען דאַנקבאַר דעם יודענראַט, כאָטש מיר האָבן געוווסט אַז זיי טוען דאָס נישט צוליב דעם, אַז מיר זאָלן פּטור ווערן פון גיהנום אַלעקסאט, נאָר ווייל די קאָוונער יידן האָבן אין אָנבליק פון דער אַזוי־בולטער רעשיקער מפּלה פון די דייטשן זיך אַקעגנגעשטעלט צו פאָרן אין ראַודאמפּלינע און ליבערשט געוואָלט פאַרבלייבן אין געטאָ. דער יודענראַט ווידער האָט אין יענער צייט שוין נישט געוואָלט איינרייסן מיט די רעשט יידן פון געטאָ, אַזוי אַרום זענען יידן פון קאשידארער לאַגער געוואָרן דער שעיר לעזאזל מיט וועמען דער יודענראַט האָט אויסגעפילט דעם ליידיק געוואָרענעם לאַגער ראודאמפּלינע.

מיר זענען אָבער געווען צופרידן מיט דעם, וואָס מיר ווערן פּטור פון, די דייטשע רוצחים, וועלכע מיר האָבן גערופן פאַרשטעלט: „לייבעלע פּליס" מיט זיין געהילפין שרה קראַפּ און פון די בלוטיקע מאסאקרעס, וואָס זיי פלעגן טאָג־טעגלעך דורכפירן, באַזונדערס איבער די קאשידארער.

ווען די דייטשן האָבן אונדז געבראַכט אין טארף־לאגער ראודאַמפּלינע האָט מען אונדז אַריינגעטריבן אין הילצערנע באראקעס, וואָס זענען געווען אַרומגעצאָמט מיט טאָפּלטן צוים פון שטעכיקע דראָט. די ווענט אין די באַראַקעס מיט די הילצערנע נאָרעס זענען געווען פּאַרפּלייצט מיט וואַנצן. פאַר אונדז האָבן דאָרט גע־

לעבט רוסישע געפאַנגענע. אַלע ווענט און די ברעטער פון די נאַרעס זענען געווען פאַרשריבן מיט האַרצרייסנדיקע אויפשריפטן, וואָס האָבן דערציילט וועגן די שרעקלעכע ענויים, מיט וועלכע די געפאַנגענע זענען געפּייניקט געוואָרן, וועגן קראַנקהייט, הונגער און טויט דורך עקזעקוציעס. ס'איז פאַר אונדז אַלעמען געווען קלאָר, אַז אונדז דערוואַרט נישט קיין בעסערער סוף.

דער רעזשים אין ראודאמפּלינע איז געווען לייכטער ווי אין אַלעקסאָט, דאָס עסן אַ סך ערגער. אין מאַי 1944 האָט מען געבראַכט פון ווילנע נאָך 50 מענטשן. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין גראָבן און טריקענען טאָרף. אויף ריזיקע טאָרף־שטחים, נישט ווייט איינער פון דעם צווייטן, זענען געשטאַנען דריי מאַשינען וואָס פֿלעגן קנעטן, פּרעסן און שניידן אויף ציגל דעם איבערגעמאָלטן טאָרף, וועלכן מען האָט אַוועקגעטראָגן צום טריקענען.

אין אָט דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל האָט זיך אָפטמאָל געדאַכט אַז מען וועט אין אונדז פאַרגעסן און אונדז אַזוי איבערלאָזן ביז צו דער באַפרייאונג. אויסגעלאָזן אָבער האָט זיך אינגאַנצן אַנדערש.

אין מיטן אַ העלן טאָג פון יולי 1944, האָט מען אונדז פלוצלים אַוועקגענומען פון דער אַרבעט, געבראַכט אין לאַגער אויף אַן אַפּעל, און דער דייטשער לאַגער־פירער האָט אונדז געמאָלדן, אַז מיר מוזן תיכף אָפּמאַרשירן קיין קאָוונע. עס איז אונדז דערלויבט געוואָרן מיטצונעמען אַ קליין האַנט־פּעקל, די איבעריקע זאַכן בלייבן אין לאַגער. אין משך פון עטלעכע מינוט האָבן אַלע, אַפילו קראַנקע געמוזט זיין גרייט צום אָפּמאַרש.

עס האָבן אונדז אַרומגערינגלט 70 באַוואָפנטע דייטשן, אוקראַינער און ליטווישע זעלנער. פאַרן אָפּמאַרש האָט דער לאַגער־פירער געמאָלדן, היות ווי אויף די וועגן און אין די וועלדער גראַסירן באַנדיטן (געמיינט פאַרטיזאַנער), באַפעלט ער, אַז ביי יעדער פאַרדעכטיקן גערויש, אָדער אַ שאָס פון אַ ביקס, וואָס מיר וועלן דערהערן, מוזן מיר אַלע זיך לייגן אויף דער ערד מיטן פּנים אַראָפּ. פאַר נישט פאָלגן דעם באַפעל וועט מען אויפן אָרט דערשיסן.

איינגעטיילט צו 4 רייען — די פרויען פאָרויס, די מענער הינטן, האָט זיך אָנגעהויבן דער לעצטער מאַרש. געטריבן האָט מען אונדז דורך אַ וואַלד מיט אַ זאַמדיקן וועג, העכער 20 קילאָמעטער פון אַ באַן־סטאַציע. דער טאָג איז געווען אַ זייער הייסער. דער שוויס, אויסגעמישט מיט שטויב, האָט זיך געגאָסן איבערן גאַנצן קערפּער, באַדעקט דאָס פּנים, גערונען איבער די אויגן און פאַרשטעלט די שיין. דריי מעטער פאַר אונדז האָט מען גאָרנישט געזען.

די פאַרדעכטיקטע האַלטונג פון יידישן לאַגער־עלטסטן, ד״ר בליאַסבערג, וואָס האָט אין דעם פרימאָרגן זיך צוריקגעקערט פון קאָוונע מיט אַ מחנה דייטשן, אוקראַינער און ליטווינער, האָט די שפּאַנונג נאָך מער פאַרגרעסערט. שטענדיק ווען ער פלעגט קומען פון קאָוונע, האָט ער אונדז דערציילט די דאָרטיקע גליקן. דאָס־

מאָל האָט ער זיך געהאַלטן פון ווייטן, מיט קיינעם אַ וואָרט נישט אויסגערעדט. ד״ר בליאסבערג, ווי דער פּאַרטרויונגס־מענטש פון קאָוונער יודענראַט, האָט גוט געוווּסט, אַז אין דאָרטיקן געטאָ טוט זיך חושך: די יידן זענען צונויפגעטריבן אויף איין פּלאַץ, דאָס געטאָ ווערט ליקווידירט, די הייזער ווערן אויפגעריסן צוזאַ־מען מיט די מענטשן, מען לויפט ווי די אויגן טראָגן, יידן ווערן דערשאָסן אין די טויזנטער. פון דעם אַלעמען האָט ד״ר בליאסבערג געוווּסט אָבער קיין וואָרט נישט דערציילט.

אין פאַרלויף פון מאַרש האָט ד״ר בליאסבערג זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט. דאָס האָט באַשטעטיקט אונדזער פאַרדאַכט, אַז ער קלייבט זיך צו אַנטלויפן צוזאַמען מיט אייניקע באַגלייטער, מיט וועלכע ער האָט זיך געהאַלטן. ער איז טאַקע אומבאַ־מערקט פאַרשוווּנדן. (נאָך דער באַפרייונג איז ער צוריקגעקומען קיין קאָוונע). פאַר יעדן פון די דריי הונדערט יידן איז געווען קלאָר אַז ד״ר בליאסבערג האָט אונדז פאַרקויפט, מיר גייען אין לעצטן וועג, מען מוז זיך ראַטעווען, אַנטלויפן אין וואַלד אַריין.

אין פאַרלויף פון דעם דריי שעהדיקן מאַרש און אויך שפּעטער, בעת די 10 מינוט אָפּרו, וואָס די שומרים האָבן דערלויבט, האָט אַ באַדייטנדיקער טייל זיך צונויפגערעדט און באַשלאָסן אויסצונוצן דעם גינסטיקן בין השמשות און אָנהויבן לויפן אין וואַלד פון רעכטס און פון לינקס. ווי טייער דאָס אַנטלויפן זאָל נישט קאָסטן, וועלן דאָך אייניקע באַוויזן צו ראַטעווען זיך. אין דער צייט פון דעם אָפּרו, האָט יעדער זיך פאַראייניקט מיט זיין משפחה, און אין ווייטערדיקן מאַרש געגאַנגען צוזאַמען. דאָסמאָל האָבן די דייטשן נישט געשטערט. מען האָט אויך נישט פאַרגעסן זיך צוזאַמענצורעדן ווו זיך צו טרעפן אין פאַל מען וועט ביים לויפן זיך פאַרלירן. יצחק סאָלאָדוראַ איז געלונגען בעתן מאַרש זיך צונויפצורעדן מיט צוויי אוקראַאינער, שומרים, וואָס האָבן געדינט די דייטשן און האָבן געוווּסט, אַז עס דער־נענטערט זיך זייער סוף — האָבן זיי פּלאַנירט צו אַנטלויפן, צוזאַמען מיט אַ טייל יידן אין וואַלד אַריין צו די פּאַרטיזאַנער.

אין ווייטערדיקן מאַרש, בערך אויפן צענטן קילאָמעטער פון לאַגער, אין אַן אָרט ווו דיביימער זענען געווען געדיכט און ווען די זון האָט געגומען פאַרגיין, האָבן די צוויי אוקראַאינער אויסגעשאָסן. עס האָט זיך דערהערט אַ געשריי: הורא אַ סימן, אַז מען זאָל אָנהויבן צו לויפן. ספּאָנטאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־געלויף איןביידע זייטן פון וואַלד. צעשראָקענע פאַר אַן איבערפאַל פון פּאַרטיזאַנער, האָבן די דייטשן זיך צעלייגט אויף דער ערד און געעפנט אַ שיסעריי. צוזאַמען מיט די דייטשן האָבן זיך צעלייגט אַ טייל יידן, וועלכע האָבן נישט געוואגט לויפן אָדער האָבן נישט געוווּסט, אַז אַנדערע האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן.

בערך צען מינוט האָט געדויערט די שיסעריי. ווייזט אויס, אַז די דייטשן האָבן זיך איבערצייגט, אַז די שיסעריי איז אַן איינזייטיקע. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן און באַפוילן אויך די אַנדערע אויפצושטיין און די יידן ווייטער געטריבן.

אַ וואָך צייט נאָכן אַנטלויפן אין וואַלד האָבן מיר די אַנטרונענע זיך צונויפגע־זאַמלט אויפן אָפּגערעדטן פּלאַץביים טאָרף, און גענומען דאָרט אָרגאַניזירן אַ מחנה.

די אויפגאַבע פון פאַרזאָרגן די מחנה פון 150 מאַן מיט אַ מינימום ברויט, האָבן גענומען אויף זיך: ירחמיאל גערשאָוויטש, מאָווּשאָוויטש און „בינעלע" אַלע פון קאָוונע. קענענדיק די ליטווישע שפּראַך און די געגנט, באַוואָפנט מיט אַ ביקס וואָס איינער פון די אַנטלאָפענע אוקראַינער האָט זיי געגעבן האָבן די דריי יידן גע־נומען גיין איבער די דערפער, געקויפט ברויט פאַר געלט, אָדער באַקומען אָן געלט. דאָס געבראַכטע ברויט איז צעטיילט געוואָרן, פאַר יעדן איינעם אין גלייכע חלקים.

## באַגעגעניש מיט סאָוועטישע דעסאַנטן אין דייטשע מונדירן

ירחמיאל גערשאָוויטש (היינט אין ישראל) האָט מיר דערציילט וועגן אַן אויס־טערלישע איבערלעבונג בעתן זוכן ברויט:

איינמאָל, ווען מיר זענען געגאַנגען פון דאָרף מיט אַ סך ברויט און אין אַ גו־טער שטימונג, האָבן מיר באַגעגנט אַ גרופּע באַוואָפנטע דייטשע זעלנער, אין שפּאָגל־נייע אוניפאָרמען. ספּאָנטאַן האָבן מיר זיך אַ וואָרף געטאָן אין אַ זייט פון וואַלד. אָבער עס איז שוין געווען אוממעגלעך צו אַנטלויפן. זיי האָבן אונדז פאַרהאַלטן און אויף רוסיש און דייטש געפרעגט: ווער מיר זענען, פון וואַנען מיר גייען, וואָס מיר טראָגן אין זאַק, וואָס מיר טוען אין וואַלד און פון וואַנען מיר האָבן אַ ביקס.

פון דער רויקער ווענדונג צו אונדז אין דייטש, פון זייער רוסישער שפּראַך און פון דעם ראַדיאָ־זענדער, וואָס זיי האָבן געטראָגן מיט זיך, האָבן מיר פאַרשטאַ־נען, אַז דאָס זענען נישט קיין דייטשע רוצחים, נאָר אַ סאָוועטישער דעסאַנט. די השערה האָבן זיי שפּעטער באַשטעטיקט. מיר האָבן זיי דערציילט אַז מיר זענען אין וואַלד אַ גרופּע פון 150 מאַן, יידן, אַנטלאָפענע פון אַ לאַגער. פאַר זיי טראָגן מיר ברויט, מיר זוכן פאַרבינדונג אַנצושליסן זיך צו די פּאַרטיזאַנער.

זיי האָבן אונדז רויק אויסגעהערט און אויף אַ פּריינטלעכן אופן דערקלערט ווער זיי זענען, אַז מיר דאַרפן זיך נישט שרעקן פאַר זיי. זיי האָבן צוגעזאָגט צו באַזוכן אונדזער גרופּע און העלפן מיט וואָס נאָר עס וועט מעגלעך זיין. אויף מאָרגן האָבן זיי אונדז באַזוכט.

געקומען זענען 8 מאַן: אַ סטאַרשי לייטענאַנט, צוויי פעלדפעבלס אין שפּאָגל־ניין דייטשע מונדירן, 5 רויטאַרמייער. זיי האָבן באַטראַכט אונדזער גרופּע און געפרעגט וואָס מיר פאַרלאַנגען. מיר האָבן זיי געבעטן, זיי זאָלן אונדז מיטנעמען מיט זיך אָדער העלפן אונדז פאַרבינדן מיט פּאַרטיזאַנער. אויף אונדזער פאַרלאַנג האָט דער לייטענאַנט געענטפערט, אַז מיטנעמען אַן אומבאַוואָפנטע מחנה איז פאַר זיי אַן אוממעגלעכע זאַך. עס איז אויך אַ ספק צי אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע וועט וועלן אַריינגעמען אומבאַוואָפנטע מענטשן. „דאָס איינציקע — האָט ער געזאָגט —

וואָס איך קען אייך ראַטן איז, אַז איר זאָלט נישט זיצן אויף איין אָרט, נאָר צע־טיילן זיך אין קליינע גרופּעס, אַנדערש וועלן אייך די דייטשן געפינען און ביז איינעם אויפהענגען". „איך פאַרזיכער אייך" — האָט ער צוגעגעבן — „אַז בערך אין אַ חודש אַרום וועט די רויטע אַרמיי פאַרנעמען די געגנט און איר וועט זיין פריי".

נאָך דער דערקלערונג פון לייטענאַנט האָט אַ צווייטער פון דער גרופּע געגעבן אונדז אַ לעקציע ווי אַזוי מען פאַרשאַפט זיך געווער: מען לויערט פון וואַלד ביי אַ טראַקט ווו עס באַווייזן זיך גרופּעס דייטשן. אין יעדער גרופּע בלייבן געוויינלעך הינטערשטעליק איינער אָדער צוויי דייטשן. מען באַפאַלט זיי פון הינטן, מען פאַר־וואָרפט זיי אַ זאַק איבערן קאָפּ און מ׳גיט אים אַ מעסער אין זייט, מען נעמט צו דאָס געווער און מען אַנטלויפט. אַז מען האָט שוין איין ביקס, איז שוין לייכטער צו באַקומען אַ צווייטע. אַלס סימן פון פריינטשאַפט האָט דער לייטענאַנט געגעבן אַ רעוואָלווער משה זיסקאַנד, פאַר וועלכן ער האָט באַצאָלט מיט אַ האַנט־זייגערל.

אויף אַ פריינטלעכן אופן האָבן זיי זיך מיט אונדז געזעגנט און אַוועק, מיטנע־מענדיק, די צוויי אוקראַינער, שמחה בארקאן און צוויי מיידלעך: ליבע פון וואלא־זשין און שרה אלפּראָוויטש פון סמאַרגאָן.

מיר האָבן זיך תיכף צעטיילט אויף קליינע גרופּעס צו 10, 15 און 20 מאַן און פאַרלאָזן דאָס אָרט. אין אונדזער גרופּע האָבן זיך געפונען 20 מאַן, צווישן זיי: שעפּסל קאַפּלאַן, זיינע צוויי קינדער רבקה און אהרן. יעקב סאלאדוכא מיט זיין זון אַלטע זיסקאַנד, יעקב קאזלאָווסקי, זיין שוועסטער מיכלע, יוסף פּאטאשניק, פּסח גערשענאָוויטש אַלע פון אָלשאַן; סאָניע סאַדאָוויטש, איר טאָכטער הייקע פון סמאַרגאָן, דוד ליפּקאָוויטש זיין פרוי און זיין פּלימעניק איטשע מאיר, פישל ווינער פון קרעווע, לאה לייבמאַן מיט איר דרייצן יאָריקן זון פון אשמענע.

געגאַנגען זענען מיר אין וואַלד לויט דער אָנגעוויזענער ריכטונג, וויט פון אַ הויפּט־טראַקט. מיר האָבן אויסגעקליבן אַן אָרט צווישן געדיכטע בוימער און דאָרט איבערגעזעסן די נאַכט. פאַרטאָג זענען יצחק סאָלאָדוכא מיט יוסף פּאָטאָשניק אַוועק זוכן ווו צו באַקומען ברויט. צופעליק האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף אַ קאָ־לאָניע פון דאָרף אַגורקישקי, וועמענס באַלעבאָס איז געווען אַ פאַרבינדלער פון פּאַרטיזאַנער, ביי אים האָט מען באַקומען ברויט און מילך.

דעם זעלבן טאָג האָבן מיר געמוזט פאַרלאָזן דאָס אָרט, ווייל פּאַסטעכער זע־נען געקומען מיט זייערע בהמות. צוליב דער זעלבער סיבה האָבן מיר כמעט יעדן טאָג געמוזט בייטן דאָס אָרט. אַ חוץ פּאַסטעכער זענען אויך געקומען פּויערטעס קלייבן יאַגדעס.

איינמאָל, ווען איך מיט יוסף פּאָטאָשניק זענען אַוועק אין דאָרף אַגורקישקי צום ליטווין נאָך ברויט, האָט ער אונדז דערקלערט (ער האָט גערעדט פּערפעקט דייטש, רוסיש און פויליש), אַז מיר זאָלן פאַרלאָזן דעם וואַלד ווו מיר געפינען זיך

און איבערגיין אין אַ צווייטער געגנט. ער האָט אונדז פֿאָרגעשלאָגן אונדז אַוועקצו־פֿירן אין אַ זיכערן אָרט, ווו קיין פֿאַסטעכער מיט יאַגדעס־קלייבערינס קומען נישט. ווען מיר האָבן געפֿרעגט דעם ליטווין פֿון וואַנען ווייסט ער ווו מיר געפֿינען זיך, האָט ער געענטפֿערט, אַז נישט נאָר ער ווייסט, נאָר דאָס גאַנצע דאָרף רעדט וועגן די 20 מאַן וואָס האַלטן זיך אויף אין וואַלד. קיין גרויסן צוטרוי צום ליטווין האָבן מיר נישט געהאַט, כאָטש זיין פֿאָרשלאָג איז אונדז געווען צום האַרצן. איז אָבער געווען פֿאַרדעכטיקט וואָס יעדעס מאָל, וואָס מען איז געקומען צו אים אין קאָלאָניע, האָט מען זיך אָנגעטראָפֿן אויף פֿאַרדעכטיקע פֿאַרשוינען, דרייען זיך אַרום זיין הויז. אַז ער איז אַ פֿאַרבינדלער פֿון פּאַרטיזאַנער, האָבן מיר ערשט שפּעטער זיך דער־וווּסט.

דער פֿאָרשלאָג פֿון ליטווין האָבן מיר איבערגעגעבן דער גאַנצער גרופּע. נאָך אַ באַראַטונג האָט די מערהייט באַשלאָסן אָנצוטרויען אונדזער גורל דעם ליטווין. ווייל, ערשטנס, האָבן מיר קיין אַנדער אויסוועג נישט געהאַט. צווייטנס, ווען ער וואָלט געהאַט שלעכטע כוונות, וואָלט ער עס געקענט טאָן אָן דעם פֿאָרשלאָג צו זוכן פֿאַר אונדז אַ מער זיכערן אָרט.

אין אָוונט, דעם זעלבן טאָג, זענען מיר אַוועק צום ליטווין, צוגעזאָגט צו באַצאָלן פֿאַר זיין טרחה און געבעטן ער זאָל אונדז אַוועקפֿירן אין דעם אָרט וואָס ער האָט אונדז פֿאָרגעשלאָגן. ער האָט אונדז צוגעזאָגט צו קומען פֿאַרטאָג און אונדז פֿירן אין זיכערן אָרט.

צוויי טעג האָבן מיר געוואַרט אויף אונדזער רעטער און ער איז נישט געקומען. מיר האָבן געביטן דאָס אָרט ווו מיר זענען געלעגן.

אין אַן אָוונט בין איך און יוסף פּאָטאַשניק ווידער אַוועק צום ליטווין. ער האָט אונדז דערקלערט, אַז געוויסע וויכטיקע סיבות האָבן אים נישט דערלויבט צו קומען און געבעטן אַנטשולדיקונג, מיטגעגעבן אונדז אַ לאַבן ברויט און צוגעזאָגט צו קומען פֿאַרטאָג.

דעם 20־טן יולי 1944 פֿאַרטאָג איז געקומען דער ליטווין. נאָך צוויי שעה גיין דורך וואַלד־סטעזשקעס, האָט ער אונדז געבראַכט צו אַן אַלכע־וואַלד. צווישן די בוימער איז געוואַקסן געדיכטע קראָפּעווע ביז צוויי מעטער די הויך. ער האָט אונדז געהייסן פֿאָרזיכטיק אַריינגיין אין וואַלד איינער נאָך דעם אַנדערן. דער לעצטער זאָל אויפֿשטעלן די צעטראָטענע קראָפּעווע, אַז עס זאָלן נישט פֿאַרבלייבן קיין סימ־נים פֿון דער סטעזשקע. דער אַלכע־וואַלד האָט זיך געפֿונען סך־הכל איין קילאָמע־טער פֿון דאָרף אגורקישקי.

## שטראָף־עקספּעדיציע באַשיסט אונדזערע גרופּעס

צוויי שעה נאָך דעם ווי מיר זענען אַריין אין וואַלד, האָבן מיר דערהערט אַ געדיכטע שיסעריי אין אַלע ריכטונגען.

אין אָוונט זענען צוויי מיידלעך פון דער גרופּע אַוועק צום ליטווין דערוויסן זיך די סיבה פון דער שיסעריי. ווי וויסנדיק פון פּאַרויס, אַז עמעצער פון אונדז וועט געוויס קומען, האָט דעם ליטווינס פרוי באַגעגנט די מיידלעך און געהייסן לויפן צוריק אין וואַלד, ווייל ביי זיי אין שטוב געפינט זיך אַ שטאַב פון אַ שטראָף־אָפּטיילונג וועלכע איז געקומען אָפּצורייניקן דעם וואַלד פון פּאַרטיזאַנער און אַנטלאָפענע יידן. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, האָבן די פּאַסטעכער פון דאָרף, וועלכע האָבן אונדז באַמערקט אין וואַלד, געבראַכט די שטראָף־עקספּעדיציע צו יענע ערטער ווו זיי האָבן אונדז געזען.

פון זון־אויפגאַנג ביז זון־פאַרגאַנג איז דער וואַלד אָן אויפהער באַשאָסן געוואָרן. אין משך פון 9 טעג האָט זיך אויף צענדליקער קילאָמעטער געהערט די שיסעריי.

בערך 50 מעטער פון אָרט ווו מיר זענען געלעגן, האָט זיך געפונען אַ וואַלד וועג, אויף וועלכן די רוצחים זענען געגאַנגען אַהין און צוריק און פון דאָרט באַשאָסן דעם וואַלד אין אַלע ריכטונגען. מיר האָבן דייטלעך געהערט זייער שיכורן ריטשען אויף דייטש, רוסיש און ליטוויש. צו אונדזער מזל האָבן זיי מאַרשירט נאָר מיט די סטעטשקעס און זענען אין וואַלד נישט אַריינגעגאַנגען, סיידן מען פלעגט זיי אָנווייזן דאָס אָרט, ווו עס באַהאַלטן זיך יידן.

פון די דאָזיקע באַשיסונגען און אַנדערע סיבות זענען אומגעקומען בערך 40 יידן. אייניקע פון די גרופּעס זענען געכאַפּט געוואָרן אין די דערפער ווו זיי זענען געגאַנגען קויפן ברויט. די געכאַפּטע זענען שרעקלעך געפּייניקט געוואָרן. די רוצחים האָבן פאַרלאַנגט די קרבנות זאָלן אויסגעבן ווו עס געפינען זיך די אַנדערע פון זייער גרופּע, צוזאָגנדיק צו שענקען דערפאַר דאָס לעבן. אַ טייל פון די געכאַפּטע האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון און געפירט די מערדער צום אָרט ווו זייערע חברים האָבן זיך אויפגעהאַלטן. צוזאַמען מיט דעם אָנווייזער פלעגן אַלע אויפן אָרט דערשאָסן ווערן.

עליע קאָזלאָווסקי פון אָלשאַן איז דורך אַ באַנדע פון דער שטראָף־אָפּטיילונג געכאַפּט געוואָרן ביים אַריינגאַנג אין וואַלד ווו זיינע טאַטע־מאַמע, ברודער און שוועסטער, צוזאַמען מיט אַנדערע האָבן זיך געפונען. די באַנדע האָט אים פאַרפּייניקט אָבער קיין וואָרט פון אים נישט אַרויסבאַקומען ווו זיין גרופּע געפינט זיך. מיט אייניקע טעג שפּעטער האָבן זיינע עלטערן געפונען דעם טויטן קערפּער פון זייער פאַרפּייניקטן זון און אויפן אָרט אים מקבר געווען.

## די בשורה פון באַפרייאונג

אויפן צענטן טאָג באַגינען איז געקומען צו אונדז דער ליטווין. ער האָט מיט־געבראַכט אַ קאָשיק מיט ברויט און „סאמאגאָן", און אויך די פריילעכע בשורה, אַז מיר זענען פריי: סאָוויעטישע טאַנקן, זעלנער און אָפיצירן געפינען זיך ביי זיין הויז. ער האָט געטרונקען מיט אונדז לחיים פאַר אונדזער באַפרייונג און איינ־געלאַדן אונדז צו זיך אין שטוב.

צום ליטווין אין הויז זענען מיר נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן, כדי וואָס גיכער צו זען די מענטשן, וואָס האָבן אונדז געבראַכט לעבן און פרייהייט. ביים ליטווין אין שטוב האָבן מיר געטראָפן סאָוויעטישע זעלנער און אָפיצירן, וואָס האָבן האַר־ציק מיט אונדז גערעדט, אונדז געטרייסט, געמונטערט, גערופן צו נעמען נקמה און העלפן שלאָגן די נאַצישע חיה, אַז קיין שריד ופליט זאָל פון זיי נישט בלייבן.

זייערע פשוטע ווערטער האָבן אונדז גערירט ביז טרערן. מיר, די פאַרמשפּטע צום אומפאַרמיידלעכן אומקום האָבן פּלוצים דערפילט, אַז מיר זענען פריי און גע־פילט די טיפסטע דאַנקבאַרקייט צו אונדזערע באַפרייער און רעטער.

ביים ליטווין אין שטוב זענען מיר פאַרבליבן צוויי מעת־לעת. דעם ליט־ווינס פרוי האָט אונדז געקעכלט מיט דעם בעסטן, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט אין זייער הויז. און פאַרמאָגט האָבן זיי גאָר אַ סך, נישט נאָר פאַר אונדז אַלעמען, נאָר אויך פאַר הונדערטער סאָוויעטישע זעלנער און אָפיצירן, וואָס זענען אין די צוויי מעת־לעת דורכגעגאַנגען דעם ליטווינס הויז. געשלאָפן זענען מיר אין שייער הויף פרישן היי. פריי אָן שומרים זענען מיר געגאַנגען בייטאָג אין פעלד און מיר האָבן געהאָלפן דעם ליטווין צוזאַמענשטעלן אין סנאָפּערס דעם פריש אָפּגעשניטענעם קאָרן.

אויפן דריטן טאָג האָבן מיר זיך געזעגנט מיט דער וווּנדערלעכער ליטווינער משפחה. (צום באַדויערן קען איך זיך נישט דערמאָנען דעם נאָמען פון ליטווין מיט זיין פרוי). אַלס אָנדענק האָט דוד ליפּקאָוויטש אָפּגעגעבן דער פרוי זיין לעצטן פאַרמעגן — אַ גאָלדענעם זייגער מיט אַ קייט. מיר האָבן אָנגעשריבן און איבערגעלאָזן אַ בריוו אין רוסיש אין וועלכן מיר האָבן האַרציק געדאַנקט דער זעלטענער משפּחה פון דאָרף אגורקישקי פאַר אָפּראַטעווען פון אַ זיכערן טויט צוואַנציק יידן אויפן שוועל פון באַפרייונג.

## דער טויט פון בוניע קאַפּלאַן ערב דער באַפרייאונג

עס האָט זיך פאַרענדיקט מיין 4 יאָריקער בלוטיקער וועג. איך, מיינע צוויי קינדער — רבקה און אהרן — צוזאַמען מיט 150 יידן פון אָלשאַן, קרעווע, סמאָרגאָן אשמענע, ווילנע און קאָוונע — זענען באַפרייט געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי. פאַר מיר אָבער האָט זיך די באַפרייאונג פאַרענדיקט מיט אַ טיף־טראַגישע

איבערלעבונג, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַן אייביקן טרויער אין מיין נשמה.

אויפן שוועל פון דער באַפרייאונג האָב איך אויף אייביק פאַרלאָזן דאָס טייערסטע פון מיין לעבן — מיין ליבע פרוי בוניע, די מאַמע פון אונדזערע 2 קינדער. אין משך פון יסורימדיקע 4 יאָר האָט דער גורל אונדז געהאַלטן צוזאַמען אויף דעם בלוטיקן וועג. ווי גרויס איז מיין ווייטיק, אַז אויפן שוועל פון באַפרייונג האָב איך זי פאַרלוירן. דאָס איז געווען און פאַרבלייבט מיין טראַגישע איבערלעבונג פון יענער צייט.

ווען יעדער טאָג האָט געהאַט זיין באַזונדערע טראַגעדיע: איך מיט מיינע קינדער זענען ניצול געוואָרן, אָבער אונדזער ליבע מאַמע איז, נאָך אונדזער ניצול ווערן, פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן.

שוין 15 יאָר ווי איך האָב זיך צעשיידט מיט איר. נאַכט נאָך נאַכט, האָב איך קיין רו נישט, דריי זיך אויף מיין געלעגער און קען נישט איינשלאָפן. אין די טעג דריקט אויפן האַרץ דער טיפער צער. ביז מיין לעצטן אָטעם וועט מיין טרויער מיטגיין מיט מיר. אַ צעבראָכענער פיזיש און גייסטיק האָב איך מיט מיינע 2 קינדער אומגע־קערט זיך אין דער אַמאָליקער ליבער היים, אָלשאַן. אָבער קיין היים האָבן מיר שוין נישט געפונען. פון 1.000 יידן זענען לעבן געבליבן הונדערט וואַנדערנדיקע שאָטנס. אַלע איבעריקע זענען פאַרפייניקט געוואָרן אַזוי ווי מיין בוניע.

## ווי אַזוי איז בוניע פון מיר אַוועקגעריסן געוואָרן

עס איז געשען דעמאָלט, ווען די דייטשע רוצחים־זעלנער, אוקראַינער און ליט־ווינער האָבן אונדז געטריבן דורכן וואַלד־וועג. נאָך 2 שעה גיין איבער קאַרטשעס און טיפן זאַמד, האָט מען אונדז דערלויבט אַ 10 מינוטיקן אָפּרו. איך האָב גלייך אָפּ־געזוכט מיין פרוי, מיט מיינע 2 קינדער און אין ווייטערדיקן וועג האָבן מיר זיך שוין געהאַלטן צוזאַמען. ווען אַ טייל פון די געפּייניקטע האָט זיך צוזאַמענגערעדט און באַשלאָסן צו אַנטלויפן אין וואַלד, האָב איך וועגן באַשלוס דערציילט מיין פרוי און קינדער און געבעטן לויפן צוזאַמען מיט מיר. דער טרעף־פונקט, אויפצוקלויבן זיך, איז באַשטימט געוואָרן ביי די טאָרף־מאַשינעס נומער 3.

בין השמשות, אויפן אַכטן קילאָמעטער פון לאַגער, ווען איינער פון די אוקראַינער האָט, לויטן אָפּגערעדטן צייכן, אויסגעשאָסן און עס האָט זיך אָנגע־הויבן אַ געלויף פון רעכטס און פון לינקס אין וואַלד אַריין און די דייטשן אין פּחד פאַר אַן איבערפאַל פון פּאַרטיזאַנער, האָבן זיך צעלייגט אויף דער ערד און אָנגעהויבן שיסן אין דער ריכטונג פון די אַנטלויפנדיקע, האָב איך געהאַלטן מיין פרוי פאַר אַ האַנט און צוזאַמען מיט אונדזערע קינדער זענען מיר אַריינגעפאַלן אין וואַלד. מיר זענען געלאָפן, געשפרונגען איבער צווייגן, איבער קאַרטשעס, געפאַלן און זיך געשטעלט. אַלע זענען מיר געלאָפן אַלץ טיפער אין וואַלד. אַ קלאַפּ אין קאָפּ פון אַן אָפּשפרינגענדיקער צווייג, האָט מיך אומגעוואָרפן. ווי לאַנג איך בין געלעגן ווייס איך נישט.

ווען איך בין געקומען צו זיך איז שוין געווען שטאַרק פינצטער, און קיינעם אַרום זיך האָב איך נישט געטראָפן, נישט מיין בוניען, נישט מיינע קינדער. איך האָב מיך באַפרייט פון מיין רוקזאַק און מיט די לעצטע כוחות געשלעפּט זיך אין וואַלד, נישט וויסנדיק ווו איך געפין זיך און אין וועלכער ריכטונג צו גיין. אַן אויסגעמאַטערטער בין איך געבליבן זיצן אונטער אַ בוים. איין איינציקער געדאַנק האָט אין מיין מוח געאַרבעט די גאַנצע נאַכט: ווו איז מיין בוניע, ווו זענען מיינע קינדער?

פאַרטאָג האָב איך דערהערט טריט. איך בין אַוועק אין דער ריכטונג פון די געהערטע אָדער געחלומטע טריט. ווען עס איז טאָג געוואָרן האָב איך אָנגעטראָפן אַ גרופּע פון אונדזערע לאַגערניקעס און צווישן זיי מיין טאָכטער רבקה. ווו עס געפינט זיך די מאַמע און דער ברודער און ווי אַזוי זי האָט זיך מיט אונדז צעשיידט, האָט זי נישט געוווּסט. מיט אָט דער גרופּע זענען מיר אָנגעקומען צום אָפּגערעדטן טרעף־פּונקט.

אויפן דריטן טאָג איז מיט אַ גרופּע לאַגערניקעס אָנגעקומען מיין 12־יאָריקער זון אהרן. אויך ער האָט נישט געדענקט ווי ער האָט זיך מיט אונדז צעשיידט. אין משך פון אַ וואָך צייט האָבן זיך צונויפגעזאַמלט 150 מאַן. נישט געקומען צום אָפּגערעדטן טרעף־פּונקט איז בלויז מיין טייערע בוניע, מיט נאָך 3 פרויען, וועלכע מען האָט געזען צווישן די לויפנדיקע אין וואַלד.

די שרעקלעכע געשעעניש איז געווען און פאַרבלייבט דער טראַגישסטער מאָמענט אין מיין לעבן.

## צוריק אין דער אַלטער „היים" נאָך דער באַפרייאונג

נאָכדעם ווי מיר זענען באַפרייט געוואָרן האָבן סאָוויעטישע זעלנער אונדז געוויזן אַ וועג צו אַ באַזע פון לאַסט־אויטאָס. פון דער באַזע האָט אונדז אַ לאַסט־אויטאָ מיטגענומען ביז זשעזמיר.

אין זשעזמיר האָבן מיר באַזוכט אונדזער ערשטן לאַגער, ווו פון הונגער און טיפוס האָבן צענדליקער מיידלעך און בחורים אויסגעהויכט זייערע נשמות. פון דעם לאַגער זענען מיר מיט אַ לאַסט־אויטאָ געפאָרן קיין ווילנע. ביים אַריינפאָר אין ווילנע, האָט אַ מיליטערישער פּאָסטן אונדז פאַרהאַלטן. נאָך אַ חקירה ודרישה ווער מיר זענען, פון וואַנען מיר קומען און ווו מיר גייען, האָט מען אונדז באַפרייט און איבערגעשיקט אין יידישן קאָמיטעט אין ווילנע. דאָרט האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט באַקאַנטע ביי וועמען מיר האָבן גענעכטיקט. אויף מאָרגן, דעם 2־טן אויגוסט 1944 זענען מיר אָנגעקומען אין דער אַלטער היים אַלשאַן. למראית עין האָט דאָס שטעטל זיך נישט פאַרענדערט. די זעלבע הייזער, גאַסן, געסלעך, דער זעלבער טייך און טייכלעך, לאָנקעס, פעלדער, וועלדער, — נאָר די יידישע טאַטעס, ברידער, שוועסטער און קינדער האָבן געפעלט. אין די יידישע הייזער, אין יידישן האָב און גוטס האָבן געבאַלעבאַטעוועט גויים, שונאי ישראל, וועמען דאָס הייפעלע יידן, צוריקגעקומענע פון פיין און טויט־סכנה, האָט געשטאָכן אין די אויגן. פון די 225 משפחות וואָס האָבן געלעבט אין שטעטל ביז 1939, האָבן זיך אומגעקערט 70 נפשות.

אַ לענגערע צייט האָבן אַלע געלעבט קאָלעקטיוו, אין דער גרויסער שטוב פון וועלוול טשעפעלינסקי. שפּעטער איז מען איינציקווייז אַריבער וווינען אין די אייגענע הייזער. עס זענען געווען פאַלן, ווען גויים האָבן זיך קעגנגעשטעלט און נישט געוואָלט פאַרלאָזן די יידישע הייזער אין וועלכע די דייטשן האָבן זיי אַריינגעזעצט. אין אַזעלכע פאַלן פלעגט מען מוזן ווענדן זיך צו דער סאָוויעטישער מאַכט, וואָס האָט אָן שהיות תיכף ומיד דעם גוי באַזייטיקט.

אין שטעטל זענען מיר לאַנג נישט געבליבן. צו גרויס איז געווען דער פיזישער און גייסטיקער חורבן, אַז דאָס ביסל יידן זאָלן קענען זיך ווידער איינוואָרצלען אין דער חורבער היים. די האָפענונג אַז נאָך דער מלחמה וועט אפשר צוריקקומען נאָך ווער פון דער משפחה, איז באַלד צערונען געוואָרן. איינצלנע פרויען, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון דייטשלאַנד האָבן איבערגעגעבן דעם ביטערן אמת, אַז קיינער וועט שוין מער נישט צוריקקומען.

איינציקווייז האָבן די 70 יידן אָנגעהויבן פאַרלאָזן זייער אַלטע היים און אַוועקוואַנדערן אין דער גרויסער וועלט, צו זוכן טרייסט פאַר זייער עלנט און צעטרייסלט געמיט ביי קרובים און באַקאַנטע, ווו, אין וועלכן טייל פון דער וועלט זיי זאָלן זיך נישט געפינען. איך האָב איינגעאָרדנט מיין היים אין מדינת ישראל.

חיה כץ—קזורער

# דער וועג דורך פיין

## דער קדושים־טויט פון מיין פֿאָטער

ווען די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל, דעם 24.6.41, בין איך מיט דער מוטער און אַ קליין שוועסטערל פון 10 יאָר געבליבן אָן פֿאָטער. ער איז מיט עטלעכע טעג פריער אַוועקגעפֿאָרן און מער האָבן מיר אים שוין נישט געזען. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, איז ער געווען אין מינסקער געטאָ און אין דאָרטיקן יודענראַט. ער האָט גוט באַהערשט די דייטשע שפּראַך. בעת זיי־טעטיקייט אין יודענראַט איז דער פֿאָטער געווען פארבונדן מיט דער אונטערערדי־שער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט שוין דאַן געאַרבעט אין מינסק און אומגעגנט.

אין אַ געוויסן טאָג האָבן די דייטשן אין מינסק אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל אויפֿ־צוזאַמלען אַ גרויסן סכום פוטערוואַרג. מען האָט געריסן ביי אַלעמען די קראַגנס פון די מאַנטלען, ווי אויך פוטער־מאַנטלען. מיין פֿאָטער האָט דאַן באַקומען אַ באַפֿעל פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע, אַז אַ געוויסער טייל פון די פוטערס דאַרף אַוועקגיין אויף „לינק״. די דייטשן האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט, ווייזט אויס, עמעצער האָט געמסרט, אַז מ׳האָט אָפּגעגעבן די דייטשן ווייניקער ווי מען האָט אויפגעקליבן. דאַן האָט מען שמעון כץ צוגענומען אין געסטאַפּאָ. מען האָט אים געפּייניקט, ער זאָל אויסגעבן מיט וועמען ער האָט געהאַט פארבינ־דונגען. מיין פֿאָטער האָט אויסגעהאַלטן די שרעקלעכע יסורים אין די דייטשן האָבן אים פאַרפּייניקט. די דאָזיקע שרעקלעכע בשורות זענען צו אונדז דערגאַנ־גען פיל שפּעטער.

מתחילת האָבן מיר נאָך געלעבט אין דער אייגענער היים אַ לעבן פול מיט שרעק און פיין. יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע שרעק און צרות.

עס האָט נישט געדויערט לאַנג און מען האָט אונדז אַלעמען פאַרשפּאַרט אין געטאָ. מ׳פלעגט יעדן טאָג גיין אַרבעטן: קערן די גאַסן, רייסן גראָז, אויסהאַקן ביי־מער אין וואַלד. אין געטאָ איז געווען זייער ענג. מען האָט געלעבט צו 3—4 משפחות אין איין דירה. זייער אָפט זענען אַריינגעקומען אין געטאָ דייטשן און געפֿאָדערט מ׳זאָל שאַפן פאַר זיי גאָלד, זייף און אַנדערע ווערטפולע זאַכן. אין געטאָ פלעגט ווערן אַ געלויף, די שליחים פון יודענראַט זענען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און געזאַמלט פאַר די דייטשן.

אין אַ צייט אַרום האָבן דייטשן גענומען פון אַלשאַנער געטאָ אַ גרויסע צאָל יונגע מענטשן און מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט אין לאַגער זשעזשמיר. אויך איך בין

געווען צווישן די אַוועקגעשיקטע. יעדן פֿאַרטאָג האָט מען אַרויסגעטריבן צו דער אַרבעט. פֿאַרנאַכט האָט מען אונדז געטריבן צופֿוס צוריק.

איך בין געווען שטאַרק אומבאַהאָלפֿן, דעם ערשטן מאָל אָפּגעריסן געוואָרן פֿון דער היים. מיר האָט געהאָלפֿן, ווי אַן אייגענע מאַמע, אַ קרעוווער מיידל, חנה קאָפּעלאָוויטש. (עס זענען געווען אין לאַגער אויך קרעווער און סמאָרגאָנער). זי האָט פֿאַר מיר שטאַרק געזאָרגט, ווי אויך פֿאַר מיין צווייטער שוועסטער, וועלכע איז שפּעטער געקומען צו מיר.

*

אין אַ געוויסער צייט אַרום איז אויסגעבראָכן אין לאַגער אַן עפּידעמיע פֿון פֿלעק־טיפֿוס. דאָס האָט געמוזט בלייבן בסוד, ווייל ווען עס וואָלט זיך פֿון דעם דערוווּסט די העכערע דייטשע מאַכט, וואָלט מען אונדזער לאַגער גלייך אויס־געשאָסן. דער פֿאַרטרעטער פֿון לאַגער־פֿירער ה׳ שטאַלצמאַן, וועלכן מען פֿלעגט רופֿן „דער הייזעריקער״, צוליב זיין הייזעריקער שטימע, האָט געוווּסט וועגן דער עפּידעמיע און נישט געמאָלדן.

דאַן זענען ביי אונדז אויסגעשטאָרבן די געזונטסטע און שטאַרקסטע יונגע מענטשן. די וואָס זענען געבליבן לעבן זענען געווען זייער אָפּגעשוואַכט. ביי מיר זענען אויסגעקראָכן די האָר און מען האָט אויסגעזען ווי שדים. ווען מ׳איז אַרויס פֿון דער טיפֿוס־קראַנקייט איז געווען זייער שווער צו קומען צו זיך. דאָך האָט מען זיך געשטאַרקט און מ׳איז ווידער געוואָרן פֿעיִק צו דער אַרבעט.

בעת דער אַרבעט אויפֿן שאָסיי פֿלעגן זיך עטלעכע פֿון אונדז יעדן טאָג אַרויס־גנבֿענען אויף אַ שעה־צוויי, און גיין אין דאָרף אויסבייטן אונדזערע זאַכן אויף אַ שטיקל ברויט, אויף עטלעכע קאַרטאָפֿל.

אין טאָג, ווען ביי מיר האָט זיך געענדיקט דער זאַפּאַס פֿון שפּייז, בין איך אויך אַוועק אין דאָרף. אין דער זעלבער צייט איז געקומען אַ קאָנטראָל אין לאַגער און געציילט די מענטשן אויפֿן שאָסיי. ווען איך בין צוריקגעקומען האָט שוין אויף מיר געוואַרט איינער פֿון די אָנפֿירער פֿון לאַגער. מיר האָבן אים גערופֿן „דער רויטער״, פֿאַר זיין רויט פּנים. ער האָט געמאָלדן, אַז דאָ וועט ער מיר קיין זאַך נישט טאָן, נאָר אין לאַגער, צום אָוונט־ברויט, וועט ער זיך מיט מיר זען...

אין שרעק איז דורך דער האַלבער טאָג. און ווען עס האָט זיך געשטעלט אַ ריי צום קעסל נאָך דעם ביסל וואַסער־זופּ, האָט מיך דער „רויטער״ אַרויסגע־רופֿן און פֿאַר אַלעמען אין די אויגן מיר געפּאַטשט אין פּנים און געזאָגט: „דאָס מיידל איז באַגאַנגען אַ גרויסן פֿאַרברעכן, זי האָט זיך אָן וויסן פֿון דער מאַכט אָפּגעזונדערט פֿון דער גרופּע און איז אַוועק אין דאָרף״. ער האָט מיך פֿאַרשפּאַרט אין קאַרצער. נאָר דער יודענראַט האָט זיך פֿאַר מיר איינגעשטעלט, און מען האָט

מיך געהייסן גיין אַנטשולדיקן זיך און צוזאָגן, אַז מער וועט דאָס נישט פּאַסירן. מ'האָט מיך באַפרייט.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן די דייטשן ליקווידירט אַשמענער געטאָ, און די יידן פון דאָרט האָט מען געפירט אין עטלעכע ריכטונגען, אויך אין די לאַגערן, ווו ס'האָבן זיך געפונען זייערע קרובים. מען האָט פריער דורכגעפירט אַ רעגיס־טראַציע, ביי וועלכער יעדער האָט געקענט אָנגעבן אין וועלכן לאַגער עס געפינען זיך זיינע קרובים.

די אַלע, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין קרובים אין די לאַגערן, האָט מען רעגיסטרירט צו פירן אין קאָוונע און קיין ווילנע. טויזנטער יידן, וועלכע זענען געווען רעגיסטרירט אויף קאָוונע, האָבן די דייטשן דערפירט ביז ווילנע און אין פּאָנאַר האָט מען זיי אַלעמען דערשאָסן. שפּעטער, ווען די אַשמענער יידן, וואָס זענען געשיקט געוואָרן אין ווילנער געטאָ, האָבן דאָרט סאָרטירט די זאַכן פון די פאַרפייניקטע אויף פּאָנאַר, האָבן זיי געפונען חפצים און פּאַטאָס פון באַקאַנטע, וואָס האָבן עדות געזאָגט, אַז די גאַנצע גרופּע איז אומגעקומען אין פּאָנאַר.

מיין שוועסטערל האָט זיך רעגיסטרירט צו פאָרן אין זשעזשמיר, און אַזוי איז זי געקומען צו מיר. דאַן זענען נאָך אין לאַגער געווען אַלע קינדער און זי האָט זיך אויך געפונען צווישן זיי. ווען די עלטערן זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט זענען די קינדער געבליבן אין לאַגער, זיי זענען געווען קלוג און אַנטוויקלט, נישט נאָך זייערע יאָרן. זיי האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען די לאַגע אין וועלכער מיר האָבן זיך דאַן אַלע געפונען.

## נייע לאַגערן און נייע פּיין

ווען דער זשעזשמירער לאַגער האָט זיך ליקווידירט, האָט מען אונדז דורך קאָוונע געפירט קיין פּאָניעוויעזש. דאָרט האָבן מיר געבויט אַן אַעראָדראָם. מיר האָבן געוווינט איןביידלעך. די באַדינגונגען פון דער אַרבעט און דאָס לעבן דאָרט זענען געווען זייער שווערע. 4 אַזייגער פאַרטאָג האָט מען אונדז אויפגעוועקט — „קאַפּע־האָלץ". אַז מען פלעגט דערהערן דאָס געשריי, האָט זיך שוין אָפּגעוואָלט פון טרינקען קאַווע. דערנאָך איז געקומען דער שווערער טאָג־אַרבעט. ווען דער פראָנט האָט זיך גענומען דערנענטערן, האָט מען אונדז אין פאַרמאַכטע בהמות־וואַגאָנען געפירט פון פּאָניעוויעזש טיפער אויף מערב.

מיר האָבן געליטן הונגער און דורשט, און געפילט, אַז דאָס איז אונדזער לעצטער וועג. וועגן אַנטלויפן איז קיין פראַגע נישט געווען. אפילו ווען מען וואָלט געקאָנט זיך אַרויסבאַקומען דורכן קליינעם פענצטערל, איז — וווהין גייט מען? יעדעס ווינקל איז געווען פרעמד, יעדער מענטש, וואָס מען האָט געטראָפן, איז

געווען אַ שונא און געקאָנט איבערגעבן צו אַ דייטש ,אָדער אַליין דערהרגענען.
לסוף, נאָך אַ וואָך פאָרן, האָט מען אונדז געבראַכט צו אַ וואַלד.

עס איז געווען פאַרנאַכט, טונקל. אונטער די פיס האָבן זיך געוואַלגערט צע וואָרפענע זאַכן, ווי אויך גאנצע רוקזעק, וואָס האָט אויף אונדז אָנגעוואָרפן אַ שרעקלעכן פחד. די וואָס זענען געגאַנגען די ערשטע און האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף די זאַכן, האָבן גענומען שרייען. איך בין געגאַנגען עטוואָס ווייטער. אונדזערע רייען דאָבן אָנגענומען, אַז מיט די ערשטע איז עפּעס געשען. מיר האָבן אויך גענומען שרייען. די מהומה איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס איז געווען שווער צו באַרואיקן זיך. דאָס איז געווען אונדזער ערשטע נאַכט אין שטוטהאָף.

מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסן זאַל. אַלע זענען געזעסן אויף דער פּאָדלאָגע און אַרום אונדז זענען אַרומגעגאַנגען ס.ס.־יונגען, וועלכע האָבן צו אונדז געשריגן: דאָ, אונטער אייך, אין אַ גרויסן קעלער, ליגן יידן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אַוועקגעבן זייער גאָלד. גיט אַלץ אַוועק פרייוויליק, און אייך וועט קיין זאַך נישט געשען. דער איינדרוק איז געווען, אַז דאָס איז די לעצטע נאַכט.

אויף צומאָרגנס האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין באַראַקן, וועלכע זענען געווען אַרומגערינגלט מיט עלעקטריזירטע דראָטן. דער צוגאַנג צו די דראָטן האָט אַ סך מענטשן געקאָסט דאָס לעבן.

די ס.ס.־יונגען האָבן מיט אַ כוונה צעשיידט משפחות: אַ טאָכטער האָט זיך געפונען פון איין זייט דראָט, און אַ מוטער פון דער צווייטער. ביים צוגיין און וועלן אויסריידן אַ וואָרט האָבן די רוצחישע היטער, וועלכע זענען געשטאַנען אין אַ בודקע אין דער הויך, איינגעשלאָסן דעם עלעקטרישן שטראָם. מען האָט אונדז פאַרמאַטערט מיט די אַפּעלן. צו יעדער צייט פון טאָג אָדער נאַכט איז פּלוצלונג געוואָרן אַ טומל: צום אַפּעל גיין! זיי האָבן געציילט די מענטשן און אָפט אַרי־בערגעפירט אין אַנדערע באַראַקן. מען איז קיינמאָל נישט געווען זיכער, ווו מען וועט איבערשלאָפן די נאַכט, אָדער ווי עס וועט דורכגיין דער טאָג.

די ערשטע טעג, ווען מען האָט נאָך וואָס ניט איז געהאַט מיט זיך, האָט מען דאָס געפּרוווט באַהאַלטן צווישן די ברעטער אויף די נאַרעס ווו מען איז גע־שלאָפן. אָבער, אַז מען האָט פאַרטריבן אין אַ צווייטן באַראַק, פּלוצלונג, איז מען, פאַרשטייט זיך, געבליבן ביי גאָרנישט. יעדן פרימאָרגן זענען אַריינגעקומען ס.ס.־לייט, צווישן זיי אויך פרויען, וואָס האָבן צווישן די אויסגעמאַטערטע און דערשלאָגענע מענטשן אויסגעקליבן אַזעלכע, וועלכע האָבן געהאַט אַ שלעכטן אויסזען. די ערשטע טעג האָבן מיר נישט פאַרשטאַנען וווהין מ׳נעמט זיי, נאָר דערנאָך איז געוואָרן קלאָר, אַז עס איז דאָ אין לאַגער אַ קרעמאַטאָריום. דאָס האָבן מיר זיך דערוווּסט פון פּאָליאַקן, וועלכע זענען אַלס פּאָליטישע געווען פאַר־שיקט אין שטוטהאָף.

די פּלוצלינגע אַפּעלן זענען געווען אַ מיטל צו צעטומלען די מענטשן

זיי זאָלן נישט וויסן, אַז עס דערוואַרט זיי דער טויט, זיי זאָלן נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד.

דאָס עסן איז געווען זייער שלעכט. די זופּ האָט מען געברענגט אין אַ גרויסן הילצערנעם קאַסטן. עס זענען געוועזן פאַלן, ווען די בעסטיאַליזירטע רוצחים האָבן געמאַכט זיך אַ פאַרווײַלונג און אַ פּרווּ אַרײַנגעוואָרפן אין דעם דאָזיקן קאַסטן און דערנאָך געהייסן אַלעמען עסן. אין עטלעכע טעג אַרום נאָכן אָנקומען האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז אַלע זאָלן אַלץ מיטנעמען, ווייל מען פירט אונדז אין באָד און די זאַכן דאַרפן דורכגיין אַ דעזינפעקציע.

נעבן „באָד״ זענען מיר געזעסן לאַנגע שעהן און געוואַרט אויף דער ריי. וואָס מען האָט געקענט צעברעכן און צעשטערן פון צירונג האָבן מיר צעשטערט, עס זאָל נישט אָנקומען צו די דייטשן. ווען עס איז געקומען מיין ריי אַרײַנצוגיין אין באָד, האָט מיר אַ מענטש אין אַ ווייסן כאַלאַט אויף פּויליש געפרעגט, ווי אַלט איך בין. ווען איך האָב אים געזאָגט אַז ס׳זעכצנטע יאָר, האָט ער מיך נישט רעווידירט און דורכגעלאָזן. מיר זענען געווען נאַקעט, נאָר געבאָדן האָט מען אונדז נישט. פרויען און מיידלעך, עלטערע פון מיר, האָט מען געלייגט אויף א גינעקאָלאָגישן שטול און רעווידירט צי מען האָט וואָס נישט איז באַהאַלטן. די געשרייען זענען געווען גרויס.

נאָך דער פיינלעכער רעוויזיע האָט מען אונדז אין פאַסן־קליידער אַרויסגעפירט פון לאַגער.

## דייטשע פּויערים האָבן אונדז געקויפט צו דער אַרבעט

איך בין געווען מיט מיין יינגערער 12־יאָריקער שוועסטער. צוזאַמען האָט מען אונדז אַרויסגעפירט פון לאַגער צו ווערן פאַרקויפט. ווען דער פּוילישער דאָקטאָר האָט מיין שוועסטערל נישט געוואָלט דורכלאָזן, ווייל זי איז דאָך איבערהויפּט אַ קינד, האָט אַן ס.ס.־פרוי געהייסן זי דורכלאָזן און דערביי געזאָגט: „זיי ווילן אַרבעטן, זאָלן זיי אַרבעטן״.

מיר זענען אָנגעקומען צו אַ דייטשן פּויער אויף לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט. מיר זענען געווען פיר מיידלעך און האָבן געאַרבעט זייער שווער, כמעט געהונגערט.

אין דריי חדשים אַרום, ווען די פּויערים האָבן אונדז אָפּגעשיקט „אַהיים״ — ווי זיי פלעגן זאָגן, האָט מען שוין דעם לאַגער אין שטוטהאָף נישט דערקענט. עס האָבן געהערשט עפּידעמיעס פון טיפוס און אַנדערע אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען, ווי שאָטנס, הונדערטער זענען אויסגעשטאָרבן יעדן טאָג. אויף די הויפן, צווישן די בלאָקן, זענען געלעגן גאַנצע בערג שיך, אין די טויזנטער פּאָרן, פון פאַרשידענער גרויס, פון מענער־שיך ,ביז קליינע קינדער־שיכלעך. די לופט איז געווען אַ שרעקלעכע, אָנגעזאַפּט מיט טויט.

די דייטשן האָבן אונדז געפּייניקט מיט אַלע מיטלען: דורך הונגער, דורך זיצן גאַנצע טעג די פיס אונטער זיך. ווער עס האָט זיך געגעבן אַ דריי איז געוואָרן שטאַרק צעשלאָגן. מיט אויסערגעוויינלעכע אכזריות האָט זיך אויסגעצייכנט דער „קאַפּאָ" מאַקס, אַ פּאָליאַק. ער האָט שטאַרק געליטן פון די דייטשן און זיך נוקם געווען אין די יידן. ער האָט אונדז שרעקלעך געשלאָגן מיט אַ שטעקן איבער די קעפּ און איבער אַנדערע אברים. פון בלאָק, וווּ עס האָבן זיך געפונען 500 פרויען, האָט ער אַרויסגעטריבן אַלע צום מיטאָג אין איין מינוט. די פרויען, אין דער־וואַר־טונג פון אכזריותדיקע קלעפּ, האָבן גענומען זיך שטופּן, וואָס שנעלער אַרויסצו־באַקומען זיך דורך דער שמאָלער טיר פון בלאָק. אין דער געדיכטעניש האָט שוין מאַקס געקאָנט זיך אָנזעטיקן מיט שלאָגן. דאַן האָבן די פרויען גענומען שפּרינגען דורך די פענצטער און אויכסניי באַקומען קלעפּ. בלוט האָט זיך געגאָסן. די געשרייען האָבן פאַרטויבט. אַזוי איז מען געגאַנגען צום מיטאָג.

אַחוץ דעם רוצחישן פּאָליאַק, האָבן אין לאַגער נישט געפעלט קיין צוויי־פיסיקע בעסטיעס. עס זענען געווען ציגיינערקעס, אויפזעערינס. זיי האָבן מיט קאַנטשיקעס געשלאָגן פאַר גאָרנישט.

מיטאַמאָל האָט מען געמאָלדן: „ווער עס גייט אין הויזן זאָל זיך שטעלן אין איין זייט און ווער אין קליידער — אין דער צווייטער. מיין שוועסטער האָט געטראָגן הויזן און איך אַ קלייד. נישט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירה (איך בין געווען זיכער, אַז מען וועט אונדז צעשיידן), האָב איך אַריינגעלאָזן דאָס קלייד אין די אונטער־הויזן און געבליבן שטיין מיט די פרויען, וואָס האָבן געטראָגן הויזן. אַזוי אַרום בין איך דעמאָלט געבליבן צוזאַמען מיט מיין שוועסטער. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען די געזונטערע אַרויסגעפירט גראָבן אָקאָפּעס אין אַ געגנט נישט ווייט פון שטוטהאָף — שטאַבאָו.

ביי אַלע צרות האָבן מיר נאָך אַמאָל געפּרוווט אַ זינג טאָן, ווען קיינער האָט אונדז נישט געהערט און מיר האָבן פאַרפאַסט לידלעך:

„אוי —שטאַבאָו, ביז צום האַלדז ביסטו מיר,
אוי שטאַבאָו, ווי ווערט מען פּטור שוין פון דיר,
אוי שטאַבאָו, ווען וועט קומען די צייט
אַז מען וועט שוין זיין באַפרייט".

איך בין געווען דאַן יונג און געוואָלט לעבן און איבערלעבן. מיר האָבן געגלויבט, אַז מיר וועלן נאָך זיין באַפרייט, כאָטש די האָפענונגען זענען געווען זייער שוואַכע. מ'האָט נישט געקענט טראַכטן וועגן אַנטלויפן. די געגנט איז געווען אַ דייטשע און פון יעדער שטוב האָט געדראָט דער טויט.

## די יסורים פון די לאַגער־אַרעסטאַנטן ערב דער באַפרייאונג

ווען דער פראָנט פון דער סאָוויעטישער אַרמיי האָט זיך גענומען רוקן מער צו מערב, האָט מען אונדז ווידער געבראַכט אין שטוטהאָף. די דייטשן האָבן שוין דעמאָלט גענומען ליקווידירן דעם לאַגער. פון דער דייטשישער פּינקטלעכקייט איז נישט געבליבן קיין סימן. אין לאַגער איז געווען אַ גרויסע אומאָרדענונג. עס האָט זיך געפילט, אַז די דייטשן אַנטלויפן, עוואַקוּאירן זיך, זיי ווילן אויך אונדז מיט־נעמען. מען האָט אונדז צוזאַמענגענומען פּאַרטיעסווייז און, באַגלייט פון באַוואָפנטע וואַכן, אונדז אַרויסגעשיקט פון לאַגער. אונדזערע באַגלייטער זענען געווען ס.ס.־לייט.

עס איז געווען יאַנואַר 1945. די דייטשן האָבן אונדז געטריבן אַלץ מער אויף מערב, פּאַראַלעל צום באַלטישן ים, אַלץ טיפער אין דייטשלאַנד. בייטאָג איז געפאַלן אַ שניי און דורך דער נאַכט איז פון אים געוואָרן אַ בלאָטע. אַ שנייִ־דיקער ווינט האָט געבלאָזן און מיר זענען געווען האַלב־נאַקעט און באַרוועס. מיר זענען געגאַנגען אין הילצערנע שיך געדעקט פון אויבן מיט שטאָף. דער שטאָף האָט זיך צעריסן און דער נאַסער שניי איז אַריין אין די שיך. צענדליקער, זענען יעדן טאָג, געפאַלן אין גאַנג אויפן ־וועג און די וואַכן האָבן זיי דערשאָסן. אַזוי האָבן מיר זיך געשלעפּט, אויסגעהונגערטע און אויסגעמאַטערטע. אויפן וועג האָט מען געטראָפן אַ סך טויטע פון די פּאַרטיעס, וועלכע מ׳האָט געטריבן פאַר אונדז.

יעדע נאַכט פלעגט מען זיך אָפּשטעלן, ווו עס האָט זיך געלאָזט: איין נאַכט אין אַ קלויסטער, אַ צווייטע אין אַ שייער. די נעכט זענען געווען ערגער פון די טעג. די נאַסע שמאַטעס האָבן זיך צוגעקלעפּט צו די פיס, און מען האָט זיי געדאַרפט אָפּרייסן מיט שטיקער הויט. ס׳רוב פרויען האָבן געהאַט אָפּגעפרוי־רענע פיס.

ביי אַזאַ מצב איז דער טויט געווען ליבער פון דעם לעבן, אָבער קיינער האָט זיך אַליין נישט געטויט.

נאָך לאַנגן וואַנדערן האָט מען אונדז צוגעפירט צו אַ גרויסן שייער פון אַ גוט־באַזיצער און דאָרט געלאָזן „רוען״. מיר זענען געווען אַרום 1.200 פרויען, און אין משך פון 6 וואָכן זענען געבליבן 190. עס איז היינט שווער צו פאַרשטיין, וויאַזוי די 190 זענען געבליבן לעבן. פון זיי זענען אַ טייל געשטאָרבן נאָך דער באַפרייאונג. דערווייל זענען געלעגן אויסגעמישט טויטע און לעבעדיקע.

די וואָס האָבן נאָך געאָטעמט זענען געלעגן אין קעלט, און הונגער, אין אוממענטשלעכע ליידן, אָפּגעשאָטן מיט אומפליי. מ׳איז געווען אינגאַנצן רעזיגנירט. מ׳האָט געוווּסט, אַז דאָס איז דער לעצטער עטאַפּ. דער דייטשער גוט־באַזיצער, צו וועמען דער שייער האָט געהערט, פלעגט הייסן אָפּקאָכן אַ קאַרטאָפל־ברייִ מיט וועלכן מען האָט געשפּייזט חזירים און מיט דעם אונדז באַשאַנקען.

אין אַזאַ מצב: קראַנקע, צעבראָכענע, רעזיגנירטע, מיט אָפּגעפרוירענע פיס, זענען די עטלעכע לעבנגעבליבענע באַפרייט געוואָרן, דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי, דעם 10־טן מערץ 1945. מען האָט אונדז אַוועקגעלייגט אין אַ דייטשן דאָרף און געהייסן רוען. די הייזער פון די דייטשן זענען געווען פריי, אָפן און ליידיק. די באַלעבאַטים זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער.

די רוסן האָבן מיך געבראַכט אין אַ מיליטער־שפּיטאָל פון דער סאָוויעטישער אַרמיי. מען האָט מיר געוואָלט אָפּשניידן די פיס, נאָר איך האָב דערויף נישט מסכים געווען און זיך געראַנגלט פאַר בלייבן ביי די פיס. אין אַ צייט אַרום האָבן זיך מיינע פיס גענומען פאַרהיילן און זיי זענען געוואָרן בעסער. ווען איך בין געקומען צום געזונט, בין איך צוזאַמען מיט מיין שוועסטער געפאָרן אין רוסלאַנד און שפּעטער געהאַט אַ זייער שווערן וועג צוריק. געהונגערט און מיט שרעק געפאָרן צו אונדזערע פאַרניכטעטע היימען. מיט גרויס מי זענען מיר אָנגעקומען אין אונדזער שטעטל אָלשאַן. פון אונדזער משפּחה האָבן מיר קיינעם נישט געטראָפן.

עס האָט זיך דאָרט געפונען שבתי (שעפּסל) קאָפּלאַן, וועלכער האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט אונדז. אַ שטיקל צייט האָבן מיר געלעבט ביי זיי. דערנאָך, ווען איך בין געפאָרן זוכן באַשעפטיקונג אין אָשמענע און ווילנע, איז מיין יינגערע שוועסטער געווען ביי זיי. קאָפּלאַן איז געווען פאַר מיין יינגערער שוועסטער און אויך פאַר מיר, ווי אַן אייגענער פאָטער. דאָס וועל איך קיין מאָל אין מיין לעבן נישט פאַרגעסן.

# אין אויסראטונגס לאגער קלאגע (עסטלאנד)

אהרן שוסטער

## מיינע איבערלעבונגען אין אָלשאַן און אין דייטשע אויסראָטונגס״לאַגערן

אַ חודש נאָך דעם, ווי די דייטשן זענען אַריין אין אָלשאַן, האָט זיך אין שטעטל באַוויזן אַ גרויסער דייטשער לאַסט־אויטאָ מיט 2 צוגעטשעפּעטע פּלאַטפאָרמעס. באַוואָפנטע דייטשן זענען אַראָפּ פון דער מאַשין און אָנגעהויבן כאַפּן יידן אויף אַר־בעט. צוזאַמען מיט די דייטשן זענען אַרומגעלאָפן צעווילדעוועטע פּאָליאַקן, מיט גומענע נאַגייקעס אין די הענט און וועמען מען האָט געכאַפּט האָט מען געשלאָגן און געזעצט אויף די אויטאָס. נאָכן כאַפּן 200 יידן האָט די מאַשין פאַרלאָזט דאָס שטעטל. די יללה אין די יידישע הייזער איז געווען גרויס — עס האָט אָנגערירט כמעט יעדע משפחה.

פון די אַרומיקע שטעטלעך זענען שוין געווען „גרוסן״, אַז די געכאַפּטע אויף אַרבעט, קומען שוין מער קיין מאָל נישט צוריק. אָבער דערווייל איז אין אָלשאַן אַנדערש געשען: דער טאָג איז אַדורך אין גרויס צער און פאַרצווייפלונג. אין די אָוונט־שעהן האָבן זיך אַלע געזונטערהייט צוריקגעקערט. די שמחה איז געווען אַן אומבאַשרייבלעכע. מען האָט זיך געהאַלדזט און געקושט, פּונקט ווי מען וואָלט זיך נישט געזען יאָרן־לאַנג.

אין חודש מאַי 1942 איז געקומען אַ באַפעל פון די דייטשן צו געבן 150 מענטשן אויף אַרבעט אין לאַגער זשעזשמיר, 40 קילאָמעטער פון קאָוונע. הערנדיק פון די מאַסן־פאַרניכטונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין די שכנותדיקע שטעטלעך, האָט קיינער נישט געגלויבט אין אָפיציעלן באַפעל, אָבער קיין אויסוועג איז נישט געווען. נישט גיין האָט באַדייט געהרגעט צו ווערן צוזאַמען מיט די משפחות פון די, וואָס האָבן געדאַרפט פאָרן אויף אַרבעט. יעדער האָט געהאַט טאַטע־מאַמע, זיי זענען געווען פאַרהייראַט און האָבן געהאַט קינדער. מען האָט דעריבער זיך געשטעלט אויף דער אויפפאָדערונג פון די דייטשן.

אין אַ שיינעם זוניקן פרילינג־טאָג האָט זיך יעדער איינער געזעגנט מיט זיינע נאָענטע און באַקאַנטע און באַוואַכט מיט פּאָליציי, ווי די גרעסטע פאַר־ברעכער, געטריבן געוואָרן קיין זשעזשמיר. דאָס רוב פון די 150 יידן האָט שוין מער קיינמאָל נישט צוריקגעקערט זיך צו זייערע נאָענטע.

נאָכן אַרויסגיין פון שטעטל זענען מיר דערגאַנגען צופוס ביז קרעווע. דאָרט האָט מען אונדזער צאָל פאַרגרעסערט מיט יידן פון קרעוווער געטאָ און אַלעמען צוזאַמען געטריבן צופוס קיין סמאָרגאָן. אין סמאָרגאָן האָט מען אונדז געבראַכט

אין דער אָרטיקער געטאָ, ווו מיר, זענען געווען אַ פּאָר טעג ; און דערנאָך, צוזאַמען מיט סמאָרגאָנער יידן, האָט מען אונדז געפירט אויפן וואָקזאַל, ווו עס האָט שוין געוואַרט אויף אונדז אַן עשאַלאָן. דאָרט האָבן אונדז איבערגענומען די ווייסרוסישע פּאָליציי און דייטשן פון דער געזעלשאַפט „טאָדט". די שטימונג ביי די אָנ־ווענדיקע האָט זיך אַביסל געהויבן, ווייל מען האָט אָנגעהויבן גלייבן, אַז פאַרלוי־פיק פאָרט מען אויף אַרבעט.

דער צוג האָט געריררט פון אָרט אין אַ זונטיק־טאָג. גאַנץ פרי זענען מיר אָנ־געקומען אויף דער ליטווישער באַן־סטאַנציע קאָשידאריס, ווו מען האָט אונדז אויסגעלאָדן און מיט מאַשינעס איבערגעפירט אין דעם דערבייאיקן שטעטל זשעזש־מיר.

מיר האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון דער אריינפאָר אין שטעטל. די דאָרטי־קע קריסטלעכע איינוווינער האָבן אויף אונדז געקוקט מיט גרויס פאַרוווּנדערונג. זיי זענען געווען זיכער, אַז קיין יידן עקזיסטירן שוין מער נישט אין די געביטן ווו עס הערשן די דייטשן. די זשעזשמירער יידישע באַפעלקערונג איז אומגע־בראַכט געוואָרן אין די ערשטע וואָכן פון דער דייטשער אָקופּאַציע. די אויטאָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם אָרטיקן בית־הכנסת, וואָס איז געווען ארומגענו־מען מיט אַ הויכן צוים פון שטעכל־דראָט. אין דעם אָפּגעצוימטן שטח האָט זיך אויך געפונען דער בנין פון אַ געוועזענעם קינאָ. מען האָט באַפוילן שנעל אַראָפּ־צוגיין פון די מאַשינעס. עס האָט זיך געעפנט דער גרויסער טויער. מיר זענען אַריין אין אונדזער נייעם וווין־אָרט.

מיט טיפן צער האָבן מיר זיך צוגעקוקט צום מקום קדוש וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לאַגער.

אויפן שול־הויף האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין רייען, עטלעכע מאָל גע־ציילט. אין אָוונט האָט מען ווידער געציילט און באַפוילן צו לייגן זיך שלאָפן. גאַנץ פרי האָט מען שוין דערהערט דאָס קלינגען, וואָס האָט באַפוילן אויפצושטיין. אויסגעשטעלט אין רייען, זענען מיר אַוועק אויף דער אַרבעט, אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנטע דייטשן און ליטווינער. מיר זענען געגאַנגען דורך די שמאָלע גאַסן פון שטעטל, ווו עס האָבן זיך געמערקט פאַרלאָזענע יידישע הייזער. באַוואַכט פון ליטווינער, האָט מען אונדז צעשפרייט איבערן וועג זשעזשמיר — ווערוויס, אויף צו בויען אַן אויטאָסטראַדע און לייגן א ליניע פאַר אַ קליינבאַן אויף צוצושטעלן פאַר־שידענע בוי־מאַטעריאַלן און אויך צו פירן די מענטשן צו־און־פון דער אַרבעט.

נאָך אַ דריי־פיר חדשים אַרבעטן האָבן מיר מיט גרויסע שוועריקייטן אויס־געפועלט ביים לאַגער־פירער, אַז מען זאָל שיקן אַ מאַשין קיין אָלשאַן, כדי צו ברענגען וועלכע עס איז שפייז אונטערצוהאַלטן די עקזיסטענץ פון די אַרבעטס־שקלאַפן אין לאַגער.

די מאַשין איז צוריקגעקומען און האָט געבראַכט גרויליקע ידיעות פאַר

אונדז אַלעמען: דאָס אָלשאַנער געטאָ האָט מען ליקווידירט. די לעצטע יידן זע־נען אַוועקגעפירט געוואָרן אין אָשמענער געטאָ און דאָרט איז דער גרעסטער רוב אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט די יידן פון די געטאָס פון די אַרומיקע שטעטלעך. אין דער אַקציע איז אויך אומגעקומען מיין מאַמע רחל. די דאָזיקע שרעקלעכע ידיעות האָבן אונדז אַלעמען דערשיטערט. יעדער איינער האָט אי־בערגעטראָגן דעם אומגליק אין דער טיפעניש פון זיין נשמה.

מיטן אָנקומען פון ווינטער האָט זיך די שאָסיי־אַרבעט געשלאָסן און מען איז אַריבער אויף וואַלד־אַרבעט. אינדערפרי האָט מען זיך אַרומגעריבן מיט שניי די הענט און דאָס פנים. ביינאַכט איז מען געזעסן האַלב־נאַקעטע אויף די 3־שטאָקיקע נאַרעס און ביי אָנגעצונדענע „סמאַליאַנקעס" געריייניקט די העמדער און קליידער פון ליז, וואָס האָבן נישט געלאָזט צורו טאָג און נאַכט. עס האָט אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע. על פּי נס האָט דער לאַגער אויסגעמיטן אַ פולשטענדיקע ליקווי־דאַציע. אַ סך זענען געשטאָרבן פון טיפוס און צווישן זיי די אָלשאַנער: ראובן סעגאַלאָוויטש, שמעון קאָזלאָווסקי, לייבקע קאָזלאָווסקי, משה גורוויטש און אַנדערע.

זומער־צייט זענען געקומען נייע אויסראָטונגען פון די יידן אין די שטעטלעך: יידן, וואָס האָבן געהאַט פאַמיליעס אין די לאַגערן, האָבן געקענט פאָרן צו זיי. אַזוי זענען אין זשעזשמירער לאַגער געקומען די רעשטלעך פון אָלשאַנער געטאָ, וואָס האָבן זיך געהאַט געראַטעוועט אין אשמענע. צו מיר איז דאַן געקומען מיין פאָטער.

## קאָוונער יודענראַט נעמט אַריין אין געטאָ די רעשטלעך לעבנגעבליבענע פון לאַגערן, וואָס ווערן שפּעטער דורך די דייטשן געפירט צום טויט

אין יענער צייט האָט דער יודענראַט פון קאָוונער געטאָ געמאַכט אַלע מעג־לעכע באַמיונגען אַריבערצונעמען די יידן, וואָס זענען פאַרבליבן אין לאַגער, כדי אַזוי אַרום זיי צו ראַטעווען פון פאַרניכטונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין אַ סך לאַגערן נאָכן פאַרענדיקן פון דער אַרבעט. אין אַ זונטיק־טאָג, אין האַרבסט 1943, זענען אָנגעקומען צום לאַגער מאַשינעס מיט פאָרשטייער פון קאָוונער יודענראַט און מען האָט צוגענומען כמעט אַלעמען, איבערלאָזנדיק אויפן הויף די זאַכן, וואָס יעדער האָט פאַרמאָגט.

יענעם זונטיק בין איך אין לאַגער נישט געווען. מיין ברודער עליע און איך האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון לאַגער און אַוועק אויפן דאָרף אויסבייטן זאַכן אויף שפּייז. פאַרנאַכט, ווען מיר האָבן זיך צוריקגעקערט האָבן אונדז די פאַרבליבענע דער־ציילט וועגן דעם, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. אונדז האָט שטאַרק וויי געטאָן, וואָס

מיר האָבן זיך צעשיידט מיטן פאָטער און באַשלאָסן צו זוכן וועגן, ווי אַזוי צו קו־מען אין קאָוונער געטאָ. אין אָוונט האָט דער לאַגער־פירער געמאַכט אַן אַפּעל פון די געבליבענע 140 יידן און שטרענג באַפוילן, נישט צו פאַרלאָזן דעם לאַגער.

אויף מאָרגן זענען געקומען מאַשינעס צונעמען די זאַכן. מיר איז געלונגען צו באַהאַלטן זיך צווישן די זאַכן און אַזוי אַרום בין איך געקומען אין קאָוונער געט־טאָ. נאָך מיין אַוועקגיין האָט זיך דער לאַגער־פירער געכאַפּט, אז איך בין אומלע־גאַל אַריבער אין קאָוונע. ער האָט גענומען פאָדערן, מען זאָל מיך צוריקשיקן אין לאַגער. מיין צוריקקומען אַהין וואָלט געווען פאַר מיר אַ זיכערער טויט. אַ דאַנק דעם אַרבעטס־לייטער פון קאָוונער יודנראַט — ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט גע־מאַכט גרויסע באַמיִונגען, בין איך אָפּגעקומען מיט 15 טעג „דערבאַקלע" (תפיסה אין געטאָ), און פאַרבליבן אין קאָוונע.

אַזוי אַרום האָב איך זיך צעשיידט מיט מיין ברודער עליע, וועלכער איז שפּע־טער אומגעקומען אויף פּאָנאַר, לעבן ווילנע. פאַר דער צייט וואָס איך בין געווען אַרעסטירט האָט מען די מערהייט פון די זשעזשמירער איבערגעפירט אין קאַשידאַר אויף טאָרף־אַרבעט. בין איך פאַרבליבן אין קאָוונער געטאָ צוזאַמען מיט מיין פאָ־טער ביז אָקטאָבער 1943.

אין אַ טאָג אין אָקטאָבער האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט דאָס קאָוונער געטאָ און אָנגעהויבן נעמען מענטשן. אַזוי ווי אַלע פאַרבליבענע פון זשעזש־מירער לאַגער האָבן געוווינט צוזאַמען אין דעם געוועזענעם קינאָ „ליטאַניקאַ", האָט מען אונדז אַלעמען גלייך צוגענומען, געבראַכט צום געטאָ־טויער, וווּ עס האָבן שוין געוואַרט מאַשינעס, באַוואַכטע מיט דייטשן און ליטווינער. מען האָט אונדז אַריינגעפּאַקט אין לאַסט־אויטאָס און געפירט דורך די קאָוונער גאַסן.

די מאַשינעס, פול געלאָדענע האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם צוגעגרייטן צוג פון לאַסט־וואַגאָנעס. דאָרט זענען געשטאַנען אין רייען ס.ס. און „וולאַסאָווצעס", וועלכע האָבן שוין אונדז דערוואַרט. ווי נאָר די מאַשינעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָבן די רוצחים זיך אַ לאָז געטאָן, ווי די ווילדע חיות, און גענומען וואַרפן די מענטשן פון די אויטאָס, געריסן פון די מוטערס הענט קליינע קינדער און זיי געוואָרפן אין אַ זייט, די מאַמעס אין אַ צווייטער זייט. די געשרייען האָבן גע־שפּאָלטן הימלען. מען האָט צעטיילט: מענער באַזונדער, פרויען באַזונדער, עלטע־רע מענטשן — ווידער באַזונדער.

נאָכן צעשיידן פון די פאַמיליעס, האָט מען אונדז פאַרפּאַקט אין די לאַסט־וואַגאָנעס, די פענצטער פאַרקלאַפּט מיט שטעכל־דראָט. דעם זעלבן טאָג אין די אָוונט־שעהן, האָט דער צוג געריִרט פון אָרט. טראָץ דעם, וואָס די וואַגאָנעס זענען געווען פאַרמאַכט פון אַלע זייטן, איז אויף יעדן וואַגאָן, אויף די טאַמבורן, געזעסן אַ וואַך פון „וולאַסאָווצעס", וועלכע האָבן אויף יעדער סטאַציע זיך אַריינגעריסן אין די וואַגאָנעס און געזוכט ווערטפולע זאַכן. ווען די באַנדיטן

האָבן עפּעס געפונען, האָבן זיי דעם אייגנטימער גוט צעשלאָגן און אַלץ צוגע־נומען.

## געפּייניקטע יידן־שקלאַפן בויען פאַר די דייטשן אַ געהיימע מיליטערישע באַן־ליניע

אזוי זענען מיר געפאָרן 5 טעג. אויפן 6־טן טאָג, אין פרימאָרגן, זענען מיר אָנגעקומען אויף אַ וויסטן און פוסטן פּלאַץ. די רוצחים האָבן באַפוילן אַרויס־צוגיין פון די וואַגאָנעס. ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דאָס איז די לעצטע סטאַציע פון לעבן. עטלעכע יונגעלייט האָבן זיך געלאָזט לויפן, אָבער זיי זענען געפאַלן פון די קוילן, וואָס די „וולאַסאָווצעס" האָבן געשאָסן. אָנווייזנדיק אויף זייערע טויטע קערפּערס, האָט דער קאָמענדאַנט פון צוג, אַן ס.ס.־אָפיציר, מיט ווילדע קולות אויסגערופן: „ווער ס'וועט וואַגן אַ טריט צו געבן אָן אַ דער־לויבעניש, דערוואַרט אים אַזאַ סוף".

צו 4 אין אַ ריי, האַלטנדיק איינער דעם צווייטן פאַר די הענט, אַרומגערינגלט מיט אַ שטאַרקער וואַך, האָט מען געטריבן פון אָרט. דער וועג האָט געפירט דורך בלאָטעס, זומפּן אָן אַ שפּור פון לעבן. נאָך אַ מאַרש פון עטלעכע שעה זענען מיר אָנגעקומען צו אַ פלאַך פעלד, ווו ס'זענען געשטאַנען קליינע באַראַק־לעך, אַרומגערינגלטע מיט אַ הויכן צוים פון שטעכל־דראָט. דאָס איז געווען אונדזער נייער וווינאָרט און ערשטער קאָנצענטראַציע־לאַגער „אייוואַרע" אין עסטלאַנד.

אין לאַגער האָט מען אונדז צעטיילט צו 40 מאַן אין אַ באַראַק, און יעדן איינעם באַשטימט זיין פּלאַץ. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט מען די געגנט גערופן „די עסטלענדישע סיביר", צוליב אירע וויסטענישן און שיטער באַזעצטע באַפעלקערונג.

אונדז האָט מען אַהין געבראַכט אויף צו בויען אַ געהיימע מיליטערישע באַן־ליניע, וואָס האָט געזאָלט פאַראייניקן די פייפּוס־אָזערע מיטן פינישן איינגוס. אויף מאָרגן נאָך אונדזער אָנקומען איז מען שוין געשטאַנען אין די זומפּן ביז דער קני און אויסגעגלייכט דעם באָדן מיט זאמד און שטיינער, וואָס איז געבראַכט געוואָרן פון דער דערבייאיקער באַן־סטאַציע. נאָך אַ 12־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג האָט מען זיך אומגעקערט אין לאַגער. שעהן לאַנג איז מען געשטאַנען אויף פאַרשידענע אַפּעלן. נאָך אַלע פּראָצעדורן איז מען אַריינגעפאַלן אין באַראַק האַלב־פאַרחלשטע און געבליבן ליגן אויף דער הוילער ערד צוגעפּרעסט איינער צום צווייטן אין די פייכטע מלבושים.

אַזוי האָט עס זיך געצויגן אַ פאַר חדשים. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר־שפּרייטן פאַרשידענע קראַנקהייטן, און מענטשן פלעגן אויסגיין ווי ליכט. קיין

מעדיצינישע הילף איז בכלל נישט געווען. ווען אַ לאַגערניק פלעגט קרענקען עטלעכע טעג, איז געקומען אַן ס.ס.־מאַן און געמאַכט אים אַן איינשפּריצונג פון וועלכער מ׳איז גלייך געשטאָרבן. צווישן הונדערטער פאַרפּייניקטע צום טויט איז אויך געווען אונדזער אַלשאַנער שמואל באַיאַרסקי.

## פּיין און אומקום אין די אַרבעטס־לאַגערן פון עסטלאַנד

סוף יאַנואַר 1944, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די אָפענסיווע פון די רוסן אויפן לענינגראַדער פראָנט, האָט מען אונדז עוואַקואירט אין דער עסטלענדי־שער שטאָט קיווילי, וווּ ס׳זענען געווען 2 לאַגערן: קיווילי 1 און קיווילי 2. בכלל זענען אין עסטלאַנד געווען 23 קאָנצענטראַציע־לאַגערן מיט יידן פון פאַרשידענע אייראָפּעישע לענדער. אין קיווילי האָבן די לאַגערניקעס געאַרבעט אין וואַלד און אויף דער אָרטיקער פאַבריק, וואָס האָט פּראָדוצירט ברענשטאָף פון ווייסע קוילן און אַ טייל איז אויך אַוועק אין די שאַכטן.

אויף אייביק וועט פאַרבלייבן אין מיין זכרון דער וועג פון איזוואַרע ביז קיווילי, איבער וועלכן מיר זענען געטריבן געוואָרן. ער האָט זיך געשלענגלט לענגאויס דעם פינישן איינגוס. עס איז געווען ווינטער. אַלץ איז געווען באַדעקט מיט אַ טיפן שניי, מענטשן האָבן קוים געשלעפּט זייערע פיס. אַ סך זענען אָפּגע־שטאַנען און געבליבן פאַרזונקען אין טיפן שניי. די נאָכגייענדיקע וואָכן האָבן אויפגעקליבן די פאַרפּייניקטע און זיי לעבעדיקערהייט געוואָרפן אין ים.

פרילינג 1944 האָבן די דייטשן ליקווידירט דעם רוב יידישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין עסטלאַנד דורך אויסמאָרדן די שוואַכערע, און די אַרבעטס־פעיקע עוואַקואירט אין אַנדערע קאָנצלאַגערן. צווישן די ליקווידירטע לאַגערן זענען אויך געווען קיווילי 1 און 2. מיך מיט מיין פאָטער האָט מען איבערגעשיקט אין דעם פאַרבליבענעם קאָנצענטראַציע־לאַגער קלאָגע, וואָס האָט זיך געפונען אַן ערך 50 ק״מ פון דער עסטלענדישער הויפּטשטאָט טאַלין.

דער קלאָגע־לאַגער איז געלעגן אין אַ זייט פון הויפּט־שאָסיי און באַן־ליניע. אַרומגערינגלט מיט וואַלד, זענען אויף אַ גאַנץ גרויסן שטח געווען צעשפּרייט 4 און 5 שטאָקיקע בנינים. בעת דער סאָוויעטישער הערשאַפט זענען דאָרט געווען וווינונגען פאַר מיליטערישע איינהייטן. איינער פון די דאָזיקע מויערן, אַ 5־שטאָ־קיקער בנין, איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ צווייפאַכיקן הויכן צוים פון שטעכל־דראָט. דאָרט האָבן זיך געפּייניקט 1.500 יידן. דאָס איז געווען קלאָגער לאַגער, וואָס האָט עקזיסטירט עטלעכע יאָר זינט די דייטשן האָבן אָקופּירט די געגנט. פון די ערשטע אומגליקלעכע, וואָס די דייטשן האָבן אַהערגעטריבן זענען גאַנץ ווייניק געבליבן. דאָס רוב פון זיי איז אומגעקומען פון הונגער און שווערער אַרבעט.

בעת איך בין אהין געבראכט געוואָרן, איז די מערהייט פון די אַרעסטירטע געוועזן פון ווילנער און קאָוונער געגנט. אָלשאַנער זענען געווען פאָלגנדע: די רביצין דייכע מיט איר טאָכטער מיליע, מיין שוועסטער בת־שבע, איר טעכטערל לאהלע, אונדזער פאָטער מרדכי־נטע, שלמה קאָזלאָווסקי מיט זיין פרוי העניע, אסתר זיסקאנד, נחמיה מעלצער און חיים יוסף לייבמאַן מיט זיין פרוי.

די הויפּט־אַרבעט אין לאַגער איז באַשטאַנען פון גיסן פאַרשידענע בעטאָן־טיילן צו פאָרטיפיקאַציעס. מ׳האָט געהאָרעוועט פון 6 פרי ביז 6 אָוונט. אונטער דער אויפזיכט פון דייטשע און עסטלענדישע עס.עס.־לייט האָט מען געיאָגט די צעמענט־טאַטשקעס פון די מיש־מאַשינען צו די פאַרשידענע פאָרמעס, וועלכע זענען געווען צעשפּרייט אויף אַ גאַנץ גרויסן שטח. געווען אויך אַ גרופּע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט וואַלד־אַרבעט. פאַר וועלכער עס איז אומפּינקטלעכקייט ביי דער אַרבעט, פאַר וועלן כאַפּן דעם אָטעם, האָט מען באַשטראָפט מיט שמיץ אויפן נאַקעטן קערפּער.

די עקזעקוציע איז פאָרגעקומען אויפן פאָלגנדיקן אופן: אויף אַ ספּעציעלער האַלב־רונדיקער באַנק האָט מען אַוועקגעלייגט דעם קרבן. פוןביידע זייטן זענען געשטאַנען עס.עס.־לייט מיט נאַגייקעס אין די הענט, וואָס האָבן זיך פאַר־ענדיקט מיט בליי־שטיקער. מיט אַ ווילדן געלעכטער האָבן זיי געקאַטעוועט דעם קרבן און געזעטיקט זייער חיהשן אינסטינקט מיטן שפּריצנדיקן בלוט פון געפּייניקטן. דערביי האָט דער פאַרמשפּטער געמוזט ציילן די שמיץ, און אויב ער האָט אַמאָל פאַרפעלט, האָבן די תלינים אָנגעהויבן פונדאַסניי. פאַרשטייט זיך, נאָך אַזעלכע 25 אָדער אַפילו 15 שמיץ איז זעלטן ווער פון די געפּייניקטע געבליבן לעבן.

נאָך דער עקזעקוציע האָט דער דאָקטאָר פעסטגעשטעלט, צי דער געפּיי־ניקטער לעבט נאָך. אין פאַל, ווען ער איז געווען טויט, האָט מען אים פאַר־ברענט אויף אַ שייטער, וואָס איז צעלייגט געוואָרן נעבן לאַגער.

איינמאָל איז אַ גרופּע צוריקגעגאַנגען פון דער אַרבעט אין לאַגער. ביי אַ קאַרטאָפל־פעלד האָבן איניקע גענומען צו עטלעכע קאַרטאָפל. די באַוואָפנטע שומרים, וואָס האָבן באַוואַכט די גרופּע, האָבן געעפנט אַ פייער און כמעט אַ דריטל פון איר אויפן אָרט דערשאָסן. די לעבנגעבליבענע האָבן געמוזט טראָגן די טויטע קערפּערס פון זייערע חברים ביז צום לאַגער, ווו זיי זענען פאַרברענט געוואָרן.

## די דערשיסונג פון יונגע און קרעפּטיקע יידן, וואָס האָבן געמוזט צוגרייטן דאָס האָלץ צום פאַרברענט ווערן

דעם 19טן סעפּטעמבער 1944 זענען, ווי געוויינלעך, אַלע אַרויס אויפן לאַגער־פּלאַץ, כדי צו גיין צו דער אַרבעט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען באַפוילן אַלעמען אַרויסצוגיין פון די בלאָקן צום אַפּעל, אַפילו די, וואָס אַרבעטן אין לאַגער גופא. ווען אַלע זענען שוין געווען אויפן פּלאַץ, זענען ביי די טירן פון בנין אַוועקגע־שטעלט געוואָרן עס.עס.־לייט. דער לאַגער איז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַ מיליטערישער אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך צעשפּרייט גאַנץ געדיכט אַרום צוים. נאָך דער דאָזיקער צוגרייטונג איז אָנגעקומען דער לאַגער־פירער און אָפּגעגעבן פאָלגנדיקע דערקלערונג: „היות ווי דער פראָנט דערנענטערט זיך, מוזן מיר. צוליב אונדזער זיכערקייט, עוואַקואירט ווערן קיין דייטשלאַנד. כדי אויסצופירן דעם באַשלוס מוזן מיר איצט אויסלאָדן אַ טראַנספּאָרט מיט האָלץ און אין די אויסגעליידיקטע וואַגאָנעס וועט אַ טייל פון אייך איבערגעפירט ווערן צום פּאָרט קונדא אויפן פינישן איינגוס".

אויף אויסצופירן די דאָזיקע אַרבעט, האָט דער לאַגער־פירער אויסגעקליבן 300 מאַן און דערביי געזוכט נאָר יונגע און קרעפּטיקע. די אָפּגעקליבענע זענען אונטער אַ שטאַרקער וואַך פון עס.עס.־לייט אַרויסגעפירט געוואָרן פון לאַגער. אויפן אָרט זענען געבליבן פרויען, יוגנטלעכע און שוואַכע.

אומגעפער אין אַ האַלבער שעה אַרום האָבן מיר דערזען אונדזערע אַוועק־גענומענע 300 חברים, ווי מען פירט זיי פאַרביי דעם לאגער אין דער ריכטונג פון וועלדל. יעדער פון זיי האָט געטראָגן אַ שטיק האָלץ אויף די אַקסלען. די שטימונג צווישן די פאַרבליבענע האָט זיך געהויבן. מען האָט אָנגעהויבן גלייבן אין די ווערטער פון דעם לאַגער־פירער, אַז מ׳וועט אונדז עוואַקואירן נאָכן אָפּלאָדענען דעם האָלץ־טראַנספּאָרט. אָבער נישט לאַנג האָט אָנגעהאַלטן די דאָזיקע דערפרייענדיקע האָפענונג. אין אַ קורצער ווײַלע אַרום האָבן מיר דערהערט אַ שטאַרקע שיסעריי פון מאַשין־געווער. דאָס געוויין און געשריי פון די פאַרבליבענע האָט זיך אויסגעמישט מיט די הילכן פון די שאָסן. אַלע האָפע־נונגען האָבן זיך צערונען. ס׳איז געוואָרן קלאָר, אַז אונדזערע מינוטן זענען געציילטע.

ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן די אומגליקלעכע 300 יידן געטראָגן האָלץ אויף שייטערס, כדי נאָכן דערמאָרדן די געפּייניקטע, צו פאַר־ברענען זייערע קערפּערס, קיין זכר זאָל נישט פאַרבלייבן.

נאָך דער אויסמאָרדונג פון די 300 יידן, זענען די דייטשע מערדער צוריק־געקומען אין לאַגער און די איבערגעבליבענע, גרופּנווייז, צו 50 מאַן, אַרויסגעפירט צום טויט. די וואָס זענען געשטאַנען אויפן פּלאַץ און געוואַרט אויף זייער ריי

צו ווערן דערמאָרדעט, האָבן זיך, אויף די אויגן, געענדערט, ממש נישט צום דערקענען. טייל האָבן געוויינט הויך אויפן קול, אַנדערע האָבן, פאַרקערט, זייענדיק שוין געריבערט פון זינען, געלאַכט, געזונגען. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געוואָרפן צום הויכן שטעכל־דראָט־צוים און געבליבן הענגען דער־שאָסענע פון די קוילן פון די וואַך־פּאָסטנס. ס'איז מיר פאַרבליבן אין זכרון אַ גרופּע פון 50 מאַן, וואָס איז געפירט געוואָרן צום טויט. פאָרויס איז געגאַנגען אונדזער אָלשאַנער נחמיה מעלצער, ער האָט איבערגעלאָזט אויפן פּלאַץ זיין שוועסטער איידע מיט איר מאַן חיים יאָסל.

אַזוי האָבן זיך די בעסטיאַלישע רציחות געצויגן פון נאָכמיטאָג ביז האַלבער נאַכט. אויפן גרויסן פּלאַץ, וועלכער האָט געראַישט אַ גאַנצן טאָג פון מענטשלעכן געיאָמער, איז כמעט שטיל געוואָרן. אין איין ווינקל, נעבן דעם אַריינגאַנג אין בנין, איז נאָך געזעסן אַ גרופּע דערשלאָגענע און מוטלאָזע, אַ 200 מאַן, און צווישן זיי אויך איך מיט מיין פאָטער. די וואַך־פּאָסטנס האָבן עפּעס צוליב אַ סיבה זיך פאַרזאַמלטביים לאַגער־טויער. איינער פון דער גרופּע, וואָס האָט געוואַרט אויפן טויט, האָט אַ געשריי געטאָן: „חיי שעה איז אויך גוט" און זיך געלאָזט לויפן אין בנין. גלייך זענען אַלע געלאָפן נאָך אים. דער טומל און די שטופעניש ביי די טירן איז געוואָרן גרויס.

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן שרייען און געעפנט אַ שיסעריי. בעת דער שטופעניש האָט מען מיך צעשיידט פון מיין פאָטער. איך בין געטראָגן געוואָרן פאָרויס פון דעם מענטשן־שטראָם.

## ווי אַזוי איך האָב זיך געראַטעוועט

אין דעם לאַגער בין איך געווען בלויז געציילטע חדשים און נישט געוווּסט, אַז די אַלטע לאַגערניקעס האָבן געהאַט זיך צוגעגרייט „מעלינעס" אויפן דאַך. איך בין געלאָפן צוזאַמען מיט זיי אויף די טרעפּ. איך האָב זיך אַרומגעקוקט, אַז דער כאָטער איז נישטאָ און אָפּגעהאַלטן זיך פון לויפן. אין געציילטע מינוטן בין איך פאַרבליבן אַליין, צעטומלט און נישט געוווּסט וואָס ווייטער צו טאָן. איך האָב זיך געלאָזט צוריק צו דער טיר, וועלכע איז געווען כמעט אינגאַנצן פאַרלייגט מיט טויטע און שווער פאַרווּנדעטע. כ'האָב געמיינט, איך וועל דאָ געפינען מיין פאָטער און אים קענען מיט וואָס עס איז העלפן, אָבער ליידער איז ער דאָ שוין נישט געווען.

אין אָנבליק פון דעם מאַסן־טויט האָט ביי מיר געשטייגערט דער דראַנג צום לעבן, וואָס האָט אַלץ איבערגעוווּיגן. איך האָב זיך געלאָזט צוריק אויף די טרעפּ און אָנגעקומען אין צימער, אויפן צווייטן שטאָק, ווו איך האָב זיך פריער געפונען. דאָס צימער איז געווען אינגאַנצן ליידיק, ס'זענען נאָר געשטאַנען די

צוויי־שטאָקיקע הילצערנע נאַרעס, באַלויכטן דורכן איינציקן עלעקטרע־לעמפּל. פּלוצים האָב איך דערהערט טריט אין קאָרידאָר, וואָס האָבן זיך דערנענטערט און דערנענטערט. איך האָב אַראָפּגעכאַפּט אַ הילצערנעם שוך פון מיין פוס און מיט אַ קלאַפּ צעבראָכן דאָס לעמפּל. פון אַ דערבייאיקן צימער האָבן זיך דער־טראָגן ווילדע קולות, געיאָמער און געשריי. דאָרט איז געווען דאָס לאַגער־שפּיטאָל. ס׳זענען געלעגן קראַנקע, די מערהייט פון זיי האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. די אַריינגעקומענע מערדער האָבן באַפוילן די קראַנקע אַרויסצו־גיין אין דרויסן און ווער ס׳האָט זיך נישט געקאָנט רירן, איז דערשאָסן געוואָרן אין בעט.

אין צימער, ווו איך האָב זיך געפונען, איז געווען אַ פּאַרטיפונג אין אַ וואַנט, פאַרהאָנגען מיט אַ ווייסן פאַרהאַנג, וואָס האָט געדינט ווי אַ שאַפע פאַר די זאַכן פון די לאַגערניקעס. דאָרט האָב איך זיך באהאלטן. ווי נאָר איך בין אַרונטער הינטערן פאָרהאַנג צווישן די זאַכן, האָט זיך אָן עפּן געטאָן די טיר פון צימער, און ס׳איז אַריין אַ דייטש מיטן אויסרוף: „איסט היר ווער דאַ, קאָם הערויס״. ער האָט זיך נישט פאַרלאָזט אויף זיין רוף און זיך געלאָזט זוכן אונטער די נאַרעס און קיינעם נישט געפונען. ער איז געגאַנגען צו דער טיר. דורכן ליכט פון קאָרידאָר האָט ער דערזען דעם פאָרהאַנג און זיך צוריקגעקערט, אַ טאַפּ געטאָן, אפשר איז דאָרט ווער דאַ. דאָס מזל האָט מיר צוגעשפּילט. ער האָט מיך נישט אָנגערירט. ער האָט זיך „איבערצייגט״, אַז „קיינער איז נישטאָ״ און איז אַרויס.

איך בין נאָך געבליבן שטיין אונטערן פאָרהאנג, וויפל איך האָב געקענט אויסהאַלטן, ווייל די פליי פון די זאַכן זענען מיך באַפאַלן און האָבן מיך ממש אויפגעגעסן לעבעדיקערהייט. סוף־כל־סוף בין איך אַרויס פון מיין באַהעלטעניש, זיך אָפּגעטרייסלט און געבליבן שטיין אָנגעשפּאַרט אין אַ וואַנט נעבן דעם איינציקן פענצטער. ס׳איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. אין בנין האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט און פון דרויסן האָבן זיך דערטראָגן הילכן פון איינציקע שאָסן. איך האָב זיך פאָרזיכטיק אַרויסגערוקט אין קאָרידאָר און דערזען דורך דעם קאָרידאָר־פענצטער אַ פלאַם, וואָס האָט צעשפּרייט זיינע פייער־צונגען אין אַלע ריכטונגען. דאָס האָבן געברענט די דערמאָרדעטע יידן אויף די שייטערס באַגאָסענע מיט בענזין.

אַ צעטומלטער בין איך אַריין צוריק אין צימער. אין דרויסן איז אַוועק אַ לייכטער רעגן. די פאַלנדיקע טראָפּנס האָבן איבערגעריסן די שטילקייט פון דער נאַכט. ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן. ס׳האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער גערויש פון אַ מאָטאָר, וועלכער האָט זיך פלוצים אָפּגעשטעלט. איך האָב זיך צוגערוקט צום פענצטער און דערהערט אַ באַפעל אויף דייטש: „אַלעס לאַסען, שנעל אויפשטייגען!״.

צום גרויסן לאַסט־אויטאָ האָבן פון פאַרשידענע ריכטונגען זיך געלאָזט לויפן עס.עס.־לייט און אין געציילטע מינוטן האָט די מאַשין, אַן איבערפולטע, גערירט פון אָרט. עס איז געוואָרן טאָג. דורכן פענצטער האָב איך דערזען צעוואָרפענע שינעלן, אויפן גאַס מיליטערישע רוקזעק און פאַרשידענע זאַכן. איך האָב פארשטאנען, אַז די דייטשן אַנטלויפן. מיד און צעבראָכן פון אַלעם, וואָס איז אין דעם מעת־לעת פאָרגעקומען, בין איך איינגעשלאָפן.

*

ווען איך האָב זיך אויפגעכאפּט, איז שוין געווען גרויסער טאָג. דורכן פענצטער האָב איך דערזען מיליטערישע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן זיך צע־שפּרייט אויפן גאנצן שטח, ווי ווייט מיין אויג האָט געגרייכט. דאָס זענען געווען זעלנער, אָרטיקע איינוווינער, וועלכע זענען אַוועק פון פראָנט. פאַרבייגייענדיק דעם לאַגער האָבן זיי דאָ געמאַכט אַן אָפּרו. זיי האָבן דערזען די צעוואָרפענע זאַכן און זיך אַ לאָז געטאָן אין בניז. יעדער איינער האָט געזוכט צו נעפּינען ווערטפולעס צווישן די פאַרבליבענע זאַכן. איך האָב צוריק פאַרנומען מיין פּלאַץ הינטערן פאָרהאַנג. עטלעכע גרופּן זענען דורכגעגאַנגען דאָס צימער און נאָר איינער האָט באַרירט מיט דער האנט דעם פאָרהאַנג, אונטער וועלכן איך בין געווען באַהאַלטן. ער האָט אָנגעטאָפּט מיין פּנים. איך האָב זיך אַרויס־גערוקט און געבליבן שטיין און נישט געקאָנט אַרויסריידן קיין איין וואָרט, אויך ער איז אָפּגעשפּרונגען אין אַ זייט...

אַנטקעגן מיר איז געשטאַנען אַ זעלנער פון אַן אומנאַטירלעכער הייך מיט אַן אויסגעשטרעקט מאַשין־געווער צום שיסן. דאָס איז געווען אַ יונגטלעכער עסטלענדער מיט אַן איידל פּנים, קענטיק אַ סטודענט, וועלכער איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער דייטשער אַרמיי. ער איז געווען דערשראָקן, ווייס, ווי די געקאַלכטע וואַנט, און נישט גערעדט קיין וואָרט. נאָך עטלעכע מינוטן שווייגן, האָט ער אָנגעטאָן אויף דער פּלייצע דאָס געווער און אין אַ צעבראָכענעם דייטש אַ זאָג געטאָן: „ווען דו לעבען ביסט געבליבען, מאַך איך דיר ניקס" און איז אַוועק. איך בין ווייטער געשטאַנען ווי פאַרשטיינערט און זיך נישט געגלויבט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

לאַנג טראַכטן איז מיר נישט אויסגעקומען. דאָס וווּנדער, אַז דאָ איז פאַרבליבן לעבן אַ מענטש, האָט ער קענטיק דערציילט זיינעם אַ חבר. אין אַ קורצער ווײַלע אַרום האָב איך ווידער דערהערט פון קאָרידאָר זיך דערנעענטערנ־דיקע טריט. איך האָב זיך צוריק געשטעלט הינטערן פאָרהאַנג. נאָר דאָס מאָל אומזיסט.

ס׳האָט זיך אָן עפּן געטאָן די טיר און דער אַריינגעקומענער איז גלייך צו צום פאָרהאַנג, אים אַראָפּגעצויגן און אָנגעהויבן צו ריידן מיט אַ ריינער רוסישער

שפּראַך. זיינע ערשטע ווערטער זענען געווען: „האָב נישט קיין מורא, מיר וועלן דיר קיין שלעכטס נישט טאָן". ער איז געווען אַן אונטעראָפֿיציר פון רוסישער אָפּשטאַמונג, וועלכער האָט אַלס קינד, צוזאַמען מיט זיינע עלטערן, נאָך דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, זיך באַזעצט אין עסטלאַנד. ער האָט מיר וועגן אַלעם אויסגעפרעגט און מיט אַלעם זיך אינטערעסירט. נאָך אַ פּאָר שעה שמועסן האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און געזאָגט, אַז ער מוז שוין גיין. ער האָט מיר געראָטן פאַרלאָזן דעם בנין, ווייל אַלץ וועט אויפגעריסן ווערן און איך זאָל זיך אויסבאהאלטן אַ פּאָר טעג אין דעם דערבייאיקן וועלדל, ווו איך וועל באשטימט דערוואַרטן די באַפרייאונג. ער האָט מיר איבערגעלאָזט זיין אַדרעס און געבעטן איבערגעבן אַ גרוס זיין פאַמיליע, ווייל ער מוז נאָך גיין ווייטער און ווייסט נישט, צי דער גורל וועט נאָך אים אַהיימברענגען.

ער איז אַרויס און באַלד נאָך אים האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט צום אַרויסגאַנג. דורך דער גרויסער טיר האָב איך דערזען ווי די גאַנצע געגנט איז פאַרפלייצט פון אָפּטרעטנדיקן מיליטער. איך האָב זיך אָפּגעהאַלטן פון מיין באַשלוס אַרויס־צוגיין, ווייל אַחוץ מיליטער איז דאָ קיין לעבעדיקער נפש נישט געווען און באַ־ווייזן זיך איז געווען זייער ריזיקאַליש. איך האָב באַשלאָסן אָפּצוגעפינען די געראַטעוועטע, וועלכע האָבן געדאַרכט זיין אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם. נישט לאַנג געטראַכט, האָב איך זיך געלאָזט גיין דורך דעם לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן די מערדער, נאָכן אומברענגען די יידן פון לאַגער, פאַרשלעפּט אויף די דאָזיקע קאָרידאָרן רוסישע געפאַנגענע און זיי דאָרט צעשאָסן. ביז איך האָב זיך דערקליבן צום לעצטן שטאָק, זענען פאַרביי עטלעכע שעה. איך האָב זיך פאַרטשעפּעט אין די טויטע קערפּערס און איבער זיי געפאַלן. גאַנץ לאַנג האָב איך נישט געקענט זיך אויפהייבן פון שרעק און דענערווירונג.

ווען איך בין שוין דערקראָכן צום בוידעם, איז שוין געווען נאַכט. וויפל איך האָב נישט גערופן צו די באַהאַלטענע, האָט קיינער נישט אָפּגעענטפערט. איך האָב שוין געמיינט, אַז מען האָט זיי אַנטדעקט און אומגעבראַכט. איך בין געבליבן שטיין און געטראַכט, וואָס ווייער צו טאָן. איך האָב זיך נישט געקאָנט מער רירן. אין אַזאַ מצב בין איך געבליבן ביז אינדערפרי. מיט די לעצטע כוחות האָב איך אָפּגעריסן אַ ברעט, זיך דורכגערוקט אויפן בוידעם און פאַר־מאכנדיק דאָס ברעט, געפאַלן אין חלשות און געבליבן ליגן.

אַזוי ווי דורכן חלום, האָב איך דערהערט אַ שטים, וואָס האָט גערעדט צו מיר. איך האָב זיך אויפגעהויבן און אין דערווירקלעכקייט דערזען נעבן זיך צוויי יידן. זיי האָבן מיר דערקלערט, אַז זיי האָבן מורא געהאַט זיך אָפּצורופן, מיינענדיק, אַז מען וויל זיי פּראָוואָצירן. אויפן בוידעם האָבן זיך אויסבאַהאַלטן בערך 80 מאַן. מיר זענען דאָרט געזעסן 6 טעג און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן.

בײנאַכט פלעגט מען זיך אויף פון פֿריער צוגעגרייטע שטריק אראָפּלאָזן אויפן הויף, אַרויפנעמען װאַסער און עסן פון דעם פּראָװיאַנט, װאָס די דײַטשע זעלנער האָבן איבערגעלאָזט. דעם 25־טן סעפּטעמבער 1944, אין די מיטאָג־שעהן, האָבן מיר ז׳ערהערט דאָס גערויש פון אַן אַעראָפּלאַן, װעלכער איז געפֿלויגן גאַנץ נידע־ריק. דורך דעם בוידעם־פענצטערל האָבן מיר דערקענט אויף אים סאָװיעטישע אָפּצייכענונגען. אויף צומאָרגנס פרי איז אָנגעקומען סאָװיעטיש מיליטער. מען איז אַראָפּ פון בוידעם און דערזען דעם שרעקלעכן חורבן.

## דײַטשן אונטערגעצונדן אַ באַראַק מיט פאַרװוּנדעטע און טויטע ייִדן

אומגעפער אויף אַ האַלבן ק״מ פון לאַגער, אויף אויסגעבויטע קרעמאַטאָריעס פון אַ ספּעציעלער קאָנסטרוקציע, מיט אַ קוימען אינדערמיטן, זענען געלעגן אויסגעלייגט שיכטן: אַ שיכט האָלץ און אַ שיכט מענטשן — אַזוי 3 מעטער די הייך, האַלב־פאַרברענטע מענטשלעכע קערפּערס. דער מיטלסטער טייל פון די שייטערס איז געװען אינגאַנצן פאַרברענט און דער אַרום איז פאַרבליבן, װייל פאַרטאָג איז געפאַלן אַ רעגן און האָט אָפּגעלאָשן דאָס פייער. דער גאַנצער שטח איז געװען באַלייגט מיט מענטשלעכע קערפּערס, װעלכע זענען דערשאָסן גע־װאָרן. צװישן זיי האָב איך אויך געפונען דעם קערפּער פון אונדזער אָלשאַנער שלמה קאָזלאָװסקי.

אַחוץ אויף די שייטערס האָבן די דײַטשן נאָך אומגעבראַכט עטלעכע הונ־דערט מאַן אין אַ באַראַק, פון װעלכן ס׳איז כמעט קיין שפּור נישט פאַרבליבן. פון דעם האָבן מיר זיך דערװוּסט ערשט אויף צומאָרגנס, װען צו אונדז איז געקומען דער איין־און־איינציקער פון דאָרט געראַטעװעטער — יצחק אָשעראָװיטש פון אָשמענע, היינט אין ישראל.

די מאַסן־אויסמאָרדונג פון די ייִדן האָבן די דײַטשן אויסגעפֿירט אויפן פאָלגנדיקן אופן: די פּופּציקסטלעך, װאָס זענען געבראַכט געװאָרן פון לאַגער אין באַראַק, האָבן די דײַטשן באַפוילן זיך צו לייגן מיט די פּנימער צו דער ערד, און אַזוי האָבן די רוצחים דערשאָסן זייערע קרבנות מיט אַ קויל אין קאָפּ. דאָס דערשיסן איז פאָרגעזעצט געװאָרן ביז דער באַראַק איז פאַרפולט געװאָרן מיט טויטע קערפּערס. יצחק איז שוין געװען פון די לעצטע, װען די צימערן זענען שוין געװען איבערפולט. מען האָט אים באַפוילן אַרויפקריכן אין דער הייך אויף די זיך הייבנדיקע קערפּערס, די מערהייט פון װעלכע האָט נאָך געלעבט און זענען געװען בלויז שװער פאַרװוּנדעט. װען ער איז אַרויפגעקראָכן אין דער הייך, האָבן די בעסטיאַלישע רוצחים אין אים אויסגעשאָסן. ער איז גלייך

געפּאַלן, אָבער די קויל האָט אים נישט געטראָפן און ער איז געבליבן ליגן ביים פּולן באַוווסטזיין.

פּלוצים האָט זיך אָן עפּן געטאָן אַ פענצטער דורך וועלכן מען האָט אַריינ־געגאָסן בענזין. ליגנדיק נעבן פענצטער האָט מען אים אינגאַנצן אָפּגעגאָסן. אַזוי, ווייזט אויס, האָט מען דורך אַלע פענצטער געגאָסן בענזין און אונ־טערגעצונדן דעם באַראַק מיט די לעבעדיקע און טויטע. יצחק אַווראַוויטשן איז געלונגען אַרויסצושפּרינגען דורכן פענצטער. ער האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף אַ בוים און אָפּגעזעסן אַ גאַנצן מעת־לעת, דערנאָך האָט ער זיך אַרומגע־וואַלגערט עטלעכע טעג אין דער אַרומיקער געגנט, ביז ער איז אָנגעקומען צו אונדז נאָך דער באַפרייאונג דורך דער רויטער אַרמיי.

נאָך דער באַפרייאונג האָט יעדער געשטרעבט, וואָס גיכער צו קומען אין זיין געבורטס־היים, וואָס איז שוין געווען באַפרייט מיט חדשים צוריק.

רבקה דאַווידסאָן-סעגאַלאָוויטש

# פרויען אין געטאָס און לאַגערן

## אין די געטאָס פון אָשמענע, ווילנע און קאָוונע

אין פרימאָרגן פון צווייטן טאָג, ווי די דייטשע רוצחים האָבן פאַרנומען אונדזער שטעטל אַלשאַן, איז געקומען צו לויפן צו אונדז מיין שוואָגער דוד סעגאַלאָוויטש אין טלית און תפילין: מען האָט אים אַרויסגעטריבן פון שטוב. אַ גרויסע מחנה דייטשן זענען אים באַפאַלן. אַלץ וואָס עס האָט זיך געפונען אין שטוב, האָבן זיי אַרויסגעטראָגן אויפן גאַס און די זאַכן צעטיילט צווישן די גויים, וועלכע זענען געשטאַנען נעבן די יידישע הייזער און געוואַרט אויף דעם.

אַ שטיקל צייט האָט דוד מיט זיינע קינדער: ראובן און מאָטל, געלעבט מיט אונדז צוזאַמען, ביז מען האָט אַרויסגעטריבן פון די הייזער און עס איז געוואָרן אַ געטאָ. די לאַגע איז דאַן געוואָרן זייער שלעכט. עס איז געווען שטרענג פאַר־באָטן אַרויסצוגיין פון געטאָ. זייער אָפט זענען די דייטשן באַפאַלן אין מיטן נאַכט די יידישע וווינונגען, געמאַכט רעוויזיעס און צוגענומען אַלץ וואָס איז זיי געפעלן, דערצו האָבן זיי נאָך געגעבן גוטע קלעפּ.

די דייטשן האָבן צוגענומען די יוגנט פון געטאָ און אָוועקגעפירט אין לאַגער זשעזשמיר. אין דעם טראַנספּאָרט זענען געווען: מיין מאַן ברוך־שמואל און ראובן מיט דעם צונעמען די יוגנט קיין זשעזשמיר איז געוואָרן שווערער דאָס לעבן פון

די עלטערע מענטשן. טאָג־טעגלעך האָט מען געטריבן צו פאַרשידענע שווערע אַרבעטן, אויך אין וואַלד, ווו מיר האָבן אַראָפּגעלאָזט ביימער. אַזוי איז געווען דאָס לעבן אין געטאָ ביז דער ליקווידאַציע.

נאָך דעם ווי מען האָט ליקווידירט דאָס אָלשאַנער געטאָ, האָט מען אונדז טראַנספּאָרטירט אין אָשמענער געטאָ. די ענגשאַפט אין די הייזער איז געווען געפערלעך. אויפֿן צווייטן טאָג, גאַנץ פרי, האָט מען אַרויסגעטריבן אַלט און יונג אויף אַ פּלאַץ. ווילנער געטאָ פּאָליציי האָבן צעטיילט די מענטשן אויף רעכטס און לינקס. די וועלכע זיי האָבן באַשטימט צום אומברענגען, האָט מען פֿאַרטריבן אין לײדיקע הייזער. אַזוי שנעל ווי די מערדער זענען פאַרטיק געוואָרן מיט דער סעלעקציע, האָבן זיי באַלד אין זעלבן טאָג אָוועקגעפירט די קרבנות אין זשעלאנקע, נישט ווייט פון אָשמענע, ווו זיי האָבן געהאָט צוגעגרייט גרויסע שייערן. מ'האָט אַלעמען געשלאָגן און געפייניקט און נאָך דעם אומגעבראַכט. דאָרט געפינט זיך אַ ברודער־קבר פון איבער 400 יידן. די יידן, וועלכע די מערדער האָבן איבערגעלאָזט ביים לעבן, — און אויך איך בין געווען צווישן זיי, — זענען געבליבן אין אָשמענער געטאָ בערך אַ האַלב יאָר צייט אין פּיין און אין ליידן.

נאָך דער ליקווידאַציע פון אָשמענער געטאָ בין איך צוזאַמען מיט אַ צאָל יידן איבערגעפירט געוואָרן קיין ווילנע. די דייטשן האָבן געלאָזט אויסקלויבן ווו אַהין צו פאָרן: ווילנע אָדער קאָוונע. איך האָב זיך פאַרשריבן קיין ווילנע ווייל מיין מאַן ברוך־שמואל איז שוין דאָרט געווען.

## פון צוואַנגס־אַרבעט, גלייך צום טויט

אין ווילנער געטאָ האָט מען געטריבן יעדן טאָג צו דער אַרבעט. איך האָב געאַרבעט אין גאָרטן ביי אַ שפּיטאָל. מיר זענען געווען בערך 30 פּערזאָן, מענער און פרויען. צוזאַמען מיט מיר איז געווען שבתאי אַבראַמאָוויטש, זיין פרוי גיטל. אַ צייט שפּעטער האָט מען מיך איבערגעשיקט קיין פּאָרובאַנעק. דאָרט זענען געווען אַ סך פרויען. מיר האָבן געהאַלטן אין איין גראָבן גריבער און צוריק פאַרשיטן. ווי עס האָט אויסגעזען, איז פאַר אונדז קיין אַנדערע אַרבעט נישט געווען. אין איינעם אַ פרימאָרגן, אַרויסגייענדיק צו דער אַרבעט, האָבן מיר געזען, אַז מען פירט אונדז מיט אַן אַנדערן וועג.

מען האָט אונדז געטריבן אויף אַ גרויסן פּלאַץ, וועלכער איז געווען אַרומגענומען מיט אַ הויכן צוים און מיט שטעכל־דראָט. עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געפּרוּווט אַריבערקלעטערן איבערן צוים אויף דער אַנדערער זייט, ווייל צו פאַרלירן איז נישט געווען וואָס. וועגן אַרויסגיין לעבעדיק פון דעם דאָזיקן פּלאַץ האָט קיינער נישט געטראַכט אַפילו. גלייך זענען אָנגעקומען

ס.ס.־לייט מיט שפיר־הינט און זיי האָבן געעפנט אַ שיסעריי אויף די מענטשן, וועלכע זענען געווען אויפן פּאַרקאַן. אַ קליינע צאָל איז געלונגען אַריבערצושפּרינגען לעבעדיק, — די קוילן האָבן זיי אויסגעמיטן. אַ סך זענען אַרונטערגעפאַלן און געבליבן ליגן אין טייכן בלוט. אַ פרוי איז אַראָפּגעפאַלן נעבן מיינע פיס, אַ צע־ריסענע, אַ פאַרפלייצטע אין בלוט. דאָס גרויליקע בילד וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ביז צום לעצטן טאָג פון מיין לעבן. דאָס איז געווען אָנהייב 1943.

ווי אַזוי מיר איז געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך לעבעדיקערהייט פון דעם גהינום — געדענק איך בשום אופן נישט ביזן היינטיקן טאָג. עס איז נאָר מיר פאַרבליבן אין זכרון, אַז אַרויסלויפנדיק האָב איך געטראָפן אַ מיידל מיטן נאָמען ליבקע. מיר ביידע זענען געלאָפן מיט אַלע כוחות ביז מיר זענען אָנגעקומען אין אַ גרויסן הויף מיטן נאָמען כודזישעק, עטלעכע קילאָמעטער פון ווילנע. וועגן אַריינגיין אין אַ שטוב, איז קיין רייד נישט געווען. עס האָט אונדז כסדר באַגלייט אַ הילכיקע שיסעריי. מיר זענען ווייטער געלאָפן און מיר האָבן דערזען פון דער ווייטנס קליינע ביימלעך. מיר זענען צו צו דעם אָרט, מיינענדיק, אַז מיר וועלן אפשר זיך קענען אויסבאַהאַלטן ביז נאַכט. אָבער מיר האָבן באַמערקט, אַז די ביימלעך שטייען אין אַ טיפער קאַנאַווע פול מיט וואַסער. האָבן מיר באַשלאָסן אַריינצוגיין אין דער קאַנאַווע און בלאָטע און זיך געמוזט דאָרט לייגן, ווייל שטייענדיק וואָלט מען אונדז געקאָנט באַמערקן פון דער ווייטנס. אַזוי זענען מיר געלעגן ביז פאַרנאַכט. די שיסעריי איז געוואָרן שטילער.

איידער מיר האָבן זיך נאָך צוזאַמענגערעדט, וואָס ווייטער צו טאָן, האָבן מיר דערהערט אַ בילעריי פון הינט. עס האָבן זיך באַוויזן עס.עס.־לייט מיט הינט, וועלכע האָבן אונדז פּשוט אַרויסגעשלעפּט פון דער קאַנאַווע האַלב־טויטע. די ס.ס.־רוצחים זענען געפאָרן אויף ראָווערן און מיר האָבן געמוזט זיי נאָכלויפן.

ביז מיר זענען אָנגעקומען צום באַן איז שוין געווען נאַכט. אַלע געכאַפּטע יידן האָבן זיך שוין געשטיקט צו 100—120 מענטשן אין פלאָמבירטע וואַגאָנעס. אונדז ביידן האָט מען קוים אַריינגעשטופּט אין אַ וואַגאָן, ווו מיר האָבן זיך אַפילו נישט געקאָנט אַ ריר טאָן. אַזוי האָט מען אונדז געפירט 3 טעג און 3 נעכט, אָן וואַסער און אָן עסן. אַ סך זענען געשטאָרבן פון הונגער און דורשט.

נאָך אַזעלכע מוראדיקע דריי טעג, האָט מען ענדלעך געעפנט די טיר און מען האָט געגעבן אַ ביסל שמוציק וואַסער, וואָס נישט יעדער איינער האָט געקאָנט באַקומען. נאָר די יעניקע, וועלכע זענען געשטאַנען נעבן דער טיר, האָבן באַקו־מען וואַסער. צוגיין צו דער טיר איז געווען אוממעגלעך צוליב דער גרויסער ענגשאַפט און אויך צוליב די טויטע, וואָס זענען געלעגן אויסגעלייגט. מען האָט זיך געשלאָגן צוליב אַ ביסל שמוציק וואַסער. און גלייך האָט מען ווידער פאַר־פלאָמבירט די וואַגאָנעס. דער גאַנצער טראַנספּאָרט פון ווילנער געטאָ איז געוואָרן אָפּגעפירט קיין ריגע.

## דער צוזאַמענטרעף מיט מיין מאַן אין אַ לאַגער אין עסטלאַנד

אין ריגע זענען מיר געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג. דאָרט האָט מען אונדז נישט געוואָלט אויפנעמען, ווייל די לאַגערן זענען געווען איבערפולט, האָט מען אונדז אַריבערגעפירט קיין עסטלאַנד, וווהין מיר האָבן געפאָרן 3 טעג אין די פאַרפלאָמבירטע וואַגאָנען, אָן עסן און אָן וואַסער. ס.ס.־לייט האָבן אונדז געטריבן צו פוס פון באַן קיין אייוואַרע עטלעכע קילאָמעטער. דאָרט האָב איך געטראָפן מיין מאַן ברוך־שמואל, און אויך די אָלשאַנער: לייבע געליעס, הינדע קארבאנאָוויטש, בנימין דעם קראסנערס פרוי. בת־שבע, מרדכי נטעס און שמואל טראַבסקי.

מיין מאַן ברוך־שמואל איז צוגעגאַנגען צו מיר — האָט מען אים דערפאַר צעשלאָגן מכות־רצח. עטלעכע חדשים זענען מיר געווען צוזאַמען: איך, ברוך־שמואל און לייבע, מיינער אַ פלימעניק. מיר האָבן אַפילו געאַרבעט אין זעלבן וואַלד, אָבער אַ קורצע צייט. מיין מאַן און מיין פלימעניק האָט מען באַלד איבערגעשיקט אין לאַגער עכעדאַ, אויך אין עסטלאַנד. לייבקען האָט מען דאָרט אומגעבראַכט, ווייל אים האָט געגומען אַ פוס ווי טאָן. אַ ביסל שפּעטער איז ברוך־שמואל אויך געוואָרן קראַנק און די רוצחים האָבן אים דערשאָסן.

פון אַלע אַרומיקע לאַגערן האָבן די דייטשן געבראַכט יידן קיין עכעדאַ, אויף אומצוברענגען. דאָרטן געפינען זיך ברודער־קברים פון טויזנטער מענטשן. אין אַ קורצער צייט שפּעטער, אין איינעם אַ פרימאָרגן, האָבן די יידן־מערדער צוזאַמענגעקליבן 100 פרויען, איך בין אויך געווען צווישן זיי. מען האָט אונדז אַ גאַנצן טאָג געהאַלטן אין דרויסן אויף אַ ביטערן פראָסט. אין אָוונט האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אין אַ צווייטן לאַגער מיטן נאָמען קיווײלי נומ׳ 1. דאָרט האָט מען געהאַט אַביסל בעסער. מען האָט אונדז געגעבן עסן און נאַרעס צום שלאָפן. אין אַ קורצער צייט שפּעטער, נאָר אונדזער אָנקומען קיין קיווײלי, האָט מען געבראַכט 400 מענער פון ליקווידירטן ווילנער געטאָ. צווישן זיי זענען געווען: הערשל גאליעס, מיינער אַ פלימיעניק, און נאָך אייניקע אָלשאַנער. גאליען מיט 4 קינדער, האָבן די דייטשן, ביים אָפּקלויב, געשיקט אויף לינקס, ד. ה. צום אומברענגען.

אין לאַגער קיווײלי, ווו עס האָט זיך געלעבט, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע לאַגערן, נישט שלעכט, בין איך געווען אייניקע חדשים. בעת אַ סעלעקציע, האָט מען מיך מיט נאָך עטלעכע הונדערט פרויען אָפּגעשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער שטוטהאָף. דאָרט איז געווען דאָס ריכטיקע גהינום. מען האָט אונדז פאַרטריבן אין גרויסע באַראַקן. די טירן און פענצטער האָבן געמוזט זיין אָפן. דער פראָסט האָט געברענט. אין די באַראַקן איז מען געלעגן הויל נאַקעט. וועגן אַרויסגיין לעבעדיק פון דעם גהינום איז ביי קיינעם קיין פונק האָפענונג נישט געווען. מ׳האָט נישט געטאָרט קיין וואָרט אויסריידן. אַלע האָבן זיך צעזעצט אויף

דער ערד, ווי נאָר דער אויפזעער האָט דערהערט רעדן, האָט ער בליץ־שנעל גענומען גיסן קאַלט וואַסער איבער די קעפּ. אַזוי ווי מיר זענען געזעסן צוזאַמען אַלע, זענען מיר צוגעפרוירן געוואָרן איינע צו דער צווייטער. עס איז געווען פשוט אוממעגלעך אָפּצורייסן זיך. מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן. אין אַזעלכע ביטערע אוממענטשלעכע אומשטענדן בין איך געווען אין שטוטהאָף 3 וואָכן. ווידער האָבן די רוצחים אויסגעקליבן 300 פרויען, געזונטע, יונגע. איך בין געווען איינע פון זיי און מען האָט אונדז אַוועקגעשיקט אין אַ לאַגער מיטן נאָמען רוסאַלעק, בערך 30 ק״מ פון דאַנציג. דאָרט האָבן זיך אָנגעהויבן נייע צרות און פּיין.

## די געפּייניקטע פרויען אין עסטלענדישן לאַגער

יעדן טאָג האָט מען געמוזט אויפשטיין 3 אַ זייגער פאַרטאָג, ווייל מיר האָבן געדאַרפט גיין צו אַ קליינבאַן עטלעכע ק״מ צו פוס. די קליינבאַן האָט אונדז געפירט קיין דאַנציג. דאָרט האָבן מיר געאַרבעט זייער שווער: מיר האָבן אויפ־געבויט אַ באַנליניע, געלייגט שוועלן און שינעס. די שוועלן זענען געלעגן אויף הויכע בערג. מיר האָבן געדאַרפט זיי אַראָפּלאָזן פון דער הויך און נישט איינע האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון באַרג און פאַרלוירן איר לעבן. מיר האָבן אויס־געלאָדן וואַגאָנעס שטיינער און געטאָן אַנדערע שווערע אַרבעטן, אַזוי האָבן מיר אומבאהאָלפענע, אויסגעמאַטערטע פרויען, אויפגעבויט אַ באַנליניע.

דער ווינטער איז אין יענעם יאָר געווען זייער אַ שווערער. דער וועג צו דער אַרבעט — גליטשיק. מ׳איז געגאַנגען אין הילצערנע שיך, נישט לויט דער מאָס. אויך מיט דעם האָבן די דייטשן אונדז געפּייניקט: גרויסע פיס — קליינע שיך, קליינע פיס — גרויסע שיך. און צו דעם אלעמען זענען מיר געווען נאַקעט און הונגעריק. ווער עס האָט איבערגעלעבט דעם טאָג איז געקומען פון דער אַרבעט מיט צעבלוטיקטע פיס. אַפילו אַ שטיקל שמאַטע מיט וואָס צו פאַרבינדן די ווונדן איז אויך נישט געווען. יעדן חודש האָבן די רוצחים אָפּגעקליבן די שוואַך־געוואָרענע און אָפּגעשיקט קיין שטוטהאָף צום אומברענגען. פון דאָרט האָט מען געברענגט די זעלבע צאָל געזונטע, יונגע, צו דער אַרבעט.

ביי אַזעלכע שרעקלעכע באַדינגונגען האָבן מיר געלעבט אין דעם לאַגער עטלעכע חדשים. פון די 300 פרויען זענען זייער ווינציק פאַרבליבן לעבן. פאַר דער מינדסטער קלייניקייט האָט געדראָט טויט. אַ שטיקל שנירל עפּעס צו פאַרבינדן איז געווען אַ לעבנס־פראַגע.

אין דעם שטח ווו מיר האָבן געאַרבעט זענען געווען קליינע דערפער. הונ־געריק און נאַקעט איז מען דאָך געווען, האָט מען אויסגענוצט די האַלבע שעה מיטאָג־צייט אויף אַריינצוכאַפּן זיך אין אַ שטוב נאָך אַ שטיקל ברויט. אַפילו

צו באַקומען אַ קאַרטאָפל, אַ נאָדל, — איז אויך געווען זייער אַ גרויס פּראָבלעם. אָבער ווען מען האָט געכאַפּט גיין אין דאָרף, האָט ער באַצאָלט מיטן לעבן. די שטראָף האָט זיך אָנגעהויבן מיט נישט אַריינלאָזן אין באַראַק, נאָר די גאַנצע נאַכט האָט מען געדאַרפט שטיין אין אַ ברענענדיקן פראָסט אויף די קני אינדרויסן און נאָכדעם האָט מען אַזאַ פאַרברעכערין אָפּגעשיקט קיין שטוטהאָף צום אומברענגען.

איך אַליין בין איינמאָל געווען אויפן שוועל פון אַזאַ טראַנספּאָרט. אַ שטיקל צייט האָבן מיר געאַרבעט זייער נאָענט פון אַ שטוב, וווּ עס האָט געוווינט אַ באַן־באַאַמטער. יעדן טאָג כמעט האָבן די מיידלעך זיך אַריינגעכאַפּט אין דער שטוב עפּעס צו קריגן. מתחילת האָט אויסגעזען, אַז די גויע איז נישט קיין שלעכטע און דאָס גלייכן די קינדער. האָב איך באַשלאָסן צו פּרוּוון מיין „גליק" אויף צו באַקומען אַ שנירל צו פאַרבינדן מיין מאַנטל, אַ ברייטן און אַ לאַנגן, פון וועלכן עס איז פּשוט געווען אוממעגלעך אויסצוהאַלטן ביי דער אַרבעט. דערצו איז נאָך דער מאַנטל געווען אָן איין קנעפּל. אַזוי האָבן אונדז די דייטשן באַקליידט.

האָב איך באַשלאָסן, וואָס עס זאָל נישט זיין — מ'דאַרף פּרוּוון אריינגיין אין דער שטוב, אפשר וועל איך באַגליקט ווערן מיט אַ שטיקל שנירל צו פאַרבינדן דעם אָפענעם מאַנטל. אָנשטאָט אַ שנירל האָט מיר אַ קינד פון דער שטוב אַרויסגעטראָגן אַ צעריסענעם אַלטן גאַרטל. אין דעם מאָמענט בין איך געווען איבערגליקלעך. אָבער מיין גרויס גליק האָט אָנגעהאַלטן בלויז געציילטע מינוטן. ווען איך בין אַריין אין באַראַק, האָב איך באַמערקט, אַז עס איז אַן ענדערונג. די אויפזעער האָבן די אַרעסטאַנטן אַרויסגעלאָזט איינציקווייז פון באַראַק און יעדן איינעם באַקוקט, ביז עס איז געקומען צו מיר. מען האָט מיך אָפּגעשטעלט אין אַ זייט און גענומען אויף אַ פאַרהער: איך זאָל זאָגן, וווּ האָב איך גענומען דעם פּאַסיק. עס האָט אויסגעזען, ווי איך וואָלט באַגאַנגען דאָס גרעסטע פאַרברעכן.

דער פעלדפעבל האָט מיך געפרעגט, צי איך ווייס, וואָס עס קומט פאַר אַזאַ זאַך — „שיסן קומט פאַר דעם". אויף מאָרגן האָט מען געזאָלט אָפּשיקן אַ טראַנס־פּאָרט קיין שטוטהאָף, וווּ איך וואָלט אויך געווען. אָבער איך בין געראַטעוועט געוואָרן דורך אַ קאָוונער פרוי מיטן נאָמען שרה.

שרה האָט געהאַט אַ באַזונדערן זכות: זי האָט געקאָכט קאַווע פאַר די אויפ־זעער. געהאַט האָט זי מיט זיך 3 טעכטער, שיינע מיידלעך. זיי האָבן געאַרבעט ביי די „בליץ־מיידלעך" (פּראָסטיטוטקעס) און ביי די ס.ס.־לייט אין די צימערן. אַ דאַנק אָט דער פרוי שרה בין איך היינט צווישן די לעבעדיקע. עס איז מיר נישט לייכט אָנגעקומען, ביז וואַנען די אויפזעער האָבן איינגעשטימט נישט צו מעלדן וועגן מיר דעם לאַגער־פירער. אַלע אַנדערע, וועלכע מען האָט יענעם טאָג געכאַפּט אין דאָרף, האָט מען אָפּגעשיקט קיין שטוטהאָף אומצוברענגען. פאַר מיין פאַר־ברעכן בין איך באַשטראָפט געוואָרן מיט שמיץ — צו באַקומען אין קעגנוואַרט

פון אַלע פרויען. דאָ האָט זיך ווידער אַריינגעמישט די פרוי שרה און איך בין אָפּגעקומען מיט 5 שמיץ.

## בעסטיאַלישע אויסמאָרדונג פון יידישע לאַגער־אַרעסטאַנטן ערב דעם צוזאַמענברוך פון דער דייטשער אַרמיי

ווען מיר האָבן פאַרענדיקט די אַרבעט ביי דער באַנליניע, האָבן מיר קיין אַנדערע אַרבעט נישט באַקומען. די דייטשן זענען געווען פאַרנומען מיט זיך. זיי האָבן שוין געזען, אַז זייער מפּלה איז זייער נאָענט. אין יענער צייט האָבן די רוצחים כסדר אָפּגעקליבן די יונגע, געזונטע פרויען, און איך בין שטענדיק געווען צווישן זיי. מען האָט אונדז אַריינגעטריבן אין אַ שיינעם גרויסן הויף, וואָס איז פאַרלאָזן געוואָרן דורך די דייטשע באַלעבאַטים. דאָרט האָט מען אונדז געהאַלטן עטלעכע וואָכן און דערנאָך ווייטער געטריבן. איייניקע טעג זענען מיר געשטאַנען אין פעלד אין קליינע וואַגאָנעס אָן עסן, אָן וואַסער אַפילו.

אַ וואָך צייט האָט מען אונדז געטריבן צופוס דורך פעלדער, דורך וועלדער ביי שרעקלעכע פרעסט. עס איז געווען אין מיטן ווינטער. מיר זענען געגאַנגען אין טיפן שניי, אין די הילצערנע שיך. דער שניי האָט זיך צוגעקלעבט און עס איז אוממעגלעך געווען אַ טראָט צו טאָן. ווער עס האָט זיך אָפּגעשטעלט, כדי אַראָפּצושאַרן דעם שניי פון די שיך, איז גלייך דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. אַזוי איז אויך געשען, ווען מען האָט געפּרוּווט אויפהייבן אַ ביסל שניי צו שטילן דעם דורשט און הונגער. די וועגן זענען געווען אויסגעלייגט מיט טויטע קערפּערס, געפאַלענע פון הונגער און צעשאָסענע.

די לעצטע נאַכט פאַר דער באַפרייאונג האָבן זיי אונדז פאַרטריבן אין אַ פינצטערן שייער, ווו מ׳איז געקראָכן איבער אָנגעלייגטע שטויסן. קיינער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, וואָס דאָס איז. ערשט ביים ליכט פון אָנקומענדיקן טאָג האָבן מיר מיט שרעק און גרויל דערזען איבער וואָס מיר קלעטערן דאָ: אויף דער פאָדלאָגע פונעם שייער זענען געווען הויפנס פון טויטע גופים. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט מען מיט 6 וואָכן צוריק געבראַכט אין שייער 12 הונדערט פרויען — זיי זענען געפאַלן ווי פליגן פון דעזינטעריע, טיפוס און הונגער. פון די 1.200 פרויען זענען געבליבן בערך 50 לעבעדיקע מתים.

מיר, די פריש־געקומענע האָבן זיך געוואָלט אַרויסבאַקומען פון דעם מתים־שייער. מיר האָבן באַמערקט, אַז עס זענען נישטאָ קיין אויפזעער. זיי זענען אַנט־לאָפן, אָבער דער שייער איז געבליבן פאַרשלאָסן. מיר האָבן אויפגעריסן אַ פּאָר ברעטער, און ווער עס האָט געהאַט כוח איז אַרויסגעקראָכן פון קבר אויף דער פרייער וועלט. אויך איך בין אַרויס און דערזען די הייזער. דאָס איז געווען אַ קליין שטעטל. איייניקע זענען גלייך אַוועק און באַלד געקומען צו לויפן, שטראַלנדיק

פון פרייד, מיט לאַבנס ברויט, וועלכע די רוסישע זעלנער האָבן זיי געגעבן. זיי האָבן געטיילט פאַר אַלע, וועלכע האָבן געקענט נעמען.

די וואָס זענען געווען בכוח האָבן געעפנט די טירן פונעם שייער. די פרייד איז געווען אויסערגעוויינלעך גרויס. מיר זענען אַרויס פון קברים צו אַן אויפ־קומענדיק לעבן. עס זענען אַרויס מענטשן, וועלכע האָבן נעכטן געזען דעם טויט פאַר די אויגן. זיי האָבן פּלוצים אויפגעוואַכט צום לעבן. באַלד זענען אָנגעקומען אַ סך רויטאַרמייער. די געוועזענע לאַגער־אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן נאָך געהאַט אַ פונק פון לעבן אין זיך, האָט מען אויף בעטלעך אַרויסגעטראָגן. דעם שייער האָט מען באַלד אונטערגעצונדן, נאָכן אַרויסנעמען און מקבר זיין די מתים.

נאָך 4 יאָר אוממענטשלעך שווערע שקלאַפן־אַרבעט, פּיין אין געטאָס, קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן, האָב איך דערלעבט דעם אויסגעבענקטן טאָג פון דער דייטש־היטלערישער מפּלה און אַרויס אויף דער פרייער וועלט.

העניע בלאזער—טשעפּעלונסקי

# פון לאגער צו לאגער

איך בין געבליבן איינער פון דער פאַמיליע טשעפּעלינסקי. בעת דעם מלחמה־אויסברוך בין איך געווען צוזאַמען מיט מיין מאַן פּסח ראַבינאָוויטש, מיין טעכטערל בלומע, די מאַמע, די ברידער: וועלוול (זאב), פּרץ און שמואל. מיין פאָטער איז געשטאָרבן פאַר דער מלחמה. ווען מען האָט אָנגעהויבן אַרויסשיקן פון אָלשאַנער געטאָ אין אָשעמענע, האָט מען אונדז צעשיידט און שפּעטער ווידער צוזאמענגעבראַכט אין זשעזמירער לאַגער.

בעת דער ליקווידאַציע פון אָשמענער געטאָ, איז מיין ברודער וועלוול אַוועק צו די פּויערים זיך אויסבאַהאַלטן. פּרץ איז געשטאָרבן פון טיפוס. אונדז, די לעבנגעבליבענע, האָט מען פון זשעזמיר געשיקט אין קאָוונער געטאָ. דאָרט האָבן די דייטשן אונדז געפּאַקט אויף מאַשינעס: מיין מאַן פּסח, די מאַמע און איך מיטן קינד. מיר זענען צוגעקומען צום קאָוונער פּלי־פּלאַץ. מיט קלעפּ פון קאָנטשיקעס איבער אונדזערע קעפּ, האָט מען מיך מיט מיין מאַן אַראָפּגעטריבן פון די אויטאָס און מיין מאמען מיט מיין קינד האָבן די דייטשן נישט געלאָזט אַראָפּגיין. איך מיט מיין מאַן זענען געטריבן געוואָרן אין וואַגאָנעס און די דייטשן האָבן אונדז פאַרשלאָסן און פאַרזיגלט. איך האָב שוין מער קיינמאָל נישט געזען מיין מאַמע מיט מיין קינד.

מיר זענען געוואָרן פאַרשטיקט און הונגעריק אין די פאַרבלאָמבירטע וואַגאָנעס, ביז מיר זענען אָנגעקומען אויסגעמאַטערטע, צוזאמען מיט מתים, וואָס זענען געשטאָרבן אויפן וועג, קיין עסטאָניע אין פאָרט קונדאַ. דאָרט האָבן די דייטשן מיך צעשיידט מיט מיין מאַן. ער איז געגאַנגען מיט מענער און איך מיט פרויען אין באַזונדערע לאַגערן. דאָרט ערשט האָבן זיך אָנגעהויבן אונדזערע צרות.

איך בין געווען צוזאַמען מיט ווילנער, קאָוונער און שאַוולער. מיר האָבן געאַרבעט זייער שווער אין אַ פאַבריק פון אַ ספּעציעלער אונטערנעמונג. דער אויפזעער האָט געיאָגט, געטריבן צו שווערער אַרבעט, דערצו האָבן מיר געהאַט זייער אַ שלעכטן לאַגער־פירער — אַדאָלף קליי, ימח שמו וזכרו. ער האָט אונדז שטאַרק געפּייניקט, באַזונדערס די מענער. מען פלעגט אונדז אויפוועקן אין מיטן נאַכט, הויל נאַקעט אונדז אַרויסטרייבן, מיט געשוואָלענע פיס פון קעלט, אין געצוווּנגען אונדז צו זינגען ביז פרימאָרגן צום אַפּעל.

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן איז געקומען דער שטורם־פירער און האָט „געטיילט" אויף לינקס און אויף רעכטס — ווער צום לעבן און ווער צום טויט. דער לאַגער האָט געדאַרפט שנעל ליקווידירט ווערן. מיר האָבן געזוכט אַלע מיטלען, אַז מען זאָל זיך קאָנען ראַטעווען. דער דראַנג פון מענטשן צום לעבן איז

געווען אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט נאָר געוואָלט איבערלעבן און זיין כאָטש אַ שעה פריי פון די רוצחים.

דער לאַגער איז געווען געשלאָסן און מען האָט נישט אַרויסגעלאָזן די מענטשן צו דער אַרבעט. איך האָב מיט מיין פּאַרטנערין גענומען דאָס ברעט פון טראָגן די קוילן און מיר זענען אַרויס פון לאַגער. די פּאָסטנס האָבן אונדז געקענט, אַז מיר אַרבעטן אויך מחוצן לאַגער. איך מיט אַ פרוי, מיטן נאָמען ליפּקע, זענען געווען וועשערינס, זענען מיר ביידע אַנטלאָפן, נישט וויסנדיק וווּהין מיר לויפן. דער וואַלד און דאָס פרעמדע לאַנד האָט נישט געקענט זיין אונדזער באַשיצונג. פון אומעטום האָט געלויערט דער טויט. ביז ס׳איז געוואָרן נאַכט, זענען מיר געזעסן אין קאָרן. ס׳איז געווען שניט־צייט.

ביינאַכט זענען אַרויס די פּאָסטנס אונדז זוכן. די דייטשן האָבן כסדר געשאָסן און מיר האָבן אַלץ צוגעהערט. מיר האָבן דערלעבט דעם טאָג אַז עס איז ליכטיק געוואָרן זענען מיר אַרויס, אַראָפּגענומען פון זיך די נומערן און געגאַנגען זוכן אַ שטיקל ברויט. עסטלענדיש האָבן מיר שוין אַביסל גערעדט, און איך האָב שוין געהאַט אַ באַקאַנטן פויער, וועלכער האָט אונדז געוואָלט אויסבאַהאַלטן. דעם גלאָק פון לאַגער האָבן מיר נישט געהערט און ווען מיר זענען צוגעקומען צום פויערס הויז, האָבן מיר געטראָפן דעם ס.ס.־לאַגער־פירער מיט די פּאָסטנס. און דאָ איז שוין געווען אונדזער לעבן ביי זיי אין די הענט. מען האָט אונדז גלייך געבראַכט צום פויער אויפן הויף און די וואַך האָט אונדז געהיט. מיר האָבן געבעטן די וואַך־פּאָסטנס, זיי זאָלן אונדז אַלעמען דערשיסן, נאָר זיי האָבן נישט געוואָלט.

ווי עס איז מיר שפּעטער קלאָר געוואָרן זענען מיר געכאַפּט געוואָרן צופעליק.

אַזוי ווי דער לאַגער האָט געמוזט ליקווידירט ווערן און דער יונגער ס.ס.־מאַן האָט געהאַט אַ געליבטע, איז ער זיך געגאַנגען מיט איר געזעגענען. און צופעליק האָט ער אונדז געפונען. דער פאַרליבטער ס.ס.־מאַן האָט אונדז ביידע געבונדן די הענט מיט שטריק און געפירט איבער די שענסטע גאַסן פון עסטאָניעס הויפּטשטאָט — טאַלין, ביז מען האָט אונדז צוריקגעבראַכט אין לאַגער.

דער לאַגער־פירער האָט נאָר געפרעגט : ווו זענען געגאַנגען מיינע וועשערינס ? האָבן מיר געזאָגט : צו באַקומען ברויט. פאַרנאַכט איז געווען אַן אַפּעל. דער לאַגער־פירער האָט געדאַרפט באַשטימען, וואָס פאַר אַ שטראָף אונדז צו געבן. פאַרשטענדלעך, אַז אונדזער לאַגע איז געווען אַ זייער ערנסטע.

מיר זענען בשלום אַרויס פון דער געפאַר און באַשטראָפט געוואָרן מיט אָפּשערן די האָר, אַזוי ווי ביי מענער.

אַזוי איז אונדז נאָך געווען באַשערט אַרויסצופאָרן מיט אַלע לאַגעריסטן פון עסטאָניע. מיר זענען געפאָרן מיט דער שיף, וואָס האָט געפירט טויזנטער פרויען קיין שטוטהאָף. אין דער שיף מיט די מענער איז נעבעך געפאַלן אַ קרבן מיין מאַן פסח ראַבינאָוויטש.

אין שטוטהאף, האָב איך געטראָפן אַ סך אָלשאַנער. צוזאַמען מיט אונדז איז געווען מאַשע שניידער מיט איר מאַמען. נאָר ליידער נישט אויף לאַנג, מען האָט אונדז אַריינגעטריבן אין אַ הויז און אַלץ ביי אונדז צוגענומען, געלאָזן הויל און נאַקעט, וויניי געבוירן אויף דער וועלט. דאָרט האָט מען אונדז אַרויסגעשיקט אויף שווער־עראַרבעט, און מען האָט אונדז אָנגעטאָן אַרעסטאַנטסקע בגדים. איך האָב באַקומען דעם נומער 69858,

*

אונדזער בריגאַדע, 11 פרויען, איז שטענדיק געווען פון די ערשטע ביים מייסטער. דער הונגער האָט אונדז געטריבן צו גנבענען פון די פעלדער רויטע בו־ראַקעס, קאַרטאָפל, אַבי צו דערהאַלטן דאָס לעבן. די לייז אויף דעם שטרוי האָבן געגעסן אונדזערע גופים. יעדן טאָג האָט מען זיך געזעגנט מיט דער וועלט.

אין דער לעצטער צייט האָב איך זיך געפונען צוזאַמען מיט אונדזערס אַן אָל־שאַנערין — ריוול סעגאַלאָוויטש. מיט איר האָב איך ביז דער באַפרייונג געאַרבעט צוזאַמען. זי האָט מיך געטרייסט די לעצטע נאַכט פאַר דער באַפרייונג, ווען מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך גיי אויס: „הענקע, דו וועסט נישט שטאַרבן, מיר וועלן נאָך אַלץ איבערלעבן". עס האָט טאַקע נישט לאַנג געדויערט און מיר זענען ביי דאַנציג, אין יאָר 1945, באַפרייט געוואָרן.

ר. אַבראמאָוויטש-שקאפ

# דער לאגער אין די ווילנער „ביליקע הייזער" ה.ק.פ.

דער לעצטער פּונקט פאַר די עטלעכע הונדערט יידן פאַר זייער אומקום אין ווילנע, איז געווען דער לאַגער ה.ק.פּ. „הערעס קראַפט־קאָמפּאַני", וואָס האָט באַשעפטיקט יידן פון געטאָ אין זייערע וואַרשטאַטן. דאָרט האָט מען פאַרריכט, צוזאַ־מענגעשטעלט און איבערגעאַרבעט אויטאָמאָבילן, „גרוזאָוויקעס" און אַנדערע טראַנספּאָרט־מיטלען.

די לעצטע וואָך פאַר דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ, אין סעפּטעמבער 1943 האָט די ה.ק.פּ., נאָך אונטערהאַנדלונגען מיט דער געשטאַפּאָ, אַרויסגע־נומען זייערע יידישע אַרבעטער מיט די משפחות און אָרגאַניזירט אַ לאַגער אין די אַזוי גערופענע „ביליקע הייזער" אויף סובאַטש גאַס. מאַיאָר פלאַגע, דער הויפּט־אָנפירער פון ה.ק.פּ. האָט אונדז געמאָלדן גלייך ווי מען האָט אונדז געבראַכט אין לאַגער, אַז מיר וועלן אַרבעטן פאַר די ה.ק.פּ. און געהערן צו דער געשטאַפּאָ. אונדזער באַלעבאָס וועט זיין ערנעסט ווייס־אַלען, וואָס איז געווען אַ קאַלטבלוטיקער מערדער.

אינערלעך איז דער לאַגער אָנגעפירט געוואָרן פון אַ ייד מיטן נאָמען קאָליש און זיינעם אַ שוואָגער לאָלקע גורוויטש, ווי אויך יידישע פּאָליציי. באַוואַכט זיינען מיר געווען נישט בלויז מיט אַ הויכן צוים פון ברעטער און עטלעכע רייען שטעכל־דראָט, נאָר אויך דורך עס. עס. אויב דאָס איז געווען וויניק, האָט די געשטאַפּאָ זיך פאַרזאָרגט מיט עטלעכע יידישע שפּיאָנען. איינער פון די פאַררעטער, ניקי דרעזין, האָט מיטגעטיילט דער געשטאַפּאָ אַלץ וואָס עס האָט געטראָפן אין לאַגער יעדן טאָג. זיין מיאוסע געשטאַלט, אין אַ לאַנגן ברוינעם לעדערנעם מאַנטל, שטייט מיר נאָך היינט פאַר די אויגן. זיין סוף איז אָבער געווען דער זעלבער, ווי פון די יידן, וועלכע זענען דורך אים אומגעבראַכט געוואָרן.

אומגעפער אַ העלפט פון דער צאָל מענער, וואָס זענען דאָרט געווען באַ־שעפטיקט, אויך מיין מאַן לאָווע שקאָפּ, האָט מען פון אונדז אָפּגעטיילט און אַרי־בערגעפירט אין אַ צווייטן לאַגער — צו די אַזוי גערופענע „פאַנצערקע", די איי־בערגעבליבענע האָבן געאַרבעט אין די פאַרשידענע אָפּטיילונגען: זאָטלערס, שלאָ־סערס, טישלערס, עלעקטרישע וואַרשטאַטן א.א.וו. די פרויען האָבן אין שיכטן געאַרבעט אין דער „שניידער־שטובע". מיר פלעגן פאַרריכטן שינעלן, מונדירן, וועלכע מען האָט געבראַכט דירעקט פון פראָנט.

געוווינט האָבן מיר צו 3—4 פאַמיליעס אין אַ קליין צימערל. ווען איך האָב געאַרבעט אין דער „שניידער־שטובע", האָט מיין פריינדין און שכנה, אסתר

וואָלאָך, אַכטונג געגעבן אויף מיין זון, וועלכער איז דאַן אַלט געווען צוויי יאָר.

כדי צו לאָזן אונדז וויסן ווו מיר האַלטן און וואָס עס וועט געשען אונדז אויב מיר וועלן נישט אויספירן יעדן באַפעל, — האָט מען די ערשטע וואָך נאָך אונדזער אָנקומען אין לאַגער, אַרויסגעטריבן אַלעמען צום אַזוי גערופענעם אַפעל און פאַר אונדז אַלעמען אין די אויגן, אַלס וואָרענונג, אויפגעהאַנגען אַ מאַן מיט אַ פרוי, וועלכע די געשטאַפּאָ האָט פאַרהאַלטן אויסערן לאַגער. זייער צען יאָריק טעכטערל האָט מען געלאָזן לעבן און צוזען דעם גרויליקן סוף פון אירע עלטערן.

דער מערדער ערנעסט ווייס פלעגט אונדז אָפט באַזוכן און נאָך יעדן אַזאַ באַזוך האָט ער פאַרקלענערט אונדזער צאָל מיט 20־30 פערזאָן, וועלכע ער האָט אויסגעקליבן און צוגענומען אויף פּאָנאַר צו שטילן זיין דורשט נאָך יידיש בלוט.

אַזוי איז אָנגעגאַנגען אונדזער פאַרשקלאַפטע עקזיסטענץ, מיר האָבן גע־ ווּוסט, אַז אונדזערע טעג זענען געציילטע — כל זמן אונדזער אַרבעט וועט זיין נוצלעך. אין אָנהויב 1944 האָט מען טאַקע ליקווידירט „פּאַנצערקע״ און צוריקגע־ בראַכט די מענער אין לאַגער.

דער אָנהויב פון סוף איז געקומען גיכער ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט. אין פרימאָרגן פון דעם 27־טן מערץ 1944, האָט די געשטאַפּאָ אַרומגערינגלט דעם לאַגער און אָפּגעריסן פון אונדז אונדזערע אומפאַרגעסלעכע און אומשולדיקע קינ־ דערלעך. מיין זון באַרוכל (באַריסל) איז דעמאָלט אַלט געווען צוויי און אַ האַלב יאָר, ער האָט געטראָגן דעם נאָמען נאָך מיין הייס־געליבטן אָנקל ברוך אַבראַמאָוויטש — דער ערשטער דייטשער קרבן אין אָלשאַן.

נאָך דעם גרויסן אומגליק האָט מען דערוואַרט ווייטערדיקע געשעענישן. יחי־ דים האָבן גענומען בויען „מעלינעס״. מען האָט גערעדט וועגן געווער, וועגן מאַכן טונעלן אונטערן לאַגער. אָבער די מעגלעכקייטן זענען געווען באַגרענעצטע און די צייט קורץ. סוף יוני 1944, ווען די רוסן האָבן צוריקגעטריבן די דייטשן ביז מינסק, האָבן אונדז אין אַ שבת פאַרנאַכט אַרומגערינגלט ס.ס.־לייט מיט מאַשין־געווער און מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער סוף איז געקומען.

די פּאַניק אין לאַגער איז געוואָרן גרויס. מען האָט גענומען לויפן פון איין בלאָק אין צווייטן ווי פאַרסמטע מייז. יעדער איינער האָט געהאָפט אויסצוגעפינען עפּעס אַ געהיימען אַרויסגאַנג פון לאַגער וועגן וועלכן מען האָט גערעדט. אָבער קיי־ נער האָט נישט געוווּסט ווו עס איז דער אַרויסגאַנג.

מיין מאַנס אַ חבר פון אָשמענע, אַ פּאָליציאַנט, האָט צוגעזאָגט צו העלפן אונדז ראַטעווען. אָבער אין לעצטן מאָמענט, אַרום 12 אַזייגער ביינאַכט, האָט ער חרטה געקראָגן, דאָך האָט לאָווע נישט אויפגעגעבן זיין האָפענונג. ביזן היינטיקן טאָג קען איך זיך נישט קלאָר מאַכן ווי אַזוי עס האָט זיך אונדז איינגעגעבן 1.30 ביינאַכט, אַרויסצוגנבענען זיך דורך דער ס. ס.־וואַך און אַריינגליטשן זיך אין דער שלאָסעריי. מיט אונדז צוזאַמען איז אויך געווען לאָוועס אַ ווילנער

פריינד מיט וועלכן ער האָט צוזאַמען געאַרבעט אין די זאַטלער־וואַרשטאַטן. ער איז געשטאָרבן אין ווילנע פון טובערקולאָז, אַ יאָר נאָך אונדזער באַפרייונג.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז דער געהיימער אַרויסגאַנג געווען אין דער שלאָסעריי דורך אַ קליין פענצטערל מיט אונטערגעזגטע און אויסגעבויגענע קראַטעס, 4 מעטער הויך, וועלכעס איז אַרויס אויסערן לאַגער אין אַ גרויסן קאַר־טאָפל־גאָרטן. מיר זענען בלויז געווען עטלעכע יידן אין דער שלאָסעריי. ווען עס האָט שוין גענומען ווערן ליכטיק זענען נאָך אונדז אויך אַנדערע אַרויסגעשפרונ־גען. די געשטאַפּאָ האָט אַנטדעקט דאָס פענצטערל און גענומען באַשיסן מיט מאַשין־געווער און אויך נאָכיאָגן די אַנטלויפּנדיקע.

אונדז האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטרינען און פאַרבאַהאַלטן זיך אין אַן אָפּגע־ברענטן הויז אין קעלער. די וואָס מען האָט געכאַפּט, האָט מען גלייך אויפן אָרט דערשאָסן. אַ טייל האָט מען אַרויסגעפירט, אַנדערע האָבן די דייטשן געבראַכט צו די קברים אין פּאָנאַר און די רעשט ליגט באַגראָבן אויפן הויף פון די „ביליקע הייזער". די איינצלנע, וואָס האָבן געהאַט געדולד און גענוג עסן צו זיצן אין די „מעלינעס" עטלעכע טעג לענגער, זענען געבליבן לעבן. אַזוי איז געווען דער סוף פון די ווילנער יידן אין דעם לאַגער ה.ק.פּ. צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך גע־פונען אונדזערע אַלשאַנער. אין ה.ק.פּ. איז געווען מיט אונדז מאַלקעס, זיין פרוי און זון און אויך עטלעכע אָשמענער משפחות.

מיר זענען אַרויס פון ווילנע: לאָווע, זיין פריינד און איך. מיר האָבן זיך גע־וואַלגערט אין די וועלדער און אויף זייטיקע וועגן אונטער דער סכנה פון טויט וואָס האָט געדראָט פון דייטשן, „ווייסע" און „שוואַרצע" פּאַרטיזאַנער. אָן קיין שום עסן, מיט אונטערגעהאַקטע און געשוואָלענע פיס, זענען מיר דערגאַנגען ביז אַל־שאַן. 12 טעג האָט געדויערט דער גאַנג. קיינער האָט אונדז נישט דערקענט, און מיר אַליין האָבן מורא געהאַט פאַר אונדזערע שאָטנס.

אַ וואָך צייט האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן ביי פּויערים אין סלאָבאָדי אַלס פּאָליאַקן. די פּויערים האָבן מיך געקענט פון קינדהייט אָן, אָבער נישט דערקענט מער. נאָך דעם ווי די רוסן האָבן ווידער פאַרנומען די געגנט, איז לאָוועס פריינד אַוועק צוריק אין ווילנע און מיר זענען געבליבן אין אַלשאַן. דעם ערשטן ייד וואָס מיר האָבן געטראָפן, איז געווען וועלוול טשעפּלינסקי.

היינט לעבן מיר אין אַמעריקע און האָבן צוויי קינדער. אין אונדזערע הער־צער זענען געבליבן אייביקער טרויער און אָפענע ווונדן. לאָוועס עלטערן און ברידער — אומגעבראַכט מיט די מענער פון אָשמענע, מיין פאָטער — דערמאָרדעט אין עסטלאַנד, מיין מוטער — אין פּאָנאַר, מיינע מומעס און פעטערס אין אָשמענע, אהרן וואָראָנאָווסקי — אין וואָלאָזשין. מיינע ברידער גרשון און יצחק — אין שעמבערג און מיין ברוכקע וואָלט דעם יאָר געוואָרן 19 יאָר אַלט! עס שטיקן טרערן.

אברהם אליהו פּאַטאַשניק

# מיינע איבערלעבונגען אין די יארן פון דער דייטשער יידן־אויסראטונג

ווען די דייטשן האָבן זיך פאַרפעסטיקט אין אָלשאַן, האָט דער קריג געבו־שעוועט איבער רוסלאַנד מיט דער גאַנצער אכזריות.

יידן האָבן אויפגעגעבן די האָפענונג אויף אַ שנעלער הילף. די פּאָלאַקן איז אָלשאַן האָבן געיובלט. די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, יידן זאָלן טראָגן געלע לאַטעס אויף די מלבושים. די פּוילישע און ווייסרוסישע פּאָליציי האָט באַקומען פרייע הענט און געמעגט טאָן מיט יידן, וואָס זייער האַרץ האָט געגלוסט. זיי האָבן טאַקע אויסגענוצט זייער כוח און יעדע נאַכט אויסגעפירט רויבערייען ביי יידן, און דערביי זיי מערדערלעך געשלאָגן און געטריבן צו שווערע אַרבעט אין פעלד, אין וואַלד און צו רוימען די גאַסן. אין די וויטערדיקע חדשים זענען געקומען נייע גזירות: אין דעצעמבער 1941 איז געקומען די פּאָליציי און די געשטאַפּאָ און צוגענומען די פעלצן ביי אַלע יידן; אין מערץ 1942 האָבן די דייטשן דורכ־געפירט אַן אַקציע פון צונעמען די קי אין געטאָ. די ביידע גזירות האָבן די יידן שווער געטראָפן. —יעדער ייד, אַפילו דער אָרעמסטער, האָט געהאַט עפּעס אַ פעלצל, וואָס האָט אים געשיצט פון קעלט אין שווערן ווינטער. דאָס אָפּנעמען די פעלצן האָט באַדייט פאַר יידן — אומקומען פון קעלט, און דאָס אָפּנעמען די קי — צונעמען דאָס לעצטע ביסל מילך פון די קינדער אין געטאָ.

די דייטשן האָבן שוין דעמאָלט געגרייט די ענטגילטיקע ליקווידאַציע פון אָלשאַנער געטאָ און גענומען אויסליידיקן דאָס געטאָ פון דער נאָך פאַראַנענער יוגנט. עס איז געקומען אַ באַפעל צום יודענראַט, צוצושטעלן אַ 200 יונגע אַרבעטס־פעאיקע מענער און פרויען. זיי דאַרפן זיין אויסגעשטעלט ביים טויער און קאָנען מיטנעמען עסן. דער יודענראַט האָט צונויפגעשטעלט די ליסטע, די געטאָ־פּאָליציי האָט אָפּגעטראָגן די רוף־צעטלען. מיט גרויס צער און אומרו האָט מען אין די הייזער געפּאַקט די לאַבנס ברויט. אַנדערע האָבן אויך מיטגענומען דאָס לעצטע, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. די יוגנטלעכע, וועלכע מען האָט פאַרשריבן, זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אין רייען און געפירט געוואָרן מיט דער באַן קיין זשעזשמיר.

דאָס געטאָ איז ביסלעכווייז אויסגעליידיקט געוואָרן. ס׳האָבן זיך אַרומגע־דרייט די יודענראַטלער. אויפן באַפעל פון ווילנער געביטס־קאָמיסאַר איבער דער ווילנער פּראָווינץ, ד״ר וואָלף, זענען די אָלשאַנער יידן געטריבן געוואָרן קיין אָשמענע. אַהין זענען אויך געבראַכט געוואָרן די יידן פון קרעווע, סמאָרגאָן און

אַנדערע שטעטלעך. דאָרט האָט מען דעם גרעסטן רוב פון זיי צעשאָסן. צווישן די דערשאָסענע איז אויך געווען מיין מוטער חנה־שרה פּאָטאַשניק.

## דייטשן דערלויבן „פאַמיליע־פאַרבינדונגען", כדי פאַרמאַסקירן די אויסראָטונגס־כוונות

כדי די יידן זאָלן זיך נישט פאַרבינדן מיט פּאַרטיזאַנער, וועמענס צאָל איז כסדר געוואַקסן אין ווילנער קאַנט און אין ווייסרוסלאַנד, האָבן די דייטשן אויף זייער כיטרן אופן אָרגאַניזירט אויף צו פאַרמאַסקירן די אויסראָטונגס־כוונות, פאַמיליע־לאַגערן פאַר יידן אַרום קאָוונע און געגעבן די געלעגנהייט צו „פאַר־אייניקן" זיך מיט די משפּחות. וואָלף האָט דערלויבט די יידן מיטצונעמען אַלע „ווייכע" זאַכן און שפּייז. האָבן די יידן פון די שטעטלעך סאָל, סמאָרגאָן, אָשמענע, מיכאַלישאָק, סוויר, אָלשאַן א. א. — די לעצטע פאַרבליבענע אַלטע יידישע קהילות — זיך פאַרפאַקט, זיך צעזעצט אין די צוגעגרייטע וואַגאָנען און אין אַפּריל 1943 זענען זיי געבראַכט געוואָרן אין די לאַגערן זשעזשמיר און וועוויע.

אַ טייל יידן פון די קליינע געטאָס און שטעטלעך אַרום ווילנע און פון דער שטאָט גופא, וואָס האָבן געהאַט זייערע קרובים אין קאָוונע, האָבן זיך פרייוויליק פאַרשריבן צו פאָרן אין קאָוונער געטאָ צו פאַראייניקן זיך מיט די משפּחות. צווישן זיי איז געווען ריינע פּאָטאַשניק מיט אירע 4 — 5 קינדער. אין סוף 1943 איז פון ווילנער וואָקזאַל אַוועק אַ צוג מיט 4.000 יידן. בשעת דער צוג איז אָנגעקומען אין אַ וועלדל לעבן פּאָנאַר, האָבן פאַרבאַהאַלטענע ליטווישע פּאָליציי־איינהייטן געעפנט אַ פייער פון מאַשין־געווער אויפן טראַנספּאָרט. נאָר געציילטע יידן איז געלונגען צו אַנטלויפן פון די ליטווישע רוצחים. עטלעכע פון די אַנטלאָפענע פרויען זענען געקומען אין קאָוונער געטאָ און דאָרט דערציילט וועגן די שרעק־לעכע סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ביי פּאָנאַר.

אַ צווייטער טראַנספּאָרט פון יידן, וואָס די דייטשן האָבן אויפגעזאַמלט פון די לאַגערן, איז דורכן קאָוונער יודענראַט אריינגעבראַכט געוואָרן אין דאָרטיקן געטאָ און אין 7 טעג שפּעטער אַוועקגעפירט געוואָרן אין לאַגער קאַשידאָר.

די לאַגער־אַרעסטאַנטן פון קאַשידאר וואָס זענען געגאַנגען אַרבעטן אין וואַלד, האָבן איינמאָל באַגעגנט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער און זיך אָנגעשלאָסן אין זיי. קיינער פון די אַרבעטער האָט זיך שוין מער נישט צוריקגעקערט אין לאַגער.

די געשטאַפּאָ האָט מורא געהאַט, מיר זאָלן זיך נישט צעלויפן אין די וועלדער, האָט זי פּלוצלינג אַרומגעשטעלט דעם לאַגער מיט טאָפּלטע וואַכן: געשטאַפּאָ און רוסישע וולאַסאָוועצעס האָבן אָנגעוואָרפן אַ טויט־שרעק אויף די מענטשן אין לאַגער.

די רוצחים האָבן אַלעמען אַרויסגעטריבן פון די בלאָקן און אונטער אַ האָגל

פון קלעפּ האָבן זיי אונדז אַוועקגעפירט מיט דער באַן אין אַלעקסאָט, אין דעם געוועזענעם לאַגער פאַר סאָוויעטישע געפאַנגענע. פון דאָרטן האָט מען אונדז געשיקט אַרבעטן אויפן קאָוונער אַעראָדראָם. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון גראָבן קאַנאַלן, איבערוואַרפן ערד, טראָגן דעם צעמענט און מישן בעטאָן מיט מאַשינען אָדער גאָר מיט הענט און שופלען.

דער לאַגער האָט זיך געפונען 30 ק״מ פון קאָוונע.

פון דעם געוועזענעם געפאַנגענען־לאַגער אין אַלעקסאָט האָט מען אונדז, די זשעזשמירער, ווי מען האָט אונדז גערופן אויפן אַעראָדראָם, געבראַכט צו פירן אין קאָזלאָווע־רודע אין חודש מאַי 1943. דאָרטן זענען געווען יידן פון סמאָרגאָן, ווילנע, אָשמענע... אַרום 400 פּערזאָן.

ווען די רויטע אַרמיי האָט אין יוני 1944 זיך דערנענטערט צו ווילנע, איז געקומען דער לייטענאַנט פון לאַגער און געמאָלדן, אַז מיר פאָרן אַריבער קיין קאָוונע, — און אַז ס׳וועט מיט אונדז גאָרנישט געשען. טאָמער וועלן אונדז באַפאַלן פּאַרטיזאַנער אויפן וועג, זאָלן מיר זיך אַוועקלייגן. אויב ס׳וועט ווער אַנטלויפן — וועלן אַלע צעשאָסן.

מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין רייען צו 5 מאַן און זענען געגאַנגען מיט קליינע פּעקלעך. סאָלדאַטן, באַוואָפנטע מיט מאַשין־געווער און האַנט־גראַנאַטן, האָבן אונדז געפירט. דער וועג האָט געוויזן קיין קאָוונע. ווען מיר זענען אָפּגעגאַנגען אַ 10 ק״מ און עס איז שוין געוואָרן אַ ביסל טונקל, האָבן זיך די מענטשן פון די לעצטע רייען געלאָזט לויפן אין וואַלד. 140 מענער און פרויען האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן. די רעשט פון אונדז האָט מען געבראַכט אין קאָוונער געטאָ, כדי אונדז אָנצושליסן צו די יידן וואָס ווערן אַרויסגעשיקט. מען האָט אונדז דערלויבט זיך פאַנאַנדערצוגיין, ווייל דער לאַגער־קאָמענדאַנט איז געווען זיכער, אַז מיר וועלן נישט אויסמיידן די דעפּאָרטאַציע.

פון געטאָ האָבן מיר געהערט די הילכן פון אויפגעריסענע באָמבעס, וואָס די געשטאַפּאָ האָט באַנוצט ביים פאַרניכטן די „מעלינעס״, ווו עס זענען געווען אויסבאַהאַלטן יידן.

מיטוואָך, דעם 12־טן יולי 1944, אינדערפרי, איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל זיך אויסצושטעלן אין גרופּן צו 100 מאַן און אונטער שטרענגער באַוואַכונג פון געשטאַפּאָ, באַוואָפנט מיט אויטאָמאַטישע ביקסן, האָט דער טראַנספּאָרט פון איבער 2.000 יידן גענומען מאַרשירן דורך זייטיקע גאַסן פון שטאָט צו דער באַן־ראַמפּע ביי אַלעקסאָט.

דער הימל איז, ווי סימבאָליש, געוואָרן באַדעקט מיט שוואַרצע כמאַרעס. ס׳האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו דונערן און גיסן אַ רעגן. אונטערוועגס האָבן פיל יידן געפּרוווט אַנטלויפן, די אויטאָמאַטן פון די באַגלייטנדיקע געשטאַפּאָ־לייט האָבן אומאויפהערלעך גענומען קנאַלן אין אַלע זייטן. אַ סך יידן זענען דערשאָסן געוואָרן

אויפן אָרט. נאָר יחידים איז געלונגען בשלום נעלם צו ווערן פון דעם טראַנספּאָרט.

אויף דער ראַמפּע, וואָס איז געווען שטאַרק באַוואַכט, זענען שוין געשטאַנען גרייט 40 משא־וואַגאָנען מיט פאַרדראָטעוועטע פענצטערלעך און ספּעציעלע באַוואַכונג אין יעדן וואַגאָן באַזונדער. צום דאָזיקן טראַנספּאָרט האָט מען אויך געבראַכט די יידן פון אַרבעטס־לאַגער אין דער קאָוונער פאָרשטאָט שאַנץ (ניינטער פאָרט).

ווען די איבער 3.000 יידן זענען שוין געווען איינגעשפּאַרט אין די משא־וואַגאָנען, ווי הערינג אין אַ פאַס, איז דער צוג אַוועק, נישט אָפּשטעלנדיק זיך אויף קיין איינער פון די סטאַציעס, אין דער ריכטונג צו דייטשלאַנד. ערשט אין טוגענהאָף, ביי דאַנציג, האָט דער צוג זיך פאַרהאַלטן. דאָרטן האָט מען די פרויען און קינדער אָפּגעטיילט פון די מענער.

## די פייניקונגען אין די קאַופערינג־לאַגערן

די מענער זענען געשיקט געוואָרן אין די לאַגערן אין דער געגנט פון לאַנדס־בערג־אַם־לעך. זומער 1944 זענען דאָרט געווען 11 יידן־לאַגערן. קאופערינג איז געווען די נאָענטסטע באַן־סטאַציע פון דעם גרעסטן טייל פון אָט די לאַגערן, דערפאַר האָט זיך שוין די גאַנצע קאַצעטן־גרופּע גערופן אויפן נאָמען פון אָט דער באַן־סטאַציע: „די קאופערינג־לאַגערן".

קאַרגע 9 חדשים זענען זיי געווען „טעטיק" אָט די לאַגערן. די יידן האָבן דאָרט געבויט אונטערערדישע פאַבריקן און געטאָן אַנדערע עבודות פרך. דורך די 9 חדשים זענען כסדר אָנגעקומען אַהער טראַנספּאָרטן פון טויזנטער יידן. הונגעריקע און דורשטיקע האָט מען מיך און מיין ברודער ישעיהו געבראַכט אין לאַגער נר. 1 (מיין ברודער האָט נישט געקענט אויסהאַלטן און ער איז געשטאָרבן אין די ערשטע טעג פון יאַנואַר 1945).

דער לאַגער איז געווען אַרומגערינגלט מיט שטעכעדיקע דראָט און אין אַלע 4 ווינקלען פון לאַגער זענען געווען אויפגעשטעלט הויכע בודקעס. דאָרט זענען טאָג און נאַכט געשטאַנען ס.ס. מיט מאַשין־געווער און האַנט־גראַנאַטן און געהיטן די געפּייניקטע שקלאַפן. אין אַריינגאַנג איז געווען אין לאַגער, ווו עס זענען געשטאַנען רונדע באַראַקלעך אין גלייכע שורות, געמאָלט אויף גרין, געמאַכט פון דינעם דיקט. אַחוץ קאָוונער יידן זענען דאָרט געווען אַ סך יידן פון ווילנער געגנט, אָשמענער, סמאָרגאָנער, קרעווער און אַנדערע.

אָלשאַנער האָב איך דאָרט געטראָפן: שלום קאַפּלאַן, אפרים אפרימאָוויטש, ברוך־הירש גורוויטש, אשר גורוויטש, יקותיאל קאָזלאָווסקי, ישעיהו לייבמאַן און זיין פּלעמיעניק ישראל, שמעון גורוויטש פון קרעווע. נישט ווייט פון אונדז אין לאַגער נומער 5 איז געווען באַריס פּאַטאָשניק, מרדכי סאַגאַלאָוויטש.

בראש פון לאַגער זענען געשטאַנען ס.ס. מיט אַ סך פּראַקטיק פון פייניקן

מענטשן. זיי זענען אַלע געווען מערדער, סאַדיסטן. זיי זענען אַרומגעגאַנגען אין לאַגער מיט גראָבע קאַנטשיקעס און האָבן געהרגעט און געשלאָגן אָן רחמנות. בעתן אָנקומען אין לאַגער האָבן די דייטשן ביי אונדז אַלעס אַוועקגענומען, אויסגעטאָן מוֹטער־נאַקעט און אונדז באַקליידט מיט דער באַקאַנטער געשטרייפטער קאַצעט־הלבשה מיט אַ פּאָר הילצערנע שיך. מיר האָבן געוווינט צו 20 מענטשן אין אַ באַ־ראַק, און געשלאָפן אויף דער האַרטער ערד.

אין חודש סעפּטעמבער, ווען עס האָבן דאָרט אָנגעהויבן צו גיין די גרויסע רעגנס, זענען די באַראַקן געוואָרן פול מיט וואַסער. ערשט אין דעצעמבער, ווען עס שטעלט זיך דער ווינטער, באַגלייט פון ווינטן, שניי און פראָסט, האָבן די לאַ־גער־פירער געלאָזט אויפשטעלן „זיעמלאנקעס". אויף אויסגעלייגטע ברעטער זע־נען מיר געשלאָפן צו 40 מאַן אין איינער אַזאַ „זיעמליאַנקע".

מיר האָבן געציטערט פון קעלט אין די לייכטע בגדים. כדי עס זאָל זיין אַביסל וואַרעמער, האָבן מיר פון די צעמענט זעק געמאַכט אַזעלכע „קאַמיזעלקעס" און זיי אָנגעטאָן אונטער די „פּאַשאַקעס". איין מאָל האָבן די דייטשן געכאַפּט 5 יונגע בחורים, וועלכע האָבן די קאָלדרעס געוויקלט אַרום זיך אונטער די קליידער. פאַר אַזאַ „פאַרברעכן" האָבן די דייטשן געמאַכט אַ תליה אין מיטן פון לאַגער און פאַר אַלעמען אין די אויגן אויפגעהאָנגען די בחורים. אין יאַנואַר האָבן מיר באַקומען מאַנטלען, צעריסענע און שמוציקע. אויף די פלייצעס פון די מאַנטלען זענען געווען ספּעציעלע צייכנס, כדי מען זאָל וויסן, אַז דאָס איז די הלבשה פון פאַרשפאַרטע שקלאַפן.

פאַרטאָג האָט מען אונדז אויפגעוועקט מיט אַ הילכיק פייפן. אין משך פון אַ האַלבער שעה האָט מען זיך געדאַרפט אָנטאָן און אָפּוואַשן זיך אין קאַלטן וואַסער אָן זייף. האַלב פינף האָט מען געהערט אַ צווייטן פייף. אַלע האָבן געמוזט פאַרלאָזן די באַראַקן און שטעלן זיך צום אַפּעל. און אויב איינער האָט זיך פאַרשפּעטיקט, האָבן פון אַלע זייטן אָנגעהויבן פאַלן קלעפּ, אַז מען איז קוים אַרויסגעגאַנגען אַ לעבעדיקער.

דער גאַנג צו דעם אַרבעטס־פּלאַץ האָט געדויערט אַ האַלבע שעה. דער שגיי האָט זיך געקלעפּט צו די הילצערנע שיך. אינגאַנצן אָן כוחות, אויסגעמאַטערטע, איז מען געקומען צו דער אַרבעט. באַגלייט מיט קלעפּ פון די דייטשע פאָראַר־בעטערס, וואָס איז געווען כלומרשט פאַר פּוילקייט. אַ סך זענען פאַרוואונדעט גע־וואָרן ביי דער אַרבעט און זייער אַ סך האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס.

נאָכן ענדיקן די אַרבעט האָט מען זיך אומגעקערט „אַהיים" אין לאַגער, אויס־געשעפּטע, מיט געשוואָלענע און פאַרוואונדעטע פיס. די גאַנצע צייט, און איבער־הויפּט די לעצטע חדשים, האָבן די דייטשן אונדז אויסגעהונגערט אויף אַן אכזריות־דיקן און מערדערלעכן אופן. דאָס עסן איז באַשטאַנען פון 120 גראַם ברויט אַ טאָג, אַ קליין שטיקל מאַרגאַרין און אַ זופּ פון קאַרטאָפל אָדער קרויט.

די געפּייניקטע שקלאַפן פלעגן שטאַרבן פּלוצלינג: ביי דער אַרבעט אָדער לייגן זיך שלאָפן און נישט אויפשטיין, פון פאַרקילונג און פון די קלעפּ, וואָס מען האָט באַקומען. וואָס נענטער צו דער באַפרייאונג, איז מער געוואַקסן די שטערבלעכ־קייט צווישן די קאַצעטניקעס. זיי זענען געפאַלן, ווי פליגן, פון הונגער און פון שוואַכ־קייט. עס דאַרף פאַרצייכנט ווערן, אַז שוין אין סאַמע סוף פון דער מלחמה, בעת׳ן צעפאַלן ווערן פון דער דייטשער אַרמיי, האָבן די דייטשן ווייטער פאַרגעזעצט זייער אכזריותדיק־בעסטיאַלישע אויסראָטונג פון יידן אין די לאַגערן און אויף די וועגן, וווּהין די רוצחים האָבן פאַרשלעפּט די יידן.

דעם 23־טן אַפּריל 1945 איז געקומען אַ באַפעל צו דעפּאָרטירן די יידן קיין טיראָל. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער טויט־מאַרש. פיל הונדערטער מענטשן זענען געפאַלן אונטערוועגנס. אין די לעצטע טעג פון חודש אַפּריל איז זיך צע־לאָפן די ס.ס.־וואַך.

דעם 30־טן אַפּריל 1945 זענען מיר אין אַללאַך, ביי מינכען, באַפרייט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

אהרן שוסטער

## אויף קבר אבות ביים ברודער קבר אין זשעלאנקע

אין זשעליאַנקע, אין דער געגנט פון אשמענע, אין ווילנער קאַנט, איז פאַראַן אַ ברודער קבר. דאָרט רוען די יידן פון: אָלשאַן, אשמענע, קרעווע סמאַרגאָן און אומגעגנט, פאַרפּייניקטע דורך די דייטשן אין יאָר 1943.

די קרבנות זענען צוערשט צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין אשמענער געטאָ און נאָך אַ געטרייער רעגיסטראַציע איז פאַרגעקומען אַן אָפּקלייב, די יידן, וואָס די דייטשן האָבן באַשטימט צום טויט, זענען געבראַכט געוואָרן אין זשעלאָנקע צום דערשיסן. פון דאָרט, אונטער אַן אויפזיכט פון ווילנער געטאָ־פּאָליציאַנטן, זענען די קרבנות געבראַכט געוואָרן צום עקזעקוציע־אָרט, ווו מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין שייערן און געהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט. אויף מאָרגן האָט מען זיי מערדעריש אומגע־בראַכט אויפן ראַנד פון וועלדל, וואָס געפינט זיך דאָרט.

נאָכן קריג האָבן די געציילטע צוריקגעקומענע יידן אָפּגעזוכט דאָס אָרט ווו עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן זייערע נאָענטסטע און ליבסטע. עס איז שווער געווען צו דערקענען די גרויזאַמקייט וואָס איז דאָרט פאַרגעקומען. דער ברודער־

קבר האָט זיך געפונען אויף אַ טייל פון אַ גרויסער לאָנקע, וועלכע האָט זיך גע־גרענעצט פון איין זייט מיט אַ וועלדל און פון דער אַנדערער זייט מיט תבואה־פעלדער. אויף דער לאָנקע אַרום דעם ברודער־קבר האָבן זיך געפיטערט סטאַדעס בהמות. וועלכע האָבן געהערט צו די אַרומיקע פויערים. דאָס אָרט פון קבר האָט זיך אונטערשיידט פון אַרום מיטן שוואַרץ־גרינעם גראָז, וואָס האָט אים באַדעקט. אויף פאַרשידענע ערטער אויף דער לאָנקע האָבן אַרויסגעשטאַרצט ביינער מיט שיך פון דערמאָרדעטע.

אויף וויפל עס איז מעגלעך געווען האָבן מיר צונויפגענומען די עצמות און מקבר געווען אויף איין פלאַץ. פויערים פון דער נאָענט האָבן אונדז אָנגעוויזן אויף אַ קבר, וואָס האָט זיך געפונען אין גאַנצן אין אַן אַנדער אָרט. לויט זייערע אויפ־קלערונגען איז דאָרטן דערשאָסן געוואָרן אַ פרוי, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט פון דעם שייער און אַרומגעבלאָנקעט אין דער געגנט. די דייטשן האָבן זי דערשאָסן אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך דער אַלגעמיינער שחיטה און אויפן אָרט מקבר געווען.

מיר האָבן אויפגעגראָבן דעם קבר פון דער דערמאָרדעטער פרוי, און מיר האָבן דערקענט די זאַכן, איבערהויפּט די פאַטשיילע אין וועלכע זי איז געווען איינ־געהילט. לויט די דערציילונגען פון די פויערים, וועלכע האָבן איר געזען פאַרן דער־שיסן און לויט די שפורן פון די זאַכן, איז זי געווען די אָלשאַנער מלכה כץ, די פרוי פון שמעון כץ. מיר האָבן די פאַרפּייניקטע מקבר געווען אין דעם ברודער־קבר.

מיט געמיינזאַמע מיטלען האָבן מיר אויפגעשטעלט אַ באַטאָנענעם צוים אַרום דעם קבר און אויך אַ געגאָסענע מצבה מיט אַן אויפשריפט: „צום אָנדענק פון די אומגעקומענע יידן". יעדעס יאָר האָבן מיר אין דעם יאָרצייט־טאָג אָפּגעריכט אַן הזכרה נאָך די קדושים. די נאָענטע האָבן געזאָגט קדיש. אַן אָרטיקן פויער האָט מען יעדעס יאָר איבערגעלאָזט אַ געוויסע סומע געלט ער זאָל היטן, אַז דער קבר זאָל נישט געשעדיקט ווערן.

צו אונדזער גרויס באַדויערן איז אין דעם יאָר פאַר אונדזער אַרויספאָרן (1957) די מצבה צעשטערט געוואָרן דורך די פאַסטעכער, וועלכע האָבן דאָרט געפיטערט זייערע סטאַדעס אַרום דעם קבר.

איך בין מער ווי זיכער, אַז די אשמענער יידן וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן, זעצן פאָר די יערלעכע הזכרה אויפן ברודער־קבר אין „זשעלאַנקע".





אָלשאַנער און קרעווער שארית הפליטה אויפֿן ברודער קבר אין זשעליאנקע
שארית הפליטה בני אולשאן וקריבה על קבר האחים בז׳יליונקה

זימל אברמוביץ

# דער שעמבערגער ברודער-קבר

## צום אָנדענק פון מיינע צוויי ברידער יצחק און גרשון אַבראַמאָוויטש

אויפן 19טן ווילנער יזכור־אָוונט אין ניו־יאָרק, האָט דער באַקאַנטער פאָר־שער פון יידישן חורבן — מרדכי בערנשטיין — איבערגעגעבן אַ דראַמאַטישן באַריכט, ווי אַזוי ער האָט, אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשישער ערד, זיך צו־פעליק אָנגעשטויסן אויף אַן אומבאַקאַנטן בית־עולם מיט 1755 קברים, ווו ס׳געפינען זיך, אונטער אַנאָנימע צלמים, רעשטלעך פון פאַרפייניקטע נאַצי־קרבנות



יצחק אבראמאָוויטש, ז״ל



גרשון אבראמאָוויטש, ז״ל

פינען זיך, אונטער אַנאָנימע צלמים, רעשטלעך פון פאַרפייניקטע נאַצי־קרבנות פון געוועזענעם שקלאַפן־לאַגער שעמבערג, וואָס איז געווען אַ טייל פון דער לאַגער־נעץ דאַכאַו־נאַצווייילער, ווו מענטשלעכע לעבנס זענען צעמאָלן געוואָרן.

אין דער געפונענער רשימה פון די 1755 נאַצי־קרבנות, וואָס נעמט אַרום די תקופה פון אָקטאָבער 1944 ביז אַפּריל 1945, קורץ פאַר היטלערס מפּלה, זענען פאַראַן 347 יידן פון ווילנע און 50 פון שטעטלעך אין ווילנער געגנט: אָש־מענע, אָלשאַן, פּאָדבראַדז, סמאָרגאָן, סוויר, סווענציאַן, טראָק, וואָלאָזשין, קרעווע, לידע, איוויע און אַנדערע.

ביי יעדן נאָמען פון די אומגעקומענע איז אָנגעגעבן די געבוירן־דאַטע, נאַ־ציאָנאַליטעט, פון וואַנען ער האָט געשטאַמט און די גענויע דאַטע ווען דער קרבן איז אומגעקומען.

אָט וואָס מרדכי בערנשטיין דערציילט:

„...איך בין אויפן בית־עולם. אַ ריזיקער צלם, און אונטן אויפן פּיעדעסטאַל לייען איך איבער די פראַנצויזישע אויפשריפט:

צום אָנדענק פון 1755 קרבנות פון נאַציזם באַרבאַריזם, וואָס רוען אויף
דעם אָרט.

אונטער־געשריבן — די פראַנצויזישע קאָמענדאַנטור.

הינטער דעם צלם — אַ וואַלד מיט צלמים. אויף יעדן צלם אַ נומער, פון 1 ביז 1755... פונקט אַזוי פיל קרבנות זענען דאָ פאַרפייניקט געוואָרן.

דאָ, אונטער די בערגלעך מיט די צלמים, ליגן „טעאָרעטיש" די 1755 פאַר־פייניקטע קאָצעטלער. „טעאָרעטיש", ווייל פּאַקטיש ווייסט מען נישט ווער ווו עס ליגט.

אין דאָזיקן שקלאַפן־לאַגער האָט מען געבראַכט נאָר מענער, וועמען מ׳האָט נאָך געקענט אויסנוצן פאַר שקלאַפן־אַרבעט, אָבער זיי זענען געפאַלן ווי פליגן פון דער איבערמענטשלעכער אַרבעט. די קערפּערס פלעגט מען אַרויסטראָגן אויף אַ פעלד הינטערן שטאָט און פּשוט אַוועקגעוואָרפן, פאַרדעקן מיט אַ ביסל זאַמד אָדער דאָס אויך נישט. דערפון איז אויסגעוואַקסן אַ ריזיקער באַרג מיט ביינער.

ווען די פראַנצויזישע אַרמיי האָט פאַרנומען דאָס שטעטל, האָבן זיי געפונען דעם דאָזיקן באַרג מיט ביינער. דערוויסנדיק זיך וואָס דאָס איז, האָבן זיי באַ־פוילן, אַז די אָרטיקע ס.ס.לייט און טאַקע די פריערדיקע לאַגער־וואַכלייט זאָלן באַערדיקן די דאָזיקע רעשטלעך.

אַזוי ווי מ׳האָט געפונען די רשימה פון די 1755 קרבנות, האָט די פראַנ־צויזישע מיליטער־מאַכט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מ׳זאָל מאַכן 1755 קברים און אין יעדן קבר אַריינלייגן אַ סימבאָל פון קרבן — אַ ביין, אַ סקעלעט, אַ שאַרבן פון פאַרפייניקטן. אויף די דאָזיקע קברים האָבן זיי געהייסן אַוועקשטעלן צלמים און ווידער סימבאָליש, אויף יעדן צלם אַ נומער.

בלעטערנדיק די רשימה בין איך דערשיטערט געוואָרן, געפונענדיק צווישן די קרבנות אַ גרויסע צאָל באַקאַנטע יידישע דאָקטוירים און באַרימטע יידישע משפחות פון ירושלים־דליטא און איר אומגעגנט: פון די משפחות כוואָלעס, פּופּקאָ, קאָוואַרסקי, קלאַטשקאָ, קינקולקין, סטאָלפּער, שולקינס א. אנד.

שטייענדיק אין דעם שעמבערגער „טאָל פון ביינער", פאַר דער גרויסער מענגע פון... צלמים, אונטער וועלכע ס׳ליגן הונדערטער יידישע ביינער, האָט זיך ווי אַ נישט־געהערטע שטימע געריסן פון די טויזנט ערד־בערגלעך:

— גיט אונדז אַ תיקון!

— זאָל מען וויסן ווער עס ליגט אין דאָזיקן טאָל!

די דאָזיקע שטימע פון ביינער־טאָל מוז דערהערט ווערן!"

(נוסח ווילנה, נומער 8, 1962)

*

צווישן דער געפונענער גענויער רשימה פון די נאַצי־קרבנות אין שעמבערג, וואָס די רוצחים האָבן געפירט מיט האַרצלאָזער פּינקטלעכקייט, געפינען זיך מיינע ברידער יצחק און גרשון און אויך מאַטעס קאָזלאָווסקי פון אָלשאַן.



דער דענקמאל אויפן שעמבערגער בית־עולם נאָך די 1755 נאַצי־קרבנות

יצחק איז אומגעבראַכט געוואָרן דעם 27סטן נאָוועמבער 1944. ער איז דאַן אַלט געווען בלויז 21 יאָר. פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער געלערנט אין עפּשטיינס ווילנער גימנאַזיע, ווו ער האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט אין מאַטעמאַטיק. צוליב דער נאַצי־אָקופּאַציע איז ער געוואָרן אָפּגעריסן פון דער לערע, און דורכגייענדיק דעם פּיינפולן וועג פון פאַרשידענע לאַגערן און געטאָס, איז ער לסוף פאַרפּייניקט געוואָרן אין שעמבערג.

גרשון — הויך, שיין, אַטלעטיש געבויט, איז נאָכן פאַרענדיקן די פאָלקס־שול, געגאַנגען אין זיין פאָטערס וועגן, געוואָרן אַריינגעצויגן אין דער פלאַקס־בראַנזשע, ווערנדיק איינער פון די אָנפירער פון דער פלאַקס־פאַבריק ביי „עלעקטריט" אין ווילנע. בעת דער סאָוויעטנמאַכט האָט ער געאַרבעט אין לעבע־דיעווע אַלס הויפּט־בראַקער פון פלאַקס. ער איז געווען זייער פעיק און עס האָט אים דערוואַרט אַ גרויסע צוקונפט.

צוזאַמען מיט יצחקן איז ער דורכגעגאַנגען דעם פּיינפולן וועג פון געטאָס און הטלעריסטישע פאַרניכטונגס־לאַגערן, פאַרשלעפּט געוואָרן קיין שעמבערג, און אין בליענדיקן עלטער פון 24 יאָר, פאַרפּייניקט געוואָרן דעם 5טן אַפּריל 1945 יאָר — בלויז 3 טעג פאַרן באַפרייען דאָס געביט דורך דער פראַנצויזישער אַרמיי.

שעמבערג איז נאָר אַ טייל פון מיין גרויסן חשבון מיט די דייטשישע מערדער און זייערע מיטהעלפער.

אין דעם ריזיקן מאַסן־קבר פון ווילנער יידנטום איז אין 1942 יאָר אומגעבראַכט געוואָרן מיין מוטער גוטל. אין די גרויסע פאַרניכטונגס־לאַגערן פון עסטלאַנד, איז אין יאָר 1943 אומגעבראַכט געוואָרן מיין פאָטער שעפּסל (אַבראַמאָוויטש).

אין די מאַסן־שחיטות פון די אָלשאַנער יידן אין 1942 יאָר אין זיעלאָנקע און וואָלאָזשין, זענען אומגעבראַכט געוואָרן מיינע מומעס, פעטערס, קוזינען (די גאַנצע משפחה וואָראָנאָווסקי, מלכה כץ א. אַנד.).

אין דער קינדער־אַקציע אין ווילנער געטאָ (1944) איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון מיין שוועסטערס הענט און אומגעבראַכט געוואָרן איר דריטהאַלבן־יאָריק זונעלע, וועלכער האָט געטראָגן דעם נאָמען פון מיין פעטער ברוך (אַבראַמאָוויטש) — דעם ערשטן קרבן פון אָלשאַן, וועמען די פאַשיסטישע מערדער האָבן אכזריותדיק אומגעבראַכט אין די ערשטע טעג פון זייער אָנפאַל אויפן סאָוויעטן־פאַרבאַנד און פון וועמענס גרויסער און בכבודיקער משפחה עס איז קיין זכר נישט פאַרבליבן.

אין מיין האַרץ זענען פאַרבליבן אייביקע ווונדן. ביז מיין לעצטן אָטעם וועט מיטגיין מיט מיר דער פּיין פון מיינע נאָענטסטע און ליבסטע אין זייער שוידער־לעכן אומקום. זאָלן מיינע ווערטער, געשריבענע מיט גרויס צער און ווייטיק אין האַרצן, דערגיין צו יעדן מיטגליד פון מיין פאַרבליבענער משפחה. מיר וועלן זיי אַלעמען קיינמאָל נישט פאַרגעסן און מיט כבוד טראָגן אין האַרצן זייער אָנדענק. מיר וועלן קיינמאָל נישט מוחל זיי זייער בלוט.

זאָלן אויף אייביק פאַרשאָלטן זיין אַלע פאַשיסטישע מערדער צוזאַמען מיט זייערע מיטהעלפער, וועלכע האָבן צוגעלייגט אַ האַנט צום גרויסן יידישן חורבן!

פּתח־תקוה, ישראל. 1964

מיכלע קאַזלאָווסקי-גורוויטש



שמואל טשעפּעלונסקי, ז״ל

## דער העלדן־טויט
## פון שמואל טשעפּעלונסקיס
## פּאַרטיזאַנער־גרופּע

שמואל טשעפּעלינסקי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1915 אין אָלשאַן. זיינע עלטערן — רבקה און חייקל — האָבן זיך ברווח מפרנס געווען פון זייער רעסטאָראַן, געפירט אַ באַלעבאַטיש הויז, דערצויגן שמואלן זייער מזיניק אין נאַציאָנאַל־יידישן גייסט. אין שטעטל זענען די טשעפּעלינסקיס באַקאַנט געווען ווי אַ גוט סיטואירטע משפּחה.

נאָכן ענדיקן די תרבות־שול איז דער שיין־פּנימדיקער, ברייט־פּלייציקער הויך־וויקסיקער שמואל אַריינגעטראָטן אין דער אָרגאַניזאַציע פון „השומר הצעיר״ אין דער אָלשאַנער אָפּטיילונג איז ער געווען פון די אַקטיווע מיטגלידער, זיך אָפּ־געגעבן מיט אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט, געהאָפט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל. די דייטשע יידן־אויסראָטונג האָט צונישט געמאַכט זיינע האָפענונגען.

אין יאָר 1942 איז שמואל צוזאַמען מיט 200 יוגנטלעכע פון אָלשאַנער געטאָ אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין זשעזשעמיר אויף צוואַנגס־אַרבעט. נאָך פאַרשידענע גלגולים איז ער צוזאַמען מיט אַ באַדייטנדן טייל אָלשאַנער יידן אָפּגעטראַנספּאָרטירט געוואָרן אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַשידאר. צוזאַמען מיט אונדזערע מוטי־קע אָלשאַנער בחורים און מיידלעך האָט שמואל נישט אויפגעהערט צו זוכן גע־לעגנהייטן צו אַנטלויפן אין וואַלד, זיך אָנצושליסן אין די פּאַרטיזאַנער־קעמפער.

טראָץ דער שטרענגער שמירה און לויערנדיקער געפאַר איז אָפּט מעגלעך גע־ווען צו אַנטלויפן פון געטאָ און פון לאַגער, אָבער זיך דערשלאָגן צו אַ פּאַרטיזאַנער־איינהייט איז געווען זייער שווער. אַזאַ פּרווו האָט אין די יאָרן 1941־42 כמעט

תמיד זיך פאַרענדיקט מיט טויט פון הונגער און קעלט, אָדער אומקום דורך די ווייסרוסישע און פּוילישע באַנדעס, וואָס האָבן גערויבט און געמאָרדעט אויף די וועגן, אין די דערפער און וועלדער. חוץ דעם האָט נישט יעדער איינער זיך דער־לויבט מפקיר צו זיין דאָס לעבן פון זיינע עלטערן און נאָענטע, וואָס פלעגן תמיד דערשאָסן ווערן נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט ווער פון אַ משפחה איז אַנטלאָפן צו די פּאַרטיזאַנער.

אַנדערש איז געוואָרן דער מצב נאָך דער דייטשער קינדער־אויסראַטונג אין לאַגער קאָשידאָר. עס איז פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן די טאָטאַלע דייטשע אויס־ראָטונגס־כוונות. דאָס נקמה־געפיל אין שמואלן און אין זיינע חברים האָט געברענט און שטילערהייט האָבן זיי פּלאַנירט צו אַנטלויפן צו די פּאַרטיזאַנער.

שמואל האָט געהערט צו די קאָשידאַרער וואַלד־אַרבעטער, וועלכע האָט אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט דער פּאַרטיזאַנער־איינהייט פון דער ערשטער טראַקאיער בריגאַדע — „סוואָבאָדנאיא ליטוואַ" פון די רודניצקער וועלדער.

אין אָנהייב 1944 האָט שמואל, צוזאַמען מיט זיינע חברים פון דער וואַלד־ברי־גאַדע, אַנטוואָפנט די דייטשע וועכטער און אַנטלאָפן אין וואַלד. שמואל האָט גע־זווּסט וואָס עס דערוואַרט די פאַרבליבענע יידן אין לאַגער. שוין זייענדיק פּאַרטי־זאַנער, האָט ער צוגעגרייט אַ פּלאַן ווי אַזוי צו ראַטעווען פון פּיין און אומקום די 300 יידן, וואָס זענען פאַרבליבן אין לאַגער קאָשידאָר.

אויפן 5־טן טאָג נאָכן אַנטלויפן איז שמואל מיט נאָך פּאַרטיזאַנער: שלום מי־ליקאָווסקי פון קרעווע, אַבראַשקע לאַנדסמאַן פון סומילישקי און צוויי קריסטן, צוגעטרעטן רעאַליזירן זיין געוואַגטע אויפגאַבע. נאָך אַ פופציק קילאָמעטערדיקן מאַרש איבער פעלדער און וועלדער, זענען די פּאַרטיזנער מיט שמואל טשעפּע־לינסקי בראש אָנגעקומען צום באַקאַנטן פּאַרטיזאַנער־פאַרבינדלער, וואָס האָט גע־וווינט אויפן ראַנד פון וואַלד, נאָענט פון קאָשידאָרער לאַגער. דער ליטווישער פאַר־בינדלער איז אָבער געווען אַ דייטשער אַגענט און פאַררעטער, ער האָט זיי נישט אי־בערגעגעבן, אַז דער לאַגער איז שוין ליקווידירט, נאָר צוגעזאָגט צו גיין אין קאָ־שידאר בכדי צו אָרגאַניזירן דאָס אַנטלויפן פון די יידן.

דער פאַררעטער איז אַוועק און געבראַכט דייטשיש מיליטער. דערזעענדיק די דייטשן האָבן די פּאַרטיזאַנער אָנגעהויבן אַ פאַרטיידיקונגס־קאַמף. פאַרביטערט, עקשנותדיק האָבן זיך העלדיש פאַרטיידיקט די פינף פּאַרטיזאַנער, געקעמפט קעגן אַן איבערוויגנדיקער צאָל גוט־באַוואָפנטע דייטשער מיליטער־איינהייט און צום סוף זענען די 5 אומגעקומען.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די פּאַרטיזאַנער פון יענער געגנט פאַרברענט די נחלה פון דעם ליטווישן פאַררעטער, וועלכער איז פריער אַנטלאָפן מיט זיין משפחה.

זימל אַבראַמאָוויטש
פתח־תקוה

## אין קאמף די קעגן דייטשן

אין יוני 1941, ווען די דייטשן זענען אַריין אין אָלשאַן, האָב איך זיך געפונען אין רוסלאַנד, אין קיעוו, ווו איך האָב דאָן געלערנט אויף אַ בוכהאַלטערן־קורס. די איינציקע שטרעבונג ביי מיר איז דאַן געווען קומען אַהיים. איך בין קוים דער־גאַנגען ביז וויטעבסק (ווייסרוסלאַנד), ווייל אַלע וועגן זענען שוין געווען אָפּגעשניטן. איך האָב געטראָפן אַ פּליטים־שטראָם פון אייניקע שטעטלעך פון ווילנער קרייז, וואָס האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן פון זייערע היים־ערטער. צוזאַמען מיט די פליטים האָב איך זיך עוואַקויִרט אין טיף רוסלאַנד אין באַשקיריע, אין אַ קאָלכאָז.

נאָך עטלעכע חדשים אַרבעט האָט מען אָנגעהויבן רופן די מענער און יוגנטלע־כע אויף די מאָביליזאַציע־פּונקטן. נישט געקוקט אויף די גרויסע פאַרלוסטן פון דער רויטער אַרמיי אין יענער צייט, האָט מען די אָפּשטאַמיקע פון פוילן אין דער אַרמיי נישט גענומען, און בלויז געשיקט אין די אַרבעטס־באַטאַליאָנען.

איך בין דאַן אַלט געווען 17 יאָר. מיין איינציקע שטרעבונג איז געווען באַ־טייליקן זיך אין דער מלחמה קעגן די דייטשן. אָבער נאָר אין דער קעמפערישער אַרמיי אויפן פראָנט. איך האָב געטראַכט, אַז ווען איך וועל שוין זיין אַן אויסגעשול־טער זעלנער וועל איך בעטן מ׳זאָל מיר אַראָפּוואַרפן צו די פּאַרטיזאַנער אין אונדזערע געגנטן. כדי צו ווערן אָנגענומען אין דער רויטער אַרמיי, האָב איך צע־ריסן מיין פּאַספּאָרט און אויפן מאָביליזאַציע פּונקט אָנגעגעבן: אַ געבוירענער אין אָלשאַן, מינסקער קרייז. אַזוי אַרום געוואָרן „כשר״ און מען האָט מיך מאָביליזירט אין דער אַרמיי.

נאָכן פאַרענדיקן אַ דריי־חדשימדיקן קורס בין איך באַשטימט געוואָרן אַלס אינסטרוקטאָר פון סנייפּערס (אויסגעצייכנטער שיסער אין ציל).

### מיט דער סאָוויעטישער באַפרייאונגס־אַרמיי

זומער 1944, קורץ נאָכן באַפרייען אָלשאַנער געגנט פון די פאַשיסטישע מער־דער, האָב איך באַקומען דעם ערשטן בריוו פון „שטוב״ פון מיין שוועסטער ריווע, די איינציקע פאַרבליבענע פון מיין משפחה. זי האָט מיר אויפן פּאַפּיר איבערגעגעבן וועגן גרויסן חורבן און אומגליק, וואָס האָט אונדז אַלעמען געטראָפן. איך האָב נישט פאַרגאָסן קיין טרערן, אָבער אַלץ אין מיר האָט גערופן צו נקמה פאַר דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט.

אין יענער צייט האָב איך געהאַלטן ביים פאַרענדיקן אַן אָפיצירן־שול, ווו׳הין

מען האָט מיך געשיקט פאַר אויסגעצייכנט אויספירן די פליכטן אין קאַמף קעגן די דייטשן. איך האָב זיך באַטייליקט אין די קאַמפן אָנהויבנדיק פון שעפּיעטאָווקאַ, איבער אוקראַינע, געווען אויפן ערשטן אוקראַינישן פראָנט (קאָמ. קאָניעוו) 92־סטע שיסער־דיוויזיע. איך האָב אָנטייל גענומען אין באַפרייען פּוילן און ווען אונדזער פאָראויסמאַרש איז צייטווייליק פאַרהאַלטן געוואָרן אויף דער ליניע ביי דער ווייסל, בין איך געשיקט געוואָרן אין רשות פון שטאַב פון פראָנט און בין געווען שטאָלץ דערויף, וואָס דווקא מיך האָט מען געשיקט צום אויספיר־דינסט, נעמען „אַ צונג" און אַנדערע וויכטיקע אָבער געפערלעכע אויפגאַבעס.

דעם 18־טן יאַנואַר 1945 האָט אונדזער פראָנט גערירט אויף מערב און אונדזער דיוויזיע האָט אָנטייל גענומען אין באַפרייען טשענסטאָכאָוו און אויך באַפרייט אַ גרויסן אַרבעטס־לאַגער, ווו דער רוב פון די געפּייניקטע זענען געווען יידן פון פּוילישע געגנטן. זיי האָבן געאַרבעט אין פאַבריקן פון דייטשער מיליטער־רישער אויסשטאַטונג. גלייך צומאָרגנס האָב איך באַקומען אַ באַפרייונג און געגאַנגען אויפזוכן די יידישע לאַגערניקעס. איך האָב זיי שוין געטראָפן אין די הייזער, ווו עס האָבן פריער זיך אויפגעהאַלטן די עס.עס.־לייט אין צענטער שטאָט.

אין די הייזער איז אַלעס געווען נישט גערירט. די עס.עס.־לייט האָבן נאָר באַוויזן צו ראַטעווען זייער הויט. איך האָב דערזען יונגע מיידלעך, מיטליעריקע פרויען, אַלע אויסגעדאַרט, פאַרעלטערט. זיי האָבן נישט געקאָנט זיך נאָך צוגעוויינען צום געדאַנק, אַז זיי זענען שוין פריי און אַז דראָט זיי נישט קיין סכנה. אויך האָבן זיי נישט געקאָנט גלויבן אַז אַ ייד, נאָך מיט אַן אָפיצירן־טיטל, אַ פּוילישער — איז איינער פון זייערע באַפרייערס. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך אויסגעהערט זייער דערציילן וועגן די שוידערלעכע איבערלעבונגען און פּיין. עס איז אויפגעגאַנגען פאַר מיינע אויגן דער גרויסער חורבן און ליידן פון גאַנצן יידישן פאָלק, וואָס איך האָב שמערצלעך איבערגעלעבט.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער, ביים פאַרנעמען קראָקע, האָט זיך אונדזער דיוויזיע אַזוי אויסגעצייכנט, אַז מען האָט זי שפּעטער גערופן „קראָקאָווער דיוויזיע". מיר זענען כסדר געגאַנגען פאָרויס און געשלאָגן די רוצחים. די הויפּט־אויטאָסטראַדע וואָס האָט געפירט קיין ברעסלאַו (היינט וראָצלאַוו) איז געווען באַלייגט מיט טויטע דייטשן.

*

עס דערמאָנט זיך מיר אַן עפּיזאָד: נאָך אַ פּלוצימדיקער אַטאַקע פון אַרטילעריע און מינענוואַרפער האָבן מיר פאַרנומען אַ שטעטל אין געגנט פון ברעסלאַו. די דייטשע „העלדן" זענען אין פּאַניק אַנטלאָפן. מיין אָפּטיילונג האָט באַקומען אַ באַפעל דורכצוזוכן די הייזער. מיר האָבן זיך צעטיילט אויף גרופּן.

איך מיט נאָך 6 זעלנער זענען אַריין אין אַ שיין הויז, אין שטוב איז קיין זאַך נישט געווען גערירט, בלויז נעבן טיר זענען געשטאַנען עטלעכע טשעמאָדאַנען. ווען

מיר זענען אַריין אין שלאָף־צימער האָבן מיר געטראָפן אין בעט אַן אַלטיטשקע מיט אַ פאַטשיילע אויפן קאָפּ. נאָכן באַטראַכטן די „קראַנקע” און אַראָפּרייסן פון „איר” די אויבערשטע זאַכן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז אַן עס.עס.־אָפיציר. נאָך אַ גענויער רעוויזיע האָט זיך אויך אָפּגעפינען אַ צווייטער אָפיציר, וואָס איז געווען באַהאַלטן צווישן די זאַכן.

דער פחד האָט זיי געוואָרפן זיי האָבן געבעטן רחמים מען זאָל זיי נישט שיסן, זיי זענען נישט שולדיק, זיי זענען „סאָלדאַטן”. אָבער ווען איך האָב זיי געזאָגט, אַז פאַר זיי שטייט אַ „יודע” האָבן זיי גיך פאַרלוירן דעם חשק צום באַלבען. די צוויי דייטשע רוצחים־אָפיצירן זענען ציטערדיק געשטאַנען אַנטקעגן אַ יידישן בחורל פון אָלשאַן, נעבעכדיקע, צעשראָקענע מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. דער הייסער באַגער פון נקמה האָט אונטערגעזאָגט באַלד צו מאַכן אַ סוף מיט די רוצחים, אָבער איך האָב געמוזט זיי אָפּפירן אין שטאַב. אַזאַ שטרענגער באַפעל איז געווען פון אויבן.

וואָס ווייטער און טיפער אין דייטשלאַנד האָבן מיר געהאַט שווערערע און פאַרביסענערע קאַמפן און אויך גרויסע פאַרלוסטן. אָבער די שטרעבונג צו פאַרניכטן די פאַשיסטישע חיה, דאָס געפיל פון נקמה האָט געבראָכן די אַלע פאַרפעסטונגען פון שונא און מיר האָבן אים דערשלאָגן.

אויף דער דייטש־טשעכישער גרענעץ נעבן שטעטעלע וואקענאו, בין איך געוואָרן שווער פאַרוואונדעט. דאָס איז געווען אַ חודש פאַר דער דייטשער קאַפּיטולאַ־

„ЗА ПОБЕДУ НАД ГЕРМАНИЕЙ
В ВЕЛИКОЙ ОТЕЧЕСТВЕННОЙ ВОЙНЕ
1941—1945 гг.“



УДОСТОВЕРЕНИЕ

За участие в Великой
Отечественной войне
мл. лейтенант
Абрамович
Зимель Шепшелевич
указом Президиума Верховного
Совета СССР от 9 мая 1945 года
награжден медалью
„ЗА ПОБЕДУ НАД ГЕРМАНИЕЙ
В ВЕЛИКОЙ ОТЕЧЕСТВЕННОЙ
ВОЙНЕ 1941—1945 гг.“
От имени Президиума Верховного
Совета СССР медаль вручена
31 „января“ 1946 г.
ВИЛЬНЮССКИЙ ГОРВОЕНКОМ
(должность, воинское звание и подпись лица,
БЕХТЕРЕВ
вручившего медаль)

אויסצייכענונג מיטן מעדאַל „פאַרן זיג איבער דייטשלאַנד אין דער גרויסער פאָטערלענדישער מלחמה 1941—1945”.

ציע. איך בין דורכגעגאַנגען עטלעכע מיליטערישע שפּיטאָלן אין דייטשלאַנד, פּוילן און צום סוף בין איך געשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד און איך בין באַפרייט געוואָרן פון דער אַרמיי אַלס קריגס־אינוואַליד פון 2־טער גרופּע.

איך בין אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן אָרדן „פּאַטערלענדישע מלחמה". און מיטן מעדאַל „פּאַר זיג אין פּאַטערלענדישער מלחמה אין 1945 — 1941". פון מי־ליטערישן שפּיטאָל בין איך געקומען אַהיים אין אָלשאַן אין סוף 1945. פון מיין גרויסער משפּחה, האָב איך בלויז געטראָפן נאָר מיין איינציקע שוועסטער ריווע, וועלכע איז איצט אין אַמעריקע. מיין גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען פון די דיי־טשישע מערדער.

סימאַ סאַלאָדוכאַ—רודניק

# אין וואלד

## דער לאַגער קאָשודאַר און דאָס אַנטלויפן אין וואַלד

אין לאַגער קאָשידאַר האָבן זיך געפונען אַ סך פון אונדזערע אַלשאַנער, ווי אויך מיינער אַ ברודער יאָסל, איצט אין ישראל, און מיין שוועסטער זעלדע, וועלכע איז שפּעטער אומגעקומען מיט אַ גרויזאַמען טויט. איר איז געלונגען אַריבערצוגיין אַרבעטן אין דעם קאָשידאַרער לאַגער, וועלכער איז באַשטאַנען פון אַ גרויסער צאָל יוגנט, ווי אויך מוטערס מיט קליינע קינדער פון פאַרשידענע שטעט און שטעט־לעךלעך. דאָס לעבן אין דעם לאַגער איז געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ ביסל לייכטער. מ׳האָט נישט געליטן אַזויפיל הונגער, געלעבט אין גרויס פאַרצווייפלונג, אָבער נאָך פול מיט האָפענונג פאַר דער צוקונפט. עס האָבן זיך נאָך געשאַפן שטילע פאַרוויילונגען, ראַנדקעס צווישן יונגע פאָרלעך, וועלכע האָבן נישט געקענט קעמפן קעגן די געפילן פון ברויזנדיקן יוגנט. דאָס גליק האָט אָבער דאָ אויך נישט צו לאַנג אָנגעהאַלטן. אין אַ שיינעם פרימאָרגן זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז דער לאַגער איז אַרומגערינגלט. עס האָט זיך געשאַפן אַן אויסערגעוויינלעכע פּאַניק. מיר זענען אַרויסגעלאָפן איינער צום אַנדערן אויסגעפינען, וואָס ס׳האָט פּאַסירט. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מען גייט צונעמען די קליינע קינדער.

מיט געוואַלד האָבן די דייטשן אַוועקגעריסן די אומשולדיקע נפשלעך פון זייערע מוטערס הענט. צוזאַמענגעפּרעסט אין צוגעגרייטע וואַגאָנעס און אַוועק־געפירט. ווי איך בין שפּעטער געוווּיר געוואָרן, איז מיין מוטער אָפּגעקליבן געוואָרן צוזאַמען מיט די קליינע קינדער און מיין פאָטער איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער פון צוואַנגס־אַרבעט און דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן.

נאָך דער טרויעריקער געשעעניש פון ליקווידירן די קליינע קינדער, האָט מען געמוזט גיין צו דער אַרבעט, ווער צו לאָדן און אויסלאָדן וואַגאָנעס, ווער צו וואַלד־אַרבעט. אַפילו מיר, פרויען, זענען געווען פעאיק אַרונטערצושניידן ביימער און אויך אַנדערע שווערע אַרבעט, וועלכע אין אַן נאָרמאַלער צייט וואָלט דאָס געווען אַן אַרבעט נאָר פאַר מענער.

*

מיר האָבן פיל געהערט פון די פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געקעמפט אין די וועלדער. יעדער פון אונדז האָט געטרוימט צו קומען צו די קעמפער אין וואַלד און אויף אַזאַ אופן זיך צו באַפרייען פון די מערדערישע הענט. עס האָט אָבער אויסגעוויזן אוממעגלעך. ענדלעך איז דאָך געלונגען אייניקע אַרבעטער, דורך

דער פאַרמיטלונג פון וואַלד־וועכטער, אַ ליטווין, זיך צו פאַרבינדן מיט די פאַר־טיזאַנער. מען האָט באַשטימט אַ טאָג, אַ שעה און אַן אָרט אין וואַלד, ווו זיך צו טרעפן.

אין חודש אַפּריל 1944, דעם טאָג געדענק איך נישט, האָט מען ביי די אַרבעטס־פּלעצער איינער פון צווייטן זיך דערוווסט, אַז דאָס איז דער טאָג, וואָס מען האָט דערוואַרט. מיטאָג־צייט, ווען די וועכטער זענען געווען פאַרנומען מיט זייער מאָלצייט, האָבן מיר ביסלעכווייז און אומבאַמערקט גענומען אַנטלויפן אין דער ריכטונג פון וואַלד, ווו עס האָט געדאַרפט זיין דער פּלאַץ צו טרעפן זיך מיט די פאַרטיזאַנער.

צום גרויסן באַדויערן, האָבן כמעט אַלע פון אונדז די פאַרבינדונג פאַרשפּע־טיקט, אַחוץ די יעניקע, וועלכע האָבן געהאַט אָפּגערעדט מיט די פאַרטיזאַנער זיך צו טרעפן.

מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט אין וואַלד אַ פּאָר שעה, ביז די וועכטער אונ־דזערע האָבן זיך אַרומגעזען, וואָס עס איז געשען. זענען זיי געקומען אין וואַלד און געצוווּנגען אַלעמען זיך אומצוקערן צוריק אין לאַגער. איך אָבער האָב זיך אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, נאָכפאָלגנדיק אַ קאָוונער פרוי, מיט דעם פאַרגעפיל, אַז זי וועט זיך צוריק נישט אומקערן, ווייל מיר האָבן געהערט, אַז איר מאַן האָט געהאַט אַ רעוואָלווער און געוואַרט אויף אַזאַ געלעגנהייט. אין דעם מאָמענט האָב איך פאַרגעסן אין מיין ברודער און שוועסטער, וועלכע האָבן זיך אויך געפונען אין וואַלד און האָבן זיך געמוזט אומקערן צוריק. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי דערוואַרט אַ זיכערער טויט. נאָך אייניקע האָבן געטאָן דאָס זעלבע וואָס איך. און ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן מיר זיך צוזאַמענגעקליבן 20 מאַן. איינער פון אונדז, יצחק זיסקאַנד, האָט צום גליק, געקענט דעם וועכטער פון וואַלד, וואָס איז געווען אַ פאַרבינדלער, צו וועלכן די פאַרטיזאַנער פלעגן קומען פון צייט צו צייט. שפּעט ביינאַכט האָט ער מודיע געווען דעם וואַלד־וועכטער וועגן אונדז. דער וואַלד־וועכטער האָט אונדז יעדן טאָג צוגעשיקט אַ ביסל עסן צו דערהאַלטן די נשמות, און עטלעכע אַלטע מאַנטלען זיך צוצודעקן ביינאַכט. ווייל לויפנדיק אין וואַלד האָבן מיר אַלעס פון זיך אַראָפּגעוואָרפן.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווי גאַנץ פרי, אויפשטייענדיק פון אונ־דזערע געלעגערס, פלעגן מיר אָפּפרישן אונדזערע פּנימער מיט דעם טוי פון די בלעטער און אַפילו אַרונטערגעשלינגען אייניקע טראָפּנס טוי, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט קיין וואַסער.

ענדלעך, נאָך אַזעלכע צוויי גרויזאַמע וואָכן, האָבן מיר באַקומען די פאַר־בינדונג און נאָך צוויי טעג וואַנדערן, פון איין דאָרף צום צווייטן, זייענדיק אין גרויס געפאַר געמאַסערט צו ווערן פון די פויערים, זענען מיר אָנגעקומען צו אַ וואַלד, ווו עס האָבן זיך געפונען די פאַרטיזאַנער.

די פּא͏ַרטיזא͏ַנער זענען געווען צעטיילט אין א͏ָטריא͏ַדן. יעדער א͏ָטריא͏ַד הא͏ָט געהא͏ַט א͏ַ קא͏ַמא͏ַנדיר, וועלכער פלעגט א͏ָנפירן מיט דער א͏ַרבעט. מיר זענען צוגע־טיילט געווא͏ָרן צו איינע פון די און געמוזט אויספירן היימישע א͏ַרבעט, ווי קא͏ָכן און וואַשן וועש פא͏ַר די מענער. זיי פלעגן א͏ַרויסגיין יעדן טא͏ָג דורכפירן פּא͏ַרשי־דענע אויפגא͏ַבעס, ווי אונטערלייגן מינעס און אויפרייסן וואַגא͏ָנעס, אונטערצינדן דערפער, ווו עס הא͏ָבן זיך געפונען דייטשע סא͏ָלדא͏ַטן, אויפרייסן עלעקטרישע סטא͏ַציעס און נא͏ָך א͏ַזעלכע וויכטיקע פונקטן, וואָס איז א͏ָפטמא͏ָל געווען א͏ַ זיכע־רער טויט.

נישט איינמא͏ָל הא͏ָבן מיר פלוצלינג געמוזט פא͏ַרלא͏ָזן דעם פּלא͏ַץ צוליב דעם א͏ָנקום פון א͏ַן עראָפּלא͏ַן, וועלכער הא͏ָט בא͏ַשא͏ָסן די וועלדער, און אין מיטן נא͏ַכט געלא͏ָפן אין זומפּן און ווילדענישן, ביז די געפא͏ַר איז א͏ַריבער.

ביי די פּא͏ַרטיזא͏ַנער בין איך געווען 4 חדשים. דעם 8טן יולי 1944, הא͏ָט די ערשטע ליטווישע טרא͏ַקא͏ָיער בריגא͏ַדע, צו וועלכער אונדזער א͏ָטריא͏ַד הא͏ָט גע־הערט, בא͏ַקומען א͏ַ בא͏ַפעל פון אויבערשטן פּא͏ַרטיזא͏ַנער־שטא͏ַב אין מא͏ָסקווע, צו מא͏ַרשירן אויף ווילנע. אויפן וועג צו ווילנע הא͏ָבן מיר זיך בא͏ַגעגנט מיט דער רויטער א͏ַרמיי, וואָס הא͏ָט א͏ָפּגעשניטן ווילנע און מא͏ַרשירט אויף קא͏ָוונע.

אין קא͏ַמף פא͏ַר א͏ָפּרייניקן ווילנע, הא͏ָבן גענומען א͏ַן א͏ָנטייל א͏ַלע פּא͏ַרטיזא͏ַנער בריגא͏ַדעס פון דער רודניצקער פּושטשע.

די א͏ַדמיניסטרא͏ַטיווע לייטונג פון ווילנע הא͏ָבן איבערגענומען די פּא͏ַרטיזא͏ַנער.

א͏ַ בא͏ַדייטנדיקער טייל פון די פּא͏ַרטיזא͏ַנער הא͏ָבן פרייוויליק זיך מא͏ָביליזירט אין דער רויטער א͏ַרמיי, א͏ַנדערע ווידער זענען געווא͏ָרן מא͏ָביליזירט אין דער ציווילער מיליץ, כדי א͏ָפּצורייניקן ווילנע פון פא͏ַרבליבענעם נא͏ַצישן שמוץ, דא͏ָס רעשט זענען געווא͏ָרן דעמא͏ָביליזירט.

איך מיט נא͏ָך צוויי מיידלעך פון א͏ָלשא͏ַן, הא͏ָבן זיך צוריקגעקערט אין א͏ָלשא͏ַן. פון מיין פא͏ַרצווייגטער משפּחה איז קיינער נישט געבליבן. בדרך נס איז לעבן־געבליבן מיינער א͏ַ ברודער, יוסף סא͏ָלא͏ָדוכא͏ַ, היינט אין ישראל.

ראובן ליאַנד (ראָמאַן ליאַנדאוו)

# באוואפנטער פארטיזאנער־קאמף

## דייטשער אָנגריף אויפן סאָוויעטן־פאַרבאַנד און דאָס אַנטלויפן פון אָלשאַן

דעם 24־טן יוני 1941, ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו אָלשאַן, בין איך אַלט געווען 19 יאָר. איך האָב פאַרשטאַנען וואָס מיר דערוואַרט און באַשלאָסן צו אַנטלויפן. איך האָב זיך געלאָזט אין וועג צוזאַמען מיטן סאָוויעטישן מיליציאָנער פאַדעיעוו, אָלשאַנער ריכטער סאַרין און מיט אַ יידישן יונגנמאַן — מאיר מעלצער. אויף ראָווערן זענען מיר, אַ זייגער צוועלף בייטאָג, אַרויסגעפאָרן פון אָלשאַן אין דער ריכטונג פון מינסק. דער וועג איז געווען פאַרנומען פון רוסישע זעלנער, רויטאַרמייער, וועלכע האָבן אין אומאָרדענונג זיך געאיילט צו פאַרלאָזן די געגנט. ווען מיר זענען אָנגעקומען צו דער באַן־סטאַציע באָגדאַנאָוו, 12 קילאָמעטער פון אָלשאַן, האָבן דייטשע עראָפּלאַנען באָמבאַרדירט די סטאַציע. מיר האָבן זיך געלאָזט ווייטער.

אויפן וועג קיין וואָלאָזשין האָבן מיר שוין געזען ציווילע און מיליטערישע קרבנות: פאַרוואונדעטע און טויטע, געטראָפענע פון די באָמבעס, וואָס דייטשע עראָפּלאַנען האָבן אַראָפּגעוואָרפן. אויך מיר זענען אַ פּאָר מאָל געווען געצוווּנגען זיך אויסצובאַהאַלטן פון די דייטשע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן באַשאָסן די וועגן. מיר זענען אויך דורכגעגאַנגען אַ קאָנטראָל פון די סאָוויעטישע זעלנער, וועלכע האָבן אונדז געהאַלטן פאַר שפּיאָנען. עס איז אַוועק אַ שיינע פּאָר שעה ביז זיי האָבן אונדז פריי געלאָזט.

אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען קיין וואָלאָזשין. די אָרטיקע יידן זענען געווען פאַרביטערט און האָבן אונדז דערציילט, אַז די ציווילע סאָוויעטישע אָנפירונג האָט פאַרלאָזט די שטאָט. מיר האָבן אויפגעזוכט אַ געוועזענעם אָלשאַנער איינוווינער, עליע דעם זייגערמאַכער, וועלכער האָט לעצטנס געלעבט אין וואָלאָ־זשין, און ביי אים האָבן מיר איבערגענעכטיקט.

אויף צו מאָרגנס פאַרטאָג, איידער די זון איז אויפגעגאַנגען, זענען מיר אַרויסגעפאָרן אויפן וועג קיין ראַקאָוו, דאָרט האָבן מיר שוין געטראָפן פיל יידישע משפחות אויף וועגענער און פוסגייער. נישט ווייט פון ראַקאָוו, אין וואַלד, זענען אָנגעקומען דייטשע עראָפּלאַנען און האָבן אָן אויפהער באַשאָסן דעם וואַלד. מיר האָבן נישט געקענט אַרויסקריכן פון די גרובנס. אַ דריי־פיר שעה נאָך דעם איז שטיל געוואָרן און מיר זענען בשלום אָנגעקומען קיין ראַקאָוו, וווּ מיר האָבן שוין געטראָפן יידן — פליטים פון די אַרומיקע שטעט און שטעט־לעך. פון דאָרט זענען מיר אַוועק אויפן וועג קיין מינסק. אויך דער וועג איז געווען

פול מיט פּליטים: מענער, פרויען און קינדער, ווער מיט פּעקלעך און ווער מיט קליינע קינדער אויף זיך. דער וועג איז געווען זאַמדיק און מיר האָבן די ראָווערן געפירט. פוןביידע זייטן וועג איז געווען נאָר וואַלד. פון צייט צו צייט האָט מען געהערט שיסערייען, קרעכצן און קולות פון פרויען און קינדער.

## ביי דער געוועזענער פּויליש־רוסישער גרענעץ

מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער אַלטער פּויליש־רוסישער גרענעץ, ווו עס זענען שוין געשטאַנען טויזנטער מענטשן. אויף ביימער זענען געהאָנגען ברעטער מיט גרויסע אויפשריפטן אין רוסיש: „פּאַר אייגנוויליק איבערגיין די גרענעץ ווערט מען לויטן געזעץ באַשטראָפט מיטן טויט״.

מיר האָבן זיך דורכגעשטופּט דורך די מענטשן און דערגרייכט צו די סאָוויעטישע גרענעץ־וואַכן, וועלכע האָבן מינדלעך געמאָלדן, אַז די גרענעץ איז געשלאָסן פאַר ציווילע מענטשן און זיך געהייסן צוריקקערן, ווייל ביינאַכט וועלן זיי שיסן אויף די, וועלכע וועלן זיך געפינען נאָענט פון דער גרענעץ. מענטשן האָבן זיך צוריקגעקערט און געאיילט אַנצוקומען צוריק קיין ראָקאָוו. מיר זענען געבליבן אויפן אָרט און געהאָפט, אַז די פאַראָרדענונג, וואָס פאַרווערט אריבער־צוגיין די גרענעץ, וועט זיך ענדערן, אָבער צום סוף זענען מיר געווען געצווונגען זיך צוריקקערן קיין ראָקאָוו.

אין שטעטל האָט מען קיין ליכט אין די הייזער נישט אָנגעצונדן, אָבער די מענטשן זענען נישט געשלאָפן. מיר האָבן זיך געוואָנדן צו עטלעכע דאָרטיקע איינוווינער, זיי זאָלן אונדז דערלויבן איבערצונעכטיקן, אָבער פון אַלע האָבן מיר געהערט דעם זעלבן ענטפער: עס איז איבערפולט, אַפילו אויף דער פּאָדלאָגע איז קיין פּלאַץ נישטאָ. מיר האָבן איבערגענעכטיקט אויף אַ הילצערנעם גאַנעק, וועלכער האָט געהאַט אַ דאַך.

גאַנץ פרי, ווי עס האָט נאָר געגומען טאָגן, זענען מיר אַרויסגעפאָרן פון ראָקאָוו קיין ראַדאָשקאָוויטשי, נאָענט צו דער געוועזענער פּוילישער גרענעץ. אין האַלבן וועג האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז דאָרט לאָזט מען אויך נישט דורך. מען האָט אונדז געראָטן נישט פאָרן אַהין, נאָר גיין נאָענט, אַ 5 קילאָמעטער, דאָרט איז דאָ אַ וועג צו דער גרענעץ. מיר האָבן קיין סך נישט געטראַכט און באַשלאָסן צו גנבענען די גרענעץ. דורך זייטיקע וועגעלעך און סטעזשקעס האָבן מיר זיך דערנענטערט צו אונדזער ציל. קיין וואַלד איז דאָרט נישט געווען. מען האָט אונדז געקענט זען פונדערווייטנס. דעריבער האָבן מיר זיך אַפילו נישט באַמיט צו זיין פאָרזיכטיק.

מיר זענען דערגאַנגען צו שטעכיקע דראָטן, וועלכע מיר האָבן אויפגעהויבן און אויך דורכגעשטופּט די ראָווערן. דאָרט איז קיין לעבעדיקער מענטש נישט

געווען. פונדערווייטנס האָבן מיר באַמערקט אַ וועג מיט וועלכן עס זענען גע־גאַנגען אַ סך זעלנער. מיר האָבן זיך צוגעזעצט אויפן גראָז אויף אַ גאַנץ הויכן פּלאַץ. ווען מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז דאָס זענען סאָוויעטישע זעלנער, זענען מיר זיי אַנטקעגן געפאָרן און אָנגעקומען קיין זאַסלאַוו — דאָס ערשטע רוסישע שטעטל, וואָס פאַרמאָגט אַ באַן־סטאַציע.

פאַר אונדזערע אויגן איז פאָרגעקומען אַ לופט־קאַמף צווישן דייטשע עראָ־פּלאַנען מיט סאָוויעטישע, וועלכע האָבן גענומען ברענען אין דער לופטן און די פליער האָבן זיך פון די עראָפּלאַנען אַראָפּגעלאָזן מיט פּאַראַשוטן.

איבער דער באַן־ליניע האָט לאַנגזאַם זיך באַוועגט אַ צוג מיט זעלנער און ציווילע. מיר זענען אַריינגעפאָרן אין שטעטל זאַסלאַוול. די שטימונג האָט זיך ביי אונדז געהויבן, ס׳האָט זיך אונדז געדאַכט, אַז מיר זענען שוין דאָ הינטער דער אײַזערנער וואַנט און אַוועק אין „סטאַלאָווע״ אָפּעסן. די קעלנערין האָט דערלאַנגט ברויט צום טיש און נישט באַוויזן אַוועקצוגיין פון אונדז, ווי ס׳איז געוואָרן אַ „טרעוואָגע״. מיר האָבן געכאַפּט די שטיקלעך ברויט פון טיש און געלאָזט זיך אין דרויסן. מען האָט געמאָלדן, אַז מען פאַרלאָזט זאַסלאַוול, דייטשע טאַנקען דערנענטערן זיך צום שטעטל.

אויף די ראָווערן האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג צו דער הויפּטשטאָט פון ווייסרוסלאַנד — מינסק. דייטשע עראָפּלאַנען האָבן מיט קוילנוואַרפערס באַשאָסן דעם וועג. ס׳איז אונדז אויסגעקומען מער צו ליגן אין די גרובנס, אין קאַנאַוועס, ווי צו פאָרן. די קוילן האָבן געפייפט איבערן קאָפּ. נישט דערפאָרנדיק צו מינסק, האָט מען געזען פונדערווייטנס ווי די שטאָט ברענט. די דערפער פון מינסקער געגנט זענען פול געווען מיט פּליטים, וואָס האָבן פאַרלאָזט די שטאָט, וועלכע איז אָן אויפהער געוואָרן באָמבאַרדירט.

מיר האָבן געטרעכטיקט אין אַן אויסגעהאַקט וועלדל נעבן די סאָוויעטישע זעלנער, כדי צו קענען צוזאַמען מיט זיי אַנטלויפן. אָן איבעררייס בין איך גע־שלאָפן ביז מען האָט מיך אויפגעוועקט. פאַרטאָג. האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג ווידער קיין מינסק. דייטשע עראָפּלאַנען האָבן כסדר באָמבאַרדירט די שטאָט, וועלכע איז געשטאַנען אין פלאַמען. דער וועג איז געווען פול מיט געהרגעטע, פאַרוווּנדעטע מענטשן. עלטערן האָבן געזוכט זייערע קינדער און קינדער, דער־שראָקענע, האָבן געוויינט און געזוכט זייערע עלטערן.

מיר זענען אַוועק אויפן וועג, וואָס האָט געפירט קיין ניי־באָריסאָוו. אויפן וועגן האָבן זיך געוואַלגערטפּעקלעדקליידער, מיליטערישע מאַשינען און טאַנקען, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין בענזין.

בעתן דורכגיין אַ וואַלד האָבן אונדז פּלוצלונג פאַרצאַמט דעם וועג פיר מיליטער־לייט, די ביקסן אָנגעשטעלט אויף אונדז און אויסגערופן: „די הענט אין דער הויך״. מיר האָבן אויפגעהויבן די הענט. אויף דער פראַגע, צי

הא̇בן מיר נישט קיין געווער? הא̇בן פּאַדאַיעוו און סארין זיך א̇נגערופן, אַז זיי הא̇בן. איינער פון די זעלנער הא̇ט אַרויסגענומען די פּיסטא̇לעטן פון די קע־שענעס פון מיינע מיטגייער און אַלץ, וואָס הא̇ט זיך ביי זיי געפינען. איך מיט מאירן זענען דעסטגלייכן באַזוכט געוואָרן.

מען הא̇ט אונדז אַרא̇פּגעפירט פון וועג, טיפער אין וואַלד און געגעבן אַ באַפעל, מיר זאָלן זיך זעצן. צוויי פון די זעלנער הא̇בן געהאַלטן א̇נגעשטעלט אויף אונדז די ביקסן, און צוויי זעלנער זענען אַוועק מיט מיינע מיטגייער, סארין און פּאַדאיעוו. נאָך צוויי שעה, וועלכע הא̇בן זיך אונדז אויסגעוויזן ווי צען, זענען סארין און פאדאיעוו צוריקגעקומען. סארין הא̇ט אונדז א̇פּגעגעבן אַלץ, וואָס ס׳הא̇ט צו אונדז געהערט. מיר זענען געווען פריי און זיך שנעל געלאָזט אין וועג קיין ניי־באָריסאָוו. אָבער מיר זענען אַהין נישט דערגאַנגען. זעלנער און ציווילע מענטשן, וועלכע זענען געפאָרן און געגאַנגען אונדז אַנטקעגן, הא̇בן געוואָרנט, אַז דייטשע דעסאַנטן הא̇בן איבערגעשניטן דעם וועג אין די וועלדער, וואָס געפינען זיך פאַר באָריסאָוו. מיר הא̇בן זיך געשלעפּט אַהין און צוריק אויף פאַרשידענע וועגן און זיך ווידער צוריקגעקערט אויפן פריערדיקן אָרט, פון וואַנען מיר זענען אַוועק. מיר הא̇בן זיך א̇פּגעשטעלט און באַשלאָסן ווייטער נישט פאָרן.

## צווישן פּויערים אין אַ ווייסרוסישן דאָרף

מען הא̇ט שוין זעלטן געזען פּליטים און אויך זעלנער. מיר זענען אַוועק אין דעם נאָענטסטן דערפל און דאָרט זיך געווענדעט צו פּויערים, צי מ׳קאָן ביי זיי קויפן שפּייז. דער ענטפער איז געווען: „ניעט, גאָלובטשיק" („ניין, טייבעלע").

מיר הא̇בן זיך צוגעזעצט צו אַ גרופּע דאָרטיקע פּויערים, וועלכע זענען געזעסן און געשמועסט. זיי הא̇בן אונדז געפרעגט: פון וואַנען מיר קומען. נאָך אונדזערע קליידער הא̇בן זיי געקאָנט זיך אָריענטירן, אַז מיר זענען נישט קיין דאָרטיקע, אויך די ראָווערן זענען נישט געווען פון קיין רוסישער מאַרקע. מיר הא̇בן זיי דערציילט פון וואַנען מיר קומען. איינער פון די פּויערים איז אַוועק און אין אַ קורצער צייט אַרום צוריקגעקומען און געזאָגט, אַז ער הא̇ט גערעדט מיט זיין פרוי און זי איז מסכים אָפּצוקאָכן פאַר אונדז קאַרטאָפל. אין אַ האַלבער שעה אַרום הא̇ט ער אונדז בכבודיק איינגעלאַדן צו זיך אַהיים.

אין הויז פון דעם פּויער הא̇ט אונדז שוין דערוואַרט זיין פרוי און אַ טאָכטער אין עלטער פון 17 יאָר. דער טיש איז געווען געדעקט מיט אַ ווייסן טישטעך און דריי שטיקלעך ברויט. מיר הא̇בן זיך אַרומגעוואַשן און געזעצט זיך צום טיש. דער באַלעבאָס הא̇ט אַוועקגעשטעלט אַ גרויסע שיסל און די באַלעבאָסטע אין

אַ ווייסן פאַרטעך האָט צוגעטראָגן אַ טעפּל מיט הייסע קאַרטאָפּל און אריבער־געקערט אין שיסל, וועלכע מיר האָבן שנעל ליידיק געמאַכט. סאַרין האָט אַרויס־גענומען פון טאַש 50 רובל (5 טשערוואָנצעס) און דערלאַנגט דעם באַלעבאָס. על האָט נישט געוואָלט נעמען און עס צוריקגעלייגט אויפן טיש. איך האָב די 5 טשערוואָנצעס אַריינגעשטופּט דער באַלעבאָסטע אין האַנט. זי האָט דאָס פון מיר צוגענומען און באַדאַנקט.

דער באַלעבאָס איז אַריין אין קיך, באַלד צוריקגעקומען און אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך נישט אויפהייבן פון טיש, די פרוי גרייט נאָך וואָס צום עסן. אַ ריח פון געפּרעגלטע ציבל האָט גענומען שמעקן איבער דער גאַנצער שטוב. דער באַלעבאָס האָט געבראַכט אַ נאָר וואָס אָנגעהויבענעם לאַבן ברויט מיט אַ מעסער און אַוועקגעלייגט אויפן טיש, די באַלעבאָסטע האָט צוגעטראָגן אַ גרויסע „סקאָוואָראָדע" (אַ בראָט־פאַן) מיט אייער געפּרעגלט אין חזיר־שמאַלץ. מיר האָבן געשניטן ברויט און קוים אויפגעגעסן דעם פיינקוכן. מיר האָבן אים געדאַנקט און זיך אָפּגעזאָגט פון ווייטערדיקע עסנס, מיט וועלכע ער האָט אונדז געוואָלט מכבד זיין.

דער פויער האָט אונדז פאָרגעלייגט צו איבערנעכטיקן ביי אים: די „קאָ־ביעטאַ" (פרוי) וועט שוין צוגרייטן אַ געלעגער. ער האָט אונדז דערציילט, אַז זיין עלטערער זון איז אין דער רויטער אַרמיי און האָט זיך באַאומרואיקט איבער דעם גורל פון זיין זון.

די באַלעבאָסטע האָט אונדז צוגעגרייט אַ געלעגער אויף דער פּאָדלאָגע אין דעם צימער, ווו אויפן וואַנט איז געהאָנגען אין ווינקל אַ פּאַרפּוצטע „איקאָנע" פון דער הייליקער מאַריאַ, נעבן וועלכער ס'האָט געברענט אַ קליין פייערל. די פענצטער זענען געווען פאַרהאָנגען און קיינער פון אונדז האָט זיך אַפילו נישט באַמיט אַרויסקוקן אין דרויסן. מיר האָבן זיך, נאָך עטלעכע נעכט, צום ערשטן מאָל אויסגעטאָן און אַנידערגעלייגט און נישט באַוויזן איינשלאָפן, ווי עס האָבן זיך דערהערט שיסערייען פון האַרמאַטן און רוישן פון עראָפּלאַנען. ווען מיר האָבן אַרויסגעקוקט אין דרויסן, האָבן מיר דערזען די רעפלעקטאָרן פון די פליענדיקע עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן געשאָסן. אין דעם מאָמענט האָט אַ שאָס געטראָפן אין דעם צווייטן פענצטער פון צימער. מיר האָבן נישט באַוויזן זיך אָנצוטאָן, ווי צו אונדז איז אַריינגעלאָפן דער בעל הבית פון גאַס און האָט אונדז שנעל אַרויסגע־פירט פון שטוב אין אַ קעלער, וועלכער איז געווען אויסגעגראָבן אויפן הויף.

דאָרט איז שוין געזעסן די באַלעבאָסטע מיט דער טאָכטער. איך האָב געציטערט פון קעלט און שרעק. די באַלעבאָסטע האָט זיך געצלמט און תפילה געטאָן. די ערד האָט געציטערט פון די באָמבן־אויפרייסן. די טאָכטער, סטאַשאַ, וועלכע האָט זיך אויך געטרייסלט, האָט זיך געטוליעט צו מיין קערפּער. האָב איך זיך געטוליעט צו א״ר, ווי מיר וואָלטן געווען שוין לאַנג באַקאַנט און באַפריינדעט.

ווען ס׳איז שטיל געוואָרן און די שיסערייען האָבן אויפגעהערט, זענען מיר אַרויסגעגאַנגען פון קעלער. דער הימל איז געווען רויט פון די ברענענדיקע דערפער. מיר זענען צוריק אַריין אין שטוב און געלייגט זיך שלאָפן. ווען מיר זענען צומאָרגנס אויפגעשטאַנען האָט אין דרויסן גערעגנט. מיר האָבן נאָר אַרויסגעקוקט אויפן וועג, ווו די באַוועגונג איז שוין געווען אַ גאַנץ קליינע. די באַלעבאָסטע האָט אונדז געזאָגט, אַז זי מאַכט פרישטיק פאַר אונדז. מיר האָבן זיך געזעצט עסן צוזאַמען מיט זיי. נאָך עטלעכע טעג נישט דערעסן, האָבן מיר זיך מחיה געווען, ווען מ׳האָט צום טיש דערלאַנגט גרויפּן און הייסע מילך, גערשטענע לאַטקעס מיט אַ „סקאָוואָראָדע" געפּרעגלטן חזיר.

נאָכן עסן האָב איך ווידער דערלאַנגט דער באַלעבאָסטע 5 „טשערוואָנצעס" און מיר האָבן זיך געזאָלט לאָזן אין וועג, נאָר דער רעגן האָט נישט אויפגעהערט. אַזוי איבערוואַרטנדיק דעם רעגן, איז געוואָרן דער זייגער אַרום 12 בייטאָג. די באַלעבאָסטע האָט אונדז פאָרגעלייגט צו וואַרטן ביז מיטאָג. מיר האָבן אָפּגעגעסן און דער רעגן האָט נישט אויפגעהערט. נאָכן מיטאָג האָבן מיר דערלאַנגט דער באַלעבאָסטע 5 טשערוואָנצעס און דער פויער מיט סאַרינען זענען אַוועקגעפאָרן אין רעגן צום וועג געוויר־ווערן וואָס עס הערט זיך. ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט, איז ביי זיי געווען פאַרשידענע מיינונגען. זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין מינסק און אין באָריסאָוו זענען שוין דאָ דייטשן.

אונדזער גרופּע — סאַרין, פאַדעיעוו, מעלצער און איך — האָט זיך באַראַטן, וואָס ווייטער צו טאָן און באַשלאָסן זיך לאָזן אין וועג. דער באַלעבאָס האָט אונדז גוט אָנגעוויזן דעם וועג, ווו מיר קאָנען אויסמיידן באָריסאָוו און נאָך דעם זיך נעמען צוריק אויפן וועג, וואָס פירט קיין מינסק.

סאַרין און פאַדעיעוו האָבן צעריסן זייערע דאָקומענטן, די פּאַרטיי־לעגיטימאַציעס און די רעוואָלווערן האָבן זיי באַהאַלטן אין די קראָקוועס פון דאַך אין אַ שטאַל. מיר האָבן גוט אָנגעקוקט דאָס אָרט, כדי צו וויסן ווו, ווען ס׳וועט מעגלעך, אונדז נאָך אויסקומען צו באַנוצן די רעוואָלווערן.

מיר האָבן דורכגעקוקט די ראָווערן, אָנגעפּאָמפּעט די רעדער און געוואָלט זיך לאָזן אין וועג. ס׳האָט אָבער גענומען רעגענען, זענען מיר פאַרבליבן נעכטיקן.

## דייטשן קומען אָן און ווערן פריינטלעך באַגעגנט פון ווייסרוסישע פויערים

מיין מיטגייער — מאיר מעלצער, אַן עלטערער פאַר מיר, אַ געוועזענער סאָלדאַט אין דער פּוילישער אַרמיי בעת דער מלחמה — האָט מיר געהאַלטן אין איין איינרעדן איך זאָל נישט מיטפאָרן. ער איז געווען אין דייטשער

געפּאַנגענשאַפט און געוואָרן באַפרייט ווי אַן איינוווינער פון אָלשאַן, וואָס איז, נאָכן צעפאַלן פון דער פוילישער מלוכה־מאַכט, געוואָרן פארנומען דורך די סאָוויעטן, און נישט געקוקט, וואָס ער איז אַ ייד, האָבן די דייטשן געלאָזט אים זיך אומקערן אַהיים.

ער האָט מיר שווער געמאַכט אויפן האַרצן און מיר דערמאָנט ווי מיר האָבן אויסגעזען אין די אויגן פון די רוסישע זעלנער, ווען מען האָט אונדז פאַר־האַלטן ווי דיווערסאַנטן. ייִי געבווירענע יאין פוילן, „זאַפּאַדניקעס״ (מענטשן פון מערב), האָט מען זיך ווינציקער גערעכנט מיט אונדז ווי מיט סאָוויעטישע געבוי־רענע בירגער, פאַרטיי־לייט, זיי מוזן פאַרן, אָבער מיר — האָט ער מיט מיר געטענהט — קאָנען אומגעבראַכט ווערן דורך די דייטשן אָדער דורך די רוסן, איז צו וואָס דאַרף מען נאָך פאָרן זוכן דעם טויט?

סאַרין האָט געוואָלט איך זאָל מיטפאָרן און פאַרן שלאָפן האָט ער מיך געפרעגט אין אַנוועזנהייט פון מעלניצערן: „נו, ווי, דו בלייבסט איבער, אָדער דו פאָרסט?״ איך האָב אים געענטפערט, אַז איך פאָר. „איז גאַנץ פרי וועל איך דיך וועקן״. — האָט ער מיר געזאָגט. דאָס זענען געווען די לעצטע ווערטער, וואָס איך האָב געהערט פון סאַרינען.

איך בין איינגעשלאָפן, ווי אין חלום האָב איך נאָך געהערט, ווען סאַרין האָט מיך געוועקט, ער האָט מיך געפרעגט: צי איך פאָר מיט אים? איך בין געווען פאַרשלאָפן, די אויגן האָבן זיך מיר נישט אויפגעמאַכט. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָב איך דערזען מעלצערן זיצנדיק נעבן מיר. איך האָב אים גלייך געפרעגט ווו זענען זיי? ער האָט מיר געענטפערט, אַז סאַרין האָט מיך געוועקט און איך האָב אים נישט געענטפערט. „זיי זענען אַוועקגעפאָרן״, האָט מיר מעלצער געזאָגט.

איך האָב זיך שנעל אָנגעטאָן. דער באַלעבאָס האָט מיך באַרויקט און געזאָגט, אַז זיי זענען נאָר וואָס אַוועקגעפאָרן, איך קאָן זיי נאָך דעריאָגן. איך האָב זיך שנעל געזעצט אויפן ראָווער און געלאָזט זיך אין וועג זיי נאָכיאָגן, אָבער נישט דעריאָגט. איך האָב זיך גוט אָריענטירט, ווייל עס איז געווען צו זען די צייכנס פון זייערע ראָווערן נאָכן רעגן.

איך האָב זיך צוריקגעקערט אין דערפל, וו ס׳איז געווען מעלצער, און צוזאַמען מיט אים זענען מיר אַרויסגעפאָרן אויפן וועג, וואָס האָט געפירט קיין מינסק. קיין באַוועגונג איז בכלל נישט געווען. מען האָט זעלטן געטראָפן איינציקע פוסגייער. די בריקלעך זענען געווען אויפגעריסן. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו מינסק, האָבן מיר פונדערווייטנס דערזען רוישנדיקע טאַנקן, וואָס זענען געווען פאַרהילט פון פאָרנט מיט רויטן שטאָף. מיר האָבן זיך דערפרייט און געמיינט, אַז דאָס זענען רוסישע טאַנקן. נאָר דאָס רוישן פון די טאַנקן האָט זיך אונטערשיידט פון די פריערדיקע. ווען מיר האָבן זיך דערנענ־

טערט צו זיי, האָבן מיר דערזען אַן אָפּענע, לייכטע מאַשין מיט פיר דייטשע זעלנער, נאָך וועלכע ס׳זענען געפאָרן די טאַנקן מיט שוואַרצע, גרויסע האַקנ־קרייצן אויפן רויטן שטאָף. מיר זענען גלייך אַראָפּ פון וועג. מיט די ראָווערן זענען מיר צוגעגאַנגען צו די הייזער.

פויערים און פויערטעס, גרויס און קליין, לענגאויס דעם וועג, זענען געשטאַנען פון דער ווייטן און געקוקט אויף די טאַנקן. מיר האָבן זיך צוגע־שטעלט צו די פויערים און אויך געקוקט. מיר האָבן דערהערט דעם שמועס פון די פויערים צווישן זיך. איינער פון זיי האָט זיך געווענדעט צו די יונגע שקצים, אָנדייטנדיק אויף די דייטשן: „איר זעט, זיי זענען די זעלבע מענטשן ווי מיר״, אויף וואָס אַ צווייטער, עלטערער קריסט, האָט זיך אָנגערופן: „איך געדענק זייער גוט די דייטשן פון דעם פאַריקן קריג, ווען זיי זענען ביי אונדז געווען, האָבן מיר אַ ביסל בעסער געלעבט, ווי פאַר די באָלשעוויקעס; די דייטשן זענען זייער גוטע און קולטורעלע מענטשן״.

ווען איך האָב דאָס דערהערט, איז מיר אַדורך אַ קעלט איבערן לייב און איך האָב זיך מיט די אויגן איבערגעקוקט מיט מאירן און אָנגעוויזן מיטן קאָפּ, אַז מען דאַרף זיך אָפּטראָגן פון דאַנען.

מיר האָבן זיך אַרויסגערוקט פון צווישן די מענטשן אָנהאַלטנדיק די ראָווערן און שנעל געצויגן זיך אויפן וועג גלייך צו די דייטשן. די דייטשן, פריי־לעכע, מיט שמייכלדיקע פנימער, זענען אונדז אַנטקעגן געפאָרן. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו אַן אויפגעריסן בריקל, וווּ די טאַנקן און מיליטער־מאַשינען זענען געווען געצוווּנגען אַראָפּצופאָרן פון וועג אין אַ זייט, זענען געשטאַנען דייטשע זעלנער, וועלכע האָבן אונדז פאַרהאַלטן און גלייך געפאָדערט דאָקומענטן. זייערע פנימער האָבן שוין נישט געשמייכלט, זייערע בייזע אויגן האָבן אויף אונדז געקוקט פון אונטער די שטאָלענע קאַסקעס.

מאיר מעלצער האָט דער ערשטער דערלאַנגט זיינע דאָקומענטן און אויך זיין „ספּראַווקע״, געשריבן אויף דייטש, מיט דעם דייטשן סטעמפּל, ווו ס׳איז געווען דאָס „פּייגעלע״, וואָס איך האָב עס דערזען צום ערשטן מאָל. לויט דער „ספּראַווקע״, איז ער באַפרייט געוואָרן פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט און געשיקט געוואָרן אַהיים קיין רוסלאַנד אין סעפּטעמבער 1939. איינער פון די דייטשן האָט ביי אונדז אַראָפּגעריסן די היטלען פון די קעפּ, גלייך צוריק אָנגעטאָן און געפרעגט: „זאָלדאַטען?״. „ניעט״ (ניין), האָב איך זיך אָנגערופן אויף רוסיש און געדרייט מיטן קאָפּ.

נאָכן איבערלייענען די „ספּראַווקע״ האָט דער דייטש זיך געווענדעט צו מאירן: „ביסטו יודע?״.

„יאָ״ — האָט ער אים געענטפערט.

„קאָמוניסטען?״ — האָט דער דייטש ווייטער געפרווט טרעפן.

מיט איין קול האָבן מיר געענטפערט און גערדרייט מיט די קעפּ אויף ניין: „מיר זענען נישט קיין קאָמוניסטן". ער האָט אומגעקערט מאירן די דאָקומענטן, קאָנטראָלירט מיינע, וועלכע איך האָב געהאַלטן צוגעגרייט אין דער האַנט. ער האָט זיי איבערגעבלעטערט, אָנגעקוקט דאָס בילדל אויפן פּאַספּאָרט און מיר גלייך צוריקגעגעבן. דעם צווייטן דייטש האָט ער באַפוילן אונדז אָפּצופירן.

מיר זענען אָפּגעפירט געוואָרן צו דעם קאָנטראָל־פּונקט. פון אַלע זייטן האָבן דייטשע זעלנער געפירט אַהין יונגע מענער, וועלכע זענען זיי געווען פאַרדעכטיק. צווישן די פאַרהאַלטענע זענען געווען: זעלנער און אָפיצירן פון דער רויטער אַרמיי, איבערגעטאָענע אין ציווילע מלבושים, געוועזענע אַרעס־טירטע ביי דער סאָוויעטן־מאַכט, וואָס זענען דורך די דייטשן באַפרייט געוואָרן פון די תפיסות און לאַגערן אין די אָקופּירטע געביטן.

עס איז געווען צו מערקן, אַז די דייטשן אינטערעסירט נאָר אויסצוגעפינען זעלנער פון דער רויטער אַרמיי, ווייל די קאָנטראָל איז איבערהויפּט באַשטאַנען פון באַקוקן די קעפּ. די, וועלכע זענען געווען געשוירן מיט דער מאַשינקע אויף גלאַט, זענען דורך די דייטשן באַטראַכט געוואָרן פאַר געוו. „זאָלדאַטען" און זענען גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. אַזוי אַרום איז אויך דער גרעסטער טייל פון די געוועזענע אַרעסטירטע, אָנגענומען געוואָרן פאַר מיליטער־לייט און רוסישע אָפיצירן, איבערגעטאָענע אין ציווילע מלבושים, מיט האָר אויף די קעפּ — זענען באַפרייט געוואָרן. אויך אונדז האָבן די דייטשן געלאָזט פריי.

מיר זענען שנעל אַוועק פון דאָרט אויפן וועג קיין מינסק. אין די דערפער, וווּ מיר זענען דורכגעגאַנגען, האָבן דייטשע זעלנער געהאַנדלט מיט די פּויערים. די דייטשן האָבן פאָרגעלייגט ציגאַרעטן און טאַבאַק, די פּויערטעס האָבן דער־פאַר געגעבן אייער און „סאַלע" (חזיר־פעטס). די זעלנער האָבן געוויזן די פּויערים אויף די פינגער: „נאָך דריי טאַגע, מאָסקוואַ קאַפּוט".

## אָנהייב פון דער דייטשער ממשלה

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין מינסק, האָבן אונדז פאַרהאַלטן דייטשע זעלנער און אָפּגעפירט אונדז צו אַ קאָנטראָל־פּונקט אויפן גאַס. ביי אַ טישל, וואָס איז געשטאַנען אויפן טראָטואַר איז געזעסן אַ דייטשער אָפיציר מיט אַ פאַרשוין אין ציווילע מלבושים. דערנעבן האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע ריי פון מענטשן, געהיט פון דייטשע זעלנער.

מיר האָבן זיך נישט דערוואַרט ביז צו אונדז איז געקומען די ריי צום קאָנטראָל־טישל און ווען דער דייטשער זעלנער האָט זיך אָפּגעקערט פון אונדז, זענען מיר מיט די ראָווערן אַרויס פון ריי און אַריין אין דער באַוועגונג פון די דורכגייער, ציווילע מענטשן. בעתן פאָרן האָבן מיר זיך צוגעקוקט צו די

דורכגייער און געזוכט אַ יידיש פּנים. מיר האָבן באַמערקט אַ יידישע פרוי אין איר געפּרעגט אין וועלכער געגנט פון שטאָט געפינען זיך יידן, זי האָט אונדז געראָטן צו גיין צו דער מערב־בריק ווו עס לעבן פיל יידן.

די שטאָט האָט נאָך געברענט אין אַ סך ערטער. גאַנצע געגנטן און גאַסן זענען געווען אינגאַנצן פאַר'שרפה'ט. אויף די פאַרברענטע גאַסן זענען געלעגן מתים. מיר זענען אָנגעקומען אויף סטאַרע־ווילענסקע, וואָס האָט זיך געפונען גאַנץ נאָענט פון דער מערב־בריק. די באַפעלקערונג פון שטאָט האָט געראַבירט די געשעפטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין יענער געגנט. אייניקע האָבן געטראָגן שפּייז־פּראָדוקטן, אַנדערע באַקאַליי, שניט־סחורה א.א.וו.

מיר האָבן זיך געווענדט צו אַ פרוי, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון אַ הויף און גענומען צו איר רעדן יידיש, זי האָט אונדז געענטפערט אויף יידיש און דערציילט, אַז זי האָט זיך אויך נאָר וואָס אומגעקערט פון די דערפער, ווו זי מיט איר טאָכטער האָבן זיך געפונען אין דער צייט פון דער באָמבאַרדירונג. זי האָט אַלץ איבערגעלאָזט אין שטוב און איצט, ווען זי האָט זיך צוריקגעקערט האָט זי גאָרנישט געפונען, אַלץ צעראַבירט. איר מאַן איז געוואָרן מאָביליזירט אין דער אַרמיי. זי האָט זיך צו אונדז געווענדעט: „איר זעט ווי מען שלעפּט דאָס גוטס פון די געשעפטן, איך וואָלט אויך גערן געגאַנגען עפּעס נעמען פון עסנוואַרג, נאָר איך האָב קיין כוח נישט. דאָס מיידל וויל איך אַליין נישט איבערלאָזן. מיט אייך וואָלט איך זי געשיקט".

איך האָב מסכים געווען צו גיין מיטן מיידל. די פרוי איז אַרויפגעגאַנגען אין איר וווינונג אויפן צווייטן שטאָק. מיר זענען אַריין אין הויף און באַלד איז זי מיט איר 14יאָריקער טאָכטער אַראָפּ פון די צעבראָכענע, הילצערנע טרעפּ. מיר האָבן אַוועקגעשטעלט די ראָווערן. איך מיטן מיידל זענען אַוועקגעגאַנגען זען, פון וואַנען מ'טראָגט ביסקוויט און צוקער. די מענטשן, וועלכע האָבן געטראָגן פּראָדוקטן האָבן גערן אָנגעוויזן ווו זיי געפינען זיך און ווייטער האָט מען אַליין זיך געקאָנט אָריענטירן, ווייל מען איז פון דאָרט אָן אויפהער גע־גאַנגען.

מיר זענען געקומען צו דער צוקערלעך־פאַבריק, וואָס האָט זיך געפונען אויף מאָפּראָווסקע גאַס. קיין צוקערלעך זענען שוין נישט געווען, נאָר צוקער מיט ביסקוויט. מיר האָבן אָנגעלייגט אין זעקלעך וויפל מיר האָבן געקאָנט דערטראָגן און געבראַכט אַהיים.

ווען עסן האָבן מיר שוין קיין זאָרג נישט געהאַט. מיר זענען דורכגעשלאָפן די נאַכט. פאַרן איינשלאָפן, האָט מיר מאיר געמאָלדן, אַז מאָרגן פרי וועט ער פאַרלאָזן מינסק און וועט זיך אומקערן צוריק קיין אָלשאַן. איך האָב זיך נישט באַמיט אים אָפּצורעדן און אים געזאָגט: „ווען דו ווילסט, קאָנסטו פאָרן. איך פאַרבלייב אין מינסק!". צומאָרגנס פרי האָט מאיר זיך געלאָזט אין וועג און

מיטגענומען צוקער מיט ביסקוויט. איך האָב אים באַגלייט ביז נאָך דער בריק. מיר האָבן זיך געזעגנט און שוין מער קיינמאָל זיך נישט געזען.

## באַקאַנטשאַפט מיט אָלשאַנער איינוווינער פון מינסק

איך האָב געוווּסט, אַז אין מינסק האָבן געלעבט געוועזענע איינוווינער פון אָלשאַן: בערל און טעמע קאָזלאָווסקי, אונדזערע ווייטע קרובים. זיי האָבן געהאַט צוויי זין מיט איין טאָכטער, וועלכע איך האָב פּערזענלעך געקענט. נאָכן צעפאַלן פון פּוילן, ווען די סאָוויעטן־מאַכט האָט פאַרנומען מערב־ווייסרוסלאַנד און מערב־אוקראַינע, אין יאָר 1939, זענען אונדזערע מינסקער קרובים — מאַמע און טאָכטער — געקומען אונדז באַזוכן אין אָלשאַן. איצט האָב איך געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן זיך ביי עלטערע מינסקער יידן, ווו עס וווינט קאָזלאָווסקי, וואָס האָט געאַרבעט אויף דער „טאָוואַרנער" (משא) סטאַציע.

לסוף האָב איך זיך דערוווּסט, אַז עס איז פאַראַנען אַ קאָזלאָווסקי, אַ יונגער־מאַן, אַ בוי־אינזשעניר. מיר איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק: מעגלעך, עס איז זייערס אַ זון. איך בין אַוועק אויף דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס, אויף מאָפּראָווסקי גאַס. ווי נאָר איך בין אַריין אין הויף, האָב איך גלייך געטראָפן טעמע קאָזלאָוו־סקי, וועלכע איך האָב געקענט. זי האָט מיך זייער גוט אויפגענומען. נאָכדעם, ווי איך האָב זיך פאַר איר פאָרגעשטעלט. זי האָט מיך באַקענט מיט איר מאַן בערל, די שיינע מרים — די שנור טאָכטער מאַרגאָליע אין עלטער פון 17 יאָר און אַן אייניקל, אַ טעכטערל פון עלטערן זון אַבראַשאַ. צוזאַמען מיט זיי האָט געוווינט אַ פּאָרפאָלק, עלטערע מענטשן, די ראַטנערס. ער איז געווען אַ מינסקער מלמד. דאָס הויז פון די ראַטנערס איז פאַרברענט געוואָרן, האָבן זיי געלעבט ביי די קאָזלאָווסקיס.

טעמע האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אַלע, ווי אַ נאָענטן קרוב: איר מוטער מיט מיין מוטער — האָט זי געזאָגט — זענען געווען לייבלעכע שוועסטערקינדער. אַלע האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף זייערע משפחות אין אָלשאַן און אויף מיינע עלטערן. איך האָב זיי אַלץ דערציילט און אויך פון מיינע וואַנדערונגען, ווי אַזוי איך בין אַנטלאָפן פון אָלשאַן קיין מינסק. זיי האָבן מיך אויסגעהערט און אָפּגעזיפצט: ווער ווייסט ווו די קינדער געפינען זיך, און גאָט ווייס, צי זיי לעבן. זייער עלטערער זון, אַבראַשע — דער בוי־אינזשעניר, און דער יינגערער, עליע, זענען געוואָרן מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי.

איך בין געוואָרן אַ ניינטער מיטגליד אין דעם הויז. טעמע האָט מיר אָנגעוויזן צוויי הייזער, וואָס זענען געשטאַנען אויפן הויף, זיי האָבן געהערט צו איר אייגנטום. אין הויז מיט אַן אויסגאַנג צו דער גאַס איז געווען פאַרדונגען צו אַ רעגירונגס שפּייז־קראָם, אין דער אַנדערער העלפט צום הויף צו האָט

געלעבט דער זון אַבראַשע מיט זיין פרוי און קינד. אין הויז אויפן הויף האָבן מיר געוווינט און אין דער אַנדערער העלפט אַ קריסטין, אָלגאַ, מיט אַ שוועסטער, דער מאַן איז אויך געווען מאָביליזירט.

טעמע האָט מיר אָנגעוויזן אויף דער רעגירונגס־קראָם און באַדויערט, וואָס זיי האָבן נישט גענומען פון דער קראָם, פונקט ווי עס האָבן געטאָן אַנדערע. עס איז געווען אַ מעגלעכקייט אָנצוגרייטן פּראָדוקטן, נאָר דער קאָפּ איז נישט געווען דערביי. די קראָם איז שוין געווען אויסגעליידיקט, ס׳זענען געבליבן נאָר פיר ווענט און ליידיקע פּאָליציעס. אויפן הויף איז געווען אַ הילצערן שטעלעכל, אַ פאַרשלאָסנס, וואָס האָט געררייצט אונדזער נייגעריקייט. טעמע האָט מיר אָנגעוויזן:

„דו זעסט, דאָס שטעלעכל איז פאַרשלאָסן, דאָרט איז נאָך קיינער נישט געווען. עפּעס מוז זיך דאָרט געפינען״.

מיר האָבן באַשלאָסן צו עפענען דאָס קעמערל. איך האָב באַקומען אַ האַק און פאָרזיכטיק, קיינער זאָל נישט באַמערקן, האָב איך אויפגעריסן אַ ברעט, דורך וואַנען איך בין אַריין. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין שטעלעכל זענען געווען קעסטלעך מיט זייף. ביינאַכט האָבן מיר אַרויסגעטראָגן בערך 20 קעסט־לעך. אַ טייל האָבן מיר באַהאַלטן אין שטוב און אַ טייל אויפן בוידעם, אַ פינף, זעקס קעסטלעך — פאַרגראָבן אין דער ערד אין שטאַל, וועלכע האָט געהערט נאָר צו קאָזלאָווסקין.

*

אויף צומאָרגנס איז אין מינסק אַרויס אַ באַפעל פון די דייטשן, אַז אַלע מענער אין עלטער פון 16 ביז 18 יאָר און עלטערע איבער 50 יאָר — מוזן זיך שטעלן אויף באַשטימטע פּלעצער אין שטאָט. פּערזאָנען, וועלכע וועלן בלייבן אין די הייזער און נישט קומען אויף די באַשטימטע זאַמלפּונקטן — וועלן דערשאָסן ווערן.

מיר האָבן זיך אין שטוב מיישב געווען און באַשלאָסן, אַז איך, וואָס בין אַלט 19 יאָר, וועל זיך מעלדן אין דעם פּונקט, ווו עס זאַמלען זיך די עלטערע איבער 55 יאָר, צוזאַמען מיט דעם אַלטן ראַטנער, קאָזלאָווסקין. מיר זענען אַוועק אויף דעם זאַמלפּונקט.

דאָס איז געווען אַ גרויסער פּלאַץ, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָסן מיט אַ פּאַרק. די אַרומיקע הייזער זענען געווען פאַרברענט. דאָרט האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן צענדליקער טויזנטער מענער און אויך פרויען, וועלכע האָבן באַגלייט אַלטע און קראַנקע. מיר זענען געקומען אַהין 10 אַזייגער פרי און ביז 3 אַזייגער בייטאָג האָט קיינער נישט געוווסט וואָס ס׳דערוואַרט אים. נאָך 3 אַזייגער האָט מען אויפגעהאָנגען אויף אַ בוים אַ הילכער. ס׳איז צוגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ און אַ

דייטשער אָפיציר האָט געהאַלטן פאַרן עולם אַ קורצע רעדע אין אַ געבראָכענעם רוסיש און צום סוף אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויפן האַלדז, וואָס האָט באַדייט: הענגען, אויב מ׳וועט נישט אויספירן די דייטשע באַפעלן. נאָכדעם האָט ער געמאָלדן, אַז אַלע קאָנען צוריק אַוועק, יעדער אין זיין היים.

גאָר אַנדערש איז געווען דער גורל פון די יונגע, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען אויף דעם צווייטן זאַמלפונקט. זיי האָבן זיך אין זעלבן טאָג צוריק נישט אומגעקערט אַהיים. זיי זענען געוואָרן אַרומגערינגלט דורך מיליטער. מען האָט זיי געהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט. צומאָרגנס פרי האָט מען אָפּגעטיילט קריסטן באַזונדער און יידן באַזונדער. די יידן זענען פאַרצאַמט געוואָרן מיט דראָטן און די קריסטן האָט מען געלאָזט אַהיים גיין צו ביסלעך און נישט אַלע מיט איין מאָל.

פון די יידן האָבן די דייטשן אָפּגעקליבן די גאָר יונגע און די, וועלכע האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר געבילדעטע. די רוצחים האָבן פאַרזיכערט, אַז די אָפּגעקליבענע וועלן אָפּגעפירט אין אַרבעטס־לאַגערן. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט מען דעם גרעסטן טייל גלייך דערשאָסן און אַ קליינע גרופּע האָט מען אָפּגעפירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין מינסק פון וואַנען קיינער האָט זיך צוריק נישט אומגעקערט. די פאַרבליבענע יידן האָט מען געפּייניקט און געשלאָגן. זיי האָבן קיין עסן נישט באַקומען. זיי האָבן זיך געשפּייזט נאָר מיט דעם וואָס מען פלעגט ברענגען צו טראָגן פון דער יידישער, מינסקער באַפעלקערונג.

## אונטער דער דייטשער גרויל־הערשאַפט

איך האָב זיך ווייטער אויפגעהאלטן ביי קאָזלאָווסקין. טעמע האָט געביטן זייף אויף פּראָדוקטן. מען איז געזעסן אין שטוב און מען האָט געהאָפט און געוואַרט, אויף וואָס? — האָט קיינער נישט געוווּסט.

זייער אָפט פלעגן די דייטשן גיין איבער די הייזער און זוכן מענער אויף אַרבעט. עטלעכע מאָל האָט זיך מיר איינגעגעבן צו באַהאַלטן זיך. נאָר איין מאָל זענען פלוצלונג אַריינגעקומען אין שטוב צוויי דייטשן און זיי האָבן מיך געטראָפן. זיי האָבן מיך גלייך אַוועקגענומען און איך בין אָפּגעפירט געוואָרן אויף מאָפּראָווסקי גאַס, ווו ס׳זענען געשטאַנען: קינדער, יינגלעך, מיידלעך, עלטערע מענער, נאָר יידן, געכאַפּטע פון דייטשן.

מען האָט אונדז אָפּגעפירט אין אַ דריי־שטאָקיקן בנין, ווו עס איז פאַר דער מלחמה געווען אַ שול. מען האָט אונדז באַפוילן אַרויסטראָגן פון דאָרט די איבעריקע, נישט נייטיקע זאַכן. דער בנין איז צוגעגרייט געוואָרן פאַר דייטשיש מיליטער, וואָס האָט געדאַרפט אָנקומען.

ס׳איז געוואָרן אָוונט און מען האָט אַלעמען געלאָזט אַהיים. מיך מיט נאָך איינעם, אַ געזונטן וווּקסיקן יינגל, האָט מען איבערגעלאָזט און מען האָט אונדז

באַפּוילן צו גראָבן גריבער אויפֿן הויף. מיר האָבן גענומען צווייפלען, צי מען וועט אונדז שפּעטער אַהיימלאָזן און באַשלאָסן פֿון דאָרט צו אַנטלויפֿן, נישט וואַרטנדיק אויף זייער יושר.

*

אין מינסק האָט מיך קיינער נישט געקענט און דאָס איז געווען אַ גרויסע מעלה. די ווייסרוסן האָבן אויף מיר נישט אָנגעוויזן, אַז איך בין אַ ייד, ווי זיי פֿלעגן אָנווייזן די דייטשן אויף די מינסקער יידן. אין שטאָט האָבן זיך שוין געפֿונען אויף יעדן שריט ווייסרוסישע פּאָליציאַנטן מיט שטעקעלעך אין די הענט און ווען זיי האָבן געטראָפֿן אַ ייד, האָבן זיי אים גוט אָנגעבראָכן דיביינער און איבערגעגעבן צו די דייטשן.

אויף די ווענט פֿון די הייזער זענען געהאָנגען באַקאַנטמאַכונגען, וואָס האָבן גערופֿן די באַפֿעלקערונג פֿון מינסק נקמה נעמען אין די יידן און קאָמוניסטן. איינע אַזאַ באַקאַנטמאַכונג האָט מיטגעטיילט, אַז די באַפֿעלקערונג פֿון דער ווייסרוסישער שטאָט אָשמענע האָט אויסגעהרגעט די „פּראָקלאַטע זשידעס", וועלכע „האָבן אין דער כּאַרגאַנגענהייט געטרונקען דאָס קריסטלעכע בלוט". די באַקאַנטמאַכונג האָט גערופֿן די קריסטלעכע באַפֿעלקערונג פֿון מינסק נאָכצוטאָן דעם ביישפּיל פֿון די אָשמענער קריסטן.

ווי מיר האָבן פֿעסטגעשטעלט, האָט זיך די באַקאַנטמאַכונג באַוויזן טאַקע אין די טעג ווען אין אָשמענע, אין תּשעה־באָב, האָבן די דייטשן אויסגעהרגעט די יידישע מענער. אויף די ווענט פֿון די הייזער האָבן זיך אויך באַוויזן מעל־דונגען „צו דער יידישער באַפֿעלקערונג אין מינסק" פֿון דעם „זשידאָווסקי קאָמיטעט" (יודענראַט), אונטערגעשריבן: סטאַרשינאַ זשידאָווסקאָווא קאָמיטעטאַ — מושקין.

## באַגעגעניש מיט יידן פֿון סמאַרגאָן

איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אויף פּאַנסקע גאַס געפֿינען זיך סמאָרגאָנער יידן. איך האָב זיי אויפֿגעזוכט און געטראָפֿן באַקאַנטע: קאַטשעלניק מיט זיין פֿרוי, זייער זון אַבראַשע מיט זיין פֿרוי און טאָכטער נחמהלע. מיין מאַמע האָט געשטאַמט פֿון סמאָרגאָן און דאָרט האָבן געלעבט אירע ברידער יענקל און שמעון ראָזנבלום און אַ שוועסטער מיט זייערע משפּחות. קאַטשעלניק איז געווען זייערס אַ נאָענטער שכן, מיט וועמען איך האָב זיך באַקענט ווען איך פֿלעג קומען צו מיין משפּחה אין סמאָרגאָן.

קאַטשעלניק האָט מיר דערציילט, אַז נישט ווייט פֿון זיי געפֿינען זיך אויך אַנדערע סמאָרגאָנער, אָשמענער און אויך אָלשאַנער. איך האָב זיך אויך דערוווּסט,

אַז אַ סמאָרגאָנער בחור, אברהמקע רוטשאַנסקי, האָט זיך פֿאַרבונדן מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער און ער געפינט זיך אויסערן שטאָט. ער האָט מיט עטלעכע טעג פריער געגעבן צו וויסן וועגן זיך. דאָס איז מיר אַריין אין קאָפּ, און איך פלעג זייער אָפט באַזוכן קאַטשעלניקן מיטן געדאַנק, אפשר וועל איך זיך קאָנען צוזאַמענקומען מיט אברהמקע רוטשאַנסקי פון סמאָרגאַן, כדי צו קאָנען אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער.

איך האָב אים געקענט פערזענלעך. ער איז געווען אַ חברהמאַן אין די קינדער־יאָרן. אין פעריאָד 1939—1941, בעת דער סאָוויעטישער מאַכט, איז ער געווען אַ מיליציאָנער אין סמאָרגאָן. ער האָט געדאַרפט זיין עלטער פון מיר נישט מער ווי מיט אַ דריי־פיר יאָר. איך האָב אויך געטראָפן רבקה יאַקאָוו פון אָשמענע, זי האָט זיך געפונען אויף מאַנקאָווער גאַס צוזאַמען מיט אַ יונגגמאַן, אַ מינסקער געבוירענער, דוד באַראַן. אין יענער צייט האָט ער געהייסן דימקע באַראַנאָוו.

צוזאַמען מיט זיי האָט געלעבט דימקע באַראַנאָווס אַ קוזין, חיימקע קאַלניטשאַנסקי, דאַן האָט ער געהייסן נישט חיימקע נאָר סימקע. ער איז געווען מיינער אַ חבר, אין מיין עלטער, ער האָט געשטאַמט פון רוביזעוויטש, פון פאַך אַ פריזירער. אין יאָר 1937 האָט ער געאַרבעט אין אָלשאַן ביי וויניסקען, שפּעטער געווען באַשעפטיקט אין אָשמענע ביי צאַלקע קאָגאַן אַלס פריזירער און דעריבער געווען באַקאַנט מיט רבקה יאַקאָוו. זיי האָבן אין מינסק געלעבט צוזאַמען. חיימקע האָט געאַרבעט אַלס פריזירער ביי די דייטשן אויף דער משא־סטאַציע אין מינסק.

פון קאַטשעלניקן האָבן איך זיך דערוווּסט, אַז די סמאָרגאָנער קערן זיך צוריק אין זייער שטאָט. איך האָב אויך געטראָפן אַבקע קאַפּלאַן פון אָלשאַן. ער איז געווען מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי און איז מיטן סאָוויעטישן מיליטער צוריקגעגאַנגען ביז מינסק. אויך אַבקע האָט געוואָלט צוריקגיין קיין אָלשאַן איך האָב אים פאָרגעלייגט זיך צו באַגעגענען מיט די סמאָרגאָנער, מיט וועלכע ער וועט צוזאַמען קאָנען גיין ביז סמאָרגאָן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך אים אין אָוונט אָפּגעפירט צו קאַטשעלניקן און אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָבן זיי באַדאַרפט אַרויסגיין פון מינסק.

זזאַבקע האָט באַוויזן אַרויסצוגיין מיט די סמאָרגאָנער און בשלום געקומען קיין אָלשאַן. ער האָט אויך דורכגעמאַכט שפּעטער די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און געבליבן לעבן.

## צוואַנגס־אַרבעט און פייניקונגען

אין שכנות מיט אונדז, אויף מאָפּראָווסקע גאַס, האָט זיך געפונען אַ פאָלקס־דייטש, מיכיאַיל, וואָס האָט געדינט אין דער מינסקער פּאָליציי. ער האָט זיך דערוווסט, אַז טעמע קאָזלאָווסקי בייט זייף אויף שפּייז, איז ער צוערשט אַליין געקו־

מען און געבעטן זייף. טעמע האָט אים געגעבן. נאָר ער האָט זיך מיט דעם נישט באַגנוגנט און אויף צומאָרגנס געשיקט אַנדערע פּאָליציי־לייט. זי האָט געהאַלטן אין איין טיילן זיי זייף. שפּעטער האָט ער מיטגעבראַכט עטלעכע דייטשן און זיי האָבן באַפוילן אָפּצוגעבן די גאַנצע זייף. זיי האָבן געזוכט און געפונען, טעמען אָנגעבראָכן די ביינער און די זייף צוגענומען. איך בין אין דער צייט נישט געווען אינדערהיים. ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט אַזייגער 12, האָט מען מיך געכאַפּט מיט אַנדערע יידן און אָפּגעפירט צו דער סחורות־סטאַציע אויף דעם אָרט, ווו ס׳זענען געלעגן קלעצער. דייטשן האָבן אונדז שוין דאָרט אָפּגעוואַרט מיט שווערע „פּאַלקעס” אין די הענט; זיי האָבן נאָך נישט באַוויזן אונדז צו זאָגן וואָס צו טאָן, זענען שוין די שווערע שטעקנס געגאַנגען אין דער אַרבעט איבער אונדזערע קערפּערס.

מען האָט אונדז געשלאָגן ביים אויפהייבן די קלעצער און אין וועג, בעת מיר האָבן געשלעפּט די שווערע משא. די דייטשע רוצחים האָבן געשלאָגן הלמאי ס׳איז צו פיל מענטשן. אַממערסטן האָבן באַקומען קלעפּ די, וואָס האָבן געהאַט אַ געזונטן אויסזען. געווען דאָרט אַ ייד פון אַ יאָר 50, זייער אַ הויכער מיט ברייטע פּלייצעס און אַ גראָבן בויך. אים האָבן די דייטשן אָפּגעקליבן פאַר אַ קרבן. זיי האָבן דעם אומגליקלעכן געשלאָגן מיט די גראָבע שטעקנס. ער איז אומגעפאַלן און די דייטשן האָבן אויף אים אַרויפגעלייגט אַ שווערע אייזערנע פּלאַטע און באַפוילן צו לייגן אויף אים קלעצער. דאַן האָבן די רוצחים ווידער באַפוילן אַראָפּצונעמען די קלעצער, דער ייד איז געלעגן אָן באַוווסטזיין, האָבן זיי געגאָסן קאַלט וואַסער אויף אים, און ווען ער האָט זיך אָפּגעמונטערט, האָבן זיי אים ווייטער געשלאָגן.

אין פאַרלויף פון צוויי שעה אַרבעט, וואָס מיר האָט זיך אויסגעדאַכט ווי אַן אייביקייט, האָבן מיר איינער דעם אַנדערן נישט געקאָנט דערקענען. אַלע זענען געווען צעבלוטיקט און געשוואָלן. די דייטשן האָבן זיך אויך „פאַרמאַטערט” שלאָגנדיק. פון די פּנימער האָט זיי גערונען דער שווייס און זיי האָבן אָפּטמאָל באַפוילן — „אָפּרוען”. איינמאָל, בעת אַזאַ אָפּרו, זענען עטלעכע פון די דייטשע רוצחים אַוועק און אַ טייל איז איבערגעבליבן מיט אונדז. איך האָב זיך פאַר דער צייט אַריינגעגנבעט אין אַ משא־וואַגאָן, וואָס איז געשטאַנען אויף דער באַן־ליניע. איך האָב זיך צוגעהערט ווי די דייטשן האָבן ווייטער געשלאָגן. ווען די זון איז שוין געווען גאַנץ נידעריק און עס איז געוואָרן שטיל, האָב איך אַרויסגעקוקט פון דעם וואַגאָן און זיך איבערצייגט, אַז זיי זענען שוין נישטאָ, בין איך אַרויס פון באַהעלטעניש און בשלום אהיימגעקומען.

איך האָב שוין דערנאָך אַלץ געטאָן, כדי נישט אַריינצופאַלן צו די דייטשן. איך בין נישט איינמאָל געכאַפּט געוואָרן, און ווען מען האָט אונדז געפירט אויף אַרבעט פלעג איך אויפן וועג אַנטלויפן. איך בין שטענדיק געווען גרייט צו קריגן

די קויל פון הינטן, און נישט לאָזן זיך פירן אויף אַרבעט ווו מ׳ווערט מערדערלעך געשלאָגן און געפייניקט.

## אין מינסקער געטאָ. מיר בויען „מעלינעס״ צום באַהאַלטן זיך

נאָך דריי חדשים דייטשער אָקופּאַציע זענען די מינסקער יידן פאַרטריבן געװאָרן אין אַ געטאָ. מיר האָבן פּאַרלאָזט מאָפּראָוסקי גאַס און טריינגעצויגן זיך אויף זאַמקאָווע גאַס נומער 5, ווו ס׳איז געווען דאָס געטאָ. דאָס איז געווען אַ גרויס, צווייִשטאָקיק הויז. מיר האָבן געוווינט אויפן צווייטן שטאָק. פון אונדזער צימערל האָט זיך געצויגן אַ פינצטערער קאָרידאָר. ס׳איז געווען אַ קליין פענצטער, וואָס האָט אַמאָל געלויכטן אין קאָרידאָר, האָבן מיר עס ספּעציעל פאַרקלאַפּט, כדי ווען עס וועלן פאָרקומען אָבלאַוועס און די דייטשן וועלן עפענען די טיר פון קאָרידאָר, זאָלן זיי נישט באַמערקן, אַז פון דאָרט פירט די צווייטע טיר צום צימער. מיר האָבן אויך געמאַכט „מעלינעס״ צום באַהאַלטן זיך.

אַ גרויסע „מעלינע״ איז געווען אויפן בוידעם, פון וואַנען מען האָט זיך אַרונטערגעלאָזן צווישן די קראָקוועס אויף די ברעטער אונטער די קראָקווע׳ס. עס איז געווען זייער שמאָל דער דורכגאַנג און נישט אַלע פלעגן זיך קאָנען אַריינשפּאַרן. אויף די שטאָקן זענען געווען עטלעכע קלאָזעט־צימערלעך, האָבן מיר נאָר איינס באַנוצט און אין די אַנדערע צוויי האָבן מיר איינגעאָרדנט „מעלינעס״. מען האָט ספּעציעל אַרויסגעשטעלט צו עטלעכע אַלמערס־שענקלעך אין די קאָרידאָרן און מיט איינעם פון די אַלמערס האָט מען פאַרשטעלט די טירן פון די קלאָזעטן. די „מעלינעס״ האָבן אונדז געראַטעוועט פון אַריינצופאַלן אין די הענט פון די דייטשע כאַפּערס.

נאָכן אָפּזיין אַ חודש אין געטאָ בין איך צוזאַמען מיט מיין חבר חיימקע קאָנלניטשאַנסקי אַוועקגעגאַנגען צו דער אַרבעט אויף דער משא־סטאַציע, ווייל מיר האָבן זיך שוין געניטיקט אין שפּייז. חיימקע האָט מיך פאַרגעשטעלט פאַר די דייטשן אַלס פּריזירער און ווייסרוס. איך האָב געקענט גוט רעדן ווייסרוסיש און בין אויך נישט ענלעך געווען אויף קיין ייד. איך האָב אָנגעגעבן מיין נאָמען — ליאָנדאָוו ראָמאַן אדאלפאָוויטש. פון די דייטשן האָב איך באַקומען אַן אויסווייז, אַז איך, אַ ווייסרוס ליאָנדאָוו ראָמאַן אַדאָלפאָוויטש בין באַשעפטיקט ביי זיי אַלס פּריזירער. (חיימקע), פימאַ קאָלניטשאַנסקי, האָט זיך דאָרט גערעכנט פאַר אַ „מישלינק״ און האָט ווי אַזעלכער געהאַט אַן אויסווייז.

איך האָב געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך פאַרשטיי נישט וואָס זיי, די דייטשן, רעדן צו מיר, און ווען זיי פלעגן מיר עפּעס דאַרפן זאָגן, האָט פימאַ געמוזט איבערזעצן אויף רוסיש.

יעדן אינדערפרי זענען די דייטשן אָנגעקומען פון די דערבייאיקע דערפער,

פון וואַנען זיי פלעגן ברענגען: הינער, קאַטשקעס, אייער און „סאַמאָגאָנקע" (היימיש געמאַכטער בראָנפן). אַ גאַנצן פרימאָרגן האָבן זיי זיך פאַרנומען מיטן פרעסן און טרינקען „סאַמאָגאָן". דער גרעסטער טייל פון זיי פלעגט נאָכדעם שלאָפן. מיר זענען דאָרט געווען זאַט, קיין עסן האָט אונדז נישט געפעלט און מיר האָבן שוין דאַן באַשלאָסן אָפּצושפּילן זיך אויף די רוצחים ווי ווייט ס'איז מעגלעך.

איינער פון זיי, אַ שיכור, פלעגט נאָכן אָנטרינקען זיך, אַנידערפאַלן שלאָפן. אַ גרויסע ליטער־פלאַש „סאַמאָגאָנקע" האָט ער פריער אַוועקגעשטעלט איבער זיין קאָפּ אויף דער פּאָליצע און אַ קלענערע פלאַש נעבן איר, פון וועלכער ער פלעגט, ליגנדיק מיט פאַרמאַכטע אויגן אָן אויפהער צוביסלעך זשליאָקען. ער איז געווען אַן אויבער־גזלן, וואָס פלעגט זיך תמיד אַרומקריגן מיט זיינע „קאַמע־ראַדען". און דעריבער האָבן מיר באַשלאָסן צוצוגנבענען ביי אים דעם ליטער „סאַמאָגאָנקע", כדי אַרויסצורופן ביי דעם שיכור אַ חשד, אַז דאָס האָבן זיינע דייטשן אים באַגנבעט. און אַזוי אַרום ברענגען צו קריגערייען צווישן זיי.

אַזוי איז טאַקע געשען: מיר האָבן צוגעגנבעט דעם ליטער „סאַמאָגאָן" און אויסגעגאָסן אין קלאָזעט, צעבראָכן די פלאַש און אַרונטערגעשווענקט מיט וואַסער, אַזוי, אַז ס'איז קיין סימן נישט געבליבן. ווען דער דייטש איז אויפגעשטאַנען און ער האָט דערזען, אַז די פלאַש בראָנפן איז נישטאָ, איז ער באַפאַלן איינעם פון זיינע „קאַמעראַדען" וועמען ער האָט חושד געווען, אַז ער האָט די פלאַש צוגע־נומען. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און זיי האָבן זיך גענומען שלאָגן. ס'האָבן זיך אויך אַנדערע אַריינגעמישט און מ'האָט זיך געקלאַפּט אין דער קופּע אַריין. קיין געהרגעטע איז פון זיי נישט געווען, אָבער זיי האָבן נאָך דעם זיך אַרומגעדרייט פאַרשוואָלענע און פאַרבלוטיקטע.

מיר האָבן זיך דעם טאָג אומגעקערט אַהיים צופרידענע, ווי מיר וואָלטן עפּעס אַ גרויסע זאַך אָפּגעטאָן. מיר האָבן געזען פאַרבלוטיקטע דייטשן.

## די ערשטע דייטשע אויסראָטונגס־אַקציע

נאָכדעם ווי איך האָב צוזאַמען מיט חיימקען געאַרבעט ביי די דייטשן אויף דער משא־סטאַציע, בין איך קראַנק געוואָרן אויף רעוומאַטיזם, ווי ס'האָט שפּע־טער פעסטגעשטעלט דער באַרימטער מינסקער דאָקטער, וואָס האָט זיך געפונען אין געטאָ, ד״ר טשאַרנאָ. ביי טעמע קאָזלאָווסקי אויף זאַמקאָווע גאַס אין געטאָ, בין איך געלעגן דריי וואָכן צוגעשמידט צום בעט מיט גרויס היץ. עס איז מיר לסוף בעסער געוואָרן. די היץ האָט אָפּגענומען. ווען איך האָב זיך שוין געשטעלט אויף די פיס, איז אָנגעקומען די ערשטע אויסראָטונגס־אַקציע אין מינסקער געטאָ.

עס איז געווען דעם 7טן נאָוועמבער 1942. ווי עס איז נאָר ליכטיק געוואָרן,

האָבן מיר דערהערט אויפן גאַס געשרייען פון דייטשן, אַ געיאָמער פון קינדער און שיסערייען. ווען מיר האָבן אַרויסגעקוקט פון פענצטער, האָבן מיר דערזען ווי פון די אַנטקעגנדיקע הייזער פון זאַמקאָווע גאַס פירט מען אַרויס די יידן. מען האָט זיי „געגרוזעוועט" אין אָפענע לאַסט־מאַשינען, פאַרפּוצט מיט רויטע פענער. די דייטשע רוצחים האָבן געקלאַפּט מיט די פריקלאַדן אין די פּלייצעס, מען זאָל שנעלער קריכן אויף די מאַשינען.

אין אונדזער הויז איז דערווייל געווען רואיק. מען האָט גאָרנישט געהערט. האָב איך צוזאַמען מיט טעמען און איר טאָכטער מארגאליע (מאַניע) געלאָזט זיך לויפן אַרויס פון געטאָ. עס איז אונדז געלונגען אָן שום שטערונגען צו קומען אויף מאָפּראָווסקי גאַס, ווו טעמע קאָזלאָווסקי האָט פריער געוווינט. מיר זענען אַריין צו דער גוטער קריסטלעכער שכנה אָלגאַ. זי איז געווען אַליין אין שטוב און האָט אונדז גוט אויפגענומען, מכבד געווען מיט פרישטיק און באַדויערט אונדזער גורל.

מיר האָבן נישט באַוויזן צו דערוואַרעמען זיך, ווי אָלגאַ האָט דורכן פענצטער באַמערקט מישקען דעם פאָלקסדויטשן פּאָליציאַנט, וועלכער איז אונדז שוין געווען גוט באַקאַנט. אָלגאַ איז בלאַס געוואָרן און געהייסן אונדז זיך באַהאַלטן. טעמע איז אַרונטערגעקראָכן אונטער איין בעט, מאַניע אונטער דעם צווייטן. איך בין אַריין אין דעם הינטער־צימער און דערוואַרט מישקען.

מישקע איז אַריין אין שטוב און האָט זיך גלייך אָנגערופן צו אָלגען: „נו, זאָג, ווו האָסטו באַהאַלטן דיינע געסט?" ער איז באַלד אַריין אין דעם הינטער־צימער, ווו איך האָב זיך געפונען און מיט דעם רעוואָלווער אין האַנט, אָנגעשטעלט אויף מיר, האָט ער זיך אָנגערופן: „נאָ, ווו איז די אַלטע זשידוווקע מיט דער טאָכטער?". „איך ווייס נישט" — האָב איך אים גלייך געענטפערט, „דו ווייסט נישט" — האָט ער איבערגעחזרט און מיטן הענטל פון רעוואָלווער מיר אַ זעץ געטאָן אין פּנים. „קריכט אַרויס" — האָט ער זיך אָנגערופן — „וועט איר בעסער מאַכן".

טעמע מיט מאַניען זענען אַרויסגעקראָכן פון אונטער די בעטן און זיך געלאָזן צו מיר. זיי האָבן געבעטן דעם רוצח, אַז ער זאָל מיך נישט שלאָגן. ער האָט מאַניען אָפּגעשטויסן מיט דער לינקער האַנט און מיט דער רעכטער אַ צווייט מאָל מיר דערלאַנגט מיטן הענטל פון רעוואָלווער.

ער האָט אונדז באַפוילן גיין פאָרויס און ער איז מיטן רעוואָלווער אין האַנט געגאַנגען נאָך אונדז פון הינטן. ער האָט אונדז געפירט אינמיטן גאַס און נישט מיטן טראָטואַר. צו זיינע באַקאַנטע ווייסרוסן, וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען, האָט ער מיט שטאָלץ געזאָגט: „איר זעט, די „זשידעס" האָבן געוואָלט אַנטלויפן פון טויט". ווען ער האָט אונדז אָפּגעפירט אַ היפּש שטיקל וועג, האָט זיך צו אים טעמע אָנגערופן: „ווו פירסטו אונדז?" ער האָט איר געענטפערט: „אין טורמע".

זי האָט אים פֿאַרגעלייגט געלט, ער זאָל אונדז אָפּלאָזן. מישקע האָט וועגן דעם נישט געוואָלט הערן און געגעבן טעמען אַ שטויס, זי זאָל שנעלער גיין. „דאָס מאָל קומט שוין מיין טויט" — האָב איך געטראַכט, ווייל לויפן האָב איך נישט געקאָנט. איך בין געווען זייער אָפּגעשוואַכט נאָך דער קרענק און איך האָב קוים די פֿיס געשטעלט. דאָס איז געווען ס'איינציקע מאָל, ווען איך האָב צוגעלאָזט דעם געדאַנק, אַז איך וועל אומקומען.

דער פּאָליציאַנט האָט אונדז ווייטער געפֿירט און ווען מיר זענען אַריבער די נימיגער גאַס, פֿון וועלכער איין זייט איז געווען אויסערן געטאָ און די צווייטע זייט גאַס, וואָס האָט געהערט צום געטאָ איז געווען פֿאַרצוימט מיט דראָטן, האָבן זיך פּלוצלונג באַוויזן אַ גרופּע דייטשע זעלנער און האָבן אויף אונדז גענומען שרייען און שיסן אינדערהייך.

דער „העלדישער" פּאָליציאַנט מישקע האָט זיך דערשראָקן און זיך באַהאַלטן אין אַ טויער. איך, פֿאַרקערט, האָב זיך געלאָזט לויפן מיט די לעצטע כוחות צו די דייטשן און טעמע מיט מאַניען נאָך מיר. ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו די דייטשן, האָבן זיי נאָר מיך געפֿרעגט ווו מיר וווינען. איך האָב זיי אָנגעוויזן אויפֿן הויז, נעבן וועלכן מיר זענען געשטאַנען. „שנעל" — האָבן זיי אונדז באַפֿוילן — „אין טויער אַריינלויפֿן".

מיר זענען אַריין אין טויער. דער הויף איז גראָד געווען אַ דורכגאַנגס־הויף פֿון וואַנען מיר זענען אַרויס אין אַ צווייטער גאַס, און אַזוי אַרום באַפֿרייט געוואָרן פֿון דעם פּאָליציאַנט.

די דייטשן, וועלכע האָבן אונדז באַפֿרייט זענען געווען די אויפֿזעער איבער דעם פֿאַרמעגן, וואָס איז געבליבן אין די געטאָ־הייזער נאָכן אַרויספֿירן די יידן, און זיי, די דייטשן, האָבן נישט צוגעלאָזט די באַפֿעלקערונג צו ראַבירן די הייזער. מיר זענען אָנגעקומען אויף זאַמקאָווע גאַס 5 צו אונדז אַהיים ווו מיר האָבן געפֿונען אַלע אויף די ערטער, קיין זאַך איז נישט גערירט געוואָרן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די „אַקציע" איז פֿאַרגעקומען אין דעם טייל פֿון געטאָ, פֿון נימיגא גאַס ביז זאמקאָווע. די אנטקעגנדיקע זייט גאַס איז ליקווידירט געוואָרן און אונדזער זייט איז דאָסמאָל נישט גערירט געוואָרן.

## די צווייטע אויסראָטונגס־אַקציע און די געבורט פֿון אַקינד אין באַהעלטעניש

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז פֿאָרגעקומען אין מינסקער געטאָ די צווייטע „אַקציע", וואָס האָט אויך פֿאַרכאַפּט די צווייטע זייט פֿון זאַמקאָווע גאַס, ווו מיר האָבן זיך געפֿונען. דאָסמאָל איז שוין קיין מעגלעכקייט נישט געווען אַרויסצוגיין פֿון די הייזער. אַלע הויפֿן און גאַסן זענען געווען באַוואַכט. איך האָב

זיך געלאָזט אין דער „מעלינע״ אויפן בוידעם. אַלע אין שטוב, אויך טעמע מיט איר טאָכטער מאַניע, זענען פאַרבליבן אין הויז.

אויפן קליינעם בוידעמל האָבן מיר זיך צוזאַמענגעקליבן אַ מאַן 15, מערסטנס יוגנטלעכע און איין עלטערע פרוי. מיט אירער אַ טאָכטער, וועלכע איז געווען שוואַנגער. פון דעם בוידעמל האָט מען זיך געקאָנט אַרונטערלאָזן צווישן די קראָקוועס, אָבער דאָס איז געווען מעגלעך נאָר פאַר דאַרינקע, שמאָל־ביינִיקע.

באַלד האָבן די דייטשן גענומען רודערן. אַביסל שפּעטער זענען זיי אויך געקומען קאָנטראָלירן דעם בוידעם. אונדז איז געלונגען צו פאַרבלייבן נישט באַמערקט. נאָכן איינשטילן זיך פון די קולות פון די, וועלכע זענען צוגענומען געוואָרן, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז די הייזער זענען שוין ליידיקע. עס האָבן זיך אָבער געלאָזט הערן די שמועסן פון די מערדער, וועלכע האָבן באַזוכט די ליידיקע וווינונגען. עטלעכע מאָל זענען די דייטשן אויך געקומען אויף דעם בוידעם.

ווען עס איז נאַכט געוואָרן, האָט די שוואַנגערע פרוי באַקומען שטאַרקע ווייען. זי האָט געקרעכצט זייער שטיל, אָבער זי האָט זיך געדרייט אויפן געלעגער אין אירע שמערצן און דערמיט ארויסגערופן אַ רעש. די מענער האָבן זי געוואָרנט און געדראָט מיט דערשטיקן אויב איר באַוועגן זיך וועט זיך איבערחזרן. ביינאַכט אין דער פינצטער, האָט זי זיך אַזוי לאַנג געדרייט, ביז זי האָט געבוירן אַ קינד אויף די ברעטער ווו זי איז געלעגן.

די יסורים פון דער פרוי האָבן זיך איינגעשטילט. מען האָט אויך נישט געהערט דאָס ניי־געבוירענע באַשעפעניש. אָבער די מוטער פון דער פרוי האָט גענומען פאָדערן, אַז מען זאָל אַראָפּגיין צו איר אין דער וווינונג און ברענגען פון דאָרטן אַ שער, ווייל די קימפּעטאָרין גייט אָפּ אין בלוט און זי וועט אומקומען. זי האָט זיך נישט באַרואיקט. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז איך דאַרף אַראָפּגיין ברענגען די שער, כדי אָפּצושערן דעם נאָפּל. אונדזער וווינונג איז געווען נענטער ווי אַנדערע.

איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט פון בוידעם און ווען איך האָב געוואָלט עפענען די טיר פון אונדזער וווינונג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די טיר איז פאַרשלאָסן. איך בין געוואָרן איבעראַשט און זיך גלייך פאַרגעשטעלט, אַז מעגלעך אויך דאָס מאָל האָבן די מערדער נישט באַמערקט די טיר אין דעם פינצטערן קאָרידאָר. איך האָב זיך אָנגערופן און האָב דערהערט, אַז מען געפינט זיך אינעווייניק. טעמע האָט מיר געעפנט. אַלע זענען געווען אין שטוב. קיינער נישט גערירט. אויך אַנדערע צוויי שכנים האָבן זיך דאָ געפונען צוזאַמען מיט זיי. איך האָב געזאָגט נאָך וואָס איך בין געקומען און וואָס ס׳האָט געטראָפן. טעמע האָט מיר באַלד געגעבן אַ שער און אויך אַ שטריקל מיט וואָס צו פאַרבינדן דעם נאָפּל. זי האָט מיר אויך געזאָגט אין וועלכן אָרט מען זאָל, אומגעפער, אָפּשניידן.

איך האָב זיך צוריקגעקערט. די מוטער האָט מיר אין דער פינצטער געהאָלפן אַנטאַפּן די נאָפּל־שנור, וואָס האָט געפירט פון דער קימפּעטאָרין צום קינד. איך האָב מיט דער שער אָפּגעשניטן און איבערגעבונדן. ס׳איז פאַרביי אַ קורצע צייט און דאָס קינד האָט זיך געלאָזט הערן און שפּעטער גענומען וויינען. מ׳האָט דערשטיקט דאָס קינד און אַראָפּגעטראָגן פונעם בוידעם, מיט די הענט צעשאַרט דאָס זאַמד און פאַרשטופּט דאָס טויטע קינד.

*

אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיך די דייטשן געפונען אין ראַיאָן פון ליקווידירטן געטאָ. מיט ראַקעטעס און האַנט־לעמפּלעך האָבן זיי געזוכט אויסבאַהאַלטענע יידן. אַ זייגער 6 פרי, אומגעפער, האָבן די רוצחים פאַרלאָזט דעם קוואַרטאַל. מיר זענען אַראָפּגעגאַנגען פון בוידעם און זיך געטראָפן מיט אַנדערע באַקאַנטע, וועלכע האָבן זיך צופעליק געראַטעוועט. פון אונדזער הויז איז אַרויס גאַנץ נאָר די פאַמיליע קאָזלאָווסקי און די צוויי שכנים, וואָס האָבן זיך געפונען ביי זיי.

די דייטשע רוצחים האָבן זיך נישט געאיילט צו ליקווידירן מיט אַמאָל דאָס מינסקער געטאָ. זיי האָבן ליקווידירט קוואַרטאַלווייז. ווען עס איז געלונגען זיך אויסצובאהאַלטן אין ליקווידירטן קוואַרטאַל, איז באַלד אַריבער אין אַ צווייטן ראַיאָן פונעם געטאָ. טעמע, בערל מיט זייער טאָכטער מאַרגאַליע, זענען אַוועק מיט זייערע זאַכן צו אַן אַמאָליקן איינוווינער פון אָלשאַן מיטן נאָמען פאָטאָשניק, וואָס האָט יאָרן געלעבט אין מינסק. דאָס איז געווען אַ משפחה פון 7 מענטשן. הגם זיי האָבן געלעבט אין אַ קליין צימערל, האָבן זיי דאָך אונדז אַריינגענומען צו זיך: מיך, טעמען, בערלען און מאַרגאַליען.

*

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך געטראָפן אין געטאָ די מאַמע פון דערשטיקטן קינד. ווען זי האָט מיך דערזען, האָבן זיך איר געשטעלט טרערן אין די אויגן. זי האָט באַדויערט פאַרוואָס מען האָט דערשטיקט איר קינד. זי האָט זיך אינטערעסירט אין וועלכן אָרט זי זאָל זוכן דעם קינדס קערפּערל, כדי צו קאָנען עס מקבר זיין אויפן בית הקברות. עטלעכע מאָל האָט זי מיר איבערגעחזרט, אַז ווען מען וואָלט איר קינד נישט דערשטיקט, וואָלט עס געלעבט. עס איז געווען ביי איר דאָס ערשטע קינד. זי האָט חתונה געהאַט קורץ פאַרן קריג און איר מאַן איז באַלד מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי.

ביי דער משפחה פאָטאָשניק זענען מיר געווען אַ וואָך צייט און שפּעטער האָבן מיר זיך איבערגעקליבן אויף טאַנקאָוואַיאַ גאַס. אויך דאָרט איז געווען אַ „מאַלינע" אונטער די טרעפּלעך, וואָס האָט געפירט אין אַ קליין הייל. דאָס הייל איז באַשטאַנען פון צוויי וווינונגען; דאָרטן האָבן מיר זיך באַהאַלטן, ווען

ס׳זענען פאָרגעקומען פאַרשידענע אָבלאַוועס. צו דער אַרבעט, צו וועלכער עס האָט אין יענער צייט גערופן דער יודענראַט, בין איך נישט געגאַנגען. ווען די דייטשן האָבן געפונען באַהאַלטענע אין די „מעלינעס״, האָט מען זיי געברענגט צו פירן צום יודענראַט און דאָרט פלעגט מען זיי פריער פייניקן און נאָכדעם דערשיסן. עטלעכע מאָל, ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען דעם יודענראַט, האָב איך געזען אויף דעם ברוך דערשאָסענע בחורים און מיידלעך, פאַר נישט אַרויסגיין צו דער אַרבעט. די דייטשן האָבן ספּעציעל געלאָזט ליגן די מתים צו עטלעכע טעג, כדי דערמיט אָפּצושרעקן די באַפעלקערונג.

## געטראָפן דייטשע יידן אין מינסקער געטאָ

אַ העלפט פון מינסקער געטאָ איז שוין געווען ליקווידירט. די הייזער פון וואַנען מ׳האָט אַרויסגעפירט די יידן צום טויט, האָבן די דייטשן באַזעצט מיט ווייסרוסן און אין עטלעכע גאַסן, אין מיטן פון נישט ליקווידירטן געטאָ, האָט מען באַזעצט דייטשע יידן, געבראַכטע פון בערלין, האַמבורג און אַנדערע שטעט. זיי זענען געווען פאַרצאַמט אין אַ געטאָ וואָס האָט זיך געפונען אין דער פאַר־מאַכטער געטאָ פון די מינסקער יידן. די דייטשע יידן זענען געווען פּריווילעגירט: זיי האָבן באַקומען אַ טאָפּלטע נאָרמע ברויט פאַר די וועלכע זענען אַרויסגעפירט געוואָרן צו דער אַרבעט. ווען דער רוסישער ייד האָט באַקומען 100 גראַם ברויט, האָט דער דייטשער ייד באַקומען 200. דאָס געטאָ פון די דייטשע יידן האָט געהאַט אַן אייגענעם יודענראַט מיט אייגענע פּאָליציי, וועלכע פלעגן באַוואַכן דעם צוים, אַז קיינער פון די רוסישע יידן זאָל נישט קענען רעדן און האַנדלען מיט די יידן, פאַרטריבענע פון דייטשלאַנד.

דער האַנדל איז באַשטאַנען אין טוישן זאַכן אויף פּראָדוקטן. די דייטשע יידן האָבן מיטגעבראַכט זייער אַ סך זאַכן און זיי האָבן עס גערן געטוישט אויף פּראָדוקטן. די רוסישע יידן פלעגן ביי זיי קויפן זייערע קליידער און אַנדערע ווערטפולע זאַכן און שפּעטער איבערטוישן ביי דער ווייסרוסישער באַפעלקערונג אויף פּראָדוקטן.

איידער מ׳האָט געבראַכט די דייטשע יידן קיין מינסק, האָט אַ רוסישער ייד געקענט באַקומען פאַר זיינס אַ קאָסטיום 5—6 פונט מעל, אָדער 5—6 קילאָ חזיר־שמאַלץ. פאַר אַ זייגערל האָט מען געצאָלט 4—5 פונט מעל אָדער אַזויפיל „סאַלאָ״ (חזיר־שמאַלץ). שפּעטער האָט מען שוין געקאָנט באַקומען פאַר אַ גוטן קאָסטיום אָדער אַ זייגערל נישט קיין פונט, נאָר קילאָס מעל, און גראַמען „סאַלאָ״. דאָס האָט געברענגט צו אַ הונגער ביי די רוסישע יידן אין מינסקער געטאָ.

*

איך פלעג אָפט באַזוכן חיימקע קאַלניטשאַנסקי. דאָרט האָט איך געוויינט רבקה יאַקאָוו פון אָשמענע מיט אירע שוועסטער־קינדער דוד באַראַן און מישקע באַראַן. מישקע איז געווען אין דער אַרמיי און צוריקגעקומען פון דייטשער געפאַנגענשאַפט. זיי האָבן געלעבט אַלע צוזאַמען און געאַרבעט אויסערן געטאָ, אין די וואַרשטאַטן פון גענעראַל־קאָמיסאַריאַט.

רבקה איז געווען די שטוב־באַלעבאָסטע, חיימקע, וואָס איז ביי די דייטשן אָנגעגאַנגען ווי אַ „מישלינג", האָט געאַרבעט ווי אַ גרופּן־פירער. ער האָט געפירט די יידן פון איין אַרבעטס־פּלאַץ אויפן צווייטן און פון געטאָ־ראַיאָן צו דער אַרבעט. דוד באַראַן האָט נישט אויסגעזען ווי אַ ייד. נישט אַלעמאָל איז ער אַהיימגעקומען נעכטיקן. ער האָט געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן פון גענעראַל־קאָמיסאַריאַט און האָט געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט דער מינסקער אונטערערדי־שער קאָמוניסטישער פאַרטיי. דאָס אַלץ האָב איך זיך דערוווסט פון חיימקען. ער האָט מיר אויך פאַרטרויט, אַז דוד האָט פאַרבינדונג מיט פּאַרטיזאַנער און ער וואָלט זיך אויך גערן מיט זיי פאַרבונדן, נאָר מיר זענען „זאַפּאַדניקעס" (מענטשן פון מערב, געמיינט פון פּוילן) און עס איז אים באַוווסט, אַז צו די „זאַפּאַדניקעס" האָט מען ווייניק צוטרוי. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו רעדן מיט דודן וועגן מיר און ווי ווייט ער וועט נאָר קענען, וועט ער זען מיך נעמען צו זיי צו דער אַרבעט.

## מיינע באַהעלטענישן בעת די „אָבלאַוועס"

ס'זענען פאַרביי אַ פּאָר טעג און חיימקע האָט מיר געזאָגט, אַז צו זיי אויף דער אַרבעט קאָן ער מיך דערווייל נישט נעמען, איך מוז נאָך אָפּוואַרטן. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז אויף דעם „אַווטאָ־רעמאָנטנעם זאַוואָד" (וואַרשטאַט צו פאַריכטן באַשעדיקטע אויטאָס) פאָדערט זיך אַ פריזיער און אַזוי ווי איך האָב דעם אויסווייז פון דער משא־סטאַנציע ווו מיר האָבן פריער געאַרבעט, זאָל איך זיך דאָרטן פאָרשטעלן מיט מיין דאָקומענט אַלס ווייסרוס און אָנקומען אַהין אַרבעטן ווי אַ פריזירער. איך האָב אָנגענומען דעם פאָרשלאַג.

מיט צוויי טעג שפּעטער, באַלד אינדערפרי, האָב איך זיך געלאָזט גיין צו דער אַרבעט אויף דעם „אַווטאָ־רעמאָנטנעם זאַוואָד". איך האָב מיט זיך געהאַט מיינע כלים צו דער אַרבעט און די אַלטע „אודאָסטאָווערעניע" (באַשטעטיקונג). איך האָב דעם וועג צום וואַרשטאַט נישט געקענט. עס איז מיר אויסגעקומען זיך נאָכצופרעגן ביי דורכגייער, אָבער דאָס האָב איך אויסגעמיטן, ווי ווייט איך האָב געקענט. איך בין אַהין אָנגעקומען אַרום 12 בייטאָג, דער וואַרשטאַט

האָט זיך געפונען אין אַנדערן עק שטאָט. נעבן אים זענען געשטאַנען 2־שטאָקיקע, ווייסע באַראַקן, ווו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן דייטשע זעלנער.

איך האָב זיך געמאָלדן צו די דייטשן, זיך פאָרגעשטעלט פאַר אַ פריזירער און צו זיי גערעדט רוסיש. זיי האָבן ביי מיר גאָרנישט געפרעגט. איינער פון זיי האָט מיך אָפּגעפירט צו אַן עלטערן דייטש, יענער האָט מיך באַלד געהייסן זיך נעמען צו דער אַרבעט און אים אָפּשערן און ראַזירן. נאָכדעם ווי איך האָב אים אָפּגעשאָרן און אָפּראַזירט, ביי אים אין צימערל, האָט ער מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע און מיר געגעבן פּאַפּיראָסן. ער האָט זיך אָנגעטאָן און מיך געהייסן מיטגיין מיט אים.

דער דייטש האָט מיך געבראַכט אין וואַרשטאַט, אַריינגעפירט אין קאַנצע־לאַריע און מיך פאָרגעשטעלט אַלס אַ פריזיער. דער אָפיציר האָט געהייסן מיך אָננעמען צו דער אַרבעט. מיין באַגלייטער האָט מיך צוריקגעפירט אין די באַראַקן, דאָרטן האָב איך געאַרבעט דעם גאַנצן טאָג. מען האָט פאַר מיר צוגע־גרייט אַ ספּעציעל אָרט, אָבער דערווייל בין איך געגאַנגען פון איין צימערל אין דעם צווייטן און באַדינט נאָר די אָפיצירן. אייניקע פלעגן מיר באַצאָלן און אַנדערע נישט, ווי ווער עס האָט געפונען פאַר נויטיק. אַזוי איז אַדורך דער אַרבעטס־טאָג און איך האָב זיך געלאָזט צוריק אַ היים.

נישט ווייט פון וואַרשטאַט, האָבן מיך דורכגייער געוואָרנט, אַז עס קומען פאַר „אַבלאַוועס" אין שטאָט און מען האָט מיך געראָטן נישט צו גיין ווייטער. איך האָב זיך צוריקגעקערט אין די באַראַקן. עס איז מיר דאָרטן געווען זייער אומבאַקוועם צו זיין, ווייל עס האָבן זיך דאָרטן געפונען בלויז דייטשע מיליטער־לייט. איך האָב זיך געוואָנדן צו די קריסטן, וועלכע האָבן געוווינט נישט ווייט פון די באַראַקן, און זיך געבעטן ביי זיי צו לאָזן מיך איבערנעכטיקן די נאַכט. אין עטלעכע הייזער האָט מען מיר אָפּגעזאָגט, ביז איך האָב געטראָפן איינעם וואָס האָט מיך געהייסן אַריינגיין אין שטוב. דאָרט איז געזעסן אַ יונגערמאַן, וואָס האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט. ער האָט זיך ביי מיר גענומען נאָכפרעגן ווער איך בין און ווו איך וווין אין מינסק. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך אַרבעט דאָ ביי די דייטשן אַלס פריזירער און איך וווין אויף מאַפּראַוווסקאַ גאַס. איך האָב זיך איצט צוריקגעקערט פון וועג ווייל עס קומען פאָר אין גאַס אַבלאַוועס. ער האָט מיר געהייסן אויסטאָן דאָס אויבער־מלבוש און זיך פילן ווי ביי זיך אין דער היים.

איך בין געזעסן ווי אויף שפּילקעס און געטראַכט, אַז דאָ איז פאַר מיר קיין פּלאַץ נישט, איך האָב זיך באַמיט צו זיין דרייסט.

אין דרויסן איז געוואָרן טונקל און אין שטוב האָבן זיך גענומען צוזאַמענ־קומען די משפחה־מיטגלידער. איך האָב אַכטונג געגעבן צי גייט נישט ווער אַרויס פון דעם הויז און ווען איך האָב באַמערקט, אַז דער יונגערמאַן איז נעלם

געוואָרן, האָב איך שוין גענומען קלערן ווי אַזוי טראָגט מען זיך אָפּ, כל זמן עס איז נאָך נישט שפּעט. אין אַ פּאַסיקן מאָמענט האָב איך באַהאַלטן אונטער דער פּאָלע מיין „טשעמאָדאַנטשיק" מיט די אינסטרומענטן און בין אַרויס אויפן הויף און אַוועק פון דאָרטן.

אין דרויסן איז געווען פינצטער. מיין אַרומדרייען זיך אַרום די באַראַקן האָט שוין געקענט ווערן פאַרדעכטיק. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז ווען איך בין געגאַנגען איבער די צימערלעך פון די באַראַקן, איז דאָרט געווען אַ גרויסער זאַל פאַר ספּאָרט וווּ קיינער האָט נישט געוווינט. איך האָב זיך געלאָזט אַהין און מיר איז געלונגען אַריינצוקומען אומבאַמערקט פון עמעצן אין דעם פּוסטן ספּאָרט־זאַל.

די טיר אין דעם צימער איז געווען זייער אַ ברייטע און האָט זיך געעפנט אויף אינעווייניק. איך האָב באַשלאָסן זיך לייגן צווישן דער אָפענער טיר און דער וואַנט, כדי נישט צו מאַכן קיין רעש. איך בין געלעגן און זיך געטרייסלט פאַר קעלט. לסוף האָב איך אין דער שטיל צוגעמאַכט די טיר. איך האָב נאָר געטראַכט, וואָס איך זאָל זאָגן, ווען מען וועט מיך דאָ געפינען.

פאַרשידענע מחשבות זענען מיר געקומען אויפן זינען. מיך האָט נישט געשראָקן דער געדאַנק טאָמער וועלן מיך דאָ אַפילו געפינען די דייטשן, פאַר זיי וועל איך זיך פאַרענטפערן. ערגער — האָב איך געקלערט — וואָלט געווען אַריינצופאַלן אין די הענט פון דער ווייסרוסישער פּאָליציי. איך בין אויף קיין איין מינוט נישט אַנטשלאָפן געוואָרן.

די לבנה האָט אַריינגעלויכטן אין דעם פינצטערן צימער און איך האָב דערהערט טריט פון זעלנערישע שיך אין קאָרידאָר פון באַראַק. צוויי זעלנער זענען צוגעקומען און געלויכטן מיטן טאַשן־לעמפּלעך. זיי האָבן אויפגעמאַכט די טיר און געלאָזט זי אָפן. איך האָב נאָר באַוויזן איינצוקאָרטשען די פיס, זיי זאָלן זיך נישט אַרויסזען און זיך געמאַכט שלאָפנדיק. די דייטשן האָבן באַלויכטן מיט די לעמפּלעך דעם ספּאָרט־צימער און מיך נישט באַמערקט. אַזוי איז אַריבער די נאַכט.

אויף צו מאָרגנס פרי בין איך אַרויס פון דעם ספּאָרט־זאַל און פאַרגעזעצט שערן און ראַזירן די דייטשן. איך האָב געבעטן דעם עלטערן דייטש, ער זאָל מיר באַזאָרגן אַ באַשייניקונג וועגן מיין באַשעפטיקונג. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו באַקומען פאַר מיר אַזאַ דאָקומענט. איך האָב שוין אין דעם טאָג פרי פאַר־ענדיקט די אַרבעט און זיך צוריקגעקערט אַ היים אין געטאָ.

אויפן צווייטן טאָג, ווען איך בין ווידער אַרויס פון געטאָ און געלאָזט זיך גיין צו דער אַרבעט, בין איך אין איינע פון די שטילע געסלעך, פּלוצלונג פאַר־

האַלטן געוואָרן דורך אַ דייטשן זעלנער מיט אַ ווייסרוסישן פּאָליציאַנט. זיי האָבן מיך לעגיטימירט. איך האָב זיי געוויזן מיין שיין פון דער משא־סטאַציע. זיי האָבן אויף דעם קיין אַכט נישט געלייגט. דער דייטש האָט באַפוילן דעם פּאָליציאַנט מיך אָפּצופירן. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ געסל ווו עס איז שוין געשטאַנען אויפן טראָטואַר אַ צוזאַמענגעקליבענע גרופּע רוסישע יונגעלייט און מיידלעך. ער האָט מיך געבראַכט צו דער גרופּע און מיך איבערגעלאָזט. פון אַלע זייטן האָט מען צוגעברענגט געכאַפּטע יונגעלייט און מיידלעך (רוסישע). שפּעטער האָט מען אונדז פאַראייניקט מיט אַנדערע גרופּעס און מען האָט אונדז אָפּגעפירט אויפן סוראַזשעסקן מאַרק. דעם גאַנצן וועג זענען אונדז נאָכגעגאַנגען קריסטן, משפּחות פון די געכאַפּטע עלטערע לייט. די דייטשן האָבן באַרואיקט און געזאָגט צו די באַגלייטער, זיי זאָלן זיך נישט ערגערן, מען וועט אונדז גאָרנישט טאָן, מען וועט אונדז נאָר פירן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט און ווען די קריג וועט זיך ענדיקן, וועלן מיר זיך צוריקקערן.

דער סוראַזשעסקער מאַרק איז געווען אַ פאַרצאַמטער, ס'זענען דאָרט גע־בליבן די דעכער, אונטער וועלכע עס זענען אַמאָל געשטאַנען די טישן מיט סחורות. אונטער די דעכער האָט מען אונדז צוזאַמענגעטריבן און באַוואַכט. אַ דייטש האָט געהאַלטן אַ רעדע און פאַרזיכערט, אַז מיר ווערן אָפּגעפירט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט און ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט מען אונדז גוט באַצאָלן און מען וועט אונדז געבן הייזער מיט ערד. מען האָט אונדז צוגע־זאָגט גליקן...

די מינסקער איינוווינער האָבן גענומען ברענגען פאַר זייערע נאָענטע עסנוואַרג און קליידער אין וועג אַריין. מען האָט יעדן צוגעלאָזט איבערצוגעבן די פּעקלעך און זיך געזעגענען. מיר, האָט קיינער גאָרנישט געברענגט. איך בין געשטאַנען גאַנץ רויק, קיינעם נישט דערוואַרט און נאָר געקלערט: ווי אַזוי אַנטלויפט מען, איידער מען וועט אונדז פירן אין באַד. מען האָט געשמועסט, אַז פאַרן אָפּשיקן, וועט מען אונדז פירן אין באַד און דאָס האָט מיך זייער געשראָקן.

ווען מען האָט באַפוילן, אַז אַלע, וואָס זענען געקומען זיך געזעגענען זאָלן וואָס שנעלער איבערגעבן די פּעקלעך און פאַרלאָזן דאָס אָרט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווייַנעריי און די זעלנער האָבן אָנגעהויבן אַרויסשטופּן די געקומענע פון אונטער דעם דאַך, ווו מיר האָבן זיך געפונען. אין דעם מאָמענט האָב איך געכאַפּט אַ ליידיק קוישל, וואָס מען האָט דאָ איבערגעלאָזט, און זיך צוזאַמען מיט אַנדערע אַרויסגערוקט פון אונטערן דאַך און שפּעטער, דורך דעם טויער פון דעם מאַרק, בין איך בשלום אָנגעקומען אין געטאָ.

איך האָב זיך ווידער געטראָפן מיט חיימקען און האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל מער אויפן „רעמאָנטנעם זאַוואָד" נישט גיין.

## אין גענעראַל־קאָמיסאַריאַט פאַר ווייסרוסלאנד

עס זענען פאַרביי אַ פּאָר טעג און חיימקע איז מיר געקומען זאָגן, אַז מען האָט אים געהייסן מיך ברענגען צו דער אַרבעט אין גענעראַל־קאָמיסאַריאַט, אַז זיין שוועסטער־קינד, דימקע באַראַנאָוו וויל מיט מיר רעדן. ער האָט מיך אָפּגעפירט צו זיך אַ היים, ווו דימקע האָט אויף מיך געוואַרט.

דימקע האָט מיר געזאָגט: „אין דעם שוסטער־ און שניידער־וואַרשטאַט פון דעם גענעראַל־קאָמיסאַריאַט, וואָס זענען צוזאַמען, אַרבעט אַ שווייצער. די אַרבעט באַשטייט אין אויפפּעפּענען די טיר ווען די דייטשע אָפיצירן און זייערע פרויען קומען באַזוכן דעם וואַרשטאַט. ביז איצט האָט די אַרבעט פון שווייצער אויס־געפירט אַ ייד, נאָר די אָנפירונג האָט באַפוילן אַראָפּצונעמען פון דאָרט דעם ייד און פאַרבייטן אים מיט אַ רוס. דיך וועט מען פאָרשטעלן פאַר אַ קריסט און דו וועסט אַרבעטן אויף דעם אָרט".

אויף מאָרגן בין איך אַוועק צו דער אַרבעט אין גענעראַל־קאָמיסאַריאַט אויפן „פּלאָשטשאַד סוואָבאָדי" („פרייהייטס פּלאַץ"). דאָרט האָט שוין אויף מיר געוואַרט חיימקע. אַזוי אַרום בין איך געוואָרן אַ שווייצער אין די שוסטער־ און שניידער־וואַרשטאַטן ביי דעם גענעראַל־קאָמיסאַריאַט פון ווייסרוסלאַנד.

די אָנפירער ביי דער אַרבעט זענען געווען: דער אָבער־לייטענאַנט שטאַמפּ און דער הויפּט־אינזשיניער היניג. די גרעסטע צאָל באַשעפטיקטע אין די וואַרשטאַטן זענען געווען יידן. אין דעם בנין, פון איין זייט „פּלאָשטשאַד", אין דעם געוועזענעם מינסקער „דאָס טרודאַ" (אַרבעטס־פּאַרמילונגס־ביוראָ) האָט זיך געפונען דער גענעראַל־קאָמיסאַריאַט פון ווייסרוסלאַנד. אין די אַרומיקע הייזער פון דעם „פּלאָשטשאַד" זענען געווען די וואַרשטאַטן. אין שפּיץ פון דער אָנפירונג פונעם גענעראַל־קאָמיסאַריאַט איז געשטאַנען דער קאָמיסאַר קובע. ער איז שפּעטער צעריסן געוואָרן אין זיין שלאָפצימער פון אַ מינע, וואָס איז אונטערגעלייגט געוואָרן דורך זיין געליבט מיידל, וועלכע האָט געהערט צו דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. מ'האָט געשמועסט, אַז זי איז געווען אַ יידישע.

אַחוץ די דייטשע אויפזעער זענען אין די וואַרשטאַטן אויך געווען בריגאַדירן און קאָלאָנען־פירער, פּערזאָנען פון דער ציווילער באַפעלקערונג. זיי זענען אין גרעסטן טייל געווען יידן אונטער פאַרשידענע צוגעטראַכטע משפחה־נעמען און נאַציאָנאַליטעטן, אויך מישלינגען. זיי האָבן זיך גערופן: דונער, מילינקאַ, עליושאַ, נאַרושעוויטש, דימקע באַראַנאָוו און אַנדערע. עס זענען אויך געווען שוואַרצע אַרבעטער, אַ טייל פון זיי דייטשע יידן.

פאַר מיין אַרבעט האָב איך באַקומען 200 גראַם ברויט אַ טאָג און צוויי טאַלאָנען אין רעסטאָראַן („סטאָלאָווע"), ווי מען האָט עס גערופן — איינעם אויף מיטאָג און איינעם אויף אָוונט־ברויט. דאָס מיטאָג איז באַשטאַנען פון אַ שיטערער

פאָכליאָפּקע (זופּ) פאַרמישט מיט קאָרן־מעל און ס׳פלעגט אויך טרעפן אַ ביינדל פון אַ פערד. דאָס אָוונט־ברויט — אַ ביסל טיי אָדער קאַווע צו די 100 גראַם ברויט. דאָס עסן איז מיר אוודאי געווען ווייניק. איך האָב אויסגעמיטן אַרומצו־דרייען זיך אין „סטאָלאָווע״, ווייל דאָרטן זענען געקומען קריסטן. איך האָב געגומען טראַכטן ווי אַזוי זיך צו שאַפן שפּייז.

פון דעם גענעראַל־קאָמיסאַריאַט האָב איך באַקומען מיין אויסווייז־שיין אַלס שווייצער. אין דעם דאָקומענט איז אויך געווען געשריבן, אַז איך בין אַ ווייסרוס. די סעקרעטאַרין אין דער קאַנצעלאַריע פון דער אַרבעטס־אָפּטיילונג ווו איך האָב באַקומען דעם אויסווייז־שיין, איז געווען אַ יונג דייטש מיידל אין מיליטער־דינסט, די טאָכטער פון דעם אינזשיניער היניג. די קאַנצעלאַריע האָט זיך געפונען אין דעם זעלבן בנין פון דעם וואַרשטאַט, ווו איך האָב געאַרבעט.

## איך ווער אַ „סוחר״, שאַף זיך א רעוואָלווער און גרייט זיך צו גיין צו די די פּאַרטיזאַנער

צווישן די דייטשע יידן איז געווען איינער אַ מאַקס, ער האָט אַ ביסל גערעדט רוסיש און געשטאַמט פון לאָדזש — ווי ער האָט מיר דערציילט — און אַלס קינד איז ער מיט זיינע עלטערן אַוועקגעפאָרן קיין דייטשלאַנד. דער מאַקס איז געווען פון אַ יאָר 40 און געהאַט אַ טאָכטער פון אַ 17 יאָר. ער איז געווען עפּעס אַן אויפזעער איבער די דייטשע יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי האַלץ, וואָס איז געוואָרן געזעגט און געהאַקט אויפן זעלבן הויף ווו איך האָב זיך געפונען. איך האָב מאַקסן פאַרגעלייגט, אַז טאָמער וויל עמעץ פון זיינע באַקאַנטע עפּעס אויס־בייטן אויף פּראָדוקטן, קען איך אים דאָס מאַכן. ער האָט זיך גערן אָנגעכאַפּט אין מיין פאָרשלאַג און שוין אויף צומאָרגנס האָט ער מיר געבערענגט אַ מענער־קאָסטיום.

נאָך דער אַרבעט האָב איך דעם קאָסטיום אַוועקגעטראָגן אויפן פּוראַזשעסקן מאַרק, ווו דער וועג איז מיר געווען גוט באַקאַנט, און איך האָב פאַר אים באַקומען צוויי קילאָ „סאַלע״ (חזיר־פעטס), אַ לאַבן ברויט און 2 קילאָ קאַרטאָפל. צו מאָרגנס האָב איך די פּראָדוקטן געבערענגט מאַקסן, ער האָט מיר באַפרידיקט פאַר מיין אַרבעט און באַקומען צו מיר צוטרוי. אויף מיין פאַרלאַנג האָט ער געבערענגט גאָלדענע זאַכן און קליידונג, וואָס ער פלעגט נעמען ביי אַנדערע זיינע באַקאַנטע און נאָך דער אַרבעט בין איך אַוועק אויסבייטן אויף פּראָדוקטן.

מיר האָט שוין קיין עסן און רייכערן נישט געפעלט און מער האָב איך דער־ווייל נישט געדאַרפן, מאַקס האָט כסדר פון מיר פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל יעדן טאָג גיין טוישן זאַכן אויף שפּייז, אָבער איך האָב אים אָפּגעזאָגט, ווען איך האָב נאָר

געהאַט צו עסן און רייכערן. וועגן מיינע „מסחרים״ האָט נאָר געוווּסט חיימקע קאַלניטשאַנסקי, מיין בעסטער חבר. מיר האָבן זיך אַלע טאָג געטראָפן.

אַזוי זענען פאַרביי אַ פּאָר חדשים. מיר האָבן שוין געהערט וועגן פּאַרטיזאַנער און אונדזער שטרעבונג איז געווען זיך מיט זיי צו פאַרבינדן. איך האָב נישט געהאַט קיין שום אויסזיכטן זיך צו דערוויסן וועגן זיי עפּעס גענויערס, ווייל איך פלעג זיך מיט קיינעם נישט טרעפן. איך האָב נאָר געוווּסט, אַז בכדי צו קענען גיין צו די פּאַרטיזאַנער דאַרף מען האָבן געווער.

איינמאָל האָב איך באַמערקט ווי אַ קריסטלעך יינגל, פון אַ יאָר 17, דרייט זיך אַרום נעבן דעם הויז ווו איך האָב געאַרבעט, ווי ער וואָלט עמעצן געזוכט. אויף מיין פראַגע: וועמען ערזוכט, האָט ער מיר נישט געענטפערט, אַוועקגעדרייט זיך און באַלד זיך צוריקגעקערט. ער האָט מיך אַוועקגערופן אין אַ זייט און פאַרטרויט, אַז ער האָט ביי די אַ ריינעם, נישט אויסגעפילטן בלאַנק אויף וועלכן מ׳קאָן אויסשטעלן אַ פּאַספּאָרט, אויף וועמענס נאָמען מען וויל. ער ווייסט, אַז יידן נייטיקן זיך אין דעם און קויפן עס גערן. ער האָט מיך געבעטן זיך אָנפרעגן ביי די יידן וואָס אַרבעטן, געזאָגט מיר וויפל ער פאַרלאַנגט דערפאַר און וויפל איך וועל מער קריגן, וועט זיין פאַר מיר.

איך האָב איינגעשטימט אויף דער „טראַנזאַקציע״ און זיך געהייסן ווייזן דעם בלאַנק. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער האָט אים נישט מיט זיך און מוז גיין ברענגען. אין שמועס און האַלטונג פון דעם יינגל האָב איך באַמערקט, אַז אים אינטערעסירט נאָר געלט, מער גאָרנישט.

צו מאָרגנס האָט ער מיר געברענגט אַ נישט אויסגעפילטן בלאַנק פון אַ צייטווייליקער „אודאָסטאָוויערעניע״ (באַשטעטיקונג) אין רוסיש, וואָס דינט פאַר אַ פּאַספּאָרט. די „אודאָסטאָוויערעניע״ איז געווען אַן אָריגינעלע, נאָר דער סטעמפּל — נאָכגעמאַכט. מ׳האָט געדאַרפט צוקלעפּן אַ בילדל און צופּראַווען צום בילדל דעם שטאַמפּ, אָבער צוקוקנדיק זיך גוט, האָט מען געקאָנט באַמערקן די געפעלשטקייט. פאַר 10 רובל גאָלד האָב איך געקויפט דעם דאָקומענט. איך האָב אויך געבעטן דעם פאַרקויפער, אַז ער זאָל מיר שאַפן געווער, אויסדריקלעך אַ פּיסטאָלעט. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו ברענגען.

איך האָב געדאַרפט זיך איינשאַפן גאָלדענע רובלען אים צו באַצאָלן. איך האָב קיין געלט נישט געהאַט און דעריבער יעדן טאָג געמוזט גיין אויפן מאַרק בייטן פאַרשידענע זאַכן, וואָס מאַקס האָט מיר געברענגט. פון די פאַרדינסטן פלעג איך קויפן גאָלדענע רובלען, איך זאָל האָבן מיט וואָס צו צאָלן פאַר דעם פּיסטאָלעט.

איינמאָל, בעת איך בין געווען אויפן וועג צום סוראַזשעסקן מאַרק מיט פאַרשידענע זאַכן צום אויסבייטן, צווישן זיי אַ גומי־מאַנטל, וואָס איך האָב אַרויפ־

געצויגן אויף זיך, בין איך פלוצלינג פאַרהאַלטן געוואָרן פון צוויי שוץ־פּאָלי־ציאַנטן („שופּא"). איינער האָט זיך מיר געשטעלט פון פאָרנט און דער צווייטער פון הינטן. „דו ביסט יודע?" — האָט זיך איינער צו מיר אָנגערופן און געבעטן וויזן די דאָקומענטן. איך האָב אים געגעבן די דאָקומענטן, וואָס איך האָב געהאַט און דעם אויסוויז פון דעם גענעראַל־קאָמיסאַריאַט. זיי האָבן נישט געוואָלט גלייבן און מיר באַפוילן אַראָפּנעמען דעם מאַנטל און מיר אויף אים אָנגעוויזן, אַז כּון פאָרנט און פון הינטן זענען פאַראַן סמנים פון די אַראָפּגענומענע געלע לאַטעס. איך האָב זיך פאַרענטפערט, אַז אין גענעראַל־קאָמיסאַריט אַרבעטן יידן און איך האָב ביי זיי געקויפט דעם מאַנטל, דאָס וואָס עס איז קענטיק די לאַטעס שטערט מיר נישט, ווייל איך בין דאָך נישט קיין „יודע" — האָב איך זיך פאַרענטפערט אין דער רוסישער שפּראַך. איך האָב זיי נאָר געבעטן, זיי זאָלן מיר אָפּפירן אין גענעראַל־קאָמיסאַריאַט און דאַביי אָנגערופן די הויפּט־אָפּיצירן ביי די נעמען און אויך דערמאָנט דעם אינזשיניער היניג. איך האָב זיי אויך צוגעזאָגט אָנצווייזן אויף דעם „יודע" ביי וועמען איך האָב געקויפט דעם מאַנטל. איך בין געווען גאַנץ רויק, ווייל אַפילו מאַקס האָט נישט געוווסט, אַז איך בין אַ ייד און דעריבער האָב איך זיך געהאַלטן זייער גוט און די צוויי שוץ־פּאָליציאַנטן האָבן מיך אָפּגעלאָזט.

איך האָב געשאַפן די באַשטימטע סומע און ביי דעם זעלבן רוסישן יינגל געקויפט אַ פּיסטאָלעט מיט אַכט קוילן און אים באַהאַלטן אין די גראָזן אַרום די רואינירטע הייזער, וועלכע זענען געשטאַנען נעבן גענעראַל־קאָמיסאַריאַט. דאָס באַהעלטעניש־אָרט האָב איך גוט געדענקט און פלעג אָפט קאָנטראָלירן, צי עס איז אין אָרדענונג.

איינמאָל, ווען איך בין געקומען קאָנטראָלירן, צי דער פּיסטאָלעט מיט די קוילן זענען אויפן אָרט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלץ איז נעלם געוואָרן. איך האָב געפּרוּווט זוכן און זיך געוואָלט איינרעדן, אַז איך האָב אַ טעות און געפּרוּווט ווייטער זוכן, אָבער איך האָב קיין טעות נישט געהאַט: מיין פּיסטאָלעט מיט די קוילן האָב איך מער נישט געפונען. איך האָב נאָר געפונען אַ גראַנאַט, וואָס עמעצער האָט באַהאַלטן, איינגעוויקלט אין שמאַטעס, אַזוי ווי איך האָב געהאַט איינגעוויקלט מיין פּיסטאָלעט. איך האָב דעם גראַנאַט באַהאַלטן אויף אַ צווייט אָרט, נישט ווייט פון דעם גראָז.

עס האָט מיך ווידער אָנגעהויבן מאַטערן דער ווילן זיך איינצושאַפן געווער. מיט דעם גראַנאַט וועט מען מיך אין די פּאַרטיזאַנער נישט נעמען, אַפילו ווען עס זאָל זיך מאַכן אַ געלעגנהייט. איך האָב ווידער זיך גענומען צו שאַפן געלט. און געגאַנגען אויפן מאַרק בייטן סחורות פאַר שפּייז. איך פלעג נאָר נעמען קלייניקייטן: פינגערלעך, אויער־רינגלעך, זייגערלעך אד"גל.

## די דייטשע סעקרעטאַרין און די גנבות פון דאָקומענטן פאַר פאַרטיזאַנער-צוועקן

די סעקרעטאַרין פון דעם גענעראַל-קאָמיסאַריאַט איז געווען אַ מיידל אין מיליטער-דינסט, די טאָכטער פון דעם הויפּט-אינזשיניער היניג. דאָס איז געווען אַ אַכצן-יאָריקע פריילין מיט אַ רונדן פּנים, האָט קיינמאָל נישט געלאַכט, שטענדיק פאַרטאָן מיט דער אַרבעט, אַזוי ווי איר פאָטער. זי האָט אויך צוגעגרייט באַפעלן פאַר דער אַרבעטס-בריגאַדע, אַרויסגעגעבן „פּראָפּוסקן" („דורכלאָז-שיינען"), אויסווייזן, פאַרלענגערט אויסווייזן און צוגעגרייט פאַרשידענע דאָקומענטן אויף דער שרייב-מאַשין. אין איר צימער זענען געשטאַנען צוויי שרייב-טישן: איינער — פאַר איר און דער צווייטער — דעם פאָטערס. ביי זיי האָט זיך געפונען דער רונדער סטעמפּל מיט דעם „פייגעלע".

אַלע דאָקומענטן, וואָס פלעגן אונטערגעשריבן און געשטעמפּלט ווערן פון אָבער-לייטענאַנט און פון דעם הויפּט-אינזשיניער היניג, זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם מיידל. זי פלעגט זיך אָפט ווענדן צו מיר, ווען זי האָט געדאַרפט רופן עמעצן פון די בריגאַדירן זיי זאָלן אַריינגיין צו איר. זי האָט מיר אַפילו אַ פּאָר מאָל געגעבן ציגאַרעטן און איך האָב זיך שוין דערלויבט צו בעטן מיר צו פאַרלענגערן אַ „פּראָפּוסק" פאַר אַ פּערזאָן, וואָס האָט שוין נישט געאַרבעט. זי האָט עס געטאָן אָן דעם וויסן פון דעם הויפּט-אינזשיניער. איך האָב איר דאַן געגעבן אַ מתנה אַ פּאָר אויערינגלעך, וואָס איז מיר פאַרבליבן פון מיינע פאַרדינסטן.

*

עס זענען פאַרביי עטלעכע וואָכן און חיימקע האָט מיר געזאָגט, אַז מען גרייט זיך דאָ צו מאַכן אַ „פאַבריקמאַכערסקע" (פריזיער-אַנשטאַלט) בלויז פאַר די אַרבעטער פון דעם קאָמיסאַריאַט און ער מיט מיר וועלן אַרבעטן אַלס „פאַבריק-מאַכער" (פריזיער). עס האָט געדויערט עטלעכע טעג און דער פריזיער-אַנשטאַלט איז פאַרטיק געוואָרן אין דעם געוועזענעם טואַלעט-צימער פון דעם הויז, ווו עס האָט זיך געפונען די קאַנצעלאַריע. איך מיט חיימקען זענען געוואָרן נאָענטע שכנים מיט דער קאַנצעלאַריע. דאָ איז מיר באַוווּסט געוואָרן די אַרבעט פון דער אונטערערדישער פאַרטיזאַנער-אָרגאַניזאַציע, צו וואָס איך האָב אַזוי גע-שטרעבט. חיימקע און איך האָבן באַקומען אַ קאָנטאַקט מיט דער אָרגאַניזאַציע אין מינסק. פון איר האָבן מיר באַקומען דעם אויפטראַג צו גנבענען ריינע בלאַנקען, וואָס זענען תמיד געלעגן אויף די טישן פון אינזשיניער און זיין טאָכ-טער די סעקרעטאַרין. די בלאַנקען האָבן געהאַט די אויפשריפט מיט גרויסע ווערטער: „דער גענעראַל-קאָמיסאַריאַט פון ווייסרוסלאַנד" מיט דעם רונדיקן שטעמפּל און עמבלעם פון דעם דייטשן אָדלער.

די אויפגאבע צו גנבענען די בלאַנקן האָט אונדז געגעבן נאַרושעוויטש און ער האָט זיי אָפּגענומען פון אונדז. ער איז געווען אַ ייד און איז דורך דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע, מיט די ערשטע, אָפּגעשיקט געוואָרן אין וואַלד. דאָרט איז ער געוואָרן קאָמאַנדיר פון אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער. איידער ער איז אַוועק אין וואַלד, איז ער געווען בריגאַדיר און קאַלאָנען־פירער פון גענעראַל־קאָמיסאַריאַט און האָט זיך גערעכנט ביי דער אַרבעט אַלס „מישלינג״.

אין הארבסט 1942 איז נאַרושעוויטש דערשאָסן געוואָרן דורך דער פּאַרטיזאַנער־אָנפירונג פאַר נישט וועלן זיך אונטערוואַרפן די באַפעלן פון די אַנדערע רוסישע קאָמאַנדירן־גרופּעס. ער איז געווען אַ העלדישער בחור און געוואָרן אַ קרבן, ווייל ער איז געווען אַ ייד.

*

מיר האָבן אונדזער אויפגאַבע אויסגעפירט זייער גוט און קיינמאָל נישט געהאַט קיין דורכפאַל. דאָס גנבענען בלאַנקן איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן: איך האָב גענומען ביי מאקסן פארשידענע ווערטפולע זאַכן און פלעג אַריינגיין צו דער סעקרעטאַרין ווען זי איז געווען אַליין און איר פאָרגעלייגט צו קויפן דאָס צירונג. חיימקע האָט בעת מעשה געהיטן, צי קיינער קומט נישט אָן און אַז עס פלעגט ווער קומען, האָט ער מיר געגעבן צו וויסן, אָדער אין לעצטן פאַל — אַרויסגערופן. זי האָט גערעדט נאָר דייטש און איך נאָר רוסיש... און צוגעמאַכט מיט די הענט. אַזוי האָבן מיר זיך פאַרשטענדיקט, וואָס איך דאַרף איר ברענגען. כדי איך זאָל אָבער קאָנען אָפטער אַריינגיין צו איר, האָב איך געברענגט נאָר עפּעס ענלעכס, וואָס זי האָט פאַרלאַנגט, אָבער נישט דאָס, וואָס איר איז געפעלן. איך האָב זיך געמאַכט נישט פאַרשטיין.

די בלאַנקן, ווי שוין דערמאָנט, זענען געלעגן אויפן טיש. דער רונדיקער שטעמפּל איז געווען פאַרשלאָסן אין דעם ענג־אַלמערל אויף דער וואַנט. ווען זי האָט זיך געדאַרפט באַנוצן מיט דעם שטעמפּל, האָט זי אויפגעשלאָסן דאָס אַלמערל און שפּעטער, בעתן צוריקלייגן, ווידער פאַרשלאָסן. האָט אָפט גע־טראָפן, אַז זי האָט פאַרשלאָסן און דעם שליסל נישט אַרויסגענומען, אָדער זי איז אַרויס פון קאַנצעלאַריע אויף אַ פּאָר מינוט און פאַרגעסן אַרויסצונעמען די שליסלען, סיי פון אַלמערל, סיי פון דער טיר.

מיר האָבן אויסגענוצט אַזעלכע מאָמענטן. חיימקע פלעגט היטן און איך בין אַריינגעגאַנגען, גענומען דעם שטעמפּל און אָפּגעשטעמפּלט די ליידיקע בלאַנקן, וויפל איך פלעג נאָר באַווייזן, וועלכע זענען געלעגן אויפן טיש. שפּעטער האָב איך ווידער צוגעשלאָסן און איבערגעלאָזט די שליסלען. אַלץ איז געגאַנגען גלאַטיק.

מיר האָבן צוגעשטעלט ריינע בלאַנקן נאָך מער ווי מען פלעגט פון אונדז

פאַרלאַנגען. געשטעמפּלטע פּאַפּירן זענען אויסגענוצט געוואָרן צו פאַרשידענע צוועקן. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, זענען מיט דער הילף פון די פּאַפּירן אָפּגעפירט געוואָרן אין די וועלדער פון אונדזער ראַיאָן אויטאָס מיט יידישע יוגנטלעכע, יינגלעך און מיידלעך. דער גרעסטער טייל זענען געווען אַרבעטער פון קאָמיסאַריאַט. דאָס איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן:

די בלאַנקן זענען אויסגעפילט געוואָרן מיט אַזאַ טעקסט: „די אַרבעטער־אָפּטיילונג פון גענעראַל־קאָמיסאַריאַט שיקט מענער און מיידלעך אין די וועלדער פון אונדזער ראַיאָן אויף וואַלד־אַרבעט". דאַביי איז אָנגעגעבן געוואָרן וויפל מענער און וויפל פרויען, ווער עס איז דער קאָלאָנען־פירער און אַזוי ווייטער. די אונטערשריפטן פון דעם אָבער־לייטענאַנט מיט זיין שטאַמפּ און הויפּט־אינזשיניער היניג, זענען געווען נאָכגעמאַכט.

גאַנץ פרי, 6 אַ זייגער, פלעגט אַריינפאָרן די מאַשין אין געטאָ פונקט ווי אַנדערע אויטאָס, וועלכע האָבן אַרויסגעפירט יידן צו דער אַרבעט. אין געטאָ זענען שוין געשטאַנען די מענטשן צוגעגרייט צום פאָרן אין עטלעכע פלעצער. אין די הענט האָבן זיי געהאַלטן זעגן, לאָפּאַטעס, העק און אַנדערע מכשירים צו וואַלד־אַרבעט. דער שאָפער איז געווען אַ קריסט, ער האָט געהייסן וואָלאָדיאַ און האָט געאַרבעט אויף דער לאַסט־מאַשין פון גענעראַל־קאָמיסאַריאַט. דער באַגלייטער איז געווען דער שוין דערמאָנטער נאַרושעוויטש. וואָלאָדיאַ און נאַרושעוויטש האָבן געהאַט אָריגינעלע דאָקומענטן. די וואָס זענען אַרויס אין וואַלד, האָבן שוין פון פאָרויס געהאַט זיך באַזאָרגט מיט געווער, וואָס איז געווען באַהאַלטן אונטערן דעק פון דער מאַשין און פאַרמאַסקירט.

פון שטאָט ביזן וואַלד איז געווען 40 קילאָמעטער. וואָלאָדיאַ פלעגט זיי צושטעלן צו דער אַרבעט מיט דער מאַשין און נאָך אַ פּאָר רייזעס איז נאַרושעוויטש געבליבן אין וואַלד און וואָלאָדיאַ האָט שוין אַליין געוווּסט דעם באַשטימטן אָרט ווו מען פלעגט אויף אים וואַרטן. די פּאַרטיזאַנער האָבן צוגענומען די מענטשן און וואָלאָדיאַ האָט זיך צוריקגעקערט. מיט איינע פון די „רייזעס" זענען אַוועק: חיימקעס קוזין — דוד באַראַנאָוו, אויך אַ קאָלאָנען־פירער פון גענעראַל־קאָמיסאַריאַט, רבקה יאַקאָוו פון אָשמענע, חיימקע אָגינסקי מיט זיין קריסטלעכער פרוי נאַדיאַ און אַנדערע.

## פּאַרטיזאַנער־טעטיקייט און דייטשער טעראָר

אין מינסק האָט מען שוין געהערט וועגן די פּאַרטיזאַנער, וועלכע לויערן אין די וועלדער אויף די דייטשע טראַנספּאָרטן. די דייטשן האָבן שוין צו יענער צייט אויסגעפירט טויט־שטראָפן איבער די פּאַרטיזאַנער דורך הענגען זיי אויף אַן עפנטלעכן אָרט פון די מינסקער סקווערן.

אין מינסקער געטאָ האָבן די דייטשן פאַרשטאַרקט דעם טעראָר, ווי מ׳האָט
עס דעמאָלט באַצייכנט — „ליקווידירט יידן״. מען האָט אויך צוגענומען יידישע
אַרבעטער פון גענעראַל־קאָמיסאַריאַט צום שיסן אין די „אַקציעס״. די לעבנ־
געבליבענע יידישע אַרבעטער האָט מען נאָך אַזאַ „אַקציע״ געגעבן יעדן צו
ווייסע בולקעלעך.

איך מיט חיימקען האָבן אויסגעפירט אונדזער אַרבעט און דורכגעפירט אויפ־
גאַבן פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. כדי צו באַזאָרגן מיט אַרבעטס־
מכשירים די בחורים און מיידלעך, וועלכע מ׳האָט אַרויסגעפירט אין וואַלד,
פלעגן מיר אָפט גנבענען פון מאַגאַזין, וואָס איז געווען לעבן אונדז, זעגן, לאָפּאַ־
טעס און העק. איך דערמאָן זיך אַ פאַל, וואָס איז פאָרגעקומען אין שייכות מיטן
אַרויסטראָגן די געגנבעטע מכשירים: מיר האָבן אַרויסגעטראָגן העק, לאָפּאַטעס
און זעגן פון דעם מאַגאַזין, וואָס האָט זיך געפונען אין קאָרידאָר פון דער קאַנ־
צעלאַריע, און זיי באַהאַלטן אין קלאָזעט, נעבן אונדזער וווינונג, ווו ס׳איז געווען
די הינטער־טיר צום הויף. מיט דעם אָפּטריט האָט מען זיך נישט באַנוצט. דער
שליסל צו דער טיר האָט זיך געפונען ביי מיר אָדער חיימקען. מיר האָבן אים
באַקומען פון אינזשיניער היניג. דאָרט אַהין האָבן מיר במשך פון טאָג אַלץ איבער־
געטראָגן, כדי נאָך דער אַרבעט די זאַכן אַרויסצוברענגען אויפן הויף פאַר די
אַרבעטער, וועלכע האָבן געדאַרפן מיטפאָרן מיט וואָלאָדיען.

ווען איך האָב זיך געפונען אַליין אין „פאַריקמאַכערסקע״, איז פּלוצלונג
אַריינגעקומען היניג און מיך געבעטן איך זאָל אים אויפשליסן דעם קלאָזעט.
מיר איז קאַלט געוואָרן. איך בין שוין געווען זיכער, אַז מיר זענען דורכגעפאַלן.
איך האָב אים געזאָגט, אַז דעם שליסל האָט סימאַ קאַלניטשאַנסקי (חיימקע). ווען
ער וועט קומען וועל איך קאָנען אויפשליסן. דער אינזשיניער האָט זיך אויף
מיר אָנגעבייזערט און באַפוילן איך זאָל שוין אויפזוכן קאַלניטשאַנסקין און
אויפמאַכן די טיר. ער איז אַוועקגעגאַנגען. איך האָב תיכף אויפגעמאַכט דעם
אָפּטריט און שנעל גענומען אַרויסוואַרפן די מכשירים פון דאָרט אויפן הויף און
ביז דער אינזשיניער איז צוריקגעקומען איז שוין נישט געווען דערפון קיין סימן.
איך האָב אים דערלאַנגט דעם שליסל. ער האָט מיר באַפוילן אַרויסצונעמען
אַ צעבראָכענע שטול, וואָס האָט זיך דאָרט געוואַלגערט און אָפּטראָגן אין
סטאָליער־וואַרשטאַט.

אַ קורצע צייט נאָך דעם, איז פאָרגעקומען אַ צווייטער פאַל: איך מיט
חיימקען האָבן זיך איינגעשאַפט פיסטאָלעטן מיט קוילן און דערוואַרט דעם טאָג,
ווען מיר וועלן ווערן אָפּגעשיקט אין וואַלד. דאָס מאָל האָב איך שוין נישט
געוואָלט באַהאַלטן מיין פיסטאָלעט, כדי מען זאָל אים מיר נישט צונעמען, ווי
דאָס פאָריקע מאָל. האָב איך באַשלאָסן אים צו טראָגן מיט זיך. איך האָב גע־
קויפט אַ פּאָר דייטשע מיליטערישע שטיוול מיט ברייטע כאָלעוועס און דאָרט

אַריינגערוקט מיין רעוואָלווער מיט די קוילן. אַזוי האָב איך זיך געלאָזט גיין אויפן סוראַזשעסקן מאַרק, עפּעס אויסצובייטן ביי די דייטשע יידן. פּלוצלינג, אין אַ שטיל געסל, נישט דערגייענדיק צום מאַרק, זענען מיר אַנטקעגנגעקומען צוויי דייטשע זעלנער און איינער האָט דעם צווייטן אָנגעוויזן אויף די שטיוול וואָס איך האָב געטראָגן.

זיי האָבן מיך אָפּגעשטעלט, צוגעפירט צו אַ דערבייאיקן גאַניק, מיך געהייסן זעצן זיך און באַפוילן אויסצוטאָן די שטיוול. איינער פון די צוויי האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט און אויסגעטאָן דעם לינקן שטיוול, וואָס איז ביי אים געווען צעריסן, ער האָט אַראָפּגעשלעפּט מיין לינקן שטיוול, ווו דער פּיסטאָלעט איז נישט געלעגן; איך האָב געטראַכט וועגן אַנטלויפן באָרוועס, אויב דער דייטש וועט מיך צווינגען אויסצוטאָן דעם צווייטן שטיוול, אין וועלכן עס איז געלעגן דער רעוואָלווער. דער זעלנער האָט גענומען אַרויפציען דעם שטיוול אויף זיין פוס, און ער איז אים אָבער געווען קליין. ער האָט מיר דעם שטיוול צוריק אָפּגעגעבן און אָנגעטאָן זיין צעריסענעם. אַזוי האָב איך אין יענעם טאָג אויסגעמיטן אַ טויט־געפאַר.

דעם 5טן אַפּריל פון יאָר 1942 האָט חיימקע קאַלניטשאנסקי, ווי אַ קאָלאָנען־פירער פון דעם גענעראַל־קאָמיסאַריאַט, באַגלייט אַ מאַשין מיט יידן אין וואַלד אַריין. 15 מינוט פאַר זעקס אינדערפרי, בין איך אַרויסגעפאָרן מיט חיימקען פון דעם הויף. דעם אויטאָ האָט געפירט וואָלאָדיאַ. איך בין געזעסן אין דער מאַשין, חיימקע מיט דער ווייסער לענטע אויפן אַרבל מיטן אויפשריפט פון אַ קאָלאָנען־פירער — אין קאַבינע. מיר זענען אַריינגעפאָרן אין געטאָ. נאָכדעם ווי דער קאָנטראָלער האָט דורכגעקוקט די דאָקומענטן, וואָס דער קאָלאָנען־פירער האָט זיי געגעבן. מיר האָבן אויפגענומען די מענטשן, וועלכע זענען שוין געשטאַנען גרייט צום פאָרן. דער גרעסטער רוב פון זיי איז מיר געווען באַקאַנט, זיי האָבן געאַרבעט אין קאָמיסאַריאַט. מיר האָבן פאַרלאָזט דאָס געטאָ און איך האָב די מאַשין באַגלייט ביז דער מערב־בריק, וואָס האָט געפירט צו דעם וועג פון אוזדע. דאָרט האָב איך אויפן ווונק זיך געזעגנט מיט חיימקען, מיט די חברים און האָב זיך צוריקגעקערט צו דער אַרבעט, דאָס מאָל פריער ווי שטענדיק.

איך האָב נאָר געטראַכט וועגן דער מינוט ווען וואָלאָדיאַ וועט צוריקקומען. עס איז פאַרביי די צייט ווען וואָלאָדיאַ האָט זיך שוין געדאַרפט צוריקקערן. דער זייגער איז שוין געוואָרן 9, 10 און וואָלאָדיאַ איז נישטאָ. די חברים זיינע, וועלכע האָבן אים דערוואַרט, זענען שוין געוואָרן אומרויִק; מען האָט אַרויסגעקוקט אויפן גאַס און זיך אַלע מאָל איבערגעקוקט איינער מיטן צווייטן. 11 אַ זייגער איז וואָלאָדיע געקומען. ער האָט דערציילט, אַז אַלע זענען אָנגעקומען בשלום אויפן אָרט, ווו מען האָט זיי געדאַרפט אָפּוואַרטן. אָבער דאָסמאָל האָבן קיין שום

פאַרטיזאַנער אויף זיי נישט געוואַרט, ווייל דייטשע שטראָף־אָפּטיילונגען האָבן געפירט אַ קאַמף מיט די פאַרטיזאַנער פון דער געגנט. די פריש געקומענע האָבן דאָך באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אין די וועלדער אָן שום פאַרבינדונג מיט די פאַר־טיזאַנער.

## דער טראַגישער סוף פון חיים קאַלניטשאַנסקי און אַנדערע אונטערערדישע קעמפער קעגן די דייטשן

קיין מאַשינען מיט מענטשן האָט מען שוין נישט געשיקט; מען האָט דער־וואַרט אַ שליח פון די פאַרטיזאַנער און אַזוי זענען פאַרביי 3 טעג.

דער אינזשיניער היניג האָט פון מיר געפאָדערט איך זאָל אים זאָגן ווו ס'איז קאַלניטשאַנסקי, מעגלעך, אַז עפּעס איז מיט אים געשען, וואָס ער איז נישטאָ ביי דער אַרבעט. דער דייטש האָט מיר באַפוילן איך זאָל זיך דערוויסן צי קאַלני־טשאַנסקי איז אין שטוב, וואָס עס האָט מיט אים געטראָפן. אויף צומאָרגנס, גאַנץ פרי, איז ווידער געקומען דער אינזשיניער און פון מיר פאַרלאַנגט אַן ענטפער. געווען דאָרט אַ יידיש מיידעלע, בראָניע, וואָס האָט געוואַשן די פאָדלאָגע אין דער „פאַבריקמאַכערסקע" און אין די טואַלעטן. איך האָב זיך גלייך צו איר געווענדעט, אַז זי זאָל אים זאָגן אין דער דייטשער שפּראַך מיין צוגעגרייטן ענטפער: „איך בין געווען ביי קאַלניטשאַנסקין און זיך דערוווּסט, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן אין רוביזעוויטש, ווו זיין טאַטע איז געשטאָרבן". היניג האָט מיך אויסגעהערט און מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן, אויסגעשפּיגן און געזאָגט:

„ער איז דאָך פאַריקט, וואָרום האָט ער מיר נישט געזאָגט? ער האָט ביי מיר געקאָנט אַ באַשייניגונג באַקומען און אַזוי קאָן ער נאָך קאַפּוט גיין".

איך האָב זיך געסטאַרעט אים אויך צו קוקן אין די אויגן און גאָרנישט געענטפערט. ער האָט געוווּסט, אַז איך „קען נישט" ריידן קיין דייטש. דער ריידער איז שטענדיק געווען חיימקע.

אויפן פערטן טאָג נאָך זייער אָפּפאָרן איז באַוווּסט געוואָרן דער גורל פון די מענטשן, וואָס זענען אַוועק אין וואַלד. עס האָט זיך אומגעקערט קיין מינסק אַ יונג, יידיש מיידל אין עלטער פון 17 יאָר, חיהלע. איינע פון דער גרופּע, וועל־כע איז אָפּגעפאָרן מיט חיימקען. זי איז נישט געווען ענלעך אויף אַ יידיש קינד. אַ קליינינקע, מיט אַ רונד פּנימל, האָט זי אויסגעזען נישט מער ווי אויף 13—14 יאָר. זי האָט דערציילט, אַז ווען וואָלאָדיע האָט זיי אָפּגעלאָזט אין וואַלד, האָבן זיי דריי טעג געזוכט אַ פאַרבינדונג מיט די פאַרטיזאַנער, נאָר עס איז זיי נישט געלונגען. זיי האָבן באַשלאָסן צו שיקן חברים צוריק אין שטאָט, צו קאָנען זיך פאַרבינדן, ווען אין שטאָט וועט קומען אַ שליח פון די פאַרטיזאַנער. אין שטאָט האָבן זיך צוריקגעקערט: חיימקע קאַלניטשאַנסקי מיט אַ צווייטן בחור פון

ד'ער גרופּע און דאָס מיידל. יוען זיי האָבן זיך נאָך געפונען אין וועג, זענען זיי פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ דייטשן פּאַטרול, פאַר ווען די דאָקומענטן האָבן אויסגעזען פאַרדעכטיק. די דייטשן האָבן די פאַרהאַלטענע אָפּגעפירט אין קאָמי־סאַריאַט. אויף דעם קליינעם מיידל האָבן זיי ווייניקער אַכט געלייגט ווי אויף חיימקען מיט דעם צווייטן חבר און דעריבער איז איר געלונגען צו אַנטלויפן.

מיט צוויי טעג שפּעטער, דעם 9טן אַפּריל, האָבן 3 מיליטער־לייט געבראַכט צו פירן קיין מינסק חיימקען מיט דעם חבר. מען האָט זיי פריער צוגעשטעלט אין גענעראַל־קאָמיסאַריאַט, ווו עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איניקע דאָקו־מענטן, וועלכע מען האָט צוגענומען ביי קאַלניטשאַנסקין, זענען געווען פאַלשע. ביידע אַרעסטירטע זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין ס.ר.. און צומאָרגנס אין מינסקער תּפיסה.

מען האָט אויך אַרעסטירט איניקע בריגאַדירן און קאָלאָנען־פירער, צווישן וועלכע ס'זענען געווען: דונער, וואָס האָט פיגורירט אַלס „מישלינג" און מילינקע, וועלכער איז אָנגעגאַנגען פאַר אַ קריסט.. דונערן האָבן די ס.ד.־לייט, אַ טאָג שפּעטער, געבראַכט אין דעם שטאָט־גאָרטן און אַוועקגעזעצט אויף איינעם פון די בענק, אויף דעם אָרט, וואָס האָט זיך גערופן — „פּלאָשטשאַד סוואָבאָדי", נישט ווייט פון גענעראַל־קאָמיסאַריאַט. ער איז געזעסן אַליין אויף דער באַנק און אַרום אים, אויף די אַנדערע בענק, זענען געזעסן איבערגעטוענע דייטשן אין ציווילע קליידער. אַגענטן פון דער ס.ד. וועלן עמעצער פון די דורכגייער פּלעגט זיך באַגריסן מיט דונערן אָדער אָפּשטעלן זיך נעבן אים, איז שפּעטער, בעתן פאַרלאָזן דעם סקווער, אַרעסטירט געוואָרן. צוויי טעג האָט מען אַזוי דונערן געבראַכט אינדערפרי אויפן סקווער און אין אָוונט האָט מען אים אָפּגעפירט אין ס.ד.

וואָלאָדיע איז נאָך דעם דורכפאַל נעלם געוואָרן. איך בין, מיט דעם ערשטן שליח פון די פּאַרטיזאַנער, וואָס איז אָנגעקומען קיין מינסק — אַוועק אין וואַלד. דאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיט איינעם פון די טעטיקע חברים פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע, מיט דעם חבר לאַפּידוס, אַ ייד. ער האָט מיך צוגעפירט און רעקאָמענדירט דעם פאַרבינדלער אין וואַלד און איז אַליין פאַר־בליבן אין מינסק. פון אים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז חיים קאַלניטשאַנסקי האָט קיינעם פון די חברים נישט אַרויסגעגעבן און די דייטשן האָבן אים אויפגעהאָנגען אין איינעם פון די מינסקער סקווערן אין חודש מאַי 1942.

## אין יענער צייט

דעם 15טן אַפּריל 1942, 6 אַזייגער פאַרטאָג, בין איך מיט דעם שליח פון די פּאַרטיזאַנער — אַ יונג 17יאָריק יידיש יינגל, מישקע, — אַוועק אין וואַלד. מישקע איז געווען אַ מינסקער. ער האָט אויסגעזען ווי אַ פּויער פון דאָרף, גע־

טראָגן פויערישע מלבושים מיט אַ ווייסער טאָרבעטשקע אויפן אַקסל. איך בין אויך אָנגעטאָן געווען אין אַ פויערישער, לייוונטענער אויסגענייטער רובאשקע און גרינע, רוסישע סאָלדאַטסקע הויזן, אַריינגעלאָזט אין די דייטשע שטיוול, ווו איך האָב געהאַט דעם פּיסטאָלעט אין כאָליעווע. איך האָב אויך געהאַט מיט זיך מיינע רוסישע דאָקומענטן, וועלכע זענען דאַן נייטיק געווען, אין פאַל פון אַ קאָנטראָל. אין מיין טאָרבע האָט זיך געפונען: ברויט, אַ שטיקל חזיר־שמאַלץ, אַ טאָרבעלע טאַבאַק, אַ וואַרעמער, געשטריקטער סוועטער און אַן אַלטע „קופאַי־קע" (אַ וואַטוווקע).

הינטערן שטאָט, אויפן באַשטימטן אָרט, האָבן מיר זיך געטראָפן מיט אַ פּאָרפאָלק, אַ קריסט מיט אַ קריסטין אין די פערציקער יאָרן. ער האָט זיך פאַר אונדז פאָרגעשטעלט מיט דעם נאָמען: איוואַן איוואַנאָוויטש, און די קריסטין — ווי זיין פרוי.ביידע זענען אָנגעטאָן געווען אין דאָרפישע קליידער. זיי זענען געווען שליחים פון דער אונטערערדישער מינסקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זיי האָבן זיך מיט אונדז צוזאַמען געלאָזט גיין אין וועג. דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער און מישקע האָט אונדז געפירט דורך אומבאַקאַנטע וועגן. מיר האָבן אויסגעמיטן נישט בלויז דערפער, נאָר אויך די ערטער, ווו עס האָבן זיך געקאָנט געפינען דייטשע פּאָסטנס און פּאָליצייאישע רעווירן.

אויפן וועג האָבן מיר צווישן זיך כמעט נישט גערעדט. נאָך אַ גאַנצן טאָג גיין, זענען מיר אין אָוונט, ווען די זון איז שוין געווען פארגאנגען, אַריינגעטרעטן אין די קאַלאדינער וועלדער אין דעם אוזדער ראַיאָן און שפּעטער זיך גע־שטעלט אויף אַ פּאַרטיזאַנער־פּאָסטן. מיר זענען נישט דורכגעלאָזט געוואָרן, נאָר מישקע אַליין, און אין אַ קורצער צייט אַרום איז אָנגעקומען אַ פּאַרטיזאַנער און האָט אונדז אָפּגעפירט אין דעם לאַגער פון די וואַלד־מענטשן. דער קאָמאַנדיר איז געווען איוואַן איוואַנאָוויטש, אַ הויכער רוס מיט אַ געלער באָרד. אין דער דאָזיקער גרופּע האָט זיך אויך געפונען: דימקע באַראַנאָוו, רבקה יאַקאָוו פון אָשמענע און אנדערע מיינע באַקאַנטע, וואָס זענען אָפּגעפאָרן מיט חיימקען. זיי האָבן זיך שפּעטער אַליין פאַרבונדן מיט די פּאַרטיזאַנער פון איוואַן איוואַנאָוויטש, וואָס האָבן געהערט צו ניקיטינס אָטריאַד, וועלכער איז געווען צעטיילט אויף עטלעכע גרופּן.

אין די וועלדער פון קאָלאָדינא האָבן זיך אויך דאַן געפונען אנדערע, נישט־אָרגאַניזירטע גרופּן, וואָס האָבן נישט אָנערקענט קיין קאָלעקטיווע אָנפירונג. אויך זענען געווען באַנדעס, וואָס האָבן אונטער דעם נאָמען פון פּאַרטיזאַנער זיך פאַרנומען מיט ראַבירן די פויערים פון יענער געגנט. געווען אַ וואַלד־גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון באַפרייטע פון סאָוועטישע לאַגערן. צו דער גרופּע האָבן געקאָנט געהערן נאָר תפיסהניקעס, וועלכע זענען געזעסן נישט ווייניקער ווי 10 יאָר.

די קא‏ָמוניסטישע קא‏ָמא‏ַנדירן, וועלכע זענען געשטא‏ַנען אין דער שפּיץ פון די גרופּן, זענען געווען פאַרבונדן מיט דער מינסקער אונטערערדישער באַוועגונג. קא‏ָמא‏ַנדירן פון א‏ַנדערע פּאַרטיזא‏ַנער־גרופּעס זענען געווען אין דער מיינונג, א‏ַז די שליחים פון שטא‏ָט זענען דייטשע א‏ַגענטן און זיי קומען גא‏ָר שפּיא‏ָנירן, כדי שפּעטער צו שיקן דייטשע שטראַף־א‏ָפּטיילונגען צו פאַרניכטן די פּאַרטיזא‏ַנער־לא‏ַגערן. אויך צווישן די פּאַרטיזא‏ַנער גופא זענען געווען פאַר־שידענע מיינונגען אין דער פראַגע. די קא‏ָמאנדירן פון דער גרופּע הא‏ָבן אויך אין יענער צייט געפירט צווישן זיך א‏ַ מין פּראָפּאַגאַנדע־קאַמף, וואָס איז באַ־שטאַנען אין א‏ָפּרעדן פאַרטיזאַנער, א‏ַז זיי זא‏ָלן פאַרלא‏ָזן זייערע קא‏ָמא‏ַנדירן און צושטיין צו די פאַראייניקטע גרופּן פון ניקיטינס „א‏ָטריא‏ַד", וואָס עס הא‏ָט געבראַכט צו באַוואָפנטע צוזא‏ַמענשטויסן צווישן די גרופּן און דערשיסונגען פון קא‏ָמא‏ַנדירן.

די צא‏ָל פּאַרטיזא‏ַנער אין דער געגנט אין יענער צייט איז באַשטא‏ַנען פון אומגעפער 50 פּראָצענט יידן, 40 פּראָצענט רוסן, א‏ַנטלא‏ָפענע זעלנער פון געפאַנגענשאַפט און 10 פּראָצענט ווייסרוסישע איינוווינער פון דער געגנט. קא‏ָמאנדירן פון די גרופּן באַקאַנט ווי יידן זענען געווען; ישראל לאַפּידוס, געוועזענער דריטער סעקרעטאַר פון סלוצקער „רייקא‏ָמפּאַרט" עליאשא נאַרושעוויטש פון מינסק, זייערע גרופּן הא‏ָבן געהערט צו ניקיטינס א‏ָטריא‏ַד. ניקיטין א‏ַליין איז געווען א‏ַ געוועזענער א‏ָפיציר פון דער רויטער א‏ַרמיי. ער הא‏ָט אויסגעזען ווי א‏ַ ייד. אייניקע הא‏ָבן געזא‏ָגט, א‏ַז ער איז א‏ַ ייד. מיר איז נישט באַוווּסט ביז איצט ווער ער איז געווען.

דער לא‏ַגער פון דער גרופּע, צו וועלכער איך הא‏ָב געהערט, הא‏ָט זיך געפונ־נען טיף אין וואַלד, נעבן די זומפּן, וועלכע הא‏ָבן פון דריי זייטן א‏ָפּגעשלא‏ָסן דעם צוגא‏ַנג און באַשיצט פון א‏ַן א‏ָנפאַל פון די דייטשן, וואָס עס פלעגט א‏ָפט פאָרקומען אין יענער צייט. בעת מיין א‏ָנקומען אין לא‏ַגער אין קא‏ָלא‏ָדינער וואַלד, הא‏ָט מען מיך נישט געפרעגט ווער איך בין און פון וואַנען איך קום. די חברים, וועלכע הא‏ָבן זיך געפונען אין דער גרופּע הא‏ָבן שוין געקענט מיין טעטיקייט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג.

נא‏ָכדעם ווי מען הא‏ָט מיך גוט א‏ָנגעקא‏ָרמעט, הא‏ָט רבקה יא‏ַקא‏ָוו מיר געגעבן מיט וואָס זיך צוצודעקן און איך בין נא‏ָך א‏ַ שווערן טא‏ָג גא‏ַנג א‏ַנטשלא‏ָפן געווא‏ָרן אונטערן פרייען הימל.

צומא‏ָרגנס פרי הא‏ָט מיך גערופן איוואַן איוואנא‏ָוויטש און געפרעגט ווי עס איז מיין נא‏ָמען. איך הא‏ָב אים געענטפערט: „רא‏ָמקע". „איז א‏ָט, רא‏ָמקע" — הא‏ָט ער איבערגעחזרט — און א‏ַרויסגענומען פון זיין געצעלט א‏ַ פאַררא‏ָסטע ביקס מיט קוילן און מיר איבערגעגעבן. ער הא‏ָט מיך געפרעגט, צי איך קא‏ָן זיך באַגיין מיט א‏ַ ביקס. איך הא‏ָב אים געענטפערט: דא‏ַ, טא‏ָווארישטש קא‏ָמא‏ַנדיר!" דעם איי־

געגעם רעוואָלווער האָב איך געקאָנט פונאַנדערנעמען און צוזאַמענשטעלן, נאָר אַ ביקס האָב איך דאָס ערשטע מאָל גענומען אין האַנט.

איוואַן איוואַנאָוויטש האָט מיר אָנגערופן דעם נאָמען פון מיין קאָמאַנדע־אָפּטיילונג און צוגעגעבן, אַז מיט דער ביקס קאָן איך זיך נאָר שיידן ווען איך בין טויט. „און דערווייל גיי מאַך זי זויבער!" איך האָב אים געדאַנקט און אומגע־קערט זיך מיט פולע הענט.

דאָס איז געווען דער גליקלעכסטער מאָמענט פון יענעם טאָג, זינט איך האָב פאַרלאָזט מיין היים — אָלשאַן! איך האָב זיך גלייך פאַרמאָסטן פונאַנדערצו־נעמען די ביקס און זי צו רייניקן. פונאַנדערצולייגן די ביקס האָט זיך מיר איינגעגעבן, אָבער צוריק צוזאַמענשטעלן זי האָב איך נישט געקענט. עס האָט מיר נישט געפּאַסט עמעצן צו פרעגן. האָב איך זיך געפּאָרקעט אַ לענגערע צייט און בשום אופן נישט געקאָנט צוזאַמענשטעלן די טיילן פון דער ביקס.

נישט ווייט פון מיר איז געזעסן אַ דרייצניאָריק יינגל. ער האָט באַמערקט, אַז איך קען נישט צוזאַמענשטעלן די ביקס. מיט אַ שטעקן אין דער האַנט איז ער צוגעשפּרונגען צו מיר אויף איין פוס, זיך אָנגעשפּאַרט אויפן שטעקן און אַריינ־געלאַכט מיר אין פּנים: „דו קענסט דאָך נישט צוזאַמענשטעלן, גיב, איך וועל דיר ווייזן!". איך האָב זיך פאַרשעמט און דערלאַנגט אים די ביקס. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט און שנעל זי צוזאַמענגעשטעלט. עטלעכע מאָל האָט ער פונאַנ־דערגענומען דעם „זאַטוואָר" און געוויזן ווי אַזוי צוריק אים אריינצובברענגען אויפן ריכטיקן אָרט. איך האָב זיך אַרומגעקוקט צי מ׳זעט נישט ווי דער קליי־נער לערנט מיך צוזאַמענשטעלן די ביקס.

מיין לערער, ווי אומצוגיין זיך מיטן געווער, איז געווען דאָס דרייצניאָריקע יידישע יינגל, בעבע. ער האָט געשטאַמט פון אוזדע. ווען די דייטשן האָבן דורכ־געפירט די אויסראָטונג פון די איזדער יידן, האָט מען דאָס יינגל צוזאַמען מיט זיי געטריבן צו די אויסגעגראָבענע גריבער און מען האָט אַלע אויסגעשאָסן. בעבע איז צוזאַמען מיט אַנדערע געלעגן אין גרוב, אָבער ער איז געווען נאָר פאַרווונדעט אין פוס. ווען די מערדער האָבן פאַרענדיקט זייער אַרבעט און האָבן דעם גרוב נישט פאַרשאָטן, איז אים געלונגען אַרויסצוקריכן און אָנקומען צו די פּאַרטיזאַנער. זיין אַרבעט איז געווען צו פּוצן די ביקסן. זיין ווונד אויפן פוס האָט זיך לאַנגזאַם געהיילט.

## פּאַרטיזאַנער־טעטיקייט אין יאָר 1942 און מיין ערשטע שלאַכט־הייליקונג

אין אָוונט, פאַר זון־אונטערגאַנג, פלעגן די פּאַרטיזאַנער פאַרלאָזן דעם לאַגער. מען איז אַרויס אויסצופירן די באַקומענע אויפגאַבן פון דעם קאָמאַנ־דיר, ווי, למשל, ברענגען שפּייז פון די ווייטע דערפער, אויף פּאַרטיזאַניש לשון

האָט עס געהייסן „באמביאָשקאַ״; פירן אַ „ראַזוויעדקע״ (אויסשפּיר) און האַלטן „סוויאַז״ (פֿאַרבינדונג) מיט די אַרומיקע פּויערים; הרגענען איינצלנע פּאָליציאַנטן פון דער געגנט, וועלכע פלעגן קומען באַזוכן זייערע משפּחות אין די דערפער, הרגענען די סאָלטיסן און פּויערים, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן קעגן די פּאַרטיזאַנער; צעשטערן און פאַרברענען די מילך־פּונקטן, ווהין די פּויערים האָבן געצוווּנגענערהייט אָפּגעליפערט די מילך פאַר די דייטשן.

די דאָזיקע טעטיקייט האָט אַרויסגערופן אַ צופרידנקייט ביי די פּויערים; זיי האָבן נישט געהאַט ווו אָפּצוגעבן די מילך און באַפרייט געוואָרן פון מילך־שטייער. אַחוץ די דערמאָנטע אויפגאַבן האָט מען נאָך געדאַרפט אַרויסגיין אויף די „סעקרעטנע״ פּאָסטנס און לויערן אויף די צוגן מיט דייטשע זעלנער, כדי זיי אויפצורייסן.

ביינאַכט פלעגן אין די לאַגערן פאַרבלייבן איינצלנע מענטשן. די פּאַרטיזאַנער זענען געווען ביינאַכט אויף די פיס און בייטאָג איז מען געשלאָפן. אין געווער האָט מען זיך אין יענער צייט נישט געניטיקט! אין די וועלדער האָט מען געפונען געווער, וואָס די רויטאַרמייער האָבן איבערגעלאָזט, ווען זיי זענען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט.

אין איינעם אַן אָוונט האָט דער קאָמאַנדיר אונדז באַשטימט אויף אַן „אַרבעט״. מיר זענען געווען א גרופּע פון אַכט מאן און איינער אַלס אָנפירער. מיר זענען אַרויסגעגאַנגען אויף אַ „באַמביאָשקע״, באַוועגט זיך מיט גענדזנגאַנג איבער די פעלדער, מיט אַ דיסטאַנץ איינער פון דעם אַנדערן. אַ גלייכן וועג פלעגן מיר איבערגיין אויף הינטערוויילעכטס, נישט מיטן פּנים פאָרויס נאָר מיט דער פּלייצע, כדי די שפּורן פון די פיס זאָלן ווייזן די פאַרקערטע ריכטונג.

ביינאַכט זענען מיר צוגעקומען צו דעם באַשטימטן דאָרף. צוויי חברים זענען אַריין אין דאָרף זיך דערוויסן, צי עס דערוואַרט אונדז נישט קיין געפאַר. מיר האָבן זיך צעלייגט לענגאויס הינטערן דאָרף. אונדזער אויפגאַבע איז געווען — עפענען אַ פייער, אין פאַל ווען די צוויי חברים טרעפן זיך אָן אין דאָרף אויפן שונא, כדי עס זאָל זיי זיין לייכטער צו אַנטלויפן.

די אַקציע האָט זיך פאַרענדיקט מיט צונעמען פערד־און־וואָגן און צוויי שעפּסן ביי איינעם פון די איינוואוינער, וועמענס אַ זון האָט געדינט אין דער פּאָליציי. נאָך דעם ווי מיר האָבן צוזאַמענגענומען פון די פּויערים ברויט, האָבן מיר פאַרלאָזט דאָס דאָרף. די הינט האָבן שוין אויפגעהערט בילן. ווען מיר זענען צוגעפאָרן נעבן דעם צמענטאַזש, הינטערן דאָרף, נישט ווייט פון וועג, האָט מען אויף אונדז פּלוצלונג געעפנט אַ פייער. דער הימל איז באַלויכטן געוואָרן מיט ראַקעטעס. אונטער אַ האָגל פון קוילן האָבן מיר זיך געלאָזט לויפן, איבערלאָזנדיק דעם וואָגן מיט די פּראָדוקטן. דימקע באַראַנאָוו איז נאָר לייכט פאַרוווּנדעט געוואָרן אין פוס.

דעם זעלבן טאָג, ווען די פאָרשטייער פון מינסק, וואָס זענען געקומען מיט מיר, האָבן זיך צוריקגעקערט, האָט מען געביטן די ערטער פון די לאַגערן. אונדזער גרופּע האָט זיך פאַראייניקט מיט דער גרופּע פון לאַפּידוסן. דער לאַגער האָט זיך געפונען אויף אַן אָרט, אַרומגערינגלט פון אַלע פיר זייטן מיט בלאָטעס. אויף איין אָרט האָבן מיר אַרונטערגעלאָזט דיביימער, וואָס האָבן אונדז געדינט פאַר בריקלעך צום אַריבערגיין.

אין נייעם לאַגער איז באַלד אין אָנהייב פאָרגעקומען אַ בלוטיקע געשעעניש: אויפן באַפעל פון לאַפּידוסן, האָט מען דערשאָסן דעם פּאַרטיזאַן מישקע־מיכל באַראַנאָוו, אַ ברודער פון דוד באַראַנאָוו, פאַר נישט וועלן אויספירן אַ באַפעל פון זיין קאָמאַנדיר, וואָס איז באַשטאַנען אין אָפּזאָגן זיך צו טראָגן אַ קעסל. דער ידישער קאָמאַנדיר האָט דעם ייד געבערענגט פאַר אַ קרבן, כדי צו פאַר־שטאַרקן די דיסציפּלין...

ווען דער לאַגער איז געווען אויפגעשטעלט און די קיך האָט געקאָכט, בין איך מיט נאָך אַ פּאַרטיזאַן געוואָרן באַשטימט אויף איינעם פון די סעקרעטנע פּאָסטנס. מיר האָבן מיטגענומען עסן און וואַסער צום טרינקען אויף אַ גאַנצן מעת־לעת, קיין טאַבאַק צום רייכערן האָבן מיר ביידע נישט געהאַט.

נאָך צוויי שעה גיין בערך, זענען מיר אָנגעקומען אויפן אָרט פון סעקרעט, אויפן וועג, וואָס האָט געפירט פון אונדז אין קאַלאַדינא. פון איין זייט וועג — דער וואַלד, און אַנטקעגן — אַ קליין דערפל. מיר האָבן פאַרביטן די צוויי פּאַר־טיזאַנער, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. אונדזער אויפגאַבע איז געווען: אָבסער־ווירן דעם וועג אין דערפל.

איך האָב אַרויפגעקלעטערט אויף אַ בוים, פון וואַנעט ס׳איז געווען צו זען די באַוועגונג אין דעם דאָזיקן דערפל. מיין חבר האָט אַכטונג געגעבן פון ביידע זייטן וועג. ווען עס איז פינצטער געוואָרן בין איך אַראָפּ פון בוים און פאָרגע־לייגט דעם חבר זיך צו לייגן שלאָפן, אַרום האַלבע נאַכט וועלן מיר זיך בייטן. ער האָט מסכים געווען און האָט מיר פאָרגעלייגט, אַז איך זאָל שלאָפן דער ער־שטער. איך האָב זיך אַנידערגעלייגט און באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן.

דער חבר האָט מיך אויפגעוועקט ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. ער האָט פאַרנומען מיין אָרט. מיר איז קאַלט געווען און איך בין געגאַנגען אַהין און צוריק צו דערוואַרעמען זיך. ווען עס איז ליכטיק געוואָרן האָב איך פון דער־ווייטנס באַמערקט אַ מענטש, וועלכער איז געגאַנגען אויפן וועג אין דער ריכטונג צו מיר. איך האָב זיך גאָרנישט אַריינגעטראַכט, באַשלאָסן צו בעטן ביי דעם דורכגייער צו פאַררייכערן, און זיך געלאָזט גיין מיטן וואַלד אים אַנטקעגן, ער זאָל נישט וויסן דאָס אָרט פון סעקרעט. ווען מיר האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן איז אים גלייך קלאָר געוואָרן ווער איך בין. אַחוץ דער ביקס איז אויך געווען ביי מיר אָנגעגנייט אויפן היטל אַ רויטע לענטע.

איך האָב אים געפרעגט פון וואַנעט ער גייט אַזוי פרי. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט אָפּגעפירט קיין קאָלאַדינא אין מיל אַריין קאָרן צום מאָלן, נאָר ער האָט נישט באַוויזן אָפּצומאָלן נעכטן, האָט ער גענעכטיקט אין דאָרף, ביינאַכט האָט ער מורא געהאַט צו גיין. ער האָט מיר אָנגערופן דאָס דאָרף ווו ער וווינט. איך האָב אים אַפילו נישט געפרעגט ביי וועמען ער האָט איבערגע־לאָזט זיין פערד און פאַרוואָס ער גייט אַהיים. איך האָב אים נאָר גלייך גע־פרעגט, צי האָט ער צו פאַררייכערן, איך האָב זיך מיט אים צוריקגעקערט אין דער ריכטונג וווהין ער איז געגאַנגען.

ער האָט מיר געגעבן צו פאַררייכערן און איך האָב אים געהייסן אָפּשיטן אַ ביסל טאַבאַק פון זיין טאָרבעלע. נאָכדעם ווי ער האָט מיר געגעבן טאַבאַק, בין איך נאָך מיט אים געגאַנגען אַ שטיקל וועג און מיר האָבן זיך דערנענטערט צום אָרט, ווו דער חבר איז געשלאָפן. ווען איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן הינטער זיך, האָב איך דערזען אַ גרופּע זעלנער אויפן וועג, און פון ביידע זייטן וועג, שוין גאַנץ נאָענט פון מיר, לויפן איינגעבויגענערהייט זעלנער. איך האָב זיך גלייך אַ וואָרף געגעבן צום וואַלד. די זעלנער האָבן מיך גענומען נאָכיאָגן און שרייען אויף רוסיש: „סטאָי! רוקי וויערך! ניע ס׳מיעסטאָ!“ — „שטיי, די הענט אין דער הויך, נישט רירן זיך פון אָרט“.

ווען איך בין דערלאָפן צום חבר, איז ער שוין געשטאַנען. ער האָט זיך אויפ־געכאַפּט פון די געשרייען און נישט באַוויזן זיך צו אָריענטירן. איך האָב אים נאָר א געשריי געטאָן: „ניעמצי!“, דייטשן — פאַקטיש זענען דאָס געווען ליט־ווינער, — און ער האָט זיך מיט מיר געלאָזט לויפן. מיר זענען געלאָפן אין וואַלד, באַרג־אַראָפּ און די ליטווינער האָבן אונדז נאָכגעיאָגט און געשריגן מיר זאָלן שטיין בלייבן. זיי האָבן קיין איין מאָל נישט אויסגעשאָסן, כדי זיי זאָלן זיך נישט אַרויסגעבן.

מיט די לעצטע כוחות האָט אונדז דער אימפּעט דערטראָגן ביז די בלאָטעס. אָנהאַלטנדיק זיך מיט די הענט אין די נידעריקע קוסטעס, זענען מיר געקראָכן טיפער אין די בלאָטעס. ווי מיר האָבן זיך נאָר אָפּגעשטעלט, האָבן מיר גענומען ביידע ברעכן און מיר האָבן זיך שוין ווייטער נישט געקאָנט באַוועגן. אין די בלאָטעס זענען אונדזערע פאַרפאָלגער נישט געגאַנגען. מיר האָבן דערהערט א שיסעריי אין דער ריכטונג פון אונדזער פריערדיקן לויער און אַ ביסל שפּעטער אין דער ריכטונג פון אונדזער לאַגער. איבערן וואַלד האָט זיך אָן אויפהער גע־דרייט אַן עראָפּלאַן און געשאָסן פון אַ קוילנוואַרפער.

נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך אָפּגערוט, זענען מיר אַרויס פון די בלאָטעס. מיר האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן זיך קאָנען פאַרבינדן מיט די חברים פון אונ־דזער פאַרטיזאַנער־גרופּע און אויך אָנטייל נעמען אין די קאַמפן. מיר האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף ליטווינער און אַליין געבליבן נישט קיין באמערקטע. מיר

זהאָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו דערהרגענען זייערע פּאָסטנס אין וואַלד, נאָר מיר האָבן דאָס נישט געטאָן, כדי זיך נישט אַרויסצוגעבן. ווייזט אויס, אַז די ליט־ווינער האָבן אונדז יאָ באַמערקט און גענומען שיסן אויף אונדז.

דערווייל האָבן מיר נישט געהאַט קיין פאַרבינדונג מיט דער גרופּע און זיך צוריקגעקערט אין די בלאָטעס. אין אָוונט האָבן מיר זיך ווידער געלאָזט זוכן אונדזער גרופּע. ביינאַכט, גייענדיק נאָך דעם אָפּשיין פון די פייערן האָבן מיר אויפגעזוכט אונדזער געוועזענעם לאַגער. נאָך אַ קורצער צייט איינהערן זיך האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אַז דאָרט געפינט זיך נישט קיין לעבעדיקער נפש. פונדערווייטנס, פון דער צווייטער זייט לאַגער, ווו עס זענען געווען די פריער דערמאָנטע בריקלעך, האָבן מיר געהערט פון צייט צו צייט איינצלנע רעוואָלווער־שאָסן.

אין געוועזענעם לאַגער האָבן געברענט די געצעלטן, אַרום זענען געווען צעוואָרפן איבערגעלאָזטע קליידער, קאָלדרעס און אַנדערע זאַכן. מיר האָבן גענומען זוכן עפּעס צום עסן. אויפן אָרט פון דער קיך, האָבן מיר געפונען די איבערגעקערטע קעסלען, נעבן וועלכע עס זענען געלעגן אָפּגעשיילטע קאַרטאָפל מיט שטיקער פלייש, גרייט אויף אינדערפרי צום קאָכן. די קעסלען און די אַנדערע כלים, וואָס האָבן אונדז געקאָנט דינען צום קאָכן, זענען געווען דורכגע־שאָסן און דורכגעהאַקט מיט אַ האַק. מיר האָבן געפונען אַן איבערגעלאָזטע, דורך די ליטווינער, בלעכענע פּושקע פון קוילן און מיט איר האָבן מיר זיך באַנוצט צום קאָכן.

נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך אָפּגעטריקנט און אָפּגעגעסן, האָבן מיר באַשלאָסן פון דעם אָרט נישט אַוועקצוגיין. אַהער האָבן געקאָנט קומען אויך אַנדערע חברים פון אונדזער גרופּע, וואָס בלאָנקען זיך דאָ ערגעץ אַרום. מיר האָבן אויך פאַרויסגעזען, אַז די קאָמאַנדע קאָן שיקן אַהער אַ פאַרבינדלער.

אַזוי איז עס טאַקע געשען: אינדערפרי זענען צו אונדז געקומען צוויי פאַרבינדלער פונעם „אָטריאַד" און אַ ביסל שפּעטער — פאַרבלאָנדזשעטע פּאַר־טיזאַנער. אַלע זעקס צוזאַמען האָבן מיר זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג ווו ס'האָט זיך געדאַרפט געפינען דער „אָטריאַד". צומאָרגנס האָבן מיר זיך פאַרבונדן מיט אַ גרופּע, ווו ס'זענען געווען שווער און לייכט פאַרווונדעטע. מיר האָבן אָנגעטראָפן דעם שפּיטאָל פון אונדזער אָפּטיילונג.

ניקיטין מיט דעם „אָטריאַד" זענען אַוועקגעגאַנגען אויף מערב און איבער־געלאָזן אַלע פאַרווונדעטע און מיט זיי געזונטע חברים, צו באַדינען און באַ־זאָרגן מיט שפּייז. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס מיר האָבן געקענט זיך דערוויסן אין דעם אַזוי גערופענעם שפּיטאָל.

מיר זענען פאַרבליבן אין דער גרופּע און צוזאַמען מיט די געזונטע חברים אויסגעפירט די פליכטן צו העלפן די פאַרווונדעטע. יעדע עטלעכע טעג האָבן

מיר געביטן דאָס אָרט פון דעם לאַגער און די שווער פאַרווונדעטע פלעגן מיר איבערטראָגן פון איין אָרט אויפן צווייטן.

## פאַררעטער אין דער פאַרטיזאַנער־מחנה

נאָך צוויי אָדער דריי וואָכן בערך האָט אונדז אָפּגעזוכט דער פאַרטיזאַנער מישקע קודרעשאָוו. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי אַ שליח פון ניקיטינען און ווי אַ געוועזענער לייטענאַנט פון דער רויטער אַרמיי. ער איז געקומען מיט דער אויפגאַבע צו נעמען כון שפּיטאָל די פאַרווונדעטע, וועלכע קאָנען שוין גיין און אויך אַלע אַנדערע, וואָס זענען געבליבן געטריי ניקיטינען, זיי דאַרפן זיך אָנשליסן אין אָטריאַד.

צוזאַמען מיט קודרעשאָוון זענען מיר אַוועק דעריאָגן די אָפּטיילונג. מיר זענען געווען 8 פערזאָן: אַליאָשקאַ קאַזאַכין — אַ רוס, באַוואָפנט מיט אַ ביקס און אַ רעוואָלווער, רובין — אַ ייד, האָט געהאַט אַ ביקס. די פאַרווונדעטע: דימקע אָוסייניקאָוו — אַן אוקראַינער, וואַנקע מילוטין — אַ רוס, האָבן געהאַט רע־וואָלווערן. געווען אויך צוויי יידישע מיידלעך: סאַראַ — באַוואָפנט מיט אַ רע־וואָלווער, און די צווייטע, וועמענס נאָמען איך געדענק נישט, האָט קיין געווער נישט געהאַט.

קודרעשאָוו האָט געהאַט אַ ביקס. איך האָב געהאַט אַ ביקס מיט אַ פּיסטאָלעט.

מיר זענען געגאַנגען אויף מערב. ביי דעם פאַרווונדעטן דימקע אָווסייניקאָוו האָט זיך געעפנט די ווונד און אונדז איז אויסגעקומען צו גיין זייער פּאַמעלעך. אָווסייניקאָוו איז געווען זייער געטריי ניקיטינען און דאָס האָט אים געשטופּט פאָרויס. ביינאַכט זענען מיר געגאַנגען און בייטאָג גערוט אין די וועלדער.

איינמאָל, ווען איך בין געשטאַנען בייטאָג אויף דער וואַך, האָב איך באַמערקט גיין אַ מענטש. איך האָב זיך באַהאַלטן און ער איז מיר פאַרבייגעגאַנגען. ווען איך האָב זיך איבערצייגט, אַז ער גייט אַליין, בין איך אים נאָכגעגאַנגען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ ביסל זיך איינגעהערט און ווייטער געגאַנגען אין דער ריכטונג פון לאַגער. ווען ער האָט דערהערט אַ קלאַפּ, האָט ער זיך אַנידער־געלייגט אונטער אַ קוסט. איך האָב געוווסט, אַז דער קלאַפּ קומט פון לאַגער. איך בין גלייך צו אים צוגעלאָפן און באַפוילן אויפהייבן די הענט אינדערהייך.

ער האָט זיך געשטעלט מיט אויפגעהויבענע הענט און איך האָב אים אַזוי געבראַכט צו פירן אין לאַגער. מען האָט אים באַזוכט און ביי אים געפונען ᄽ קליין מעסערל. ביי דער אויספאָרשונג האָט ער געזאָגט, אַז ער איז אַ רוס, איז אַנט־לאָפן פון געפאַנגען־לאַגער און געגאַנגען אין וואַלד זוכן פאַרטיזאַנער, כדי צוצו־שטיין צו זיי. זיין נאָמען איז געווען אַליאָשקע אַלעקסייעוו, אַ בלאָנדער, אַ יונגער, ער האָט גערעדט ריין רוסיש. אונדזער קאָמאַנדיר, מישקע, האָט אים געגלויבט און ער האָט אים איבערגעלאָזט ביי אונדז.

אַ פּאָר טעג שפּעטער, אין אַ שמועס מיט מיר, האָט אַליאָשקע זיך אַרויס־געריבן, אַז ער איז אַנטלאָפן פון דער פּאָליציי.

איך האָב עס דערציילט מישקען און דעם פּאַרוווּנדעטן דימקען. ער האָט, פּונקט ווי איך, נישט געהאַט קיין צוטרוי צו דעם געקומענעם. מיר ביידע זענען געווען אין דער מיינונג אים צו דערשיסן. מישקע האָט אים גערופן צו אונדז און מיר האָבן אים אָנגעהויבן אויספרעגן צו פאָרשן, און געדראָט מיט שיסן. ער האָט געטענהט, אַז ער איז געקומען פרייוויליק און קיינער האָט אים נישט געשיקט. מישקע קודרעשאָוו האָט מיר באַפוילן, אין דער אָנוועזנהייט פון אַלעקסייעוון, אָפּ־צופירן אים הינטערן לאַגער און דערשיסן. איך האָב אַראָפּגעלאָזן דעם פאַרהיטער פון מיין אָנגעלאָדענער ביקס און באַפוילן אַלעקסייעוון גיין פאָרויס און נישט אויסדרייען דעם קאָפּ אויף הינטן. מישקע איז געגאַנגען הינטער מיר, און ווען איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, און אַ הייב געגעבן העכער די ביקס צום שיסן, האָט מישקע אַ געשריי געגעבן: „נישט שיסן!". ער איז צוגעגאַנגען צו אַלעקסייעוון און ער האָט אים אָנגעהויבן צו איבערצייגן, ער זאָל זיך מודה זיין און ער וועט אים נישט דערשיסן.

נאָך אַ קורצער איבעררעדונג, האָט אַלעקסייעוו זיך מודה געווען, אַז אים האָט געשיקט די אוזדער פּאָליציי צום ערשטן מאָל. ער האָט געהאַט די אויפ־גאַבע אויסצושפּיאָנירן דאָס אָרט פון דעם לאַגער ווו די פּאַרטיזאַנער געפינען זיך. דאָס מעסערל האָט אים געדאַרפט דינען צו מאַכן צייכנס אויף דיביימער אין וואַלד, ער זאָל זיך שפּעטער קאָנען בעסער אָריענטירן, נאָר ער האָט נישט געהאַט בדעה אויסצופירן די פּאָליצייאישע באַפעלן, און אויסגענוצט די געלעגנ־הייט צו קאָנען פאַרבינדן זיך מיט די פּאַרטיזאַנער און איבערצובלייבן אין וואַלד. מישקע האָט געהאַלטן וואָרט און אים איבערגעלאָזן אין אונדזער גרופּע.

*

אונדז איז קלאָר געוואָרן, אַז מישקע האָט פאַרראַטן ניקיטינען. ער, מישקע, האָט נישט בדעה צו פירן אונדז אין „אָטריאַד". זיין פּלאַן איז, אַליין צו שאַפן אַ גרופּע אונטער זיין אָנפירונג. איך האָב אויך באַמערקט, אַז זיין ציל איז: נישט נקמה צו נעמען אין די דייטשן, אַז ער האָט עפּעס גאָר אַנדערע כוונות. מיר איז אויסגעקומען צו גיין מיט מישקען אין איינעם פון די געוועזענע „סאָווכאָזן" מיטן נאָמען „נאַדניאַמענעץ", אין אוזדער ראַיאָן. מיט אונדז איז געווען אויך אַלעקסייעוו און איוואַן מיליוטין, צוזאַמען 4 מאַן. פאַרן אַריינגיין אין „סאָווכאָז" איז געווען אַ בריקל, אונטער וועלכן עס האָט זיך געפונען אַ לויער אויף די פּאַרטיזאַנער. ווי נאָר מיר זענען איבערגעגאַנגען דאָס בריקל, האָט מען געעפנט אויף אונדז אַ פייער, עס איז אומגעקומען וואַנקע מיליוטין. איך האָב נישט געקאָנט זיין גלייכגילטיק צו דעם.

מיר איז נאָך אויסגעקומען צו זיין מיט קודרעשאָוון אין איינעם פון די דערפער אויף אַ „וויעטשערינקע״, ווו ער האָט זיך אָנגעטרונקען מיט „סאַמאָגאָן״ (היימיש געמאַכטער בראָנפן). איינער פון די פויערים האָט אים געפרעגט אין מיין אָנוועזנהייט, ווען ער איז שוין געווען גוט שיכור: „זאָג מיר, ברודער מיינער, קעגן וועמען קעמפסטו?״. מישקע האָט געענטפערט: „איך קעמף קעגן יידן, קאָלכאָזן און קעגן היטלערן״. איך האָב נישט אַרויסגעוויזן מיין אומצופרידנקייט פון מיין „חברס״ ענטפער. איך האָב זיך נאָר צוגעאיילט שנעלער צו פאַרלאָזן די קאָמפּאַניע.

ווען איך בין צוריקגעגאַנגען מיט מישקען אין לאַגער, זענען מיר געקומען אין קאָפּ אַריין פאַרשידענע געדאַנקען: אפשר געבן אים אַ קויל אין קאָפּ, איז מיר אָבער געווען אַ שאָד מיינע געציילטע קוילן. דאָס האָט מיך אָפּגעהאַלטן פון דערשיסן אים. איך האָב געהאַט צוטרוי צו דעם אוקראַינער, דימקע אָווסייניקאָוו, וואָס איז געווען געטריי ניקיטינען, און איך האָב אים פאָרגעלייגט, מיר זאָלן איבערלאָזן קודרעשאָוון און גיין זוכן דעם „אָטריאַד״.

דימקעס ווונד האָט זיך עטוואָס פאַרהיילט, ער האָט שוין געקאָנט בעסער גיין. צו אונדז איז אויך צוגעשטאַנען ראובן און קאַזאַכין. זאַלבע פערט האָבן מיר אין אַ שיינעם פרימאָרגן איבערגעלאָזן קודרעשאָוון, אַלעקסייעוון מיט די צוויי פרויען און זענען אַוועק אויף מערב. מיר זענען אָנגעקומען אין קאַפּוליער ראַיאָן און איבערגעגאַנגען דעם טייך ניעמאַן, אין דער געגנט פון פּיאַסעצנע.

מיר האָבן זיך דערוווּסט פון די איינוווינער, אַז נישט ווייט פון פּיאַסעצנע געפינען זיך פּאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפירונג פון מאַיאָר באַזיענקאָ. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרבינדן זיך מיט דעם „אָטריאַד״ און מיט זיין אָנפירער, מיט דעם געדאַנק נישט איבערצובלייבן ביי אים, נאָר באַמיען זיך צו באַקומען אינפאָרמאַציעס ווו עס געפינט זיך אונדזער טייל.

ביינאַכט זענען מיר אַרויס אויף די וועגן ווו די פּאַרטיזאַנער האָבן באַדאַרפט דורכפאָרן. מיר האָבן געמוזט זיין פאָרזיכטיק, אַז אונדזער באַגעגעניש מיט די אָרטיקע פּאַרטיזאַנער זאָל צווישן אונדז און זיי נישט אַרויסרופן קיין מיספאַרשטענדעניש און נישט ברענגען צו קיין צוזאַמענשטויס צווישן אונדז, ווייל מיר האָבן נישט געוווּסט דעם פּאַראָל פון די פרעמדע פּאַרטיזאַנער.

מיר זענען אָנגעקומען אין וועליעשענער וואַלד. אין דאָרף וועליעשענע, ביינאַכט, האָבן מיר דערהערט אַריינפאָרן וועגענער. לויט דעם רעש פון די רעדער האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אַז עס זענען פאַראַן עטלעכע פורן. מיר זענען אַריין אין אַ הויף, כדי נישט צו ווערן באַמערקט. דאָס דאָרף איז געשלאָפן און עס האָט געהערשט אַ פולשטענדיקע שטילקייט.

אויפן באַפעל פון דימקען האָבן מיר געדאַרפט אָפּשטעלן דעם ערשטן וואָגן, וואָס וועט פאַרבייפאָרן. מיר האָבן אַזוי געטאָן און זיך איבערצייגט, אַז דאָס

זענען פּאַרטיזאַנער. דימקע איז אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן דעם אָנקומענדיקן וואָגן. ווען זיי האָבן דערזען דעם אומבאַקאַנטן באַוואָקסענעם מענטש, זענען די פּאַרטיזאַנער שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן. ער האָט זיך פאַר זיי פאָרגע־שטעלט און געפרעגט אויף דעם עלטסטן פון זייער גרופּע. די אָנקומענדיקע פּאַרטיזאַנער האָבן אַרומגערינגלט דימקען און באַפוילן שטיין בלייבן, וואַרטן אויף די אָנקומענדיקע פורן, ווו עס געפינט זיך דער אָנפירער פון דער גרופּע — דער פּאַרטיזאַנער אָרלאָוו. ווען עס איז אָנגעקומען די לעצטע פור מיט דעם עלטסטן, האָט זיך דימקע אים פאָרגעשטעלט. אַלס פּאַרטיזאַן פון ניקיטינס אָטריאַד און געזאָגט, אַז ער, דימקע, איז נישט אַליין.

מיר זענען צוגעקומען, ווען דימקע האָט אונדז גערופן. אָרלאָוו האָט גע־פרעגט צי דאָס זענען אַלע. ווען ער האָט דערהערט דעם ענטפער פון דימקען, אַז דאָס זענען אַלע, האָט ער באַפוילן אונדז אַנידערלייגן דאָס געווער אויפן וואָגן. דימקע האָט זיך קעגנגעשטעלט זיין באַפעל און מיר האָבן דאָס געווער נישט געוואָלט אָפּגעבן. ווען אָרלאָוו האָט אונדז דערקלערט, אַז זיי פאָרן אויספירן אַן אויפגאַבע און אונדז דאַרפן זיי אָפּשיקן אין לאַגער מיט צוויי באַגלייטער, און דעריבער איז אוממעגלעך איבערצולאָזן אונדז מיט דעם געווער, זענען מיר איינגעגאַנגען אָפּצוגעבן די קוילן מיט די גראַנאַטן, אָבער נישט די ביקסן מיט די רעוואָלווערן.

אָרלאָוו האָט דערויף מסכים געווען און אונדז צוגעטיילט אַ וואָגן מיט צוויי באַגלייטער, וועלכע האָבן אונדז אָפּגעפירט אין לאַגער, אין סטאַריצער וואַלד, קאָפּוליער ראַיאָן. ביז אינדערפרי זענען מיר געווען אונטער אַ וואַך אין שטאַב פון דער בריגאַדע. אינדערפרי איז צו אונדז צוגעקומען דער מאַיאָר קאָפּוסטע, וועמענס פּסעוודאָנים איז געווען באַזיענקאָ. אים האָט באַגלייט דער נאַטשאַלניק פון דער פּערסאָנאַל־אָפּטיילונג.

## אין קאָפּוסטעס פּאַרטיזאַנער־בריגאַדע און דער צוזאַמענשטויס מיט אַ דייטשן פּאָלק

צו דער בריגאַדע פון קאָפּוסטען האָבן געהערט 4 אָטריאַדן, וואָס האָבן געטראָגן די נעמען: „טשאַפּאַיעוו", קאָמאַנדיר — דונאַיעוו; „שטשאָרס", קאָ־מאַנדיר — שעסטאָפּאַלאָוו, „פּאַרכאָמיענקאָ", קאָמאַנדיר — יעראָמענקאָ. די אָטריאַדן האָבן געהאַט שווערע מאַשין־געווער. אין אָטריאַד אויפן נאָמען פון זשוקאָוו איז געווען קאָמאַנדיר — ליאָווע הילטשיק, אַ קאָפּולער ייד. יעדער אָטריאַד איז באַשטאַנען פון 2 ראָטעס.

קאָפּוסטע מיט דעם נאַטשאַלניק פאַר פּערסאָנאַל־ענינים האָבן אונדז פאַר־הערט. מיר האָבן זיי דערציילט אונדזער פאַרגאַנגענהייט און אַז מיר האָבן בדעה

ווייטער זוכן אונדזער אָטריאַד. זיי האָבן אונדז אויסגעהערט און געזאָגט, אַז זיי באַגריסן אונדז פאַר דעם, וואָס מיר זענען געטריי אונדזער קאָמאַנדיר, נאָר זיי איז באַוווּסט, אַז ניקיטין מיט זיין אָפּטיילונג זענען זייער ווייט אַוועקגעגאַנגען פון די געגנטן און דעריבער זענען מיר פאַרפליכטעט איבערצובלייבן אין דער בריגאַדע. עס איז פאַראַן אַ באַפעל, אַז די קליינע גרופּעס, וועלכע זענען נישט פאַראייניקט זאָלן פאַררעכנט ווערן פאַר באַנדיטן און זיי ווערן אומגעבראַכט דורך די פּאַרטיזאַנער. אונדזערע באַפעלער האָבן צוגעגעבן, אַז אין זייער בריגאַדע זענען שוין פאַראַן פּאַרטיזאַנער פון ניקיטינס אָטריאַד, וועלכע זענען אויך אָפּגעשטאַנען ווי מיר.

פאַרן פאַרלאָזן אונדז, האָבן זיי באַפוילן דעם וועכטער, ער זאָל אונדז נישט היטן און זאָגן דעם קוכער, מ׳זאָל אונדז געבן עסן. מיר זענען נישט געווען צופרידן מיט דעם, וואָס מיר דאַרפן איבערבלייבן, נאָר אַנטקעגנשטעלן זיך האָבן מיר נישט געהאָט בדעה.

נאָך מיטאָג זענען צו אונדז געקומען דריי קאָמאַנדירן פון די ראָטעס. מיט זיי זענען אויך געווען 3 פּאַרטיזאַנער, וועלכע מ׳האָט גערופן „ניקיטינצעס״. איינער פון די דריי איז געווען דימקע באַראַנאָוו, מיין גוטער באַקאַנטער. מ׳האָט אונדז צעטיילט אין די אָטריאַדן. מיך — אין דעם אָטריאַד אויפן נאָמען פון טשאַפּאַיעוו, ווו עס איז אויך געווען באַראַנאָוו, דימקע אָוסייניקאָוו — אין דעם אָטריאַד אויפן נאָמען פון פּאַרכאָמיענקאָ, און אַליאָשען מיט רובינען אין שטשאָרס אָטריאַד.

*

ליאָווע הילטשיק, דער יידישער קאָמאַנדיר, איז געווען פון די ערשטע, וועלכער האָט אין קאָפּולער ראַיאָן גענומען אָרגאַניזירן פּאַרטיזאַנער. ער איז נישט געווען קיין מיליטערמאַן, אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, אַ קאָפּולער געבוירענער, פאַר דער מלחמה האָט ער דאָרט געאַרבעט אַלס פאַרוואַלטער פון קאָפּולער „רייזאַגאָטסקאָט״ (קרייז־אַמט פאר בהמות־צושטעלונג). אַלע אָנגעהעריקע צו זיין אָטריאַד זענען אין יענער צייט געווען יידן און מ׳האָט די אָפּטיילונג גערופן „יעווריעיסקי אָטריאַד״. שפּעטער — די אָפּטיילונג א.ג. פון זשוקאָוו. הילטשיק האָט אין זיין אָטריאַד אויפגענומען אַלע יידן פעיקע צום קעמפן און אויך אומפעיקע: עלטערע יידן, פרויען און קינדער, וועלכע אַנדערע קאָמאַנדירן האָבן נישט אַריינגענומען אין זייערע אָפּטיילונגען, זענען געראַטעוועט געוואָרן אַ דאַנק דעם איינציקן אָטריאַד, ווו עס איז געווען קאָמאַנדיר ליאָווע הילטשיק.

דונאַיעוו, אַ געוועזענער לייטענאַנט, אין עלטער פון 30 יאָר, מיט לאַנגע וואָנסן, ענלעך טאַקע צו טשאַפּאַיעוון, געקליידט ווי אַ קאָזאַק — האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די בעסערע קאָמאַנדירן פון זיין אָטריאַד.

דער קאָמאַנדיר פון מיין גרופּע איז געווען ציזשאָוו, און דער ראָטע־קאָמאַנ־דיר — ראשקאָוו, אויך אַ געוועזענער לייטענאַנט. ער האָט אויסגעזען ווי אַ ייד, אַ שוואַרצער יונגערמאַן, האָט גערעדט נישט קיין שיינעם רוסיש און געווען באַקאַנט מיט דער יידישער געשיכטע. ער האָט זיך קיינמאָל נישט אַרויסגעגעבן פאַר קיין ייד, אָבער די קאָמאַנדירן האָבן אים חושד געווען, אַז ער איז אַ ייד.

ווי אין די אַנדערע אָטריאַדן, האָט אויך ביי אונדז אויסגעפעלט ביקסן. נאָכן זיין אַ וואָך צייט אין אָטריאַד, האָב איך דערציילט דעם קאָמאַנדיר פון מיין גרופּע, ציזשאָוון, אַז מיר איז אויסגעקומען צו זיין אין איינעם פון די דערפער אין אוזדער ראַיאָן און אַ פּויער האָט מיר פאָרגעלייגט צו נעמען געווער, וואָס די רויטאַרמייער האָבן איבערגעלאָזן און ער האָט עס באַגראָבן. דער פּויער איז געווען גרייט צו ווייזן דאָס אָרט, ווו עס איז געווען באַהאַלטן דאָס געווער. ציזשאָוו האָט וועגן דעם געמאָלדן דעם קאָמאנדיר פון מיין ראָטע, ראָשקאָוון, און דעם הויפּט־קאָמאַנדיר דונאַיעוון.

איך האָב באַקומען די אויפגאַבע צו ברענגען דאָס געווער. מיט נאָך אַ פּאַר־טיזאַנער, אַן אויסשפּירער פון אָטריאַד, באָנדאַרענקאָ — בין איך אַוועק אין אוז־דער ראַיאָן, אין דעם דאָרף, ווו עס האָט זיך געפונען דאָס געווער. די זון איז נאָך נישט געהאַט אונטערגעגאַנגען, ווען מיר זענען געווען אויף דעם צענטראַלן וועג, וואָס האָט געפירט פון מינסק קיין סלוצק, וועלכן מיר האָבן באַדאַרפט איבערגיין. בעת מיר זענען געווען אויפן ראנד פון וואַלד האָבן מיר געהאט א צוויי הונדערט מעטער פריי פעלד ביז דעם וועג. אויף דער צווייטער זייט איז געווען גלייך דער וואַלד. מיר האָבן באַשלאָסן דעם אָרט אריבערצוגיין און נישט וואַרטן ביז עס וועט ווערן פינצטער.

אויפן וועג איז געווען אַ פאַרקער פון מיליטערישע און ציווילע אויטאָס. אין פעלד האָבן געאַרבעט פּויערים און פּויערטעס. מיר האָבן אויסגעוואַרט אַ מאָמענט, ווען מ׳האָט נישט געהערט דעם רויש פון אָנקומענדיקע מאַשינען און געלאָזט זיך לויפן צום וועג מיטן פרייען פעלד. פלוצים, אינמיטן לויפן, האָבן מיר דערהערט אַ גערויש פון מאַשינען. מיר האָבן זיך נישט צוריקגעקערט און באַוויזן צוצולויפן צום וועג, ווו מיר האָבן זיך אַנידערגעלייגט אונטער די קוסטעס אין ראָוו דורכצולאָזן די אָנקומענדיקע מאַשין.

עס איז אָנגעקומען אַ לאַסט־אויטאָ. פון דער קאַבינע איז אַרויס דער שאָפער, א דייטשער זעלנער, ער האָט אויפגעהויבן דעם „קאַפּאָט" פון דער מאַשין, עפּעס אַ פּאָרקע געטאָן און נאָכדעם זיך אומגעקערט צו דער קאַבינע און אַרויסגע־נומען זיין ביקס און צוזאַמען מיט איר אַרונטערגעקראָכן אונטער דער מאַשין. אין דער קאַבינע איז געזעסן אַ צווייטער מיליטער־מאַן אין אַן אָפיצירן־היטל, מיט ווייסע, אָפּיצערסקע פּאָלעטן און אַ רעוואָלווער אין דער זייט פון פּאַס פון זיין אויסגעפּאַסטן מונדיר. אויך ער איז אַרויס פון דער קאַבינע, זיך אויסגע־

דרייט מיט דער פּלייצע צו אונדז און געקוקט אין וואַלד אויף דער צווייטער זייט פון וועג.

איך האָב זיך געלאָזט צום אָפיציר און אַרונטערגענומען דעם פּאַס מיט דעם צילער אין קאָפּ פון דעם אָפיציר און אין דער סעקונדע אויסגעשאָסן פון רעוואָל־ווער. דער אָפיציר איז געפאַלן. אין דעם מאָמענט האָט דער זעלנער אַרויסגע־רוקט פון אונטער דער מאַשין די ביקס, ווערנדיק שיסן אויף מיר, נאָר באַנדאַ־רענקאָ האָט פריער אויסגעשאָסן און ער האָט געטראָפן דעם זעלנער אין הינטן. ער האָט אוועקגעוואָרפן די ביקס און באַנדאַרענקאָ האָט זי שנעל אונטערגעכאַפּט.

איך האָב זיך געלאָזט צום אָפיצר און ארונטערגנומען דעם פּאַס מיט דעם רעוואָלווער. דעם דייטשן פאַרווונדעטן זעלנער האָב איך שטרענג באַפוילן ער זאָל גיין פאָרויס אין וואַלד. מיט איין האנט האָט ער זיך געהאַלטן פארן הינטן, ווו עס האָט גערונען בלוט. ער האָט נאָר געפרעגט אונדז — „קאַפּוט, קאַפּוט?“. און איך האָב אים געזאָגט — „נישט קאַפּוט“, און געקלאַפּט מיט דעם הענטל פון רעוואָלווער, ער זאָל שנעלער גיין.

ווען מיר זענען אַריין עטלעכע מעטער אין וואַלד, האָבן מיר דערהערט אַ גערויש פון מאַשינען. דער זעלנער האָט גענומען זיך אָפּשטעלן און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער קאָן נישט גיין. מיר האָבן אים געשלעפּט מיט די לעצטע כוחות, און ווען ער האָט דערהערט נענטער דעם גערויש פון די מאַשינען, האָט ער נישט געוואָלט גיין. איך האָב אָפּגעריסן פון זיין העמד אַ שטיקל מאַטעריאַל און אים פאַרשטאָפּט דאָס מויל און מיט זיין רימען פאַרבונדן די הענט אויף הינטן. ער איז געווען שטאַרק דערשראָקן. מיר וואָלטן אים דערשאָסן, נאָר מיט דעם אָפּהילך פונעם שאָס וואָלטן מיר זיך אויסגעגעבן. באַנדאַרענקאָ האָט ־־ים פון הינטן דערלאַנגט עטלעכע מאָל מיטן קינזשאַל, און ווען ער איז שוין געווען טויט האָבן מיר פון אים אַרונטערגעצויגן די שטיוול. אויפן וואַלד האָט מען געעפנט אַ שיסערייַ פון וועג, ווו מיר האָבן איבערגעלאָזן די מאַשין מיט דעם דערהרגעטן אָפיציר.

מיר זענען אָנגעקומען אין דעם באַשטימטן דאָרף און זיך דערוווסט ביי דעם פויער, אַז נאָכדעם ווי איך בין פון דאָרט אַוועק, האָט ער פאַרגעלייגט אַנדערע פּאַרטיזאַנער דאָס געווער. זיי האָבן עס אויסגעגראָבן און צוגענומען. מיר זענען בשלום צוריקגעקומען אין אונדזער מחנה. דער אָנפירונג איז שוין געווען באַקאַנט דורך דעם אויסשפּיר, וועגן דעם פאַל אויפן וועג סלוצק—מינסק, נאָר זיי האָבן נישט געוווסט ווער עס זענען געווען די פּאַרטיזאַנער, און ווען מיר זענען אָנגעקומען און איך האָב מיטגעבראַכט דעם „פּאַראַבעל“ מיט דעם אָפּיצערסקן רימען, און באַנדאַרענקאָ די ביקס און די שטיוול, איז קלאָר געוואָרן פאַר דער אָנפירונג, אַז איך און באַנדאַרענקאָ זענען עס געווען די, וועלכע האָבן דער־הרגעט דעם אָפיציר און שפּעטער אין וואַלד — דעם זעלנער.

## די רעלסן־מלחמה („רעלסאָוואַיאַ וואינאַ")

נאָך דעם פֿאַל בין איך געווען געשעצט דורך די פּאַרטיזאַנער און קאָמאַנ־דירן. זיי האָבן צו מיר געהאַט צוטרוי. איך האָב זיך געבעטן, אַז מען זאָל מיר מיטגעבן עטלעכע פּאַרטיזאַנער און איך וועל מיט זיי גיין שאַפן געווער אין די געגנטן, וועלכע האָבן געפירט קיין אַלשאַן. איך האָב געהאַט דאַביי אַ כוונה פֿאַר־בונדן מיט דער האָפענונג: אפשר וועל איך קאָנען ראַטעווען מיינע עלטערן — וועלוול און רחל ליאַנד. הגם זיי זענען שוין געווען אין עלטער פון איבער פופ־ציק יאָר, האָב איך דאָך זיך פאַרגעשטעלט די אַרבעט, וועלכע זיי וואָלטן געקאָנט מאַכן אין אָטריאַד. איך האָב געפּרווווט זיך פאַרשטעלן, ווי מיין 16יאָריק שוועס־טערל, פרומע־שרהלע, וועלכע איז געבליבן מיט די עלטערן, וואָלט אויסגעזען אַלס פּאַרטיזאַנערין. עס האָט מיך נישט אָפּגעשראָקן דער געדאַנק, אַז זי קאָן דאָ אומקומען. בעסער שטאַרבן מיט דער ביקס אין דער האַנט ווי ווערן פאַרנאַרט צו די מאַסן־שחיטות. איך האָב געפּרווווט זיך פאַרשטעלן — ווער פון דער אַלשאַנער יוגנט, פון מיינע חברים, וואָלט זיך צו מיר אָנגעשלאָסן. מיר פלעגט נאָר שרעקן דער געדאַנק, צי האָב איך נישט פאַרשפּעטיקט! מיינע האָפענונגען האָבן זיך אויסגעלאָזן מיט גאָרנישט. אַלשאַן איז געווען זייער ווייט און מיינע פאַרשלאַגן זענען דעריבער נישט אָנגענומען געוואָרן.

*

מיר זענען דורכגעגאַנגען די וועלדער פון אַלעקסאַנדראָווע און ערב דעם יום־טוב פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָבן מיר מיט דער גאַנצער בריגאַדע צוריקגעקערט זיך אין דעם סטאַריצער וואַלד. די נאָענטסטע דערפער זענען געווען: סטאַריצע, זאַפּאַליע און שווידיצי. אין דעם וואַלד האָט זיך די בריגאַדע געגרייט צו דעם יום־טוב פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע פונעם יאָר 1942.

גראַד אין 7טן נאָוועמבער 1942, פאַרטאָג, האָבן זיך אָנגעהויבן די שלאַכטן מיט דייטשע אַרמיי־טיילן, וועלכע האָבן אונדז אָנגעגריפן מיט טאַנקן פון סטאַ־ריצער ריכטונג. מיר האָבן צוגעפירט אונדזערע האַרמאַטן אויפן ברעג פון וואַלד און מיר זענען אַריינגעטראָטן אין קאַמף. די ערשטע ליניע האָט פאַרנומען די ראָטע פון ראַשקאָוון, אין וועלכער איך האָב זיך געפונען. מיט אונדז איז געווען דונאַיעוו — דער קאָמאַנדיר פון אָטריאַד. הינטער אונדז די ראָטע פון גריבען. די אָפּטיילונגען האָבן פאַרנומען פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציעס אין דער ריכטונג פון שווידיצי און זאַפּאַליע. מיר האָבן נישט דערלאָזט אַריינגיין אין וואַלד די דייטשע פיעכאָטע, האָבן זיי אויף אונדז געלאָזט טאַנקען. די אָפּטיילונג פון אונדזער אַרטילעריע האָט זיך קעגנגעשטעלט די טאַנקען, און דער קאָמאַנדיר פון דעם האַרמאַט, עליאשא, האָט צעשמעטערט דעם ערשטן טאַנק, וועלכער האָט זיך דערנענטערט צו אונדז.

מיר זענען געוועזן צו שוואַך, כדי זיך קעגנשטעלן זיך דעם שונא, האָבן מיר גענומען אָפּטרעטן. בעתן איבערלויפן דעם וועג, וואָס האָט געפירט אין וואַלד, איז געהרגעט געוואָרן דונייעוו. די קאָמאַנדע פון אָטריאַד האָט איבערגענומען דער קאָמיסאַר זשוקאָוו, שפּעטער איז אויך ער געהרגעט געוואָרן.

מיר האָבן פאַרלאָזן סטאַריצער וואַלד און אַוועק אין דעם וועלעשינער וואַלד.

*

איך בין איבערגעפירט געוואָרן אין שטאַב פונעם אָטריאַד אין דינסט פון אויסשפּיר. צו אונדז איז געקומען דער געוועזנער קאַפּיטאַן רעבענס. ער האָט באַקומען די אָנפירונג פון אַ גרופּע, ווו איך בין אויך געוועזן. רעבענס מיט אַ 20 פּאַרטיזאַנער זענען אַוועק אויף אַ חודש צייט אין דעם ראַיאָן פון דער באַן־ליניע, וואָס האָט געפירט פון סטאָלבצי דורך קוידענאָוו אין די וועלדער, ווו עס איז נישט ווייט געווען די סטאַציע ניעגאָרעליאָ. אונדזער גרופּע האָט באַקומען די אויפגאַבע: פּאַראַליזירן דעם באַן־פאַרקער אין יענער געגנט.

אונטער דער אָנפירונג פון רעבענסן האָבן מיר טאָג־טעגלעך אונטערגעלייגט אויפרייס־מאַטעריאַלן אויף דער אייזנבאַן־ליניע און פּלעגן „אַרונטערלאָזן" טראַנספּאָרטן פון די ליניעס, שפּעטער זיי באַשיסן מיט אונדזער האַנט־געווער און פאַרוואַרפן מיט גראַנאַטן.

דאָס איז געווען נישט קיין לייכטע אויפגאַבע, ווייל די צוגן אין יענער געגנט זענען געגאַנגען זייער פּאַמעלעך און הינטער זיי איז געפאָרן אַ געפּאַנצערטער צוג, וואָס האָט אונדז באַשאָטן מיט אַ האָגל קוילן און מינעס פון די מינען־וואַרפער. מיר האָבן גוט אויסגעפירט די אויפגאַבע מיט ווייניק פאַרלוסטן אין מענטשן.

אין דער זעלבער צייט האָבן אַנדערע אונדזערע אָפּטיילונגען פאַרניכטעט און אַרויסגעפירט פון גאַנג די סטאַציע טימקאָוויטש, אין דעם ראַיאָן פון קאַפּוליע. אונטער דער אָנפירונג פון ראָשקאָוון האָב איך פיל מאָל גענומען אָנטייל אין דער אַזוי גערופענער „רעלסאָוואַיאַ וואָינאַ" (רעלסן־מלחמה), וואָס איז באַשטאַנען אין אויפרייסן די שוועלן אונטער די שינעס. יעדער פון אונדז האָט געהאַט דעם נייטיקן סכום אויפרייס־מאַטעריאַלן אויף צו פאַרניכטן 4 „שפּאַלעס" (שוועלן). נאָך יעדן אָנפאַל פון אונדזערע גרופּעס אויף די ליניעס זענען צעשעדיקט געוואָרן צענדליקער קילאָמעטערס באַן־ליניע, וואָס פלעגט פאַרהאַלטן דעם פאַרקער פון די דייטשע מיליטער־טראַנספּאָרטן אויף די באַן־וועגן.

מיר זענען אויך צו, אין אַ פאַרנאַכט, צו דעם ראַיאָן־צענטער אין אוזדע און אים פאַרנומען נאָך צוויי שעה קאַמף מיט די דייטשן. מיר זענען דאָרט פאַרבליבן ביז פאַרטאָג און נאָכדעם ווי מיר האָבן פאַרניכטעט דעם קאָמיסאַריאַט און פאַרברענט דייטשע אונטערנעמונגען, זענען מיר אַוועק אָן פאַרלוסטן.

*

אין דעם ראַיאָן פון סטאַרע דאָראָגי האָט זיך געפונען אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפירונג פון וואַסיל איוואַנאָוויטש. די גרופּע איז נישט געווען בכוח צו פאַרניכטן די דייטשע פּאָליציי־גאַרניזאָנען, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די אַרומיקע דערפער, אין דער געגנט פון די וועלדער צווישן סטאַרע דאָראָגי און סלוצק. זענען מיר, אַ גרופּע פון 30 מאַן אומגעפער, אונטער דער אָנפירונג פון ראָשקאָוון, אַוועק אין דער דערמאָנטער געגנט. דער אויסשפּיר איז געפירט געוואָרן צוזאַמען מיט די אָרטיקע פּאַרטיזאַנער פון דער גרופּע פון וואַסיל איוואַ־נאָוויטש. מיר האָבן צעשטערט און פאַרטריבן די פּאָליציי־גאַרניזאָנען, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען.

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין דערבייאיקן דאָרף זענען געקומען צוויי פּאָליציאַנטן זיך טרעפן מיט זייערע משפחות. ווען עס איז פינצטער געוואָרן, זענען מיר אַוועק אין דעם דאָרף, ווו עס האָבן זיך געפונען די פּאָליציאַנטן. צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאַרטיזאַן האָב איך געבראַכט אַ „צונג" * — אַ פּויער פון יענעם דאָרף, ווו די פּאָליציאַנטן האָבן זיך געפונען. ער האָט אונדז אָנגעוויזן זייער וווינונג. זענען איך מיט ראָשקאָוון, אַריין אין שטוב און איידער מיר האָבן גענומען זוכן דעם פּאָליציאַנט, האָבן מיר געוואָרנט זיין פרוי און פאָטער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין שטוב, אַז אין פאַל ווען מיר געפינען אים, הרגענען מיר אים מיט זיי צוזאַמען און די שטוב וועלן מיר אונטערצינדן. דער פּאָליציאַנט איז אַראָפּ־געקראָכן פון בוידעם, ער האָט זיך אונדז איבערגעגעבן און געוואָרן דערשאָסן. דער צווייטער פּאָליציאַנט איז געהרגעט געוואָרן, ווען ער האָט געפּרוּווט אנט־לויפן.

אין די אָרטיקע וועלדער האָב איך איינמאָל געטראָפן צוויי יידן פון סלוצק, וועלכע זענען געפאָרן מיט אַ שאָפער אין וואַלד נאָך האָלץ פאַר די דייטשן. דער שאָפער מיט זיין באַגלייטער, ביידע קריסטן, האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן און די מאַשין מיט די צוויי יידן האָבן מיר פאַרכאַפּט. איינער פון זיי איז געווען הערשקע קריוויצקי, דעם צווייטנס נאָמען געדענק איך נישט. ביידע האָט ראָשקאָוו צוגע־נומען אין אונדזער גרופּע.

## צוואַנגס־מאָביליזאַציע, ווערבירונג פון פרייוויליקע און פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער פּאָליציי

אין די פּאַרטיזאַנער־ראַיאָנען זענען דורכגעפירט געוואָרן מאָביליזאַציעס. לויטן באַפעל האָבן באַדאַרפט אַלע יונגעלייט אָנשליסן זיך אין די רייען פון די

* ברענגען אַ צונג — פאַרכאַפּן אַ מענטש פון פיינטלעכן לאַגער, וואָס זאָל דערציילן, וואָס דאָרט טוט זיך.

פּאַרטיזאַנער, ווען נישט, זענען זיי געווען פאַררעכנט פאַר דעזערטירן און האָבן געדאַרפט פאַרלאָזן זייערע היימען. מיר האָבן פּאַרלאַנגט פון דער באַפעלקערונג — נישט בלייבן נייטראַל, נאָר קומען צו אונדז אין די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען. עס האָט זיך אויך געפירט אַ געהיימע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פּאָליציאַנטן און צווישן די אוקראַינישע באַטאַליאָנען, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער געגנט און געדינט די דייטשן. ווייסרוסישע מיידלעך, וועלכע זענען געווען אין קאָנטאַקט מיט זיי, זענען דורך אונדז געוואָרן אויסגענוצט צו פאַרבינדן זיך מיט איניקע קאָמאַנדירן פון די אוקראַינישע גאַרניזאָנען, וואָס האָבן געוואָלט איבעררייסן זייער דינסט פאַר די דייטשן. ווען עס איז נויטיק געווען זענען מיר אָנגעפאַלן אויף די גאַרניזאָנען און געוואָרן געשטיצט פון אונדזערע אָנהענגער צווישן די פּאָליציאַנטן און אוקראַי־נער, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען.

פון די פּאַרטיזאַנער־מחנות זענען אויסגעוואַקסן בריגאַדעס וואָס האָבן זיך פאַראייניקט אונטער איין אָנפירונג און באַקומען דעם נאָמען פון טשאַפּייעוו, אונטער דער אָנפירונג פון קאַפּוסטען. די פאַראייניקטע בריגאַדעס זענען געווען אין קאָנ־טאַקט מיט דעם ווייסרוסישן שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. הויפּט־קאָמאַנדיר איז געווען קאָזלאָוו, וועלכער האָט זיך געפונען אין דעם ליובאַנער ראַיאָן. דאָרט האָבן מיר אויך געהאַט אַן ערָאָדראָם, ווו עס פלעגן זיך אַראָפּלאָזן סאָוויעטישע עראָפּלאַנען. זיי האָבן געבערענגט אָדער אַרונטערגעוואָרפן געווער, מעדיקאַמענטן און ליטעראַטור. זיי האָבן אויך צוגענומען שווער־פאַרוווּנדעטע.

יעדע בריגאַדע האָט געהאַט אַ ראַדיאָ און אַ „ראַציאַ״ (ראַדיאָ־איינריכטונג צום אָפּשיקן ידיעות), ווי אויך אַ טיפּאָגראַפיע, וואָס האָט געדרוקט אַ קליינע צייטונג — „קראַסני פּאַרטיזאַן״ — מיט די לעצטע נייעס אויף די פראָנטן, אַרויס־געגעבן פון „סאָוויעטישן אינפאָרם־ביוראָ״. די צייטונג איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג.

## דייטשן און זייערע העלפער, די אוקראַינער־וולאַסאָווצעס אין געפאַנגענשאַפט ביי די פּאַרטיזאַנער

איך בין איבערגעפירט געוואָרן אין דער „ראַזוויעדקע״ (אויסשפּיר־אָפּטיי־לונג פון דעם בריגאַדע־שטאַב). אונדזער „ראַזוויעדקע״ איז באַשטאַנען פון 6 פּערזאָן. יעדער פון אונדז האָט געהאַט אַ פערד צום רייטן. מיר האָבן באַקומען אַ צוגעטיילטן ראַיאָן־פּונקט. ווי די אַנדערע מחנות און בריגאַדעס האָבן מיר אויך אָנגעהאַלטן די פאַרבינדונג מיט די אַנדערע בריגאַדעס און איינהייטן. ווען אין די הענט פון די פּאַרטיזאַנער זענען אַריינגעפאַלן דייטשן און זייערע מיטהעלפער — אוקראַינער, זענען זיי אויסגעפאָרשט געוואָרן דורך דעם נאַטשאַלניק פאַר פער־סאָנאַלע ענינים, וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם באַפעל זיי צו דערשיסן. דער באַפעל איז שטענדיק אויסגעפירט געוואָרן.

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז ווען מ׳האָט די דייטשע רוצחים געפירט צום עקזעקוציע־אָרט, האָבן זיי געבעטן רחמים, מען זאָל זיי מוחל זיין. די גאַנצע שולד — פלעגן זיי זאָגן — האָט נאָר היטלער און ס.ס. ער, דער פאַרמשפטער, איז נישט שולדיק. ער איז נאָך יונג און ער האָט אַ פרוי און קינד און ער וויל לעבן און מען זאָל אים לאָזן לעבן — אַזוי האָבן די דייטשע „העלדן" הינטיש געבעטן פאַר זייער לעבן. אַנדערש זענען געווען די אוקראַינער. זיי פלעגן זיך נישט בעטן. זיי האָבן רואיקע געקוקט דעם טויט אין די אויגן. בעת מען האָט איינעם פון זיי געשאָסן, האָט דער צווייטער פאַרמשפטער, וואָס האָט געוואַרט אין דער ריי, נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט און געוואַרט אויפן טויט.

מיר דערמאָנט זיך ווי אין איינעם פון די דערפער האָבן מיר געכאַפּט זעקס דייטשע זעלנער מיט אַן אָפיציר, וועלכע זענען געקומען אין דאָרף נעמען עופות. נאָכדעם ווי זיי האָבן אַנגערויבט הינער, האָבן זיי זיך געלייגט אָפּרוען אין אַ שייער. מיר האָבן זיי אַרומגערינגלט און זיי געפאַנגען. אויף אונדזערע געשטעלטע פראַגן האָט קיינער פון די זעלנער נישט געענטפערט. זיי האָבן אונדז פאַרגעשטעלט זייער אָפיציר: „נאָר ער — האָט יעדער פון זיי דערקלערט — האָט וואָס צו זאָגן". און ווען מען האָט זיך געווענדעט צום אָפיציר, האָט ער אונדז גלייך מיט שטאָלצקייט געשטעלט אַ פראַגע: וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרמיי, וועלכע האָט אים גענומען אין געפאַנגענשאַפט? ער וועט רעדן נאָר ווען מען וועט אים אָפּפירן אין שטאַב.

ווען ער האָט דערהערט, אַז מיר זענען פאַרטיזאַנער, איז ער שוין מער נישט געווען אַזוי שטאָלץ, און ער האָט שוין, פונקט ווי די אַנדערע, געוווּסט מיט וועמען ער האָט צו טאָן און וואָס עס דערוואַרט אים.

*

נאָכדעם ווי איך בין אין ווינטער 1942 געווען 2 חדשים אויסשפּירער אין דעם אָטריאַד אויפן נאָמען פון זשוקאָוו, דער פריער גערופענער „יידישער אָטריאַד", האָב איך זיך צוריקגעקערט אין דעם שטאַב פון דער בריגאַדע אין וועלכער עס האָט זיך שוין צו יענער צייט געפונען 50 פּראָצענט קריסטלעכע פאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפירונג פון דעם יידישן קאָמאַנדיר ליאָווע הילטשיק. דער אָטריאַד האָט באַקומען די אויפגאַבע צו פאַרניכטן אַ פּאָליציי־פּאָסטן אין דער געגנט פון די אָרליקאָווער וועלדער, וווּ מיר האָבן זיך געפונען.

די צוגרייטונג צו דעם אָנגריף האָבן געפירט די אויסשפּירער פון דעם אָטריאַד — צוויי יידישע יינגלעך אין עלטער פון 17 יאָר — מישקע און כאַנאַן, ביידע פון קאָפּולע, און צוויי רוסישע אָרטיקע איינוווינער — באַרבאַרעקא און וואָראָבעי, פונעם דאָרף סטאַריצע אין קאָפּולער ראַיאָן. דער אָנפירער פון דער אויסשפּיר־אָפּטיילונג איז געווען דער רויטאַרמייער פעטראַטשענקאָ, אַן אַנטלאָ־

פענער פון דייטשער געפאנגענשאפט. מיט דער אפעראציע האט אנגעפירט דער קאפיטאן רעבוס־קורילטשיק, דער שטאב־נאטשאלניק פון דער בריגאדע. איך בין געווען זיין באגלייטער.

אויף אונדזערע פערד זענען מיר אנגעקומען צום דארף פון דעם פאליציי־פאסטן, וווּ עס האבן זיך באדארפט געפינען 50 פאליציאנטן, באשיצטע אין בונקערס און טראנשייען. אין דער פראסטיקער ווינטער־נאכט האט זיך דער אטריאד פארשפרייט לענגאויס דעם ברעג פון וואלד, וואס איז געווען נישט ווייט פון דעם דארף. נאך א לענגערער צייט ווארטן האט זיך צו אונדז דערטראגן דער אפהילך פון די שאסן פון קוילנוואַרפערס און ביקסן. דאס האט אנגעזאגט, אז די אויסשפירער, וועלכע זענען פון אונדז געשיקט געווארן ברענגען דעם „צונג",* זענען אנטפלעקט געווארן דורך די פאליציאנטן. דער קאפיטאן הילטשיק, נעבן וועמען איך האב זיך געפונען, האט זיך אנגעהויבן דענערווירן און גענומען זידלען „אין דער מאמען אריין".

מיט אומגעדולד האט מען זיך קוים דערווארט אויף איינעם פון די שליחים אין דארף, וועלכער האט באשטעטיקט, אז מען האט זיי אנטפלעקט פארן אריינגיין אין דארף. דער קאפיטאן האט מיר געגעבן די אויפגאבע צו גיין אין דארף נאך א „צונג". צו הילף האב איך באקומען דעם אויסשפירער פון דעם אטריאד, ווארא־בעי. אין די ווייסע כאלאטן האבן מיר זיך געלאזט לויפן. שפעטער פויזען און קייקלען זיך אויפן שניי. יעדע מינוט האב איך דערווארט, אז מען וועט אויף אונדז עפענען א פייער, נאכדעם ווי די ערשטע שליחים זענען געווארן אנטדעקט. איך האב געהאלטן פאר א נארישקייט פון דעם קאפיטאן דאס שיקן אונדז אין אפענעם פייער, נאר פריקאז (באפעל) בלייבט פריקאז.

מיר האבן זיך דערנענטערט צום דארף, און ווען מיר האבן זיך אוועקגעלייגט, האבן מיר דערהערט פארדעכטיקע באוועגונגען אין א הויף פון א פויער. מיר זענען אנגעקומען אויף דעם ארט און באמערקט א פויער, וועלכער האט געשפאנט דאס פערד. ער איז דורך אונדז גענומען געווארן אין געפאנגענשאפט. אויף מיין פראגע, פארוואס ער שפאנט דאס פערד? און וווהין קלייבט ער זיך פארן, האט דער פויער געזאגט, אז אים האט אויפגעוועקט די פאליציי און ווי אנדערע, וועלכע האבן פערד אין דארף, האט ער באקומען דעם באפעל, שנעל צו קומען מיט די פורן נעבן דעם פאליציי־פאסטן. מיר איז קלאר געווארן, אז די פאליציי איילט זיך צו אנטלויפן. דאס האט אויך באשטעטיקט אונדזער אריינגיין אין דארף אן שטערונגען.

אנשטאט מיטצונעמען דעם פויער, האב איך פארגעלייגט דעם צווייטן אויס־שפירער, ער זאל שנעל לויפן און איבערגעבן וועגן דעם אלעם דעם קאפיטאן, ווארא‏בעי, איז פון מיר פארשוווּנדן. איך האב באפוילן דעם פויער ארויספירן דאס געשפאנטע פערד פון הויף אויף דער גאס און עס לאזן דארט שטיין צוגע־

בונדן, און ער זאָל צוװאַרטן אין פאָרהויז. איך האָב פון הויף אַרויסגעקוקט אויפן גאַס און אָפּגעװאַרט װעמען כּון די פּאָליציאַנטן, װאָס װעט קומען צו דעם געשפּאַנטן פערד.

פון אַ צװייטן הויף האָב איך דערזען אַרויספאָרן אַ פור און מיין געפאַנגענער פויער האָט מיר געזאָגט, אַז יענער איז אַװעקגעפאָרן צו דעם פּאָליציי־פּאָסטן, װעלכער געפינט זיך אין דער צװייטער זייט דאָרף אין דעם געװעזענעם שול־בנין. ער האָט מיר אויך דערציילט איייניקע זאַכן װעגן דער פּאָליציי און זייער באַשיצונג אַרום דעם פּאָסטן, װו זיי שטעלן אויס װאַכן און אַזוי װייטער.

דערװייל איז צו מיר אָנגעקומען פּעטראַטשענקאָ, ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל נישט רירן זיך פון אָרט. צו מיר קומט גלייך װאָראָבעי און דער שטאַבנאַטשאַלניק מיט אַ טייל חברים.

װאָראָבעי איז געקומען מיט דעם באַפעל אַרומצורינגלען דעם פּאָליציי־פּאָסטן. איך מיט פּעטראַטשענקאָן האָבן זיך געלאָזט לויפן אין דער ריכטונג װו עס איז אַװעקגעפאָרן די פור און װאָראָבעי איז געבליבן מיט דעם פויער.

אָן שטערונגען זענען מיר אָנגעקומען צו דעם פּאָליציי־פּאָסטן. אַרום דעם בנין איז געװען הויך אָנגעשאָטן ערד פון די אויסגעגראָבענע טראַנשייען און בונקערס. מיט די טראַנשייען זענען מיר אָנגעקומען צו דער טיר, זיך אַװעקגעשטעלט הינטער אַ װינקל און אַרויסגעקוקט, װער עס גייט אַרויס פון דער טיר. װען עס האָט זיך באַװיזן אַ פּאָליציאַנט מיט אַ ביקס אויפן אָרעם האָט פּעטראַטשענקאָ אין אים אויסגעשאָסן. באַלד האָט זיך אַ שאָט געגעבן אַ האָגל פון קוילן איבער דער געביידע פון דעם פּאָליציי־פּאָסטן.

אונדז איז קלאָר געװאָרן, אַז עס שיסן אונדזערע, װעלכע זענען דערװייל אָנגעקומען. מיר זענען אריין אין די פוסטע בונקערס, װו מיר האָבן געפונען פּאָליציי־אוניפאָרמען, װעלכע זיי האָבן באװיזן אַראָפּצװואַרפן פון זיך און איבערלאָזן. װען די שיסעריי האָט זיך פארענדיקט, האָבן מיר דערהערט געשרייען, װאָס זענען געקומען פון דעם בנין. פּעטרושענקאָ האָט דערקענט די שטים פון דעם אויסשפּירער באַבאַרעקא, איינער פון די, װעלכע זענען געגאַנגען ברענגען אַ „צונג״. װען אונדזערע זענען אָנגעקומען און מיר זענען אַריין אין דעם פּאָליציי־פּאָסטן, האָבן מיר אין איינעם פון די צימערן געפונען ליגן באַבאַרעקאָן א געבונדענעם. ער איז געװען צעממיתט. זיין פּנים און די הענט — אָפּגעפּרוירן פון אַ לענגערער צייט האלטן אים אויפן שניי, ביז מען האָט אים אריינגענומען אין בנין. ער איז געװען פארענדערט, נישט צום דערקענען. איין פּאָליציאנט איז געלעגן א דערהרגעטער, די איבעריקע פּאָליציאנטן זענען אנטלאָפן...

מיר האָבן אונטערגעצונדן דעם פּאָליציי־פּאָסטן און צוריקגעקערט זיך אין לאַגער.

## ווייטערדיקער קאַמף קעגן די דייטשן און דער געראַנגל מיט נאַטור־כוחות

סוף ווינטער 1942, ווען די דייטשע ס.ס., צוזאַמען מיט דער רעגולערער אַרמיי האָבן אונדז פאַרפאָלגט — זענען מיר געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דעם קאַפּולער ראַיאָן. מיר זענען אַוועק אין האַנטשעוויטשער און אין לוניעניעצער ראַיאָן. דאָרט האָבן מיר ווייטער פאַרגעזעצט די פּאַרטיזאַנער־טעטיקייט און פּאַראַליזירט די קליינבאַן־קאָמוניקאַציע. מיר זענען פּלוצלינג געוואָרן אַטאַקירט פון דעם שונא און געהאַט פאַרלוסטן אין מענטשן און אין טראַנספּאָרט. עס האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אַ צאָל פאַרוווּנדעטע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן נישט געקאָנט מער מיטגיין מיט דער בריגאַדע. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אַזוי גערופענער שפּיטאָל.

די בריגאַדע האָט זיך אַריבערבאַקומען אויף דער לינקער זייט פון דעם טייך מעריטשאנקע ווו עס איז געווען די רוסיש־פּוילישע גרענעץ ביז סעפּטעמבער 1939. ביז נאַכט האָבן מיר אויסגעשפּירט דעם ראַיאָן־צענטער קראַסנאָ־סלאָבאָדע. די דייטשע גאַרניזאָנען און פּאָליציי־פּאָסטנס זענען שוין דאָרט נישט געווען. אויך אין די אַרומיקע געגנטן זענען נישט געווען קיין גרופּירונגען פון דייטשן. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל צוריקצוקערן זיך אויף דער רעכטער זייט פון דעם טייך, אין די ערטער, ווו מיר האָבן שוין געהאַט געפירט די קאַמפן מיט די דייטשן. אונדזער אויפגאַבע איז געווען: דערוויסן זיך ווו עס געפינען זיך די דייטשע גרופּירונגען און פאַרבינדן זיך מיט דעם פּאַרטיזאַנער־שפּיטאָל. איידער עס האָט גענומען ווערן טאָג זענען מיר אַרויס פון לאַגער.

נאָך דעם נאַכט־פּרעסטל איז די בלאָטע געווען געפרוירן, איבערשטעלנדיק דעם פוס האָט זיך דאָס דינע אייז געבראָכן. עס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט ביז מיר זענען אָנגעקומען צום ברעג פון דעם צעגאָסענעם טייך, וועלכער האָט אויפגעטייעט. מיט דער הילף פון אַ געלעכערטער לאָדקע, וואָס האָט דורכגעלאָזן וואַסער, איז אונדז געלונגען אַריבערצושווימען אויף דער צווייטער זייט. דאָרט איז געווען אַ קאָלאָניע פון אַ פּאָליאַק, וועלכן איך האָב געקענט, ער האָט אַמאָל געדינט אין פּילסודסקיס לעגיאָן.

מיר זענען געווען נאַס און פאַרפרוירן. די פינגער פון די הענט און פון די פיס האָבן אונדז אויפגעהערט דינען. מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין שטוב זיך דערוואַרעמען. דער אויוון איז געווען איינגעהייצט און עס האָט געשמעקט מיט וואַרעמקייט. דער פויער האָט אונדז אַראָפּגעצויגן די שטיוול און איינגעריבן די פינגער. מיר האָבן אַ לענגערע צייט „געטאַנצט", ביז מיר האָבן דערפילט די פינגער פון די פיס. מיר האָבן זיך נישט אויסגעטריקנט, נאָר איבערגעטאָן טרוקענע אַניצעס און זיך געלאָזט ווייטער אין וועג.

נאָך האַלבן טאָג האָבן מיר באַוויזן פעסטצושטעלן, אַז די דייטשן האָבן אונדז אויפגעהערט צו פאַרפאָלגן. זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן אויף דער צווייטער זייט פון דער קליינבאַן. מיר האָבן אויפגעזוכט דעם פאַרטיזאַנער־שפּיטאָל און געגעבן צו וויסן איינעם פון די פאַראַנטוואָרטלעכע חברים, ווו עס געפינט זיך די ברי־גאַדע, זיי זאָלן קאָנען האַלטן פאַרבינדונג. נאָך דעם האָבן מיר זיך צוריקגעקערט צו דער פריער דערמאָנטער קאָלאָניע. מיר האָבן געצווייפלט, צי עס וועט אונדז געלונגען ביינאַכט אַריבערצושווימען מיט דער צעבראָכענער לאָדקע אויף דער צווייטער זייט טייך. מיר זענען אַוועק אין אַ צווייטער קאָלאָניע, אויך פון אַ פּאָליאַק, וואָס האָט זיך געפונען בערך צוויי קילאָמעטער ווייטער. איך בין שוין דאָרט געווען נישט איינמאָל. מעגלעך, אַז דאָרטן איז פאַראַן אַ לאָדקע. פאַר איינס וועלן מיר אָפּעסן און מיטנעמען האָניק, מיט וועלכן די קאָלאָניע איז רייך. מיר זענען אָנגעקומען אַהין בשלום. דער באַלעבאָס האָט אונדז געגעבן עסן און האָניק, נאָר קיין לאָדקע האָט ער נישט געהאַט.

מיר האָבן זיך געאײַלט שנעלער צוריקצוקומען צו דער לאָדקע, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזן אויף דעם ברעג. זי איז געשטאַנען, אָבער פול מיט וואַסער, ווי מיר האָבן זי איבערגעלאָזן. מיר האָבן אויסגעשעפּט דאָס וואָסער און ווי נעכטן זיך ביידע געשטעלט פון איין זייט לאָדקע און אָנגעהויבן שווימען. נאָר וויפל מיר האָבן געדריקט אויף איין עק פון דער לאָדקע, איז דאָס וואַסער שנעל אַריינגעקו־מען פון דער צווייטער זייט, און ווען מיר האָבן זיך געפונען אין מיטן טייך איז די לאָדקע פול געוואָרן מיט וואַסער און געגומען גיין צום אָפּגרונט.

פעדקע האָט צו מיר אַ געשריי געטאָן: „וואַרף זיך שווימען״, און אַליין האָט ער זיך געלאָזט אין טייך. די לאָדקע האָט גענומען פּאַמעלעך גיין צום גרונט. איך האָב זיך געהאַלטן אין איר ביז דאָס וואַסער האָט מיר געגרייכט צום האַלדז. אַזוי אַרום בין איך צוגעקומען גאַנץ נאָענט צום ברעג. איך בין צוגעשווומען די פּאָר מעטער, ביז איך האָב זיך אָנגעכאַפּט פאַר די גראָזן, וואָס האָבן אַרויסגע־שטעקט פונעם טייך. צו דעם ברעג איז מיר געווען שווערער צוצושווימען ווי אין אָלשאַנער טייך, פון מאָשאָוויטשן ביז דער מיל פון אהרן שניידער, אַ מרחק פון נישט ווייניקער ווי אָנדערהאַלבן קילאָמעטער. דער נאַסער פּעלץ, די טאָרבע מיט די קוילן, דער גראַנאַט מיט דער פעלד־פלאַש האָניק — האָט געצויגן צום אָפּ־גרונט. פעדקע איז געווען אין טייך, דער שטראָם האָט אים שנעל געטראָגן. דאָס היטל איז געשווומען באַזונדער, ער האָט זיך באַוויזן אויף דער אויבערפלאַך און ווידער אַוועק אונטערן וואַסער. עס איז פאַר מיר געווען זיכער, אַז ער טרינקט זיך.

מיר איז געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען אויפן ברעג. איך האָב דערזען נישט ווייט פון זיך אַ סטאָג היי, וואָס איז געווען אָנגעדריקט פון אויבן מיט לאַנגע דרענגלעך. איך האָב געכאַפּט אַ דרענגל און מיט די לעצטע כוחות זיך דערשלעפּט

צום ברעג ווו פעדקע הא̇ט נא̇ך באַוויזן זיך צו האַלטן אויף דער אויבערפלאַך פון וואַסער.

איך הא̇ב אים דערלאַנגט דא̇ס דרענגל. ער הא̇ט עס גלייך א̇נגעכא̇פּט. איך הא̇ב געפּרוּווט אים שלעפּן, נא̇ר איך הא̇ב נישט געקא̇נט, די כוחות הא̇בן זיך ביי מיר אויסגעלא̇זט. נא̇ך עקשנותדיקע א̇נשטרענגונגען איז מיר געלונגען אַרויס־צובאַקומען מיין חבר פון טייך. ער איז קוים געשטאַנען אויף די פיס. ער הא̇ט זיך אָנגעהאַלטן אין מיר, נא̇ר גיין הא̇ט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אוממעגלעך. מיר הא̇בן נישט געקא̇נט אַרויסציען קיין פוס פון דער בלא̇טע אין וועלכער מיר הא̇בן גע־טא̇פּטשעט ביז צו די קני. די הענט און פיס הא̇בן מיר אויפגעהערט דינען און קוקנדיק אויף דעם בלאַסן פנים און בלא̇ע ליפּן פון מיין חבר, בין איך שוין געווען מיט דעם געדאַנק פון אונדזער אומקום. מיר הא̇בן זיךביידע אַרומגענו־מען, כדי זיך צו דערוואַרעמען. לסוף זענען מיר באַמערקט געווא̇רן דורך אונדזערע פּאַרטיזאַנער, וועלכע הא̇בן א̇בסערווירט דעם טייך. זיי זענען אונדז געקומען צו הילף און אונדז אַרויסגעשלעפּט פון די בלא̇טעס. עס זענען צוגעקומען נא̇ך חברים און אונדז אַוועקגעטראָגן אין לאַגער, ווו עס הא̇ט זיך געפונען דער שטאַב.

די ערשטע הילף הא̇ט באַקומען פעדקע. ער איז שוין געווען א̇ן באַוווּסטזיין. מיך הא̇ט מען געריבן, מאַסאַזשירט די פאַרפרוירענע גלידער, איבערגעטא̇ן אין טרוקענע קליידער, איינגעוויקלט אין פעלצן, אין וועלכע איך הא̇ב זיך דערוואַ־רעמט און געקומען צו זיך.

*

לויט דער פאַרא̇רדענונג („פּריקאַז") פון דעם ווייסרוסישן שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, מיט קאַזלא̇וו בראש, וואָס הא̇ט זיך געפונען אין ליובאַנער געגנט, פּא̇לעסיער קרייז, איז ראַשקא̇וו באַזייטיקט געווא̇רן פון זיין אַמט אַלס קא̇מיסאַר פון דער בריגאַדע, ער הא̇ט באַקומען דעם באַפעל זיך צוצושטעלן אין שטאַב. וועגן דעם הא̇ט מיר דערציילט ראַשקא̇וו און ער הא̇ט מיר געגעבן א̇נצו־געהערן, אַז ער וויל איך זא̇ל מיט אים מיטפא̇רן.

ווען דער קא̇מאַנדיר פון דער בריגאַדע שעסטא̇פּאַלא̇וו הא̇ט מיר געגעבן צו וויסן, אַז ראַשקא̇וו הא̇ט ביי אים געפאָדערט, איך זא̇ל פא̇רן אים באַגלייטן, הא̇ט ער צוגעגעבן, אַז ער איז מסכים נא̇ר מיטן תנאי אַז ווען איך וועל הא̇בן אַ קא̇מפּאַניע, זא̇ל ער, ראַשקא̇וו, מיך צוריקשיקן.

וואַנקע, ראַשקא̇ווס באַדינער, הא̇ט געשפּאַנט דעם „גניאַדן" אין זיין בריטשקע מיט די רעסא̇רן. איך הא̇ב געזא̇טלט מיין „סטרעלקע" — אַזוי הא̇ט געהייסן מיין ווייט־פערד — און געלא̇זן זיך אין וועג, וואָס איז געווען אומגעפער פון 150—200 ק"מ. מיר הא̇בן געהאַט צוויי שווערע ערטער אַריבערצופא̇רן: דעם הויפּט־וועג

מאָסקווע—וואַרשע און די באַן־ליניע. במשך פון עטלעכע טעג זענען מיר אָנגעקו־מען אין דעם שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.

נאָכדעם ווי ראַשקאָוו האָט באַקומען די געהעריקע גאָב פּאַר זיינע האַנדלונ־גען, האָט מען אים געשיקט אַלס קאָמיסאַר אין איינעם פון די אָרטיקע אָטריאַדן. דער אָטריאַד איז געווען אַ קליינער, ווו ניט אַלע האָבן אַפילו געהאַט ביקסן. דער קאָמאנדיר איז געווען — באַראַדיקאָ, נישט קיין מיליטער־מאַן, אַ דאָרטיקער איינוווינער. מיך האָט מען צוגעטיילט צו דער ראַזוויעטקע פון דעם אָטריאַד.

דער קאָמאַנדיר האָט בעתן אַפּעל פאָרגעשטעלט פאַר די פּאַרטיזאַנער דעם גייעם קאָמיסאַר און נאָך דעם האָט ראַשקאָוו מיך פאָרגעשטעלט פאַר די פּאַרטי־זאַנער ווי איינעם פון די פעיִקע און העלדישע „ראַזוויעדטשיקעס" (אויסשפּירער). זיינע לויבווערטער אין די אויגן פון די פּאַרטיזאַנער האָבן מיך נישט אינטערע־סירט. איך האָב געטראַכט וועגן צוריקקערן זיך אין קאַפּוּלער ראַיאָן אין מיין בריגאַדע, וועלכע איז מיר געווען נאָענט און ליב.

אין אַ געוויסן טייל פון ליובאַנער־קאַפּאַטקעוויטשער ראַיאָנען האָבן די דייטשן אויפגעהאַלטן זייער פּאָליציי, פאַרשטאַרקט מיט זעלנער, אויך אין ליובאַן און קאַפּאַטקעוויטש זענען געווען פאַרשטאַרקטע אָטריאַדן פון פּאָליציי און דייטשן. אין די נעכט האָבן זיי אָנגעשטעלט לויערונגען אין די ערטער ווו די פּאַרטיזאַנער פלעגן זיך באַוועגן. מיינע פאַרבינדלער, אָרטיקע איינוווינער, האָבן גערן אויס־געפּירט מיינע אָנווייזונגען. אויך אין פאַל, ווען אַריינקומען אין דאָרף אָדער אין קאָלאָניע האָט געדראָט אַ געפאַר און אַרויסגיין פלעגן זיי נישט קאָנען, האָבן זיי מיר צו וויסן געגעבן מיט באַשטימטע צייכנס, וואָס יעדער פון זיי האָט געהאַט זיין באַזונדערע באַדייטונג, ווי: עפענען אין שייער ביידע טויערן, אָדער איינעם, צונעמען אָדער איבערשטעלן די האַקעס מיט די בעזימער, וועלכע זענען געשטאַ־נען נעבן יעדן הויז, גרייט אין פאַל פון אַ שריפה, און נאָך אַזעלכע צייכנס, וועלכע איך האָב געקאָנט זען פון דער וויטנס.

אונטער דער אָנפירונג פון ראַשקאָוון האָט דער אָטריאַד אויסגעפירט פאַר־אַנטוואָרטלעכע אויפגאַבעס, ווי: אָנפאַלן אויף דייטשע בונקערס און באַוואַרפן זיי מיט גראַנאַטן, צעשניידן די סלופּעס און די קאַבלען, וואָס האָבן געדינט אַלס פאַרבינדונג לענגאויס דעם וועג, אָנפאַלן אויף די „סאמאכאוועס", ווי עס האָבן זיך גערופן די ווייסרוסישע פּאָליציי־פּאָסטנס, מאַכן לויערונגען אין פאַרשידענע ערטער און אַזוי ווייטער.

## עפּידעמישע קראַנקהייטן צווישן די פּאַרטיזאַנער

ווינטער 1943. ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, האָבן גרויסע גרופּי־רונגען פון דער דייטשער רעגולערער אַרמיי גענומען אונדז אָנגרייפן, בלאָקירן. דער ווידערשטאַנד פון די פּאַרטיזאַנער האָט נישט געקאָנט אָפּהאַלטן דעם אָנ־

גריף און די דייטשן זענען אַריין סיי אין די דערפער, סיי אין די וועלדער און האָבן אויסגעמאָרדעט אַלע פאַרכאַפּטע איינוווינער, וועלכע האָבן נישט באַוויזן זיך צו באַהאַלטן אין די וועלדער: אַלטע מענער און פרויען, פּיצלעך קינדער. נאָכן אומברענגען די איינוווינער האָבן די דייטשן צוגענומען די בהמות און די הייזער פאַרברענט.

די קליינע צאָל לעבנגעבליבענע איינוווינער, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט מיט זייערע משפחות אין די טיפע וועלדער, זענען פון שמוץ, הונגער און קעלט קראַנק געוואָרן. עס איז אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון טיפוס און קרעץ. די עפּידעמיע האָט זיך איבערגעטראָגן און פאַרשפּרייט אין די פאַרטיזאַנער־אָטריאַדן. קיין מעדיצינישע הילף איז נישט געווען אויך פאַר די פאַרטיזאַנער, וואָס זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן פון דייטשע מינעס. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די געשרייען פון מיין חבר, ראַזוויעדטשיק מיכאַיל. ער איז געווען אין עלטער פון 30 יאָר. אין מיין אָנוועזנהייט האָט ער אַרויפגעטראָטן אויף אַ מינע, וואָס האָט אים אָפּגעריסן די פּיאַטע פון פוס. דער אומגליקלעכער האָט באַקומען אַ בלוט־פאַרגיפטונג און אונדזער דאָקטאָר האָט דעם פאַרוווּנדעטן, אַ געבונדענעם, מיט אַן איינפאַכער זעג, וואָס מען זעגט האָלץ, געזעגט דעם ביין פון דעם פוס העכער פון דער קני. מיכאַיל האָט די יסורים נישט אויסגעהאַלטן און איז געשטאָרבן. איך געדענק אַ צווייטן פאַל, אויך פון יענער צייט: אַ פאַרטיזאַן, וועלכער איז אַלט געווען נישט מער ווי 18 יאָר, האָט דער זעלבער דאָקטאָר אויך אויף דעם זעלביקן אופן אָפּגעזעגט אַ פוס און ער איז געבליבן לעבן.

אין מענטשן האָבן מיר קיין גרויסע פאַרלוסטן נישט געהאַט, נאָר אַ טייל פון אונדזערע קאָמוניקאַציע־מיטלען, ווי פערד־און־וואָגן האָבן מיר איבערגעלאָזט. מיין „סטרעלקע“ איז פאַרוווּנדעט געוואָרן, נאָר איך האָב זיך מיט איר נישט צעשיידט. די אָטריאַדן זענען כמעט אַלע איינגעשטאַנען אין די וועלדער, אין ראָז־וויעדקע פלעג איך גיין צופוס. נאָך אַ קורצער צייט בין איך קראַנק געוואָרן און דער דאָקטאָר האָט נישט געצווייפלט אין דעם, אַז איך האָב באַקומען אַ בויך־טיפוס.

מען האָט מיך אַוועקגעפירט אין דעם אַזוי־גערופענעם „איזאָלאַטאָר“ אין אַ דאָרף, 15—18 קילאָמעטער פון דעם לאַגער. ביי מיר האָט מען מיין געווער נישט אַוועקגענומען און אויך מיין „סטרעלקע“ האָט מען מיטגעפירט. אין אַזעלכע פאַלן פלעגט מען דאָס געווער צונעמען. ראָשקאָוו האָט נאָכגעגעבן מיין פאַרלאַנג.

דאָס דאָרף איז געווען פול מיט קראַנקע אויף טיפוס. יעדער אָטריאַד האָט געהאַט אויסגעטיילטע מענטשן צום באַדינען זיינע קראַנקע. אין די באַזונדערע הייזער אין דאָרף האָט זיך געפונען אַ גרויסע צאָל פאַרטיזאַנער, וועלכע זענען געווען אויף דער וואַך אין פאַל פון אַן אָנגריף, גרייט אַרויסצופירן די קראַנקע. נאָך צוויי טעג און נעכט ליגן אויף די נאַרעס אין דער גוט־באַהייצטער שטוב,

צוזאַמען מיט די קראַנקע מיט הויכער היץ, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין. בעת מיין מצב איז געווען אַ לייכטער, האָב איך גענומען אַליין צווייפלען: צי בין איך טאַקע קראַנק אויף טיפוס?

איך האָב גענומען פאָדערן, אַז מ׳זאָל מיך צוריקשיקן אין אָטריאַד. דער דאָקטאָר האָט מיך איבערצייגט, אַז איך בין קראַנק אויף טיפוס, נאָר נישט אין אַזאַ שווערער פאָרם ווי ביי די אַנדערע קראַנקע. מען האָט מיך אַריבערגעפירט אין אַ צווייט הויז, צו די קראַנקע, וועלכע האָבן שוין דורכגעמאַכט דעם קריזיס. פון דאָרט האָב איך געקאָנט אַרויסגיין.

איך בין געקומען אין קאָנטאַקט מיט אַנדערע פאַרטיזאַנער און זיך דערוווּסט, אַז נישט ווייט, אין דעם סטאַראָבינער ראַיאָן געפינט זיך אַ פאַרטיזאַנער־בריגאַדע, וווּ דער קאָמאַנדיר איז קורילטשיק, וועלכן איך האָב שוין פריער דערמאָנט, דער געוועזענער שטאַב־נאַטשאַלניק פון דער טשאַפּאַיעוו־בריגאַדע אין קאָפּולער ראַיאָן. איך האָב באַשלאָסן אים באַזוכן פאַרן צוריקקערן זיך אין אָטריאַד. ווענן מיין באַשלוס האָב איך מיטגעטיילט דער קראַנקן־שוועסטער פראַניע פון אונדזער באראַדיקאָ־אָטריאַד.

ביינאַכט, ווען איך בין צוריקגעפאָרן פון דעם באַזוך פון קורילטשיק־רעבוס (דער ריכטיקער נאָמען), האָב איך אויפן וועג געטראָפן ראָשקאָוון. ער האָט מיר געמאָלדן, אַז ער זוכט מיך. לויט אַ פאַראָרדענונג פון דעם שטאַב איז ראָשקאָוו באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמיסאַר פון דער בריגאַדע, וועלכע געפינט זיך אין דער געגנט פון מזרח־פּאָלעסיע, אויף דער צווייטער זייט פון ליובאַנער ראַיאָן, און ער האָט געוואָלט, אַז איך זאָל מיטפאָרן.

## 20 טויזנט פאַרטיזאַנער אין אַרומרינגלונג פון 60 טויזנט דייטשע זעלנער

נאָך צוויי טעג פאָרן אין דער פאַרטיזאַנער־זאָנע זענען מיר נאָך פאַר זון־פאַרגאַנג אָנגעקומען אין דער באַשטימטער בריגאַדע, וועלכע איז איינגעשטאַנען אין אַ דאָרף. נאָכן אָוונטברויט בין איך אוועק צו די ראַזוויעדטשיקעס. זיי זענען מיר געווען אומבאַקאַנט און איך האָב זיך אַ מידער פון וועג געלייגט שלאָפן.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, ווען עס איז אַלאַרמירט געוואָרן אַ טרעוואָגע. אין דרויסן האָט נאָך ניט באַוויזן ליכטיק צו ווערן און די דייטשן זענען שוין געווען אין דאָרף. זיי האָבן פאַרכאַפּט די צערקווע און פון דאָרט באַשאָסן די פאַרטיזאַנער, וועלכע זענען אָפּגעטרעטן פון דאָרף אין דער ריכטונג צום וואַלד. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע דייטשע בלאָקאַדע אין דער פאַרטיזאַנער־געגנט, וואָס האָט געדויערט אומגעפער אַ חודש צייט.

דאָס איז געווען אַ פאַרמעסט צווישן דער רעגולערער דייטשער אַרמיי אין

אַ צאָל פון 60 טויזנט זעלנער און די פּאַרטיזאַנער־בריגאַדעס, 20 טויזנט מאַן בערך, וועלכע זענען צוזאַמענגעדריקט געוואָרן אין איין אָרט, אַרומגערינגלט דורך דער דייטשער אַרמיי.

די געגנט, אין וועלכער מיר האָבן זיך געפונען, איז געווען דער פּאָלעסיער בלאָטיקער באָדן. פון צוויי זייטן זענען געווען די ברייטע און טיפע קאַנאַלן, אויסגעגראָבן פאַר דער מלחמה צום טריקענען די בלאָטעס און אַראָפּלאָזן דאָס וואַסער. אויף יענער זייט פון די קאַנאַלן האָבן די דייטשן געהיט נישט דורכצו־לאָזן די פּאַרטיזאַנער. די דריטע זייט, דער איינציקער פרייער וועג, איז געווען שטאַרק באַוואַכט. פון דער פערטער זייט האָבן די דייטשן אונדז אָנגעגריפן און געדריקט אונדז צו די קאַנאַלן.

ביז דער אַרומרינגלונג האָבן די בריגאַדעס אויסגעפירט די באַפעלן פון דער קאָלעקטיווער אָנפירונג פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. אָבער בעת דער בלאָקאַדע האָט שוין די אָנפירונג פון יעדער אָפּטיילונג: בריגאַדע, אָטריאַד, ראָטע, וווזוואָד — קאָמאַנדעוועט פאַר זיך, מיט דעם איינציקן ציל אַרויסצובאַקומען זיך פון דער אַרומרינגלונג. אין די נעכט האָבן די אָטריאַדן און גרופּעס זיך צובאַ־קומען צו די קאַנאַלן און וועגן, כדי זיך דורכצורייסן. ווען עס איז נישט געלונגען, האָט מען געפּרוווט אין אַנדערע ערטער.

אין די נעכט זענען אויך אָנגעקומען סאָוויעטישע עראָפּלאַנען, וועלכע פלעגן פאַר אונדז אַראָפּוואַרפן זעקלעך סוכאַרקעס און פּעקלעך פאַר ערשטער מעדיצי־נישער הילף. אָבער, צום באַדויערן, פלעגט דער גרעסטער טייל פון דער אַרונטער־געוואָרפענער פאַר אונדז הילף אַריינפאַלן צו די דייטשן. זיי זענען אַריינגעדרונ־גען אין דעם שטח פון די אַרומגערינגלטע פּאַרטיזאַנער און זיך פאַרפעסטיקט אויף די העכערע ערטער, ווו עס איז געווען טרוקן. דאָרט האָבן אונדזערע פאַרפאָלגער אין די נעכט צעלייגט פייערן. די סאָוויעטישע עראָפּלאַנען האָבן אָנגענומען די פּאָזיציעס פון שונא פאַר פּאַרטיזאַנישע און צו זיי אַראָפּגעוואָרפן די פּעקלעך. מיר אָבער האָבן זיך געפונען אין די בלאָטעס און קיין פייער, פאַרשטענדלעך, נישט געברענט.

פונדעסטוועגן זענען די סאָוויעטישע פּעקלעך אויך אַמאָל פאַרטראָגן געוואָרן צו אונדז אין די בלאָטעס. מיר פלעגן זיך באַוועגן די גאַנצע נאַכט און שנעל אונטערקלייבן די פּעקלעך סוכאַרקעס. מיט דעם אָנקומען פון פרימאָרגן האָבן זיך אָנגעהויבן די לויערונגען פון אויבן — פון די דייטשע עראָפּלאַנען. זיי האָבן געשאָסן צו אונדז פון קוילנוואַרפערס, געוואָרפן גראַנאַטן און פאַשקווילן־בלעטלעך מיטן באַקאַנטן אינהאַלט: מיר זאָלן זיך איבערגעבן כל זמן עס איז נישט צו שפּעט. ווייל נאָר דאָס איז אונדזער איינציקער אויסוועג, אויסצומיידן דעם זיכערן טויט און אַזוי ווייטער. דאָס פאַשקוויל־פּאַפּיר איז אונדז צונוץ געקומען צו פאַרוויקלען אין זיי די טרוקענע בלעטלעך פון בעריאָזע־ און אָלכע־ביימער צום רויכערן.

די דייטשן האָבן געמאַכט לויערונגען אויך אין די בלאָטעס, וועלכע זענען נאָך געווען פאַרפרוירן אין די שיינע זוניקע טעג פון פרילינג 1944סטן יאָר. אין קלענערע גרופעס האָבן מיר זיך פאַרשטעקט אין די הויכע, ווילדע גראָזן און אויסגעמיטן צו האָבן מיט זיי אַ קאַמף, ווען זיי פלעגן אונדז נישט באַמערקן און פאַרבייגיין. דאַקעגן אין די פאַלן ווען מיר האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט די דייטשן, האָבן מיר אין דער לעצטער סעקונדע געעפנט אויף זיי אַ פייער, וואָס האָט געטראָפן אין ציל. די דייטשן פלעגן איבערלאָזן די געהרגעטע און אין פּאַניק זיך לאָזן לויפן. האָבן מיר דערוויל באַוויזן צו אַנטלויפן אין דער צווייטער ריכטונג און ווידער באַהאַלטן זיך אין די גראָזן און דערוואַרטן די נאַכט, כדי מיט דער הילף פון דער פינצטערניש אַרויסצובאַקומען זיך פון דער אַרומרינגלונג.

בעת די דאָזיקע קאַמפן האָב איך ראַשקאָוון פאַרלוירן, ווען ער האָט מיך געשיקט איבערצוגעבן אַ ווענדונג דעם קאָמאַנדיר, וועלכער האָט זיך געפונען באַזונדער פון אונדז. ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט נאָכן איבערגעבן די ווענ־דונג, האָב איך שוין מער ראַשקאָוון נישט געפונען און בין אַוועק צוריק צום קאָמאַנדיר. אונדזער טראַנספּאָרט און די רייטפערד זענען פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן. ראַשקאָוו האָט זיך נישט צוריקגעקערט, אויך צווישן די געהרגעטע איז זיין קערפּער נישט אַנטדעקט געוואָרן. נאָכדעם ווי איך האָב פאַרלוירן ראַשקאָוון איז מיר געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך פון דער אַרומרינגלונג. איך בין אַריבער דעם וועג מיט איינע פון די גרופּעס אָן אַ קאַמף, צוזאַמען מיט דעם נייעם בריגאַדע־קאָמענדאַנט, וועמענס נאָמען איך געדענק נישט.

נאָך עטלעכע טעג גיין דורך די פּאָלעסיער וועלדער און בלאָטעס, זענען מיר אָנגעקומען אין דעם ראַיאָן כּון סטאַרע־דאָראָגי. בעת אַ „באָמביאָשקע" אין איינעם פון די דערפער, וועלכע האָבן זיך געפונען נישט ווייט פון אונדזער לאַגער, האָב איך געטראָפן דריי פּאַרטיזאַנער פון דער בריגאַדע סוואָראָוו, וועלכע האָט זיך געפונען אויף דער צווייטער זייט פון דעם ראַיאָן סטאַרע־דאָראָגי. דער קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע איז געווען איוואַן וואַסיליעוויטש. ער האָט מיך גוט געקענט פון דער טשאַפּאַיעוו־בריגאַדע.

ביי די פּאַרטיזאַנער האָב איך זיך נאָכגעפרעגט אויף אייניקע באַקאַנטע פון דער בריגאַדע און איך האָב באַשלאָסן מיט זיי מיטצוגיין אין דער סוואָראָוו־ברי־גאַדע. דער וועג איז מיר געווען גוט באַקאַנט, ער האָט געפירט אין דעם קאָפּולער ראַיאָן. איך האָב געוווּסט, אַז מיין אַוועקגיין אָן דעם וויסן פונעם קאָמאַנדיר צו וועלכן ראַשקאָוו האָט מיך געשיקט — איז אַ פאַרברעכן און די שטראָף איז נישט ווייניקער ווי שיסן. דאָך האָב איך זיך נישט געהאַלטן געבונדן מיט יענער ברי־גאַדע. איך בין דאָך נישט מער ווי אַ באַגלייטער פון דעם אומגעקומענעם קאָמי־סאַר ראַשקאָוו און מיין געווער, ווי איך, געהערן צו דער טשאַפּאַיעוו־בריגאַדע, וווּ מיינע פאַרדינסטן וועלן נישט פאַרלוירן גיין, ווען איך וועל צוריקקומען.

נאָד אַ נאַכט גיין זענען מיר אָנגעקומען אין דעם סלוצקער ראַיאָן, ווו עס האָט זיך געפונען אַ גרופּע פון דער סוואָראָוו־בריגאַדע. אַ פּאָר טעג שפּעטער איז פון דער גרופּע געשיקט געוואָרן אַ „סוויאַזנאָי״, אַ פאַרבינדלער אין דעם שטאַב, מיט וועמען איך בין מיטגעגאַנגען. ווען איך האָב זיך געטראָפן מיט דעם קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע איוואַן וואַסיליעוויטש, האָב איך אים דערציילט וועגן דעם גורל פון ראַשקאָוו און וועגן די געשעענישן אין די געגנטן פון וואַנעט איך קום, אויך וועגן מיין באַשלוס אָנצוקומען צוריק אין דער טשאַפּאַיעוו־בריגאַדע אין קאָפּולער ראַיאָן און אַז איך האָב בדעה פאַרצוזעצן מיין וועג אַליין.

הגם דער קאָמאַנדיר האָט געוווסט, אַז די פאַרטיזאַנער־וועגן צו דער טשאַ־פּאַיעוו־בריגאַדע אין דעם קאָפּולער ראַיאָן זענען מיר גוט באַקאַנט, דאָך האָט ער מיר נישט געראָטן אַליין צו גיין. ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן צו פאַרהאַלטן זיך ביי זיי און ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווען עס וועט ווער קומען פון דער טשאַפּאַיעוו־בריגאַדע צו זיי, אָדער זיי וועלן עמעצן אַהין שיקן אין שליחות, וועל איך מיטגיין. דערווייל וועל איך זיין אין דעם שטאַב און ער האָט מיך אָנגעשלאָסן אין דער שטאַב־ראַזוויעדקע, ווו איך האָב באַקומען אַ רייט־פערד מיט אַ זאָטל.

דער קאָמאַנדיר פון דער ראַזוויעדקע איז געווען מיינער אַן אַלטער באַקאַנטער פאַרטיזאַנער, וועלכער האָט אויך אָנטיילגענומען אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער בריגאַדע אין די ערשטע צייטן. איך פלעג אָפט ארויספאָרן מיט איוואַן וואַסיליע־וויטשן באַזוכן די אָטריאַדן פון דער בריגאַדע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די וועלדער פון דער געגנט און אויך אַרויספאָרן אין אויסשפּיר אין דער געגנט פון דער פאַרטיזאַנער־זאָנע.

## דער „תחיית המתים״ פון ראַשקאָוון און די סכנות פאַר יידישע פאַרטיזאַנער

אַזוי זענען פאַרביי עטלעכע וואָכן, ביז אין אַן אָוונט, פאַר זון־אונטערגאַנג, האָט מיר דער קאָמאַנדיר פון דער ראַזוויעדקע פּלוצלינג געמאָלדן, אַז דער בריגאַדע־קאָמאַנדיר רופט מיך צו זיך. ווען איך בין אָנגעקומען צו דעם געצעלט פון דעם קאָמאַנדיר, האָב איך דערזען 3 אומבאַקאַנטע פאַרטיזאַנער, וועלכע זענען געשטאַנען לעבן דעם געצעלט, ווי זיי וואָלטן אויף עפּעס געוואַרט. דער קאָמאַנדיר האָט געוואַרט אויף מיר און מיט אַן ערנסטן קול צו מיר זיך אָנגע־רופן: „ראַשקאָוו לעבט, די חברים זענען פון דער בריגאַדע״.

איך בין געבליבן צעטומלט פון איבערראַשונג.

„דאָס איז אוממעגלעך — האָב איך דערשטוינט געזאָגט — מיינט איר דען, אַז איך האָב אייך אָפּגענאַרט ?״

ער האָט מיר איבערגעריסן: „דאָס איז מעגלעך. ראַשקאָוו פאַרלאַנגט, אַז דו

זאָלסט זיך צוריקקערן. די חברים גייען אַהין און דו דאַרפסט מיט זיין מיטגיין און אויסגערופן: „יאַסנאָ?" איך האָב מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ געענטפערט: „יאַסנאָ!".

די 3 פּאַרטיזאַנער האָבן דעם קאָמאַנדיר געגעבן די האַנט, וואָס איך האָב אויך נאָכגעטאָן.

איינער פון די דריי פּאַרטיזאַנער איז געווען אַ קאָמאַנדיר „וואָזוואָדאַ", וועלכער איז מיט זיין גרופּע סטאַביל איינגעשטאַנען אין אַ באַזונדערן לאַגער אין דער גאָענט פון דער סוואָראָוו־בריגאַדע, וואָס האָט געדינט פאַר אַ פאַרבינדונג צווישן ביידע בריגאַדעס, וועלכע זענען געווען אָנגעשלאָסן צו דעם ראַיאָן סטאַרע־דאָראָגי.

אויפן וועג האָב איך זיך אָריענטירט, אַז דער קאָמאַנדיר באַציט זיך צו מיר ווי נישט צו אַ פאַרברעכער. איך האָב אָנגעהויבן אויספרעגן ווי אַזוי איז ראָשקאָוו אויפגעשטאַנען תחיית־המתים. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער פערזענלעך קען אים נישט און ער האָט אים נישט געזען, דעם נייעם קאָמיסאַר ראָשקאָוו, אָבער עס איז גוט באַוווסט, אַז דער פּאַרטיזאַנער אָנפירער איז פאַרפאַלן געוואָרן בעת דער גרויסער אָרומרינגלונג און איז אַ לענגערע צייט נישט געווען. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז געראַטעוועט געוואָרן דורך אַ דאָרטיקן איינוואוינער, וועלכער האָט אים געהאַלטן ליגנדיק אין די בלאָטעס אַן באַוווסטזיין. דער פויער האָט אים גענומען אַהיים און נאָכדעם ווען ראָשקאָוו איז צו זיך געקומען האָט ער אָפּגעפונען די בריגאַדע. ער איז געזונט. די חברים, וועלכע זענען נעכטן געקומען פון דאָרטן האָבן אים געזען. מאָרגן קערן זיי זיך צוריק, מיט וועמען דו ווירסט מיטגיין — האָט ער צוגעגעבן.

עס איז שוין פינצטער געוואָרן. מיר זענען אָנגעקומען אין דער לאָשטשינע, וווּ עס איז געווען אַ גרויסע צאָל געצעלטן. עס האָט זיך געמערקט, אַז דאָרטן איז פריער געשטאַנען אַ גרויסע צאָל פּאַרטיזאַנער און איצט געפינט זיך דאָרט נאָר דער וואָזוואָד.

איך בין אַריינגעקראָכן אין איינעם פון די ליידיקע געצעלטן, לעבן די פאַרנומענע פון דער גרופּע. איך בין די גאַנצע נאַכט נישט איינגעשלאָפן, איך האָב נישט געקאָנט אָננעמען קיין באַשלוס, צי זאָל איך זיך לאָזן פירן צו ראָשקאָוון קעגן מיין ווילן, אָדער איך זאָל אַנטלויפן אין דער טשאַפּאַיעוו־בריגאַדע צו שעסטאָפּאַלאָוו אין דעם קאָפּולער ראַיאָן.

אמת, מיך האָט געפרייט, וואָס ראָשקאָוו לעבט, אָבער איך האָב נישט געוווּסט, פאַרוואָס באַמיט ער זיך אַזוי מיך צוריקצוקערן, צי דען פעלן אים דאָרט אַזעלכע ווי איך?

איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן, אַז עס איז מעגלעך, אַז ער דאַרף מיך, אַ ייד, אָפּצוגעבן פאַר אַ קרבן צום פאַרשטאַרקן די דיסציפּלין אין דער בריגאַדע, ווי ער האָט דאָס שוין געטאָן אין דער פאַרגאַנגענהייט אין דעם טשוטשעוויצער וואַלד

מיט דעם יידישן פּאַרטיזאַנער (הירשקע) גרישקע קריוויצקי פון סלוצק. ער איז אַפילו נישט קיין אַנטיסעמיט. דאָס האָט אויך געטאָן אַפילו דער ידישער קאָמאַנ־דיר, ישראל לאַפּידוס, אין דעם קאָלאָדינאָער וואַלד. ער האָט דערשאָסן דעם יידישן פּאַרטיזאַנער (מישקע) מיכאל באַראַנאָוו פון מינסק. שוין נישט רעדנדיק וועגן דעם אנטיסעמיטישן קאָמאַנדיר אנאַנטשענקאָ, וועלכער האָט געשאָסן דעם יידישן פּאַרטיזאַנער פּאָסעסאַרסקי נאָר דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ ייד און ער, אנאַנטשענקאָ, האָט מען געזאָגט, האָט זיך געקוואַפּעט אויף דעם יידנס גע־ווער.

ווער ווייסט, וואָס ס׳שטעלט מיט זיך פאַר דער קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע. זיין האַנדלונג בנוגע יידן איז מיר נישט באַוווּסט, מיר איז אויך נישט אויסגעקומען אַפילו איין ייד צו דערקענען צווישן די פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך געפונען אַרום אים. מיר איז נאָר געווען באַוווּסט, אַז ער איז אַ קולטורעלער מענטש, אַ דאָקטאָר פון סטאַרע־דאַראָגי. אין דער שלאָפלאָזער נאַכט, ווען איך האָב געטראַכט וועגן מיין גורל, האָב איך באַשלאָסן, ווי ס׳זאָל נישט זיין — מיט זיי נישט מיטגיין.

איך האָב גענומען טראַכטן, ווען איז פאַר מיר בעסער אָפּצוטראָגן זיך. איך האָב עס געקאָנט טאָן צו יעדער צייט, ביז מיר וועלן אָנקומען אויפן אָרט. אָבער עס איז אויך מעגלעך, אַז זיי האָבן בדעה מיך צו אַנטוואָפענען, און איך וועל אַפילו נישט האָבן די מעגלעכקייט זיך אַנטקעגנצושטעלן.

ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָב איך פאַרלאָזן דעם לאַגער, בין אַוועק אין דער ריכטונג צו דעם קאַפּולער ראַיאָן מיט די פּאַרטיזאַנער־וועגן און סטעזש־קעס, וועלכע זענען מיר געווען גוט באַקאַנט.

איך בין אָנגעקומען אין דעם אוזדער ראַיאָן, צו דעם וועג סלוצק־מינסק, וווּ עס איז געווען אַ גרויסע באַוועגונג. איך האָב זיך דערוואַרט די נאַכט. ווען עס איז פינצטער געוואָרן בין איך אַריבערגעגאַנגען דעם וועג און נאָך האַלבן טאָג בין איך שוין געווען אין דער טשאַפּאַיעוו־בריגאַדע, אין דעם וויעלעשינער וואַלד, אין דעם אָטריאַד, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דונאַיעוו" אויפן נאָמען פון דעם אומגעקומענעם קאָמאַנדיר דונאַיעוו. אָנפירער איז געווען מיין ערשטער קאָמאַנדיר וואָוואָדאַ ציזשאָוו. ער האָט מיך חבריש אויפגענומען און פאָרגעלייגט בלייבן ביי אים. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז מיט שעסטאָפּאַלאָוו וועט ער שוין אַליין איבעררעדן. איך בין אויף דעם נישט איינגעגאַנגען און געגעבן אים צו פאַר־שטיין, אַז נאָך דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט מוז איך אַליין זען גלייך דעם קאָמאַנדיר פון בריגאַדע.

אויף רייד־פערד בין איך מיט ציזשאָוו אַוועק אין שטאַב פון דער בריגאַדע, נישט ווייט פון דעם אָטריאַד.

שעסטאָפּאַלאָוו האָט אונדז באַגעגנט מיט זיין שמייכלענדיקן פּנים און גלייך זיך נאָכגעפרעגט ביי מיר וועגן ראָשקאָוון. איך האָב אים וועגן אַלעם דערציילט,

וואָס איך האָב געוווסט. נעמלעך: אַז ראָשקאָוו איז אויפגעשטאַנען תחיית־המתים, און אויך וועגן זיין באַשלוס מיך צוריקצוברענגען אין זיין בריגאַדע. דער קאָמאַנדיר האָט מיך געגוי אויסגעפרעגט וועגן די געשעענישן אין דער אַרום־רינגלונג אין יענער געגנט און מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע, אויסרופנדיק: „פּראַווילנאַ זדיעלאַל" (ריכטיק געטאָן).

ציזשאָוו האָט זיך געוואַנדן צו שעסטאָפּאַלאָוו, ער זאָל מיך איבערלאָזן אין זיין אָטריאַד. „דערווייל וועל איך בלייבן אין שטאַב און שפּעטער וועט מען זען" — האָט דער קאָמאַנדיר געזאָגט צו ציזשאָוון, וועלכער איז צוריקגעפאָרן אין אָטריאַד.

אין עטלעכע שעה שפּעטער האָט דער אויסשפּיר דערלייגט, אַז פון יענער זייט וועג סלוצק—מינסק הערט מען שיסערייען פון אַרטילעריע. שעסטאָפּאַלאָוו האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי מיר, ווי ביי אַ נאָר־וואָס אָנגעקומענעם פון יענער זייט, וואָס דאָרט טוט זיך. איך האָב אים דערציילט: געהערט האָב איך זייענדיק אין דער סוואָראָוו־בריגאַדע מיט צוויי טעג צוריק, אַז זיי האָבן זיך געגרייט אָנצו־גרייפן איינעם פון די דאָרטיקע געוועזענע „סאָווכאָזן" מיט דער אויפגאַבע אַוועקצונעמען די בהמות, וועלכע די דייטשן האָבן דאָרט אָנגעזאַמלט.

ווידער האָב איך זיך צוריקגעזעצט אויפן רייט־פערד, ווידער די ראַזוויעדקע און פאַרבינדונג און דער דורשט נאָך נקמה.

איך האָב, ווי דער גרעסטער טייל פּאַרטיזאַנער אין יענער צייט, נישט פאַר־געשטעלט זיך דערלעבן דעם היסטאָרישן טאָג פון דעם פּאַרטיזאַנער־פּאַראַד אין יולי 1944, אין דער באַפרייטער פון די מערדער שטאָט מינסק.

עס האָט אויסגעזען, אַז ביים געוועזענעם „סאָווכאָז" קומט פאָר אַ קאַמף צווישן סוואָראָווס בריגאַדע און דייטשע אָפּטיילונגען. שעסטאָפּאַלאָוו האָט, יוויזט אויס, באַשלאָסן צו העלפן די קעמפנדיקע פּאַרטיזאַנער. נאָך דעם זעלבן טאָג בין איך געוואָרן דער באַגלייטער פון קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע. אויף רייטפערד זענען מיר אַוועק צו דער נייער קאַמפּס־פּאָזיציע. מיר האָבן זיך געטראָפן מיט דעם קאָמאַנדיר פון דער סוואָראָוו־בריגאַדע — איוואַן וואַסילע־וויטש. ביידע קאָמאַנדירן האָבן אָפּגעהאַלטן אַ לענגערע באַראַטונג.

נאָך דער באַראַטונג האָב איך מיט שעסטאָפּאַלאָוו זיך צוריקגעקערט אין לאַגער פון אונדזער בריגאַדע, וואָס האָט פאַרנומען אַ באַקוועמע קאַמפּס־פּאָזי־ציע. אוי דערוואַרט דעם אָנגריף פון די דייטשן. זיי האָבן אונדז דאָס מאָל אויסגעמיטן און נישט אַריין אין קאַמף.

בכלל האָבן די קאַמפן זיך אָפּגעשטעלט. דירויטע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט צו אונדזער ראַיאָן. די דייטשן זענען אָפּגעטראָטן און אויסגעמיטן די געפערלעכע געגנטן, וואָס זענען געווען באַזעצט פון פּאַרטיזאַנער. אין דעם וויעלעשעווער וואַלד, ווו אונדזער לאַגער איז געווען, האָט זיך כסדר געהערט דאָס דונערן פון דער שווערער אַרטילעריע.

## די באַפרייאונג. צוריק אין אַלשאַן

אין יולי 1944 האָט די רויטע אַרמיי, נאָך פאַרביטערטע שלאַכטן, פאַרטריבן די דייטשן פון דער ווייסרוסישער הויפּטשטאָט — מינסק. אַלע פּאַרטיזאַנער זענען דורך באַפעלן געוואָרן אויפגעזאַמלט אין דער באַפרייטער שטאָט.

נאָך דעם פייערלעכן פּאַראַד, באַגלייט מיט רעדעס, דאַנקבאַרקייט צו די העלדישע קעמפער און און פאַרטיי־אויסצייכענונגען — זענען די וואַלד־בריגאַדעס אויפגעלעזט געוואָרן. אַ העלפט פון דער בריגאַדע, צו וועלכער איך האָב געהערט איז גלייך מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי. דאָס רוב פון די מאָביליזירטע איז באַשטאַנען פון געוועזענע פּאָליציאַנטן, ווייסרוסן ווי אויך געוו. וולאַסאָווצעס, וואָס האָבן געדינט די דייטשן און שפּעטער אַוועק פון זיי און זיך אָנגעשלאָסן אין די פּאַרטיזאַנער־מחנות. די צווייטע העלפט איז צעטיילט

ШТАБ
Партизанской бригады
имени Чапаева № 27
„16" июля 1944 г.
№ 35

УДОСТОВЕРЕНИЕ

Настоящее дано партизану Лиондову Роману Вульфовичу
в том, что он с „15" апреля 1942 года по „16" июля 1944 года
проходит службу в должности разведчика
штаба партизанской
Бригады имени Чапаева № 27.
Представлен к награде:

Что и удостоверяется:
„2" июля 1944 г.
Командир бригады имени Чапаева
Майор (Шестопалов)
Комиссар бригады имени Чапаева
Бат. комиссар (Емельянов)
Нач. штаба бригады имени Чапаева
Лейтенант (Рогожников)



אַ באַשטעטיקונג פאַרן אָנטייל אין די פּאַרטיזאַנער אַלס אויסשפּירער
(אַפּריל 1942 — יולי 1944)

געוואָרן אויף סאָוויעטישע באַאַמטע, ייעלכע מ׳האָט געשיקט אין ספּעציעלע שולן, ענקאַוועדע־מיטאַרבעטער און מיליץ.

איך בין באַשטימט געוואָרן אַלס אויספאָרשער („סליעדאָוואַטעל״) אין דער קאַפּוליער קרייז־פּראָקוראַטור. פון ערשטן טאָג אָן, ווען איך האָב איבערגענומען

מיין אַמט, האָב איך נישט אויפגעהערט אָפּגעבן בקשות — מ׳זאָל מיר דערלויבן פאָרן קיין אָלשאַן צו דערוויסן זיך, וואָס עס איז געשען מיט מיין משפּחה. איך האָב אַזאַ דערלויבעניש דערהאַלטן.

ווען איך בין אָנגעקומען אין מיין געבורט־שטעטל, האָב איך ערשט דער־זען די גרויסע בראָך. מיט טיפן צער האָב איך אויפגענומען די שרעקלעכע ידיעות וועגן אומקום פון מיינע נאָענטע: מיין פאָטער וועלוול און די מוטער רחל זענען, צוזאַמען מיט די יידן פון אָלשאַן, סמאָרגאָן און קרעווע — אומגע־בראַכט געוואָרן אין זיעלאָנקע. מיין שוועסטער פרומע שרהלע איז דורכגעגאַנגען אַלע דייטשע פּייניקונגען און דורך אַ צופאַל געבליבן לעבן. זי וווינט איצט אין ישראל.

נאָך אַ געוויסער צייט אויפהאַלטן זיך אין אָלשאַן און אין אָשמענע — האָב איך עולה געווען קיין ישראל.

## שלוס-וואָרט

מיטן שליסן דעם יזכור־בוך אָלשאַן, ווייסן מיר, אַז מיר האָבן ווייט נישט אויסגעשעפּט די אַלזייטיקע באַשרייבונג פון אונדזער פּאַרוויסטע שטעטל, ווו אונדזערע טאַטעס, זיידעס און עלטער־עלטער־זיידעס זענען געווען איינגעוואָרצלט הונדערטער יאָרן. ליידער זענען די בעסטע אינטעלעקטועלע מענטשן פון שטעטל, וואָס וואָלטן געקאָנט אויסשעפּן ביזן גרונט די היסטאָרישע באַשרייבונג פון אָלשאַן, שוין מער נישטאָ.

דעריבער, זאָל געבענטשט זיין דאָס הייפל פּשוטע יידן פון דער שארית הפליטה, וואָס האָבן גענומען אויף זיך די פליכט צו פאַרציי־כנען אַלץ, וואָס זיי האָבן געדענקט ביזן חורבן, און וואָס זיי האָבן אַליין איבערגעלעבט אין צייט פון חורבן — אין אַ בוך, און דערמיט שטעלן אַ מצבה פאַרן הייליקן אָנדענק פון די האָרעפּאַשנע, האַרציקע יידן פון אָלשאַן.

די וויכטיקסטע טיילן פון יזכור־בוך זענען די קאַפּיטלען וועגן אומקום און גבורה — דער ים פון בלוט און טרערן. זאָלן געבענטשט זיין די שרידי חרב פאַר זייער פּשוטן באַשרייבן די גרוויליק־פינצטערע טעג, וואָס מיר וועלן ביזן לעצטן אָטעם־צוג נישט פאַרגעסן, און נישט פאַרגעבן די דייטשע נאַצי־מערדער מיט זייערע מיטהעלפער — די רוצחים פון אונדזער פאָלק, פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט.

מיר דריקן אויס אונדזער אָנערקענונג און דאַנק די אָלשאַנער לאַנדסלייט אין ישראל און אין אַמעריקע, וועלכע האָבן געשאַפן די מאַטעריעלע מיטלען, און מיט דעם דערמעגלעכט דאָס בוך זאָל דערשיינען.

אַ דאַנק די לאַנדסלייט אין אַמעריקע משה באַראַן און יעקב קאַפּלאַן פאַר אָרגאַניזירן און שאַפן דעם באַדייטנדסטן טייל פון די פינאַנסיעלע מיטלען.

מיר דריקן אויס אונדזער אָנערקענונג און האַרציקן דאַנק אונדזער טייערן שעפסל קאַפּלאַן — דעם איניציאַטאָר פון אָט דער מצבה, וועלכער האָט מיט אויסדויער און געדולד, נישט שוינענדיק זיין עלטער, אָפּגעגעבן פאַר דער הייליקער אַרבעט פיל מי און צייט, כדי דער יזכור בוך אַלשאַן זאָל דערשיינען וואָס בעסער און שענער.

אַ האַרציקן דאַנק אונדזער לאַנדסמאַן מאיר שלי (זיידל באָגדאַנאָווסקי) פאַר רעדאַגירן דעם עברית טייל פון יזכור־בוך, און פאַר זיין מיטהילף אין דער שווערער אַרבעט.

**בוך־קאָמיטעט פון ארגון יוצא אָלשאַן בישראל**

## בעת די יערלעכע אזכרה (1964)



בני אולשאַן וקריבה מתאחדים עם זכר אחיהם ביום אזכרה בבית החלוצות, תל־אביב, 1964
אָלשאַנער און קרעווער יידן בעת די יערלעכע אזכרה צום אַנדענק פון די קדושים
(תל־אביב 1964 יאָר)

דער פרעזידיאום: (פון רעכטס): זימל אבראמאָוויטש, פסח גערשענאָוויטש שעפסל קאַפלאַן,
אריה גרשוני, הרב אליעזר פאָטאָשניק, צבי פאָטאָשניק, אברהם קאָזלאָווסקי שלמה גורוויטש
און אברהם לעווין (קרעווער)



אויפן זאַל

**בילדער פון זאַל בעת דער אזכרה (1964)**





**בילדער פון זאַל בעת דער אזכרה (1964)**





לזכר עולם

צום אייביקן אנדענק




**די מצבה אויפן הר ציון אין ירושלים צום אַנדענק די נאַצי־קרבנות פון אָלשאַן און קרעווע**

**מצבה בהר ציון שבירושלים לקדושי אולשאן וקריבה.**

# יזכור־ליכט

צום אַנדענק פון די אומגעקומענע
פון די נאַצישע הענט

**מיט יראת הכבוד און געטריישאַפט צו די אומשולדיקע קרבנות, מיט פלאַמיקן צאָרן פאַר זייערע תלינים, מיט טיפן צער און ווייטיק — דערמאָנען מיר און וועלן אייביק געדענקן אונזערע טייערע און ליבע טאַטעס, מאַמעס, קינדער, שוועסטער, ברידער, קרובים, פריינט, חברים און דעם גאַנצן יידישן ישוב אין אַלשאַן, וועלכע האָבן זיך געטיילט מיט דעם שוידערלעכן גורל פון די מיליאָנען פון אונדזער פאָלק און זענען מערדערלעך אומגעבראַכט געוואָרן דורך די הענט פון די דייטשישע רוצחים און זייערע מיטהעלפער, אין די יאָרן 1941—1945.**

אייביקער כבוד זייער אנדענק.

# קרבנות השואה באולשאן

דער ארגון יוצאי אולשאַן בישראל האָט זיך באַמיט אויפֿשטעלן אַ רשימה פון אַלע קדושים.

דער אומפאַנג פון דעם אומגליק איז אָבער אַזוי גרויס און די שארית הפליטה אַזוי ווייניק — אז ס׳איז אומעגלעך געווען אויפֿצושטעלן די פולע נעמען רשימה פון אַלע פאַרפייניקטע.

מיר ברענגען דעריבער די נישט פולע רשימה פון אָלשאַנער קדושים.

### א

אַבראַמאָוויטש ברוך
דינה פרוי
אַבראַשע זון
זיידל זון
רבקה טאָכטער
אַבראַמאָוויטש שעפסל
גוטל פרוי
גרשון זון
יצחק זון
(שקאָפּ) ברוך אייניקל
אַבראַמאָוויטש מיכאל
שיינע פרוי
אברהם זון
אַבראַמאָוויטש איידל
מאיר זון
אַבראַמאָוויטש איטקע
אַבראַמאָוויטש שמערל
אָווסעיאָוויטש שכנה
שיינע פרוי
מלכה טאכטער
הירשל זון
איצקאָוויטש חיים
פעסיע פרוי
לאה טאכטער
מאיר זון
אפרוימאָוויטש אפרים
אַרקין פייגל

### ב

באָיאַרסקי שמואל
חסיה פרוי
ישראל זון
באַראַן שעפסל
דרייזל פרוי
פסח זון
צביה טאָכטער
באַראַן פסיה
בערמאַן יוסף
לאה פרוי
ציפע טאכטער
שיינע־ביילע טאכטער
לעסיע טאכטער
אהרן־דוד זון
זעליק זון
לייזער זון
בענקעל משה
דבורה פרוי
עטל טאכטער
בערקמאַן לאה
ראובן זון
בערקמאַן בלומה
ברודנה לאה
יודל זון

ג

גאַלפּערין ליפּה
טייבע פרוי
ישראל זון
גאַלפּערין בנימין
גאָלדאַנסקי רייזל
גאָלוב מאַשע
גורוויטש ברוך־הירש
ראובן זון
מרים טאָכטער
פייגע טאָכטער
גורוויטש שמעון
שולמית טאָכטער
ראובן זון
גורוויטש אבא
חנה־מיניע פרוי
מייטע טאָכטער
גורוויטש שמעיהו
חיה פרוי
דוד זון
פרץ זון
גורוויטש חיים
ציפּע פרוי
שיינע־ביילע טאָכטער
ישראל זון
שמעון זון
גורוויטש בערל
פייגל טאָכטער
משה זון
מאַטל זון
יעקב זון
גורוויטש משה
לייב זון
גורוויטש לייב
אָשר זון
בתיה־איטה טאָכטער
גורוויטש דרייזל
גראָדנער יעקב
דבורה פרוי
געלגאַר יהושע, הרב

גערשענאָוויטש בן־ציון
העניע פרוי
(טראַבסקי) חנה טאָכטער
גערשענאָוויטש מאָטל
הירשל זון
גערשענאָוויטש מאַריאַשע
ברײנע טאָכטער
חנה טאָכטער
גערשענאָוויטש שמואל

ד

דאָן אַבראַשע
שרה־אסתר פרוי
חיה־שרה טאָכטער
דאָלינסקי שמואל־לייב
טשערנע פרוי
שעפּסל זון
בנימין זון
מאָטל זון
נח זון

ו

יואָראָנאָווסקי ראובן
חיים זון
וואָראָנאָווסקי הירשל
גאָלדע־טייבע פרוי
אברהם־שלמה זון
אהרן זון
וויינער אסתר־איטע
פּעסיע טאָכטער
חיה טאָכטער
וויניסקי שמואל־יצחק
צירל פרוי
נפתלי זון
ישראל זון
שרה טאָכטער

ז

זוסמאַנאָוויטש פריידע־גוטל

זוסמאַנאָוויטש זונדל
זוסמאַנאָוויטש מאַריאַשע
זיסקאַנד שמואל־לייב
שפרה פרוי
שאול זון
זיסקאַנד דבורה
נחמה טאכטער
זיסקאַנד יהושע
קיילע פרוי
בוניע טאכטער
יעקב זון
בנימין זון
זיסקאַנד שמואל
חיה פרוי
זיסקאַנד פנחס
לאה פרוי
זיסקאַנד אברהם־שמואל
שרה־רבקה פרוי
רייזל טאכטער

ח

חדש ראובן, הרב
דייבע פרוי
אביגדור זון
מילע טאָכטער
הדסה טאָכטער
חדש פייגע
שרה טאכטער
מאַשע־חיה טאכטער
חדש פערל
מרים טאכטער

ט

טראַבסקי ריינע־ביילע
טראַבסקי פראַדל
בן־ציון זון
ישראל זון
טראַבסקי בת־שבע טאָכטער
טראַבסקי אסתר
אָשר זון
יעקב זון

טראַבסקי פרומה־צירל
טראַבסקי בן־ציון
יעקב זון
דבורה טאָכטער
טראַבסקי טעמע
טראַבסקי אברהם
פערל פרוי
טראַבסקי שמואל
רייזל פרוי
שרה טאָכטער
ראובן זון
טשעפערינסקי אהרן
טייבל פרוי
יצחק־משה זון
טשעפעלונסקי רבקה
פרץ זוון
שמואל זון
טשערניאַווסקי וועלוול
טשערניאַווסקי חיים־לייב
טעמע פרוי
וועלוול זון
חנה־רחל טאָכטער
טשערניאַווסקי יודל
הלל זון

י

יאָלק רחל
יאָלק זוסיע
סאָשע פרוי
אַלטער זון
בלומה־לאה טאָכטער
יודסאָן שלמה
חסיה פרוי
חיה טאָכטער
שרה טאָכטער
יירוש יצחק
שיינע־בלומע פרוי
חיה־רחל טאָכטער

כ

כיך רייכל
חיה טאָכטער
כיך שמעון
מלכה פרוי

ל

ליאָנד פּרץ
פייגל פרוי
ליאָנד וועלוול
רחל פרוי
ליב אייזיק
ציפּע פרוי
פּרץ זון
שמעון זון
אליהו זון
לידסקי אליקים
ליבע פרוי
חיה־גנעסיע טאָכטער
שרה־סימע טאָכטער
יצחק זון
לימאַן אָשר
שלמה זון
לאַפּידוס בן־ציון קינדער
לאַפּידוס יצחק קינדער
לייבמאַן אליהו
אַלטע פרוי
לייבמאַן לייזער־יודל
שרה פרוי
רבקה טאָכטער
מאָטל זון
לייבמאַן שאַיע
חנה־לאה פרוי
לייבמאַן רבקה־לאה
לייבמאַן אַלטע
לוסקין פעשע־זלאַטע
שמעון־דוד זון
לעווין לייב
חיה פרוי
משה זון

לעווין דאָברושע
לייב זון
לעווין רחל
הירשל זון
לעווין הירשל
גאַליע פרוי
לייב זון
אליהו זון
ירחמיאל זון
שרה־רבקה טאָכטער
' נחמה טאָכטער
לעווין יעקב
בת־שבע פרוי
לאה טאָכטער
לעווין חנן
לעווין ציפּע
לעווין דוד
מאַריאַשע פרוי
לעווין משה ברידער
לעווין הערשל „

מ

מאיראָוויטש חנן
לאה פרוי
לייזער־פּסח זון
שלמה זון
שמואל זון
מוטשניק דינה
מילנער אסתר־איטע
ישראל זון
מיניאָוויטש דוד
בתיה פרוי
חיה־שרה טאָכטער
אהרן זון
ירחמיאל זון
מעלצער נחמיה
פייגל פרוי
פריידע טאָכטער
שרה טאָכטער
שמואל זון

מעלצער יעקב
מאיר זון
מירסקי פּסח

ס

סאָלאָדוכאַ שרה־איטע
סאָלאָדוכאַ חנן
חיה־שרה פרוי
זעלדע טאָכטער
שמואל זון
יצחק זון
סאָלאָדוכאַ משה
לאה פרוי
עטל טאָכטער
יודל זון
סאָלאָדוכאַ ראובן
ליבע פרוי
חיה טאָכטער
לאה טאָכטער
אברהם זון
סאָלאָדוכאַ יעקב
מיכליע פרוי
יצחק זון
סאָניע טאָכטער
סאָלאָדוכאַ אברהם־יצחק
יאָכל פרוי
פרומע טאָכטער
בערל זון
נח זון
סאָלאָדוכאַ שרה־מלכה
מרים טאָכטער
סאָלאָדוכאַ ליבע־יענטע
פייגע־ריינע טאָכטער
סעגאַלאָוויטש קלמן
ראָזע פרוי
מאַשע טאָכטער
לאה שוועסטער
סעגאַלאָוויטש דוד
מאָטל זון
ראובן זון

סעגאַלאָוויטש ברוך־שמואל
ספרא פּסח הרב
מרים פרוי
בערל זון
יהודית טאָכטער
סווירסקי חיים
פייגל פרוי
יעקב־לייב זון

ע

עמיליאַנער משה
שרה פרוי
שיינע־ביילע טאָכטער
מרים טאָכטער

פּ

פּאָגאָדאַ גיטל
סאָשע טאָכטער
יצחק זון
יהושע זון
פּאָזניאַק שמואל
מאָטל זון
פּאָטאַשניק אברהם־אליהו
חיה־ביילע פרוי
פּאָטאַשניק אָשר
חנה־שרה פרוי
ישעיהו זון
פּאָטאַשניק ריינע
יוסף־לייב זון
שולמית טאָכטער
לאה־סטירל טאָכטער
אברהם־שלמה זון
אסתר־איטע טאָכטער
פּאָטאַשניק אברהם־אליהו
בערל זון
פּאָטשטער בערל
טייבע פרוי
לייזער זון
משה זון

פייבושאַק מלכה
אברהם זון
פילניק גאָלדע
בערל זון
דאָן זון
פריידע טאָכטער
סטעסיע טאָכטער
פלאָטקין יעקב
האָדעס פרוי
דבורה טאָכטער
שרה־לאה טאָכטער
פלאָטקין באָניע
חיה־שרה פרוי
לייזער זון
רעשע טאָכטער
הירשל זון
פלאָטקין שמואל
דבורה פרוי
בערע־לייב זון
פערטשיק ישראל
רישע פרוי
אברהם זון
פערסקי זיסל
דבורה פרוי
חיים זון
אברהם־יצחק זון
פרעס הרצל
חיענע פרוי

ק

קאַגאַן בערל
פעסיע פרוי
אליהו זון
מלך זון
חיה טאָכטער
קאָטלער פייווע־דוד
זעלדע טאָכטער
קאַמינאַר מאָטל
קאַפּלאַן מרדכי־מאיר
חנה־רחל טאָכטער

קאַפּלאַן אהרן
חסיה פרוי
שרה־הינדע טאָכטער
לייב זון
משה זון
קאַפּלאַן ישראל
זלאַטע פרוי
אהרן זון
יעקב זון
דבורה טאָכטער
קאַפּלאַן משה
חסיה פרוי
מאַריאַשע טאָכטער
קאַפּלאַן רחל־לאה
יצחק זון
פסח זון
ישראל זון
קאַפּלאַן בוניע
קאַפּלאַן שלום
גאָלדע פרוי
ביילע טאָכטער
רבקה טאָכטער
קאַרבאַנאָוויטש בנימין
הינדע פרוי
טייבל טאָכטער
קאַרפּ הירש
דבורה פרוי
קאַגאַנאָוויטש בערל
שרה פרוי
הירש ברודער
קאַרפּעלעווסקי אליהו
אסתר־טשערנע פרוי
מרים טאָכטער
קאָזלאָווסקי יצחק
ליבע פרוי
קאָזלאָווסקי קריינע
רבקה טאָכטער
קאָזלאָווסקי חנה
קאָזלאָווסקי אליהו
קאָזלאָווסקי יצחק ברידער

קאָזלאָווסקי יוסף
איטע פרוי
לייב זון
שמעיה זון
קאָזלאָווסקי פנחס
רחל פרוי
בתיה טאָכטער
יצחק זון
פרומה טאָכטער
קאָזלאָווסקי שמעון
יארע מוטער
בערע־לייב זון
מאיר זון
קאָזלאָווסקי שמעון
ראַשע פרוי
בערל זון
קאָזלאָווסקי מאָטל
חיים זון
לייב זון
קאָזלאָווסקי דוד־לייב
משה זון
פעשע טאָכטער
קאָזלאָווסקי שמואל
רחל פרוי
קאָזלאָווסקי משה
חנן זון
פייגע־דינה טאָכטער
אסתר־חיה טאָכטער
קאָזלאָווסקי יקותיאל
פייווע זון
גנעסיע טאָכטער
ציפה שוועסטער
קאָזלאָווסקי נאָטע
בתיה פרוי
מיכלע טאָכטער
ישראל זון
יצחק זון
קאָזלאָווסקי מלכה
קאָזלאָווסקי ראַשע

קאָזלאָווסקיביילע
מאָטל זון
מרים טאָכטער
קאָזלאָווסקי שלמה
פייווע זון
אברהם זון
קאָזלאָווסקי שמואל־הירש
חסיה פרוי
מאָטעם זון
אברהם־יוסף זון
סאָשע טאָכטער
מאַשע טאָכטער
עלקע טאָכטער
קאָזלאָווסקי וועלוול
גאָלדע פרוי
פייגל טאָכטער
קאָזלאָווסקי ליפּמאַן
קאָזלאָווסקי ברוך־יעקב
חנה־ציפּע טאָכטער
פייגל טאָכטער
חסיה־רבקה טאָכטער
קאָזלאָווסקי רבקה־יהודית
שמעון זון
קאָסאָווסקי שרה־אסתר

ר

ראַבינאָוויטש מרדכי
חיה־ליבע פרוי
יהושע זון
ראַבינאָוויטש ישראל
יעקב זון
ראַבינאָוויטש פסח
ביילע טאָכטער
רובינאָווסקי מאָטל
חנה פרוי
יונה זון
דבורה־ליבע טאָכטער
חיה טאָכטער
רודניק יהושע
פרומע פרוי

רודניק בן־ציון
שרה פרוי
דוד זון
רודניק בנימין
בערטע פרוי
חיה־שרה טאָכטער
רודניק רחל
ראַגאָווין מאָטל
רחל פרוי
פסח זון
משה זון
ראַגאָווין פרומע
ראובן זון
אליהו זון
פסח זון
ראָזענצווייג ליזע
חנה טאָכטער

ש

שאַפּראַן שלום

שוסטער מרדכי־נאָטע
רחל פרוי
אליהו זון
שיין ליאָווע
רחל פרוי
יענטל טאָכטער
יונה זון
שמוקלער שמואל־אליהו
חיענע טאָכטער
ציביה טאָכטער
שמוקלער לאה
שניידער אהרן
באָפּטשע פרוי
משה זון
לייב זון
שניידער שרה
שניידער שאול
פייגע־בתיה פרוי
טיליע טאָכטער
שקליאַרעוויטש לייב
מערע פרוי
שעלובסקי אליהו
ניוטה פרוי

# צום אנדענק



פון מיין זונעלע

## מאירל

וואָס די נאַצישע מערדער האָבן

ביי מיר צוגענומען און דערמאָרדעט

די עלנד פאַרבליבענע מאַמע

שרה קאָזלאָווסקי־באַראַן

**צום אייביקן אנדענק**



די אומשולדיקע קרבנות פון די
נאַצי־מערדער

## מיין פלימיעניצע
## פ י י ג ע ל ע

טאָכטער פון חנה־ציפּה און
ברוך־יעקב קאָזלאָווסקי

**אומגעבראַכט אין דער קינדער אַקציע אין קאָוונע**

**יעקב קאָזלאָווסקי**

---

**צום ליכטיקן אַנדענק**

מיט גרויס צער און ווייטיג אין האַרצן
דערמאָן איך מיינע אומפאַרגעסלעכע

## טאָכטערל שולמית
## זונעלע ראובן

**(קינדער פון אסתר און
שמעון גורוויטש)**



**וועלכע זענען אומגעבראַכט גע־
וואָרן דורך די פאַשיסטישע קינ־
דער רוצחים אין דער קינדער
אַקציע אין קאָוונע**

**איך וועל זיי אייביק טראָגן אין מיין צעבראָכן האַרץ**

**די פאַרטרויערטע מאַמע אסתר**

## אַנשטאָט אַ מצבה



אויף אַ קבר וואָס איז נישטאָ

פּאָר מיינע אומפאַרגעסלעכע

קינדערלאַך:

זונעלע: **ראובן**

טעכטערלאַך: **מירעלע**

און **פייגעלע**

**(קינדער פון חנה און**
**ברוך־הירש גורוויטש)**

אומגעבראַכטע אין דער קינדער אַקציע אין קאָוונע.

זיי וועלן אויף אייביק פאַרבלייבן אין מיין צעבראָכן האַרץ.

אין טרויער פאַרבליבענע מאַמע: **חנה** (פון דער היים **באַראַן**)

# יזכור ליכט







מיר פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע טייערסטע, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן

ברודער:

**יצחק ירוש**

זיין פרוי:

**שיינע־בלומע**

זייער טאָכטער:

**חיה־ראכעלע**

מיר וועלן אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

**בנימין ירוש און חנניה גורוויטש** (ישראל)

# אַ יזכור ליכט



אויף אַ קבר וואָס איז נישטאָ
פון מיינע טייערע און נאָענסטע,
וואָס זענען פאַרפייניקט געוואָרן
דורך די דייטשן אין די פינצטערע
יאָרן פון אונדזער פאָלקס־אומגליק

מיין פאָטער

## מרדכי־נתן שוסטר

אומגעקומען אין קלאָגע (עסטלאַנד) 19.9.1944

מיין מוטער ר ח ל
דערשאָסן אין זעליאנקע, פרילינג 1943

מיין ברודער א ל י ה ו
אומגעקומען אויף פאָנאַר (ווילנע)

מיין שוועסטער ב ת ־ ש ב ע און איר טעכטערל ל א ל ה
אומגעבראַכט געוואָרן אין קלאָגע 19.9.1944

מיין שוועסטער מ ר י ם און שוואָגער פ ס ח ס פ ר א
מיט זייערע קינדערלאך ב ע ר ע ל ע און י ה ו ד י ת
אומגעקומען אין וואָלאָנזשינער שחיטה אין יאָר 1942.

אייביק וועל איך אייך געדענקען

אין טרויער פאַרבליבענער **אהרן שוסטר** און **משפחה**

ל ז כ ר



מיט אייביקן טרויער דערמאַנען

מיר אונדזער פאַרפייניקטן ברודער

און פעטער

# שלום קאפלאַן



זיין פרוי **גאָלדע** און זייערע

עופ׳לאך **ביילקע** און **רבקה**

**שעפסל, רבקה, אהרן**

# אַנשטאָט אַ מצבה אויפן קבר וואָס איז נישטאָ



מיט ליבע צער און ווייטאג
דערמאַן איך און וועל קיינמאָל
נישט פאַרגעסן:

מיין פרוי

**בוניע**

און **מאַמע** פון אונדזערע צוויי
קינדער.

פאַרפייניקט געוואָרן אויפן שוועל
פון באַפרייאונג אין די קאָזלאָווע־
רודער וועלדער דעם 9־טן אוגוסט
1944 יאָר.

אין טרויער פאַרבליבענע:
**שעפסל, רבקה, אהרן**

# יזכור ליכט



אונדזערע אומפאַרגעסלעכע

ליבע עלטערן:

מוטער

**גוטל**

אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשישע רוצחים אין פאָנאַר (ווילנע) אין 1942 יאָר.



פאָטער

**שעפסל**

אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס אין די פאַרניכטונגס לאַגערן פון אסטלאַנד סוף 1943.

מיט גרויס צער און יראת הכבוד וועלן מיר אייך אייביק געדענקען און טראָגן אין אונדזערע צעבראָכענע הערצער.

**רבקה שקאָפּ און פאַמיליע** (אמעריקע)
**זימל אברמוביץ און פאַמיליע** (ישראל)

# אַנשטאָט אַ מצבה



אונדזער אומפאַרגעסלעכן

צוויי אַ האַלביקן יאָריקן זונעלע

## ברוך

וועלכער איז אויף אייביק אָפּגעריסן געוואָרן פון אונדז און אומגעבראַכט געוואָרן דורך די בעסטאַלישע קינדער־רוצחים, אין ווילנער ה. ק. פּ. דעם 27.3.1944.

ער וועט שטענדיק זיין מיט אונדז

אין טרויער פאַרבליבענע

**רבקה און לאָווע שקאָפּ**

צום ליכטיקן אנדענק



# ברוך אבראמאוויטש

דעם ערשטן קרבן פון די נאַציס
אין אָלשאַן

זיין פרוי

# דינה

זייערע קינדער:

אבראשע
זיידל
ריבקה
דבורה



נ״ט איר מאַן
משה בענקעל
און טאָכטער עטל

אַלע אומגעבראַכט געוואָרן דורך
די נאַצישע בעסטיעס.

אייערע געשטאַלטן וועלן שטענדיק
שטיין פאַר אונדזערע אויגן און
מיר וועלן טראָגן אייך אין
אונדזערע הערצער.

די משפחה

אין ישראל און אַמעריקע

# צום אנדענק



פון מיין משפחה, אומגעבראַכטע דורך די
נאַצי־מערדער אין דער וואָלאָזשינער שחיטה:

פאָטעד: **שמואל־לייב דאָלינסקי**

מוטער: **טשערנע** (פון שטוב גאָלדאַנסקי)

ברידער:

**בנימין**

**שעפסל**

**מאָטל**

**נח**

**ד״ר אהרן דאָלינסקי** (אמעריקע)

לזכר־נצח



מיט יראת הכבוד דערמאָנען מיר
אונדזערע אומפאַרגעסלעכע

עלטערן **יונה גדליה** און
**ביילע קאזלאווסקי**

געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט

שוועסטער **מרים**
ברודער **מאטל**

דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשישע רוצחים.

אייביקער כבוד זייער אָנדענק

**חנה און משה־לייב**

# לזכרון-נצח



מיר באַוויינען אונדזערע טייערסטע, וועלכע זענען אומגעקומען דורך די הענט פון די דייטשישע רוצחים מיט זייערע מיטהעלפער.

מוטער און פרוי ליבע-יענטע סאָלאָדוכא (1945)

שוועסטער און טאָכטער פ י י ג ל (1945)

באבע חנה קאָזלאָווסקי (1943 זשעליאָנקע)

נאטע קאָזלאָווסקי (1944)

בתיה קאָזלאָווסקי (אין פאנאר 1943)

זייערע קינדער ישראל און מיכלע (אין פאנאר 1943)

וועלוול און גאָלדע קאָזלאָווסקי (גודעגיי 1943)
זייער טאָכטער פייגל

משה סאָלאָדוכא (1944)

יעקב און יצחק סאָלאָדוכא

צום אנדענק

איך דריק אויס מיין טיפסטן ווייטיק און צער פאַר
די אומגעקומענע, פאַרפייניקטע און געשטאָרבענע:

מאַמען
**אסתר**
אומגעקומען אין זיעליאָנקע

פאָטער
**מרדכי**
געשטאָרבן פאַרן קריג

שוועסטער
**שיינע** און **בצלאל מינץ**
זייערע קינדער
**שמעון** און **בנימין**

שוועסטער
**עשקע**

מומע
**פיוושעוויטש**
מיט איר משפחה פון אָשמענע — אומגעקומענע דורך די דייטשן.

יוכבד גורפינקל (אַבראַמאָוויטש)

# יזכור

נעלה את זכרם הקדוש של בני משפחתינו היקרים

הורי: **אשר** נפטר בוילנא

**ומרישה גרשנוביץ** נרצחה ע"י הנאצים



אחי: **חיים** נפטר באולשני

גיסי: **זליג וינר** נפטר בישראל

אחיותי: **בריינה**

**אסתר־איטה** (וינר)

**חנה־שרה** (ברן)

גיסי: **הירשל (צבי) ברן**

בנות אחיותי: **פסיה, חיה - לאה וינר**

**אסתר ברן**

נרצחו על ידי הנאצים

גרשונוביץ פסח ומשפחתו

# יזכור



מיט יראת הכבוד און ווייטאק

דערמאָנען מיר אונדזער

פאָטער:

**שמואל־עליע**
**שמוקלער**



שוועסטער:

**חיענע**

**ציביע**

וועלכע זענען פארפייניקט געוואָרן

דורך די נאַצי־בעסטיעס.

ערע זייער אָנדענק

פריידע לײנגפײן שמוקלער
אידאַ ליפשיץ שמוקלער

יזכור

נעלה את זכרם הקדוש של
בני משפחתנו היקרים.

הורינו

## יעקב ובלומה ברקמן

אחינו ואחיותנו

## יצחק, פ״גל ובתיה

בן אחותנו

## יעקב סבירסקי



שרה ברקמן־הרץ
מרים (ברקמן) קפלן
ישראל ברקמן

---

יזכור

מיט אייביקן צער דערמאָן איך

מיין מאַן

## שמעון גורוויטש

געשטאָרבן אין ישראל

פרוי בתיה גורוויטש

צום אייביקן אנדענק



מיין טייערן ברודער

## ישראל טראבסקי

סטודענט אויפן מעדיצינישן
פאקולטעט אין פראַנקרייך
און דאָרט פארפייניקט געוואָרן דורך
די נאַצישע מערדער.

**שפרה קוטין־טראבסקי**

---

## נשמה ליכט

צום אנדענק פון מיין אומפאַרגעסלעכע פרוי

# פרוי אסתר

און קינדער **אשר און יעקב**

אומגעקומענע דורך די נאַצישע מערדער.

זיי זענען צוגענומען געוואָרן דעם 26טן מרץ 1944 יאָר פון לאַגער פאַלימאָן ביי קאָוונע און פאַרפייניקט געוואָרן דורך די נאַצישע בעסטיע.

אייביק ווייטיקט דאָס האַרץ נאָך אייך!

**משה טראַבסקי** (אַמעריקע)

## צום אייביקן אַנדענק

מיט אייביקן צער דערמאָן איך מײַנע טייערע און
נאָענסטע אומגעבראַכטע דורך די דייטשישע רוצחים:

פאָטער **אליקים לידסקי** (1944)

שטיף־מוטער **ליבע קאזלאווסקי** (1945 אין שטוטהאף)

ברודער **יצחק** (1944)

שוועסטער **סימע** (1945 אין שטוטהאף)

שוועסטער **חיה [קאגאן]** –
אומגעבראַכט געוואָרן אין דער קאָוונער קינדער־אַקציע

שוואָגער **אריה** (1941 אין אשמענע)

פלימיעניק **שמואל** –
אומגעבראַכט געוואָרן אין דער קאָוונער קינדער־אַקציע.

כבוד זייער אָנדענק!

מינה (לידסקי) דשאלאָווסקי

**צום אנדענק**



פון **חייעלע כץ**

**דערפאָלגרייכע דערציערן פון**

**אָלשאַנער קינדער גאָרטן.**

**דערמאָרדעט געוואָרן אין**

**בליענדן עלטער.**

**ארגון יוצאי אולשן בישראל**

---

צום אייביקן אַנדענק

מיינע עלטערן

# בוניע און מכאל יאלק

שוועסטער **רחל**

איך וועל זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן

אין טרויער פאַרבליבענע

**חיה-שרה גלוך — יאָלק**

# ר׳ מרדכי לייבמאן ז״ל



אַ אַרבעטס־מענטש, געפירט אַ בכבודיקן יושרדיקן לעבן, מקיים געווען דעם פסוק „בזיעת אפיך תאכל לחם״. באַטייליקט זיך אין אַלע באַדערפעניש ן פון שטעטל, דורכגעמאַכט דעם גאַנצן גהינום, און מיט די לעצטע אויסגעמאַטערטע כוחות, זיך ארויסגעראַטעוועט פון אונטער די נעגעל פון די נאַצי־בעסטיע. נאָך דער באַפרייאונג אַוועק קיין אַמעריקע, צו זיין נאָענט פון דער אייגענער משפחה.

נפטר געוואָרן אָ׳ תמוז תשכ״ג.

יהיה זכרו לעד!

**חיים יוסף לייבמאַן און פאַמיליע** (אַמעריקע)

צום הייליקן אנדענק



מיינע אומפאַרגעסלעכע עלטערן

**יהושע און פרומה**

**רודניק**

פאַרפייניקטע דורך די דייטשן.



און מיין ברודער

**אהרן**

וועלכער איז דורכגעגאַנגען דעם וועג פון פיין אין דער יידן־אויסראָטונג, און טראַגיש אומגעקומען אין ישראל

כבוד זייער אָנדענק!

אין טרויער פאַרבליבענע

שרה־מלכה רודניק

